# אמאל איז געווען

זכרונות פון דעם אידישן לעבן אין ליטע
אין די יאָרן 1860—1882

פון
**י. קאפעלאוו**

הקדמה פון
**דר. חיים זשיטלאָווסקי**


**מאַקס נ. מייזעל**
אידישער פאַרלאַג פאר ליטעראַטור און וויסנשאַפט
ניו יאָרק
1926




דעם אָנדענק פֿון מיין ליבער
קיינמאָל ניט פֿארגעסענער
טאָכטער, העלען, געווידמעט.

# אינהאַלט:

# הקדמה

פון

## דר. חיים זשיטלאָווסקי

— „שרייבט אייערע מעמוארן, חבר קאָפּעלאָוו! שרייבט אַזוי ווי איר דערציילט זיי און מען וועט בעסער ניט דאַרפן!"

אַט די און ענלאַכע רייד האָט י. קאָפּעלאָוו ניט איינמאָל געמוזט אויסהערן פון זיינע פריינט. אויך איך האָב ניט געקאַרגט מיט אַזוינע אויפמונטערונגען. מיין פּניה איז דערביי געווען, עס זאָל ניט גיין פאַרלאָרן דער עיקר יענער מאַטעריאַל, וואָס איז אָנגעזאַמעלט געוואָרן אין זיין זכרון און וואָס האָט אַ דירעקטע שייכות צו דער ראַדיקאַלער אידישער באַוועגונג אין אַמעריקע.

דער מחבר פון דער שריפט, וואָס זיין ערשטער באַנד ליגט איצטער פאַר דעם לעזער, געהערט צו יענע עפּנטלאַכע טוערס, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די באַוועגונג פון אירע ערשטע אָנהייבן אָן ביז אויף אונזערע טעג. זעלטן זיינען זיי איצטער, אַזעלכע טוערס. אַ גרויסער טייל פון די, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָליע אין דעם אָדער יענעם פאַזים אירן, אין דעם אָדער יענעם לאַגער אירן, זיינען אָדער שוין אויף דעם עולם האמת, אָדער אַוועקגעגאַנגען אַהין אין ד ע ר וועלט, שוין צופיל ד ע ר וועלט, משם לא ישובו.

דער „שטורם־און־דראַנג"־פּעריאָד פון די אַכציקער און אָנהויב נײַנציקער יאָרן, מיט זיינע „יום־כפּור" באָלס, מיט זיין ליידנשאַפטלאַכן קאַמף אַנטקעגן יעדער רעליגיע בכלל און דער אידישער

בפרט, מיט זיין אבסאָלוטן אָנפאַל אויף אַלע טראַדיציעס און יסודות פון דער אַלטער אידישער און ניט־אידישער וועלט; דער אינוועניקסטער ברודער־שטרייט צווישן דעם אַנאַרכיסטישן און סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פליגל פון אונזער אַרבעטער־באַוועגונג דאָ אין לאַנד; די אַגיטאַציע פון די „דעלעגאַטן", וועלכע די רוסישע און רוסיש־אידישע ראַדיקאַלע פּאַרטייען האָבן געשיקט אַהער; די פון „בונד", פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, פון די פּועלי־ציון און די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן; די געבורט און איינ־פעסטיקונג פון דעם אידישן נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן צו זיך אין אונזער מחבר אָדער די טעטיקע מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילף, אָדער דעם העפטיקן פּראָטעסט.

צוגעשטאַנען פון אָנהויב אָן צו דעם אַנאַרכיסטישן פליגל, האָט ער זיך דערנאָך אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט פאַר די רוסישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און איז אינאיינעם מיט אַ סך פון זיי אַריין אין יענעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן שטראָם, וואָס קעמפט נאָך עד היום מיט אַלץ מער און מער ערפאָלג פאַר דער אויבערהערשאַפט אין דער אידישער ראַדיקאַלער עפנט־לאַכקייט.

קאָפּעלאָוו'ס מינדלאַכע דערציילונגען וועגן דעם אָדער יענעם פּעריאָד פון דער עלטערער צייט, וועגן דעם אָדער יענעם עפּיזאָד אירן, האָבן תמיד אַרויסגערופן דעם העכסטן אינטערעס צו זיך ביי זיינע צוהערער. זיי האָבן עדות געזאָגט ניט נאָר וועגן דעם שאַרפן זכרון און דער לעבעדיקער שילדערונגס־קראַפט פון דעם דערציי־לער, נאָר אויך וועגן דער היסטאָרישער וויכטיקייט פון די געשילדערטע ענינים.

וואָס איז דער חידוש, וואָס עס איז געבאָרן געוואָרן דער וואונטש, אַז אָט די אַלע עראינערונגען זאָלן ניט גיין פאַרלאָרן, זאָלן פאַרבלייבן ווי אַ נויטווענדיקער מאַטעריאַל פאַר דעם צוקונפ־טיקן געשיכטס־שרייבער?

אָבער ניט נאָר וועגן די איבערלעבונגען אין אַמעריקע פלעגט אונזער חבר קאָפּעלאָוו דערציילן. די זכרונות זיינע פון די קינדער־

יאָרן און דער יוגנט זיינען אויך געווען אָנגעזאַפּט מיט איבער־לעבונגען, וואָס דעקן אויף די אָדער יענע זייט פון דער אַלטער אידישער וועלט אָדער ווארפן אויף זיי אַן אייגנארטיקע באַלייכטונג.

דאָס אַליץ האָט באַרעכטיקט דעם פאַרלאַנג צו זען חבר קאָפּעלאָוו'ס מעמוארן אין דרוק. ס'איז אָבער ניט אַזוי גרינג געווען צו פועל'ן ביי אים, ער זאָל זיך נעמען פאַר דער „שריפטשטעלעריי" און נאָך פון דער שילדערנדיקער אַרט, — אַן אַרבעט, וואָס איז ביז אַהער געלעגן זייער ווייט פון זיין געוויינטלאַכער טעטיקייט. הפּנים אים אַליין איז נאָך ניט געווען קלאָר דער גאַנצער ווערט פון יענעם מאַטעריאַל, וועלכן ער טראָגט אַרום מיט זיך אין זיין זכרון. און אויך דער גלויבן אין די אייגענע כוחות פאַר אַזאַ אַרבעט איז נאָך אין אָנהויב, משמעות, געווען שוואַך.

אָט די ספקות האָבן דאָס די פריינט זיינע פאַרטריבן מיט דער אַבסאָלוטער פאַרזיכערונג:

— שרייבט נאָר אַזוי ווי איר דערציילט און מען וועט ניט דאַרפן בעסער.

דאַרפן בעסער האָט מען טאַקע ניט גענדאַרפט. אָבער די באַשרייבונגען, וועלכע חבר קאָפּעלאָוו האָט אַרויסגעבראַכט, האָבן אַזוי ווייט אַריבערגעשטיגן די מינ־לאַכע שילדערונגען, אַז צו דעם קולטור־היסטאָרישן ווערט זייערן איז צוגעקומען נאָך אַ ווערט, דער ריין ליטעראַרישער.

איז ביי דעם מחבר די גאַנצע צייט פון זיין לעבן געלעגן פאַר־חלש'ט אַ באַדייטנדער בעלעטריסטישער אָדער, וואָס איז ערשט איצטער אויפגעמינטערט געוואָרן? אָדער זיינען אים דאָ בייגע־שטאַנען דער זכות פון דעם אמת און דער זכות פון דער ערנסט ערלאַכער שטעלונג צו זיך אַליין און צו דער געשילדערטער סביבה? האָבן זיי דאָס צוגעגרייט פאַר זיך דעם פּאַסנדיקן לבוש? אָדער אפשר האָבן מיר דאָ צו טאָן גאָר מיט אַ ריינעם פאַל פון זכות אָבות?

יע, דאָס וואָלט גאָר ניט געווען קיין וואונדער, ווען מען זאָל קאָנען גלויבן אין וואונדער. ווייל וואָס־וואָס, נאָר דער לעבן

און דער מהות פון אונזערע ניט־לאַנג־אַניקע „אָבות", פון דער אידישער פרום־נאַציאָנאַלער וועלט, זיינען אין דעם ערשטן באַנד מעמוארן, וואָס ליגט איצטער פאַר דעם לעזער, ארויס אין אזא שטראַלנדיקער פּראַכט, אַז עס וואָלט זיי גאָר גרייכאָך שוין גע־לוינט, זיך אַ מי טאָן דערביי.

אַזעלכע פיגורן, ווי קאַפּעלאָווי'ס פאָטער, ווי „וועלטשיק יחיאל'ס", וואָס האָבן זיך ארויסגעריסעוועט אין זייער גאַנצער אינוועניקסטער, רוחניות'דיקער גרויס; אַזאַ פּראָפיל, ווי די גע־שטאַלט פון דער פרומער בעל־אכסניה'טע; אַזעלכע סצענעס און עפּיזאָדן ווי ביים חסידישן רבי'ן, ווי דאָס לערנען דורך דער נאַכט אין דער פּראָסטיקער לופט פון דער ניט־געהייצטער ישיבה, — זיינען סניגור־דאָקומענטן פאַר דער אַלט־אידישער וועלט, אַנטקעגן וועלכער די קינדער פון אונזער דור, וואָס צו אים געהערט אויך קאַפּעלאָוו, האָבן זיך פריער אַזוי שווער פאַרזינדיקט.

די אַלטע אידישע וועלט איז, אמת, אין דער לעצטער צייט שוין רעהאַביליטירט געוואָרן. אין די ווערק פון אַזעלכע קינסטלער, ווי פּרץ, פּינסקי, אַנ־סקי און אַנדערע, איז זי אויפגעשטאַנען תחית המתים צו אַן אייביקן לעבן אין דעם גן־עדן פון דער אידישער קונסט. נאָר דאָס איז דאָך ק ו נ ס ט, קונסט טראָגט איר אייגענעם ווערט און אמת אין זיך גופא, אַלץ איינס, צי אירע פּראָדוקטן זיינען אַ ריכטיקע אויפשטראַלונג פון דעם רעאַלן לעבן, אָדער אַ באַשטראַלונג זיינע מיט אַ דרויסנלאַכן, פרעמד־פאַרביקן ליכט־קוואַל. אין קאַפּעלאָווי'ס מעמוארן אָבער האָבן מיר פאַר אונז ממשות'דיגע רעאַליטעטן, אייניקע פון יענע אָריגינאַלן, וואָס זיינען איבערגעאַרבעט געוואָרן אין דער באַשעפערישער פאַנטאַזיע פון דעם קינסטלער, — ממשות'דיקע רעאַליטעטן, אויסגעגראָבענע פון דעם עבר, ווי די שיינקייטס־אוצרות פון טוט־אַנ־כאַמענ'ס קבר. און פאַרגלייכט מען די אָריגינאַלן מיט זייער אָפּשפּיגלונג אין דער קונסט, באַמערקט מען, אַז אַ סך וויכטיקע שטריכן און זייטן פון דעם אידישן מהות און דעם אַלטן פרום־אידישן לעבן האָבן נאָך ניט געפונען זייער רעכט אין דער קינסטלערישער באַאַרבעטונג.

און נאָך אין אַ גאָר וויכטיקן פּרט מוזן מיר — פון אַ ריין־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט — אָפּגעבן די בכורה דעם מעמואַריסט איבער דעם קינסטלער. דער מעמואַריסט, וואָס איז מסיח לפי תומו, אָן זייטיקע פּניות, איז על־כל־פּנים צו זיין אַ סך אָביעקטיווער, איידער דער קינסטלער, וואָס איז פּאַראינטערעסירט אַרויסצוברענגען וואָס בולט'ער זיין אינוועניקסטן בליק אויף דער זאַך און איר אָפּשאַץ אין זיין געמיט.

די רעהאַביליטאַציע פון דער אַלט־אידישער וועלט איז דעריבער אַרויסגעקומען אין אונזער קינסטלערישער ליטעראַטור שוין צופיל כולו רחמנות'דיק, כולו קודש'דיק, ווי דאָס האָט אַנדערש ניט געקאָנט זיין ביי דעם שטרעבן איבערצובויגן אויף דער אַנדער זייט דעם קרום אויסגעבויגענעם שטעקן. די מאַטעריאַלן, וואָס קאָפּעלאָוו'ס זכרונות גיבן אונז וועגן די זעכציקער און די זיבעציקער יאָרן פון דעם פאַריקן יאָרהונדערט, זיינען פריי פון אָט דער איינזייטיקייט.

די זעלביקע אידן, וואָס גייען אויס „כלות הנפש" ביי דעם רבי'נס תורה, אָדער וועמעס נשמות עס צעשווימען זיך אין דעם זיסן טרערן־שטראָם פון דער חסידישער דביקות, זיינען דאָס די זעלביקע אידן, וואָס וועלן „ביים ברעג טייך" זיך איינער דעם אַנדערן דעם גאָרגל איבערבייסן פאַר אַ פויערשן וואָגן תבואה און וואָס וועלן אין דעם האַנדל מיט אים ניט שטאַרק מקפּיד זיין אויף די גזירות און חרמות, וועלכע די רבנים האָבן נאָך אין כמעלניצקי'ס צייטן אַרויסגעלאָזט אַנטקעגן דעם „טעות גוי מותר"...

די זעלביקע אידענעס, וואָס זיינען זיך מוסר נפש, זייערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן פרומע, גאָטס־פאַרכטיקע וואויל־לערנער, זיינען דאָס, דאָס רוב די זעלביקע אידענעס, וואָס באַפאַלן אין אַ מאַרק־טאָג, ווי הונגעריקע היישעריקן, דעם פויער און זיין גוטס, איבערלאָזנדיק אין זיין געמיט דאָס עקלהאַפטע, האַס־דערוועקנדע בילד פון הונגעריקע היישעריקן.

די זעלביקע ישיבה, אין וועלכער עס פיבערט דער גייסט פון דער אידישער תורה, וואו אין אַ פולע יונגע נשמות ברענט מיט

א ריינער הייליקער פלאם די תשוקה אריינצודרינגען אין גאָט'ס וואָרט, איז דיזעלביקע ישיבה, וואָס פלאַנצט איין אין די הערצער פון א סך אנדערע די מאָראַלישע פּאַרדאָרבנקייט און געזונקנקייט און וואָס באַקומט דערביי דעם אָנבליק פון דער רוסישער „בורסאַ", ווי זי איז געשילדערט געוואָרן ביי פּאָמיאַלאָווסקי'ן.

אָדער זאָלן מיר, ווי ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער, איבערקערן דעם נוסח און מלמד זכות זיין אויף דער אַלט־אידישער וועלט? — דאָס וואָלט אונז אַ ברעקל ניט געהאָלפן. ס'געהערט צו דער טראַגיק פון אונזער פאָלק אין גלות, צו דער טראַגיק אין דער כאַראַקטעריס־טיק פון דעם אַלט־אידישן לעבן, אַז דער „שבת־קודש" און די פאַר־שאָלטענע „וואָך" זיינען אָפּגעטיילט ביי אים איינס פונ'ם אַנדערן מיט אַזאַ ברייטן און טיפן תהום, אַז ניט די ליכט־זייטן פון דעם „שבת" קאָנען מכפּר זיין אויף די שאָטנס פון דער „וואָך" און ניט יענע שאָטנס קאָנען אפילו אויף אַ האָר פאַרטונקלען די שטראַלנדע הויכן פון דער אידישער רעליגיעזער רוחניות. אָט די הייליקע רוחניות האָט געלעבט אין כמעט אַ ל ע אידישע נשמות ביז אין די פון די נידעריקסטע מאָסן. זי האָט אויפגעהאַלטן אונזער חיות, און אין איר האָט זיך אָנגעזאַמלט יענער רעזערוואואַר פון גייסטיקער ענערגיע, וואָס האָט אין אַן אַנדער פאָרם אַרויסגעברויזט און הערט נאָך ניט אויף צו ברויזן אין די אידישע ראַדיקאַלע און נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע באַוועגונגען.

י. קאָפּעלאָוו, וואָס האָט, ווי פילע פון זיין דור, אין דער איינענער נשמה דורכגעלעבט די איינגאַרטיקע טראַנספאָרמאַציעס פון דעם אידישן — אין תוך אריין — ר ע ל י ג י ע ז ן גייסטיקן לעבן, — פון דער תמימות'דיקער פרומקייט, דורך דעם ליידנ־שאַפטלאַכן קאַמף אנקעגן אַלץ, וואָס איז אידיש, צוריק צו אַ נאַציאָנאַל־אידישן לעבן, אין דעם ליכט פון די העכסטע אַלגעמיינ־מענטשלאַכע אידעאַלן, — האָט אַ דאַנק זיין סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג געהאַלטן אָפּן זיין אויג סיי פאַר דער ליכטיקער הויך, סיי פאַר דער זומפּיקער נידער פון דעם אַלטן אידישן מהות, ווי ער האָט זיך אָפּגעשפּילט אין זיין זכרון.

עס קאָן ניט זיין די אויפגאבע פון א קורצער הקדמה אָפּצו־שטעלן זיך אויף די איינצלנע טיילן פון דעם ווערק, אפילו ניט צו ווארפן א סומארישן איבערבליק איבער זיי. דאָס וועט דארפן טאָן די קריטיק.

דאָ קאָן איך נאָר ארויסזאָגן מיין זיכערסטן גלויבן, אז ווען דער לעזער וועט דורכנעמען דעם ערשטן באנד, וואָס ליגט פאַר אים, און וואָס האָט צו טאָן מיט די קינדער און יוגנט־יאָרן אין א ריין אידישער סביבה, וועט ער מיט מיר מסכים זיין, אז ניט דער מחבר, און ניט זיינע פריינט, וואָס האָבן אים באוואויגן צום שרייבן, האָבן ניט וואָס חרטה צו האָבן פאַר דעם גאנצן ענין און אז אויך אים, דעם לעזער, וועט ניט פאַרדריסן די צייט, וואָס ער האָט געשענקט דעם מחבר. און נאָך וויל איך, אינאיינעם מיט דעם לעזער, גלויבן און האָפן, אז אויך די אנדערע טיילן פון קאָפּעלאָוו׳ס מעמוארן, אין וועלכע עס ווערט פאַרלאָזן דאָס פעלד פון דער אלט־אידישער קולטור־געשיכטע, וואו דער מחבר איז געווען נאָר איינער פון זיינע פילע זאנגען, און עס דארף געשילדערט ווערן יענער שטראָם פון דער מאָדערנער אידישער געשיכטע, אין וועלכן קאָפּע־לאָוו האָט גענומען אויף זיך און געטאָן זיין חלק ארבעט, — אז יענע טיילן, זאָג איך, זאָלן וואָס גיכער אָנגעשריבן ווערן און זאָלן זיך אויסצייכענען מיט ניט קיין קלענערע מעלות, איידער די, וואָס זיינען ארויסגעטראָטן אין דעם ערשטן באנד און וואָס מאכן אים פאַר א באדייטנדער פריידיקער דערשיינונג אין אונזער ליטעראַטור.

ניו יאָרק, דעצעמבער, 1925.

## א

# דער ערשטער איינדרוק, וואס איך געדענק.

די ערשטע זאך, וואס האט אויפגעוועקט מיין קינדערשן באוואוסטזיין, און איז געבליבן עד היום איינגעקריצט אין מיין זכרון, לעבעדיק און פריש — איז דער טויט...

דאס איז געווען, ווען איך בין אלט געווען קנאפע דריי יאר.

מיט א גאנצער כאפטע קינדערלאך, האב איך זיך גע־שפילט אין לאזן שיפן אין דעם רינשטאק לעבן אונזער הויז. מיר האבן געשפרונגען, געטאנצט און געפאלאשקעט זיך אין די וואסער. אבער די הויפט הנאה איז געווען די „שיפן". ביי לאזן די „שיפן" איז אנגעגאנגען א שטארקע קאנקורענץ צווישן די אינגלאך. די מיידעלאך האבן זיך ניט אזוי שטארק גע־קאכט אין דעם.

רופט זיך פלוצלינג אפ אונזער שכן'ס מיידעלע, וואס איז געווען מיט עטלאכע יאר עלטער פון מיר און וואס די „שיפן", ווייזט אויס, האבן איר שוין דערעסן:

—דו ווייסט גאר וואס, לאמיר בעסער גיין שפילן צו מיין זיידן. מיין מאמע האט געזאגט, אז ער איז ביינאכט געשטארבן, און אז דארט וועט היינט זיין הו־הא...

וואס עס מיינט „געשטארבן", האב איך ניט געוואוסט, (אקו־ראט וואס דאס באטייט, וויים איך נאך עד היום ניט), און אין מיין קליין מוח'ל האט זיך דאס צונויפגעמישט מיט דער „רו־

טאַטו״*), וואוהין מיין שוועסטער האָט מיך אַמאָל גענומען, אָדער מיט דעם גוי, וואָס פלעגט אויסקערן דעם פעלץ, און קריכנדיק אויף אַלע פיר, אין מיין פעטער׳ס שיינק, לאָזן מיך רייטן אויף אים, ווי אויף אַ בער. זיכער אָבער בין איך געווען, אַז ביי מיין חבר׳טעס זיידן וועט זיין פריילאַך.

האָבן מיר זיך גענומען פאַר די הענטלאַך, שנעל אריבער־געלאָפן די גאַס און מיט פולע שיכלאַך קויט און בלאָטע, וואָס מיר האָבן אָנגעכאַפּט לויפנדיק, זיינען מיר געקומען אויף איר זיידנ׳ס הויף.

די רעדלאַך מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען אין דרויסן, דאָס קלאַפּן מיט די פּושקעס און דער פולער וואָגן מיט קליינע אינג־לאַך, וואָס איז אָנגעפאָרן אין הויף, האָבן מיר געגעבן נאָך מער פאַרזיכערונג, אַז באַלד וועל איך דאָ זען עפּעס אַ שיינע זאַך.

שנעל און מיט גרויס אימפּעט זיינען מיר אריינגעלאָפן אין שטוב, כדי חלילה גאָרנישט צו פאַרפעלן.

פון דעם ליאַרם, געשריי און געפּילדער, בין איך ניט נתפּעל געוואָרן. אַזעלכע זאַכן האָב איך געזען שוין פריער ביי מיין פעטער אין שיינק, דערהויפּט זונטאָג. אָבער דער געוויין — פון דעם ביטערן געוויין האָט מיר פאַרקלעמט דאָס הערצל. נאָר אָט איז אריין אַ איד מיט אַ זויטענע**) היטל מיט אויערן, מיט אַ דראַניטשע***) אין האַנט, און האָט אָנגעהויבן שרייען, קאָמאַנדעווען:

— ווייבער, ווייבער, גיכער! הייסע וואַסער! זיינען די תכריכים פאַרטיק?

געזאָגט האָט ער דאָס מיט אַזאַ פוריע, הויך און לעבעדיק, אַז עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אָט באַלד הייבט זיך

*) רוטאַטו איז אַ מין באַלעגאַן־טעאַטער, אין וועלכן קוקלעס און ליאַלקעס טאַנצן, שפּרינגען, שלאָגן זיך און ריידן אויך כלומרשט.

**) פוטערוואַרג פון אַ ברוינעם קאָליר.

***) אַזאַ סאָרט ברעטל מיט וועלכע מען דעקט ביי אונז געביידעס.

אָן דאָס שפּיל... און מיר ביידע, איך און דאָס מיידעלע, האָבן אָנגעהויבן לאַכן און שטיפן. איז צוגעלאָפן צו אונז א אידענע, מיט פאַרבראָכענע הענט, און מיט א הייזעריקן קול גענומען שרייען:

— אוי, ווײ איז מיר, קינדערלאַך, וואָס טוען דאָ איצטער די קינדערלאַך? אי, אי, אי!

און ניט געוואַרט, האָט זי אונז ביידן א כאַפּ געטאָן און אַוועקגעזעצט אויף דער ליעזשאַנקע*) אין א דערבייאיקן חדר.

דורך דער טיר וואס איז געווען אָפן צו א גרויסן צימער, האָב איך דערזען, ווי אויף דער ערד ליגט אויסגעצויגן א לאַנגע שוואַרצע זאַך. צוקאָפּנס און אַרום שטייען מעשענע לייכטער און עס ברענען אין זיי גרויסע יעוואָנישע**) ליכט, אַזעלכע ווי די, וואָס מיין מאַמע בענטשט ערב שבת. ביי די זייטן זיצן ווייבער (א פּאָר זיינען מיר, דאַכט זיך, געווען באַקאַנט) זיצן און וויינען, שאָקלען זיך, טענה'ן. זיי וויינען הויך אפ'ן קול און ביטער. איין אידענע שרייט זיי אַלעמען אַריבער, און שלאָגט מיט ביידע קולאַקעס זיך אין קאָפּ...

איך בין פאַרציטערט געוואָרן, מיין הערצל איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן, כ'האָב געוואָלט שרייען און — ניט געקאָנט. דאָס מיידעלע, מיין חבר'טע, איז דערווייל ערגעץ פאַרשוואונדן און איך בין איינער אליין אויף דער ליעזאַשנקע.

מיינע בליקן, מיין גאַנצער גוף איז איצט געווען געווענדט צו דער טיר אַנטקעגן, איך האָב זיך אַזוי ווי איינגעזויגן אין יענעם צימער... און אָט האָב איך דערזען, ווי דער לייַלאַך מיט וועלכן דער שפּיגל איז געווען פאַרהאַנגען, האָט זיך אָנגעהויבן שאָקלען און ווינקען צו מיר. איך האָב געפּרופט פאַר־

*) ליעזשאַנקע איז א פּלאַץ צום זיצען אין ליגן לעבן אויוון, געמאַכט פון דעם זעלביקן מאַטעריאַל, ווי די אויוון.

**) יעוואָנישע — א יון, אַ סאָלדאַט, ד. ה. גרויסע און שטאַרקע ליכט.

מאכן די אויגן. האָבן שווארצע, פארקרימטע פּנים'ער, מיט לאנגע, לאנגע צינגער, גערוקט זיך אַלץ נאָענטער צו מיר... אָט, אָט, און זיי וועלן מיך אָנהייבן לעקן מיט די צינגער, ווי אונזער בהמה דאָס קעלבל, וואָס זי האָט געהאט... אי, אי, אי, טאַטע, דאָס זיינען דאָך גאָר קעלבלאַך! די קעלבלאַך שפּרינגען, די בהמה ריטשעט מו, מו, מו, אָבער אַזוי טרויעריק, אַזוי ווי ווען דער קצב האָט דאָס קעלבל צוגענומען. — און פּלוצלינג האָט זי זיך אַ קער געטאָן צו מיין זייט, אויסגעסטאַרטשעט *) אירע גרויסע, אומעטיקע, בייזע אויגן, איינגעבויגן דעם קאָפּ און געלאָזט זיך צו מיר, ווי זי וואָלט וועלן ארויפכאַפּן מיך אויף אירע הערנער. — איך רוק זיך אַלץ אָפּ און זי רוקט זיך אַלץ נענטער צו. איך רוק זיך ווייט אָפּ... און פּלוצלינג אַ פאַל פון דער ליעזשאַנקע מיט אַ פאַרצווייפלטן געשריי:

— האָלדער, האָלדער, האָלדער! און אפשר... טהור, טהור, טהור! — האָב איך דערהערט פון דעם אַנדערן צימער, וואו דער שוואַרצער איז געלעגן אויף דער ערד. איך האָב זיך שטאַרק צע־וויינט און געציטערט מיט מיינע אַלע גלידער. אַ שוועסטער מיינע האָט מיך געכאַפּט אויף די הענט און געטראָגן מיך אהיים, אָבער טראָגנדיק האָט זי מיך מכבד געווען מיט אַ היבש פּאַרציע לאָ־פּעטשקעס...**)

— אַ קינד איז דאָס? אַ שד! וואו מען זייט אים ניט, דאָרטן וואַקסט ער! וואָס ביסטו געקראָכן אהין צום טויטן, הא? נאַדיר, אָט אַזוי אָ!... וועסט ווייטער וויסן ווי קריכן צו טויטע. געדאַכט זאָל ער ניט ווערן...

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך געדרייט, געוואָרפן אויפ'ן גע־לעגער, קיין אָרט זיך ניט געקענט געפינען. האָב געקרעכצט, גע־וויינט פון שלאָף און טאַקע געשריען אויך. די מאַמע, מיט וועמען איך האָב געשלאָפן, האָט מיך בשום אופן ניט געקענט באַרואיקן,

*) אויסגעלאָצט, שאַרף און בייז קוקן.

**) פּאַטשן.

ניט מיט דער קאָפּיקע, וואָס זי האָט מיר צוגעזאָגט געבן מאָרגן און ניט מיט דעם שטיק טאָרט, וואָס זי האָט מיר דערלאַנגט במזומן גלייך אויפ׳ן אָרט. זי האָט מיך ניט געקענט איינשטילן. דער איד מיט דער היטל מיט די אויערן האָט געקוקט אויף מיר ווי א גזלן און אַלע ווייַלע פאַרמאָסטן זיך מיט דער דראַניטשע אויף מיר. די לאַנגע צינגער זיינען געקראָכן מיר אין די אויגן, אין מויל און געשטיקט מיר אין האַלז...

די מאַמע האָט אָנגעהויבן רופן און וועקן דעם טאַטן, מיך טאַפּנדיק דערוויילע פאַר׳ן קעפּל און באַגלייטנדיק מיט קרעכצן: „אוי, ווי איז מיר, מיר בעסער פאַר דיר, קינדעלע מיינס, פאַר דיין מינדעסטן נאָגעלע. זע, נאָר זע, ס׳אַרא היץ, דאָס קינד ברענט דאָך ווי א פייער! ווי איז מיר, דאָס קינד איז טויט־קראַנק.״

דערהערט דעם וואָרט טויט, — וואָס עס מיינט „טויט־קראַנק״ האָב איך ניט פאַרשטאַנען, — בין איך פאַרצווייפלט געוואָרן פון שרעק. דער אָטעם האָט מיך פאַרכאַפּט, און איך האָב אָנגעהויבן ציטערן מיט אַלע אברים...

די מאַמע האָט אָנגעפאַנגען צו שרייען צום טאַטן: „גיכער, גיכער, צינד אָן א ליכט, דאָס קינד איז פאַרביי, גיכער א ליכט!״

איך, ווידער, מיינענדיג, אז מען דאַרף ליכט, ווייל איך בין שוין געשטאָרבן, האָב מיט אַלע מיינע כחות א וואָרף געטאָן זיך דער מאַמען אויפ׳ן האַלז און ניט מיט מיין קול געשריען:

— ניין, ניין, איך בין ניט געשטאָרבן. פאַרלעש די ליכט... גוואַלד, די ליכט פאַרלעש! גיכער, גיכער, לעש אויס די ליכט...

וואָס דערנאָך איז געווען ווייס איך ניט, ווי לאַנג איך בין געלעגן ווייס איך ניט. איך געדענק נאָר, אז ווען איך האָב געעפנט די אויגען, איז לעבן מיר געשטאַנען עפּעס א מין פעלדשער — מיט מעשענע קנעפּ, מיט שפּאָקולן, געקוקט און געשמייכלט צו מיר. דער קאָפּ איז געווען שווער, נאַס און קאַלט. אין א קאַווע־לעפעלע האָט מען מיר געגעבן עפּעס א רויטלאַכע זיסע רפואה.

די מאמע האָט מיך געקושט, אויפגעהויבן אירע אויגן צום באַלקן און געזאָגט:

— געלויבט איז דיין הייליקער נאָמען, פאר דיינע גרויסע חסדים!

דער טאטע האָט צוגעשאָקלט מיט'ן קאָפּ:

— יע, יע, ער איז בעסער. אי"ה, ער וועט שוין געזונט זיין. אי, אָבער, האָט ער מיך אנגעשראָקן... נו, נו!

ב.

## מען גיט מיך אָפּ אין חדר.

די גאַנצע וואָך פּסח — דער ליבער, שיינער יום־טוב אונזערער, די אמת־גאָלדענע צייט פאַר אידישע קינדער — בין איך געווען אויפ'ן זיבעטן הימל! די ריינע, אויסגערוטע פּנים'ער, די יום־טוב'דיקע קליידער, די געשמאַקע מאכלים, דער רויטער וויין, און די נייע ריינע גלעזלאַך — די כוסות; דאַן דער אויסגעוואַשענער בריק אין שטוב און מיט געלן זאַמד אויסגע־שאָטענער הויף, — האָט שטאַרק אויפגעהויבן מיין קינדערשן געמיט און מיר צוגעגעבן אַ באַזונדערע פרישקייט און לעבעדיקייט. דערצו נאָך טאַקע דאָס נייע גאַרניטערל מיט צוויי קעשענעס אין מיין שפּאַנצירִיק *), די נייע שטיוועלאַך, דאָס היטעלע מיט דעם קוטאַסיק, און דערהויפּט די פולע קעשענעס ניס — אַלערליי ניס: וועלשענע, טערקישע און אפילו מאַנדל־ניס — דאָס אַלץ אינאיינעם, האָט אויף מיר גאָר אַ נייע הויט אָנגעצויגן. אין דרויסן איז געווען שיין און טרוקן. די זון האָט געלויכטן און געוואַרעמט און געצויגן פון שטוב.

איך האָב געטאַנצט אין קאַראַהאָדס, געשפּרונגען ווי אונזער קעלבל און געשטיפּט אויף וואָס די וועלט שטייט. געשפּילט האָב איך קאַמענדרע, אין פּילקעס און אין ניס, געשפּילט אין זשמורקעס און ניט געלאָזט זיך כאַפּן; געשפּילט אין קיסרים, און אין מלחמות,

*) אַ אינגלישער בגד'ל — הייזלאַך און וועסט אין איינעם, וועלכער פלעגט זיך פאַרשפּיליען פון הינטן.

און אין חברות, און פאר צוויי גרויסע וועלשענע ניס דערדינט זיך צו ווערן א שני־למלך. אבער די גרעסטע הנאה האָב איך געהאַט פון שפּילן אין פערדלאַך. אי, די פערדלאַך, די פערדלאַך! ... וויפיל קולאַקעס פון די שוועסטער, וויפיל פּעטש פון די רבי׳ס האָב איך געכאַפּט פאר זיי! וויפיל מאָל האָט זיך דער טאַטע געבייזערט, וויפיל מאָל האָט אפילו די מאַמע געזאָגט, אז זי האָט מיך פיינט דערפאר. אָבער, וויפיל איך האָב זיך ניט אָנגעליטן פון זיי, דער־הויפּט שפּעטער, ווען איך בין שוין אביסל עלטער געווען — איז עס אַלץ ווערט געווען. איך האָב געשפּילט מיט היץ, מיט א ברען. ווער רעדט, אז עס האָט זיך מיר איינגעגעבן אריבעריאָגן דעם חבר, האָב איך אָן אַלץ פארגעסן. ניט דערעסן און ניט דערטרינקען איז רעכט געווען. אפילו דער אייביקער קינדערשער אידעאַל — ווערן א גרויסער — האָט אויך פארלאָרן דעמאָלט זיין חן אין מיינע אויגן... יענעם פּסח איז מיר געווען זייער גוט, ווי קיין מאָל ניט פריער און אויך ניט שפּעטער!

דעם לעצטן טאָג פּסח נאָכמיטאָג, ווען איך בין אריינגעלאָפן אין שטוב ניט טויט, ניט לעבעדיק, א הונגעריקער, א פארסאָפּעטער און א פארשוויצטער, האָב איך געפונען דעם טאַטן און דער מאַמען שוין לאַנג אויפגעשטאַנען פון דעם נאָך־וואָרמעסדיקן שלאָף. דער זיידע, די באָבע, א פעטער מיט א מומען זיינען אויך דאָ געווען. אַלע זיינען געזעסן ארום א פולען טיש מיט כיבוד, געזעסן בהרחבה־דיק און געשמועסט.

אָ. ס׳קאָצל קומט, וואָס מאַכסטו עפּעס? וואו איז מען דאָס אויסן געווען, ר׳ אורח? — און נאָך אזעלכע מיני שאלות האָבן זיך געשאָטן אויף מיר פון אַלע זייטן. אַלע האָבן געקוקט אויף מיר שמייכלענדיק און ליבלאַך. דער זיידע איז גאָר אריינגעפאָרן מיט א ברייטן „שלום עליכם" פון וואָס איך בין געוואָרן אביסעלע צו־מישט, האָב זיך שטאַרק פארשעמט און מיין רויטער פּנים איז נאָך רויטער געוואָרן. כ׳האָב אָנגעהויבן כלומר׳שט לאַכן, אָבער ס׳איז געווען א לאַכן מיט יאַשטשערקעס... איך האָב עפּעס געשטאַמלט,

אַליין ניט געוואוסט, וואָס — און ניט געהאַט זיך וואו אַהינצוטאָן פון פאַרשעמטקייט... געקומען מיר צוהילף איז, ווי דער שטייגער געווען, מיין מלאך מושיע — די ליבע מאַמינקע. זי האָט מיך אַרויפגעכאַפּט צו זיך אויפ׳ן שויס און ווישנדיק דעם שווייס פון מיין פּנים, האָט זי גע׳טענה׳ט:

— זע, נאָר זע, ווי איז מיר ניט געשען, ווי אויסגעווייקט, ווי אויסגעמוטשעט ער איז! פון דיר איז דאָך, שונאי ישראל, שוין אַ האַלבער געוואָרן! וואָס האָסטו דאָרט געטאָן, האָלץ געהאַקט, די ערד געאַקערט? אַי, קריינעלאַך מיינע, איז דאָס אַ שטיפער! געזונט זאָל ער נאָר זיין, אַ ברען, אַ מאַידים, די וועלט קערט ער איבער! אוי, אויג פון מיין קאָפּ! און זי האָט מיך פעסט צוגע־דריקט צום האַרצן און געקושט און געקושט.

דער טאַטע, וואָס פון אים האָב איך זיך געריכט אויף אַ גוטער פּאָרציע, האָט דוקא געקוקט אויף מיר זייער ליבלאַך און אַ זאָג געטאָן:

— נישקשה, נישקשה, שטיף, שטיף, ישראליק, כל זמן דו ביסט נאָך אַ פרייער פויגל, איצט איז דיין צייט! רבקה, — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו דער מאַמען, — דו גיב אים בעסער אַכל׳ען, דער חברה־מאַן קען זיין גוט הונגעריק..

אָפּגערוקט זיך אַביסל אָן אַ זייט, האָב איך זיך גענומען פאַר אַכילה מיט גרוים חשק. פון טיש זיינען דערגאַנגען צו מיר רייד וועגן „חדר", וועגן ד ע ם אָדער י ע נ ע ם מלמד, וועגן שכר למוד, און „ווען וועט דאָס מיט מזל די גליקלאַכע שעה זיין?..."
אימיצער האָט דערמאָנט אַ נאָמען פון אַ מלמד און אים זייער געלויבט, „גאָר אַן אַנטיק!" דער טאַטע, אָבער, האָט באַמערקט:

— עט, פּע, אַ איד אַן אַכזר, אַ שוטה. מיט קינדער, מיט חדר־אינגלאַך, דאַרף מען נאָר מיט גוטן, מיט ווייכקייט זיך באַגיין. שטיפן, קען אַ אינגל גאָר ניט שאַדן, חלילה, פאַרקערט, די גרויסע שטיפערס זיינען דאָס רוב די בעסטע אינגלאַך גאָר! אַפילו מיט גמרא־אינגלאַך איז אויך גלייכער אויסקומען אָן „לאָקשן" און ניט

זיין „סטראָנגע״*). איך געדענק נאָך עד היום ר׳ יצחק בער רייזל׳ס עליו השלום. געווען אַ איד אַן עם־הארץ. איך האָב שוין יעמאלט געקענט בעסער לערנען פאר אים. איז ער אָבער געווען אַ גרויסער פתי, זאָל ער מיר מוחל זיין, האָט ער געשלאָגן, געשמיסן, גע׳הרג׳עט און גע׳ממית׳ט די קינדער. מיך, האָט ער אמאל אַזש נאָר אַ בים געטאָן...

דער זיידע האָט עפּעס איינגעווענדט, געשפּארט זיך.

— עס איז אנדערע צייטן איצטער — האָט ער געזאגט.

דער פעטער און די מומע האָבן זיך אויך אריינגעמישט און געהאלטן מיט דעם טאַטען, דאכט מיר. אָבער אזוי ווי איך האָב בשום אופן ניט חושד געווען, אז דער גאנצער ענין איז נוגע מיר, און אזוי ווי אין זייער שמועס האָב איך קיין גרויסן טעם ניט געפילט און אין די ברעמזלאך — דוקא יע, האָב איך זיך ווייניק וואָס צוגעהערט און געקיים, געכראָמזשקעט די ברעמזלאך און געקנאַקט ניסלאך.

— ישראלקע, זונעלע, קום נאָר אהער, מיין קינד. — האָב איך דערהערט מיין מאמעס ווייכן, אנגענעמען קול.

איין שפּרונג — און איך בין שוין געהאנגען ביי איר אויפ׳ן האלז. זי האָט מיך צוגעטוליעט, ווי זי וואָלט מיך געוואָלט באשיצן פון עפּעס, און גע׳טענה׳ט:

— ניין, סטייטש, ער איז דאָך נאָך גאָר אַן עופה׳לע, קאָם ערשט פיר און אַ האלב יאָר געוואָרן. וואָס איז די איילעניש? וועט זיין באשערט, וועט ער, אם ירצה השם, נאָך אוספּייען אויס־לערנען כל התורה כולה! נו, און אז מען וועט אים אָפּגעבן אין חדר שפּעטער מיט אַ זמן, וועט חלילה די וועלט אונטערגיין, וואָס? וויפיל נעכט האָב איך ניט דערשלאָפן, וויפיל טרערן פארגאָסן, קוים אויסגעבעטן ביי דעם רבונו של עולם אַ אינגל... כסדר מיידלאך געווען, פינף — זאָלן זיי געזונט זיין, און אז שוין

---

*) זייער שטרייננ.

דערלעבט א דאנק זיין הייליקן נאָמען, א אינגל, טאָ גיי שיק אים אזא יונגינקען, א פּיצל, נעבאך, אין חדר אוועק?

די מאַמע, וועלכע איז געווען די גאַנצע עקרת הבית, די פּאַרדינערין און האָט כמעט שטענדיק געהאַט אין אַלץ די הויפּט־דעה, האָט דעם מאָל געפילט איר שוואַכקייט, ווי זי וואָלט ניט אויף איר פּלאַץ געווען. אין אירע רייד האָט זיך געפילט מער געבעט און אונטערטעניקייט, ניט קיין פאָדערונג, אַז זי באַשטייט אויף איריגעס.

די גאַנצע צייט, וואָס די מאַמע האָט גערעדט, האָט דער טאַטע, ווען איך האָב געהאַלטן פאַר א בייזן, כאָטש ער האָט מיר קיינמאָל קיין ריר ניט געטאָן, קיינמאָל קיין הויך קול אויף מיר ניט אויפגעהויבן—געקוקט אָט אויף מיר, אָט אויף דער מאַמען מיט מילדע גוטע אויגן, געגלעט זיך דאָס בערדל און געשמייכלט. אַז די מאַמע האָט געענדיקט, האָט ער א פּאָר מאָל געהוסט...הם..קט, און דערנאָך אזוי געזאָגט:

כ'לעבן, דו ביסט דאָך גאר א אידענע, — פּונקט, ווי נאָר־וואָס האָט ער די אַנטדעקונג געמאַכט, — וואָס מיינסטו, וואָס, אַז באשר דו פּיעסטשעסט*) אים איז ער דיר טייערער, ווי מיר? האָסטו א טעות, דאָס איז נאָר א טבע־זאך. האָב איך ניט די טבע, אָבער ער איז מיין קינד ווי דיינער און איך וואָלט פּונקט אזוי ווי דו ניט וועלן, אַז אפילו א האָר זאָל אים געקרימט ווערן, חלילה. איך זע אָבער ניט קיין סכנה, אַז ער וועט צו זומער־צו אָנהייבן גיין אין חדר. אדרבה, עס איז שיין, לופטיק, וואַרים, וועט זיך שפּילן אין דרויסן און ביסלאַכווייז צוגעוואוינען זיך צום חדר. איך וועל אים אָפּגעבן צו שלמה'קע נעסוועזשער, א איד — א מזג טוב, וועל דערצו נאָך אָנזאָגן אים, ער זאָל אים חלילה וחס מיט א פינגער ניט אָנרירן. שלאָפן מעג ער שפּעט, וויפיל ער וויל נאָר, קיינער זאָל אים ניט סמייען וועקן, זאָלן נאָר די מיידלאך אים ניט טשעפּען און ניט רייסן זיך מיט אים. — צוויי פון מיינע

*) נאָכגעבן, אָרויסווייזן פיל ליבשאַפט.

שוועסטער, וועלכע האָבן זיך דאָ גראַד ארומגעדרייט, האָבן ביי די ווערטער געמאַכט זייער אַ זויערע מינע. — און אויב דו וועסט אים נאָך צוזען אביסל, וועט אים דער חדר גאָר ניט שאַדן.

אָבער באַמערקנדיק הפּנים, אַז זיינע ארגומענטן קלעפּן זיך ווינציק וואָס צו דער מאַמען און אַז זי איז נאָך אַלץ אומצופרידן, האָט ער אָנגעהויבן פון אַן אַנדער זייט:

— דו האָסט ערשט געזאָגט, אַז דו האָסט געבעטן גאָט אויף אַ אינגל, הא? נו, טאָ זאָג, אדרבה, אליין, פאַרוואָס עפּעס אַ אינגל? ווייל אַ אינגל גייט אין חדר! מיט דעם זכות פון די חדר־אינגלאך לעבן מיר, אויף זיי שטייט די וועלט! דו ווייסט, אַז ווען אונזער ישראליק וועט אויסשרייען דעם ערשטן מאָל „אלף", וועלן די מלאכים זינגען שירה און דער אויבערשטער מיט דער גאַנצער פּמליה של מעלה וועלן זיך משמח זיין!

פיל פון דעם טאַטנ'ס רייד האָב איך ניט פאַרשטאַנען, אָבער דאָס געדענק איך, אַז ער האָט דערמאָנט חדר, מזבח, קרבן. ער האָט געזאגט, אַז פון דעם „אלף בית", וואָס די חדר־אינגלאך ריידן ארויס פון מויל, ווערן מלאכים. ער האָט דערציילט, אַז חנה האָט אָפּגעגעבן איר איינציקן זון, שמואל'ן, אין חדר, גלייך ווי זי האָט אים אַנטוויינט... איך האָב אַ פרעג געטאָן, צי דאָס איז אונזער שכנה חנה. אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— קום נאָר אַהער צו מיר, יונגאַטשיקל — אָט אַזוי אָ....

און דער טאַטע האָט מיך אַוועקגעזעצט אויף זיין קני, געוויגט מיך, און האַלטנדיק מיך פאַר דער שפּיץ מאַרדעטשקע, האָט ער מיר דערציילט די גאַנצע מעשה פון אלקנה'ן מיט חנה'ן מיט שמואל'ן, וואָס פאַר אַ גרויסער נביא שמואל איז געוואָרן. אַז ער האָט אַלץ געזען, אַלץ געוואוסט און איז געווען דער שופט פון דעם פאָלק ישראל.

דעם טאַטנס שטילער טאָן, זיין געלאַסנקייט, האָט אריינגעדרונגען טיף אין מיין קינדערשע הארץ און זכרון. איך געדענק נאָך עד היום זיין יעדן וואָרט און איטלאַכע מינע זיינע, אקוראַט, ווי דאָס וואָלט געווען ערשט נעכטן.

איך האָב א קוק געטאָן אויף דער מאַמען — אין אירע אויגן האָבן געבלישצעט טרערן און זי האָט געשיינט, ווי זיבן זונען. קענטיק, אַז ניט נאָר איז זי מרוצה געוואָרן צו שיקן מיך אין חדר, נאָר זי איז טיף אין דער נשמה געווען זייער גליקלאַך!

דער טאַטע האָט נאָך לאַנג גערעדט, עפּעס מסביר געווען דעם זיידן, געפּערעגט און געענטפּערט. און צום סוף האָט ער פּאַר־געניגענדיק געריבן א האַנט אָן א האַנט — א צייכן פון גרויס צופרינדקייט און נצחון! אָבער פּלוצלינג טוט ער מיך א פרעג:

— זאָג נאָר, זונטשיקל, דו ווילסט גיין אין חדר? קיין קלאָרן באַגריף, וואָס חדר איז, האָב איך ניט געהאַט. איך האָב ניט געוואוסט, צי איז עס גוט, אָדער שלעכט, צי מען דאַרף — אָדער מען דאַרף ניט וועלן גיין אין חדר, האָב איך אויף דעם טאַטנס שאלה ניט געוואוסט וואס צו ענטפּערן. איך האָב אָנגעהויבן עפּעס באַלעמאַטשען, האָב געשטאַמעלט, און אָנשטאָט אַן ענטפּער, האָב איך דעם טאַטן פאַרוואָרפן מיט שאלות:

— וואָס טוט מען אין חדר, ווער גיט עסן אין חדר, ווער ברענגט אין חדר? צוליב וואָס דאַרף מען גיין אין חדר? און פאַרוואָס עפּעס דוקא אינגלאַך און ניט מיידלאַך? און וואַרום גראַד קליינע און ניט די גרויסע? פאַרוואַס גייסטו, טאַטע, ניט אין חדר, האַ? טאַקע, טאַטע, קום דו אויך אין חדר. איך וויל דיך אויסלערנען שפּילען אין פערדלאַך און מיר וועלן ביידע לויפן אהין און צוריק.

דער געלעכטער פון דעם עולם האָט מיך איבערגעהאַקט און א פאַרשעמטער, האָב איך שטיל אַראָפּגעלאָזן דאָס קעפּל.

— אי, חכם מיינער, גאָלד מיינער, געזונט זאָלסטו נאָר זיין און לעבן זאָלסטו ביז הונדערט און צוואַנציק יאָרעלאַך, פּאָטער האַרציקער, וואָס פאַר אַ קינדעלע, וואָס פאַר אַ חכם עתיק דאָס איז!

— האָט מיט גרויס התפּעלות אַרויסגעשאָסן די מאַמע. פון דעם טאַטנס תירוצים געדענק איך נאָר, אַז א באַהעלפער וועט מיך טראָגן אויף די הענט אין חדר, און אַז ווינטער וועט ער מיך פירן אויף אַ שליטל, אַז אויך עסן וועט ער מיר ברענגען, און אַז אין

פערדלאך וועל איך ערשט רעכט קענען שפילן אין חדר מיט די חברים דארטן. ווייטער האט זיך דער געשפרעך געדרייט ארום דער פראגע, ווען זאל דאס זיין די מזל׳דיקע שעה. די קומענדיקע וואך זאל איך זיין גאר פריי... טאן וואס איך וויל.. דערנאך איז אזוי: זונטאג קאן מען ניט — א מארק־טאג. אלע פארנומען, און ס׳איז גלאט ניט צום הארצן. דאס ערשטע קינד אפגעבן אין חדר דארף זיין א יום־טוב, א געהויבענער טאג, ניט זונטאג — א גוישקע חגא! מאנטאג? — ניין, ניט קיין גוטער טאג, איז געבליבן — דינסטאג. דינסטאג פון דער צווייטער וואך — און זאל גאט געבן מיט מזל און ברכה!

— א־מ־מ־מ־מ־ן! — האט די מאמע געענטפערט און אזוי ווי פאסמאקעוועט זיך פון גרוים טעם. און אויפהייבנדיק די אויגן צום באלקן האט זי זיך אפגעזיפצט, און געכאפט מיך קושן.

עס איז שוין געווארן פארנאכטלאך, גרויסע שאטנס האבן זיך אויסגעשפרייט אנטקעגן אונזער פענסטער. דער זיידע האט געזאגט, אז עס איז שוין צייט מנחה דאוונען. דער עולם האט זיך אנגעהויבן רירן פון די פלעצער. דער זיידע האט גענומען גרייזלען די פאות׳ן. די באבע — א זעלטן קלוגע און פרעהלאכע אידענע, — האט געוואונקען צו מיר, געמאכט קונצן מיט די ליפן און געמאכט מיך לאכן. דער פעטער, די מומע האבן מיך געגלעט, געקניפן אין בעקל, געקושט און געשאטן מיט ברכות.

איך בין געווארן שטארק אויפגעלייגט ביי זיך און פריילאך. און אז דער זיידע, ביים געזעגענען זיך, האט געפרעגט, וואס פאר א מתנה וויל איך ער זאל מיר געבן, און צוגעלייגט, אז וואס איך וועל זאגן, וועל איך קריגן, האב איך ניט לאנג געטראכט און אויסגעשריען:

— א פערדל!... אבער טאקע אן אמת׳ן פערדל!...

אלע ארום זיינען געבליבן שטיין אין א פארלעגנהייט — וואס וועט דא דער אלטער טאן? ער האט אבער גלעטנדיק די גרויסע באָרד, גאנץ געלאסן געענטפערט:

— נו, גוט, אבער — בתנאי, אז דו זאָלסט אליין אים געבן עסן, איינשפּאנען און אויסשפּאנען און אליין פאָרן — ער וועט דאָך זיין דיינער.

דאָס איז מיר ניט גאָר געפעלן געווארן, און איך האָב אָנגע־הויבן ציען אויף צוריק... דער זיידע לאכט.

— נו, זאָגט ער, דעם מאָל נאָך וועל איך דיך לאָזן חרטה האָבן, אָבער מער ניט. זאָג־זשע, אויף גיך, יונגאַטשיק, מיר וועלן נאָך פארשפעטיקן קדושה — וואָס ווילסטו, הא ? אָבער געשווינד !

— ווייסטו וואָס, זיידע, מען דארף גאר נישט, גיב מיר גאָר נישט, אָבער איך און דו זאָלן איינמאָל שפּילן אין פערדלאָך.

די באָבע האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און ארויסגע־שאָסן אַ הויך געלעכטער זאָגנדיק :

— זוניעניו, אַ צו־גרויסער פערד איז דיין זיידע...

דער טאַטע האָט פארקנייטשט דעם שטערן — ניט געפעלן געווארן אים, וואס די באבע איז מבייש דעם זיידן.

יענע וואָך בין איך געוואָרן דער מיטל־פּונקט פון שטוב, אלץ האָט זיך געדרייט נאָר ארום מיר. איך בין געוואָרן אַ גאנצער יש, אַ חשוב, און אלע מיינע פארלאנגען זיינען דערפילט געוואָרן. אפילו מיינע שוועסטער, מיינע ערגסטע שונאים, וועלכע פלעגן קיינמאָל ניט זשאלעווען מיר אַ שטויס, אַ שטורך און שטילערהייט אַ קניפּ אויך — אפילו זיי, האָבן אויך איצטער געקוקט אויף מיר מיט גאר אנדערע אויגן. ניט נאָר האָבן זיי מיך ניט געטשעפּעט מיט די הענט, נאָר אפילו די צונגעמענישן, ווי בן־יחיד'ל, תכשיט, פּיעסטון, קורנאסער, — מיט וועלכע זיי פלעגן מיר דערגיין ביז'ן ביין, האָבן זיי אינגאנצן אוועקגעווארפן און גערופן מיך ביים נאָמען און נאָך פארצויגן : ישראל'קע, ישראל'יקל.

איך געדענק שוין ניט גענוי, צי האָב איך זיך באנוצט מיט מיין גינסטיקער לאגע, צי גלאט אזוי אוים ליבשאפט צום שטיפן,— נאָר די וועלט האָב איך יענע וואך איבערגעקערט קאפויר. די גאנצע שטוב איז געגאנגען דורך מיר כאָדעראָם. אפילו די ספרים אין

אַלמער האָב איך ניט דורכגעלאָזן — געבויט פון זיי הייזער, צעריסן די רוקנס, געמאכט א תל פון די טאָוולען. איך פלעג זיך ארויפשטעלן אויף א שטול און צורופן א שוועסטער — איך וויל איר עפעס זאָגן, כלומר׳שט. אָבער איידער זי איז נאָך צוגעטראָטן גאָר נאָנט, האָב איך זיך ארויפגעכאפט אויף איר האלז און זי האָט מיך געמוזט טראָגן. איינמאָל האָט א שוועסטער, אָט אזוי טראָגנדיק מיך, זיך פארטשעפעט און מיך ווי א סנאָפ אראפגעווארפן. איך האָב אויסגעלונקען די לינקע האנט. עס איז געוואָרן א טומל, א יאָמער, א געשריי. דער טאטע, די מאמע איז געקומען צולויפן פון קראָם. שכנים זיינען זיך צונויפגעלאָפן. מען האָט אויף גיך געבראכט דעם רופא — מען האָט מיר געלייגט אייז, איינגעבונדן די האנט. די מאמע האָט געוויינט. דער טאטע האָט געשריען אויף דער שוועסטער, זיך געבייזערט און מיך אריינגעלייגט אין בעט, וואו איך בין פארבליבן ארום א חודש צייט אין גרויסע שמערצן.

פון דעם „דינסטאָגדיקן בכי טוב“, ווען מען האָט מיך געזאָלט פירן אין חדר, האָט זיך, פארשטייט זיך, אויסגעלאָזן א טייך. הפנים באשערט געווען, אז אויך אין דעם פאַל, זאָל די מאמע, און ניט דער טאטע אויספירן. אין חדר האָט מען מיך אָפגעגעבן ערשט ארום נאָך שבועות. אזוי זיך, אויף שפּילן זיך. מען האָט אפילו געמאכט א סעודה. דער טאטע און מאמע האָבן זיך אָנגעטאָן אין יום־טוב׳דיקן. מען האָט מיך געטראָגן איינגעוויקלט אין א טלית. אָבער פון יענעם טאראראם אויף וועלכן איך האָב זיך געריכט, האָט זיך גאָר נישט אויסגעלאָזן. דעם צוקער פון דעם „אלף־בית“ האָב איך ניט אפגעלעקט, נאָר אפגעבלאָזן... די עטלאכע גריוועניקלאך*), וואס מען האָט מיר געווארפן, — האָב איך געזען די הענט און גוט געוואוסט, אז דאָס איז ניט פון מלאכים... מיך האָט עפעס אזוי ווי פארדראָסן די גאַנצע מעשה, ניט חלילה, וואָס מען האָט מיך געוואָלט נארן, נאָר דערפאר טאקע, וואס די מלאכים האָבן זיך ניט מטריח געווען קומען. און אז דער

*) אַ זילבערנער צען־קאָפּיקעס.

רבי, האָט מיך געוואָלט איינשמועסן, אז דאָס וואָרפן מלאכים, האָב איך מיט כעס אים איבערגעקרימט, און געזאָגט:

— יע, מלאכים, מלאכים גאָר, המ... וואָסערע מלאכים? עס איז א ליגן, א ליגן, ניטאָ קיין מלאכים! ניט אמת טאַטע אז די מלאכים זינגען גאָר איצט שירה פאַר דעם אויבערשטן? ...

דעם טאַטען איז געפעלן געוואָרן אפילו, וואָס איך האָב ניט פאַרגעסן און אריינגענומען אין זינען דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט דער מאַמען נאָך אחרון של פסח, אָבער מיין קליינע אמונה אין מלאכים האָט אים, ווי עס ווייזט אויס, פאַרדראָסן. הפנים, אז דאָס הארץ האָט אים געזאָגט, אז זיין זון וועט זיין פון די קטני האמונה, און ער איז שטאַרק געווען אומצופרידן... ער איז געבליבן מיט מיר א קורצע ווילע אין חדר, דאַן האָט ער געזאָגט, אז פאַר היינט וועט זיין גענוג...

גייענדיק אהיים, האָט דער טאַטע געזאָגט, אז דעם זמן וועל איך זיך נאָר שפּילן אין חדר, לערנען וועל איך אָנהייבן ערשט נאָך סוכות. אבער, אז איך בין געקומען פרייטאָג און דערציילט דעם טאַטען, אז איך קען שוין דעם גאַנצן „אלף בית" און שעפּטשע*) שוין דוקא אין סדור און אז דער רבי האָט געזאָגט, אז איך וועל זיין גאָר א וואויל אינגל, האָט ער מיך געגלעט פאַר'ן קעפּל און געגעבן מיר א שטיק לעקאַך, וואָס מען האָט אָנגעגרייט אויף שבת, זאָגנדיק:

— מיט גאָטס הילף, מיט גאָטס הילף, דו וועסט זיין א וואויל אינגל!

---

*) זאָגן דעם וואָרט פריער פאַמעלאַך פאַר זיך און דערנאָך ערשט אַרויסזאָגן.

ג.

# איך דערוויס זיך דעם טאַטנס אַ סוד

איך ווייס ניט, ווי עס זיינען די באַציאונגען פון פּאַטערס צו קינדער איצטער אין רוסלאַנד? דאָ, אין אמעריקע, זיינען די טאַטעס מער מחותנים מיט זייערע קליינוואַרג, דערהויפּט די יונגע און מער אַנטוויקלטע פּאַטערס. מען זעט זיי פירן די וועגעלאַך, זיי שפּאַצירן ארום מיט די קינדערלאַך אין די פּארקס, שפּילן זיך מיט זיי, שטיפן, לויפן ארום און מאכן זיך גאָר חבר־לאַפּ מיט זיי.

אָבער, אין מיינע צייטן, אין דער אַלטער היים, אין ליטע, ביי די פרומע אידן — וועלכער קליין קינד האָט געוואוסט עפּעס פון זיין טאַטען? אָדער וועלכע שייכות האָט א פרומער אידישער טאַטע געהאט צו זיין קליין קינד אין דעם באַגינען פון דאָס קינד'ס לעבן? ...

אין מיינע ערשטע קינדער־יאָרן, איז מיר מיין טאַטע לחלוטין פרעמד געווען, איך האָב אים, דאכט זיך, ניט געקענט אפילו. וואָרים, פון וואנען און ווי אזוי, האָב איך אים געזאָלט קענען? געזוינגן, ווי די מאַמע, האָט ער מיך דאָך ניט, און האָט ניט אריינגעקוקט מיט א ברייטן שמייכל, פול צוגאָסענער ליבשאפט מיר אין די אויגן בשעת מעשה; ער האָט ניט ארומגעשארט מיט ווייכע, צארטע פינגער איבער מיין קעפּל, ווי די מאַמע; האָט ניט געגלעט מיין איטלאַכן אבר, ניט געמאכט צו מיר אַלערליי תנועות און האַוואַיעס, האָט מיט די ליפּן ניט געשמוצערט, ניט געקיצלט מיך און ניט געזאָגט: קיך, קיך, קיך... פון וואָס איך האָב אזוי הנאה געהאט און גאָר אָנגעקוואָלן.

ניין, ביי זיין ברוסט, האָב איך זיס און זעטיק ניט איינ־געדרעמלט, מיט זיין ליב האָט ער מיך ניט געוואַרימט, ניט גע־טוליעט מיך צו זיך און ער האָט ניט געפילט דעם חיות, די דער־קוויקעניש, ווי די מאַמע.

און ווען איך בין אביסעלע עלטער געוואָרן, האָט ער מיך ניט געוויגט און צו מיר ניט געזונגען די גאָט־געבענשטע וויג־לידלאַך, וועלכע בלייבן אויף אייביק, ווי מיט א שטעמפּל איינגעקריצט און לאָזן איבער אזא טיפן איינדרוק אויף דעם גאַנצן צוקונפטיקן לעבן. קיינע שייניניקע מעשה׳לאַך האָט ער מיר אויך ניט דערציילט. פון רב מיט דער רבי׳צן, פון דעם בן־מלך מיט דער בת־מלכה, האָב איך ניט פון אים געהערט. ניט ער האָט מיך אָנגעטאָן און אויסגעטאָן; ניט ער האָט מיך געוואַשן און געצוואָגן, אָדער אָנבייסן געגעבן. ניט געשפּילט און ניט געשטיפט האָט ער מיט מיר, ניט אין באַהעלטעניש און ניט אין פערדלאַך; ביי זיין פאַרטוך האָב איך זיך ניט געהאַלטן, און א לעק, אַ גאַשערייַ עפּעס, האָב איך פון אים ניט געקראָגן. די אַלע זאכן און נאָך פיל מער האָט געגעבן און געטאָן די ליבע טייערע מאַמינקע, צו וועמען איך בין ממש צוגעקלעפּט געווען, צוגעוואַקסן, ווי איין גוף און איין נשמה און אָן וועמען איך האָב ניט געקאָנט אויסקומען א מינוט, אָדער א רגע.

אָבער דער טאַטע ?... וואָס האָב איך זיך אָנגעקערט מיט אים, אָדער, צו וואָס האָב איך אים אין גאַנצן געדאַרפט ? נאָר פון אָנהייב, איז ער מיר עפּעס אויסגעקומען גלאַט א מאָדנע בריאה — מיט א היטל, מיט אַ בריליק אויף׳ן קאָפּ, מיט א צורה פול מיט האָר... אפילו א קוש זיינער איז מיר ניט ניחא געווען — געקראַצט און צוביסן מיר דעם פּנים נאָר !... שפּעטער אביסל, האָב איך זיך צו אים אפילו צוגעוואוינט, אָט ווי, למשל, צו דער קאַץ אין שטוב, צו דער ציג מיט די ציגעלאַך, אָבער עס זאָל מיך ציען צו אים, בענקען נאָך אים — ניט אַ ברעקל. נאָר אדרבה, שטענדיק אַן אנגעכמורעטער, א צוטראָגענער, איז ער, אָדער געזעסן ביי א ספר, געגעסן, געטרונקען און געשלאָפן מיט א ספר, אָדער געאיילט

זיך, געלאָפן, געבייזערט זיך. ווי א בייזער פריץ איז ער מיר פאָרגעקומען, ווי עפּעס אן אָנשיקעניש, רק ער קאָמאַנדעוועט: דאָס, טאָר מען ניט; דאָס, טו ניט, ניטע! אויף אַלעמען שרייט דאָס און באַלעבאַטעוועט!

גאַנץ אָפט, האָב איך מיט אומגעדולט געציילט די מינוטן, געוואַרט אויף דער רגע, ווען ער וועט שוין אוועקגיין פון שטוב: עס וועט ווערן עפּעס גראַמער, פרייער, מען וועט קענען די הענט פאַנאַנדערפירן און טאָן וואָס דאָס האַרץ געלוסט!...

שפּעטער־צו זיינען מיר געוואָרן אפילו פריינדלאַכער, דער טאַטע פלעג׳ט מיך ארויפזעצן צו זיך אויף די קני, און אויפהויבנדיק און אראפּלאָזנדיק זי, האָט ער מיך אונטערגעהאָטשקעט, וואָס עס איז מיר גראד זייער געפעלן געווען. ער פלעגט אויך מיר אָננעמען פאַר דער שפּיץ מאָרדעטשקע און קלאַפּן מיינע ביידע שורות ציינדלאך איינע אָן די אנדערע, מאַכנדיק מיך לאַכן. אָבער דאָס האָט האָט זעלטן פּאַסירט, און פלעגט זיך גיך פאַרגעסן. ערשט דערנאָך, שוין פיל שפּעטער, ווען ער האָט מיך געטראָגן אויף די הענט, איינגעוויקלט אין א טלית, אין חדר אריין, האָט, אָנשטאָט דעם מלאך, געוואָרפן מיר זילבערנע גריווניקלאך און קאָפּיקענע צוקערקעס, האָט אָנגעזאָגט דעם רבי׳ן, ער זאָל מיך ניט טשעפּען, אפילו ניט שרייען אויף מיר, און בפירוש געהייסן אים, ער זאָל מיך לאָזן שפּילן זיך אין פערדלאך כיד המלך, — ערשט דאַמאָלסט האָבן מיר זיך צוג׳עלאָזט איינער צום אנדערן. איך האָב זיך אָנגעהויבן פילן מיט אים גאָר היימיש און איך בין באמת צופרידן געווען, וואָס איך האָב א טאַטן.

אָבער גאָר געפעלן פלעגט ער מיר ווערן שבת בייטאָג, נאָך דעם נאָך־וואַרמעסדיקן שלאָף. איך ווייס ניט עד היום, צי מחמת דעם גוטן שבת׳דיקן וואַרמעס און דעם אָפּרו דערנאָך, צי צוליב דער נשמה יתירה — דער שבת׳דיקער רוח הקדש וואָס עס האָט אויף אים גערוט. ער איז אָבער שבת געווען גאר אן אנדער מענטש! עפּעס אזוי צוגעלאָזט, אזוי אויפגעלייגט און גוט־האַרציק — פּשוט, אַ מחיה! פלעגט מיך אוועקזעצן אויפ׳ן שויס און אָנהייבן מיך

פאַרהערן, פרעגן וואָס איך האָב דורך דער וואָך געלערנט, קנייפּן מיך ליבלאַך אין בעקל, אַ קוש טאָן, אַ שפּיל טאָן זיך מיט מיר און דערנאָך אַ זאָג טאָן, מער צו זיך ווי צו מיר: „נו, גענוג זיך באַלעווען, גיי זונעלע, גיי שפּילן! ...״

בלייבנדיק אַליין, האָט ער זיך אוועקגעזעצט ביי אַ גרויסער גמרא, מיט אַ שטאַרק־רויטער גלאָז טיי ביי דער זייט און געשמאַק אוועקגעלערנט, אונטערזינגענדיק דעם זיסן גמרא ניגון, וועלכער איז מיר אַזוי געפעלן געווען.

אונז, קליינוואַרג, פלעגט די מאַמע אַרומקלייבן אַרום זיך, ערגעץ אין אַן אַנדער חדר, געבן אונז צו שטיקלאַך עפּל, הויפּנס באָב און אַרבעס, דערציילן אונז מעשות און פון צייט צו צייט פלעגט זי אַ טיפן זיפץ טאָן, וועלכער פלעגט פונקט אַריינפאַלן אין דעם טאָן פון דעם טאַטנ׳ס גמרא ניגון און מאַכן אים פולער, גאַנצער, אַקוראַט ווי דער העלפער ביים חזן.

— זוניעניו מיינער, ישראל׳קע — האָט די מאַמע מיר איינמאָל אין אַזאַ נאָכמיטאָג געזאָגט, — הלוואי, קינד מיינס, זאָלסטו אַזוי פיל קענען לערנען, ווי דיין טאַטע. ער איז דאָך אַ למדן, אַ מופלג... ער איז דאָך כמעט אַ צדיק! ...

דעם אמת׳ן באַדייט פון די ווערטער האָב איך ניט תופס געווען, אָבער אַ רושם, און אַ גאַנץ שטאַרקן, האָבן זיי אויף מיר געמאַכט. דערהויפּט די לעצטע, „כמעט אַ צדיק!״ מיין חבר׳ס אַן עלטערער ברודער, האָט אונז אַמאָל דערציילט, אַז עס זיינען פאַראַן ל״ו צדיקים און אַז אויף זיי שטייט די וועלט... איז מיין טאַטע פון יענע צדיקים? איך בין געוואָרן זייער געהייבן ביי זיך, פאַר דעם טאַטן געקראָגן גרויס אָבשיי און דרך־ארץ און טאַקע אַ ביסל מורא אויך. אַ צדיק! עפּעס אַ קלייניקייט, אַ צדיק?!

עס איז געווען איינמאָל, ביינאַכט, איך בין אַלט געווען אַריבער זעקס יאָר, בין שוין ניט געשלאָפן מיט דער מאַמען, נאָר אויף שטולן צופוסנס ביי איר. עס איז געווען גאַנץ שפּעט, זייער שפּעט. אין שטוב איז געווען פינסטער, ווי מיט אַ דיקער קאָלדרע אַלץ צוגעדעקט. עס איז געווען שטיל, אַזאַ שטילקייט, כאָטש טאַפּ זי אָן

מיט די הענט. אלע זיינען געשלאָפן געשמאַק, העט, העט, ווייט אריינגעפאָרן, ווי אין א געדיכטן וואלד. זייערע נשמות זיינען געוועזן זיכער אין הימל, און אפשר שוין אין זיבעטן — און זיי האָבן מיט זייערע אייגענע הענט פארשריבן זייערע מעשים פון דעם טאָג... נאָר מיך האָט זיך ניט געשלאָפן און עס איז מיר געווען זייער אומהיימלאך. איך האָב זיך געדרייט, געקערט פון איין זייט אויף דעם אנדערן, די שטולן האָבן געסקריפעט, געקרעכצעט און גערוקט זיך אהין און אהער. איך האָב געפרובירט אריבערציען דעם צודעק אריבער׳ן קאָפּ, אָדער אינגאנצן אים אראָפּוואַרפן פון זיך — עס העלפט ניט; עס שלאָפט זיך ניט! צי דאָס איז געווען פון גרויס שמחה, וואָס מיר האָט זיך איינגעגעבן אויסמאנצלען ביי דער מאַמען דריי קאָפּיקעס אויף דער מאָרגענדיקער סעודה אין חדר, אָדער אפשר גראד דערפאר, וואָס מיר איז דאָס זייער שווער אָנגעקומען — האָב גענוג זיך אָנגעוויינט, אָדער טאַקע צוליב ביידע זאכן אינאיינעם — הכלל, עס האָט זיך ניט געקענט אנשלאָפן ווערן... פאר מיינע אויגן שטייען קרומע, אויסגעדרייטע, זייער מיאוס׳ע פּנים׳ער, דער רבי שמייסט מיט׳ן קאַנטשיק מיינעם א חבר; רויטע, פייערדיקע קוילן פּלאָנטערן און פארפּלאָנטערן זיך, גיסן זיך צונויף אין אלערליי קאָלירן און פּלוצלינג ווערט דאָס גאר שווארץ ווי סאזשע. שלאנגען און עקדישן, יאשצערקעס זשיפּען מיט די ציינער און לאָזן ארויס א מאָדנע דוכאָטא — מיר איז זייער היים... איך לויף אוועק צום טייכל, שפּרינג אריין אין דער „באברולקע”, קיל זיך אָפּ, א מחיה, נאָר פריש געוואָרן. שפּרינגט ארויס א רוסאלקע מיט לאנגע צעפּ, דיקע ווי דער קאנאַט, מיט וועלכן מען שלעפּט ביי אונז דעם פּאראָם, שווארץ ווי פּעך, און זי הייבט אָן פאנאנדערפלעכטן די צעפּ, טאנצט, דרייט זיך אין א קאראהאָד, מאכט משונה׳דיקע הויות און ווינקט צו מיר, מיט די הענט ווינקט זי צו מיר און רופט צו זיך. א גאנצע כאליאסטרע שדים, מיט דינינקע עקלאך זיינען אָנגעלאָפן. א מחנה בת־לצנים קוליען זיך, ווארפן זיך, און מיט אמאל ווערן זיי גאָר שעפּסן און באראנען. איין לץ האָט זיך

פארשטעלט פאר א פיינעם אידן מיט א שיינער גרויער באָרד, מיט א ראצעמארענער זשילעט און אן אטלעסנער קאפּאָטע, זיך אוועק־געלייגט ביים שוועל פון „חדר". דער רבי וועקט אים, מינטערט אים, רייבט אים די שלייפן... און מיט אמאָל גיט יענער א פּאטש מיט די הענט, שטעלט אויס א צונג, אפשר א וואָירסט די לענג, לאכט זיך פאנאנדער, און ווערט ניט... דער רבי איז בלייך ווי קאלך, פארשעמט ווי אן אפגעשמיסענער אינגל, די ציינער קלאפן ביי אים פון קעלט, די אויגן אויסגעגלאָצט, אזש אָט פאלט ער אוועק. „רבי, רבי! — שריי איך צו אים — זאָגט גיכער שמע ישראל." ער פאָלגט און זאָגט מיט גרויס כונה „שמע ישראל — אחד!" איך טו זיך א טרייסל און כאפּ זיך אויף און זאָג אויך „שמע ישראל ה' אלהינו ה' אחד!" דער טאטע, הער איך, אויף דער בעט אנטקעגן, האָט א לאנגען גענעץ געטאָן, האָט זיך איבערגע־דרייט פון איין זייט אויף דעם אנדערן און א קרעכץ געטאָן.

מיר איז זייער פריילאך געוואָרן אויפ'ן הארצן. אלע בילדער זיינען אנטרונען געוואָרן. קיין פראך*) פון זיי ניט געבליבן. איך ליג רואיק, שטיל, אזוי ווי איך רו זיך אָפּ נאָך א שטארקער שווערער שפּיל. איך שטרענג אָן מיין חוש הריאה און וויל זען דעם טאטן, אָבער אומזיסט, עס איז שטארק פינסטער און שווארץ ארום און ארום. הייב איך זיך אָן צוצוהערן, און צו דעם האָב איך מער מזל: איך דערהער ווי דער טאטע שעפּטשעט עפּעס... און אָט גיסט ער אָפּ נעגל־וואסער. ער טוט דאָס אָבער אזוי שטיל, אזוי ווי ער וואָלט זיך וועלן באהאלטן, ווי ער וואָלט עפּעס גע'גנב'עט...

איך הער אָבער, ווי ער טוט זיך אָן, קריכט ארויס פּאמעלאך פון בעט און קוים, קוים, וואָס ער רירט זיך. גייט ארויס — און אין קיך אריין...

זייענדיק זיכער, אז אין שטוב זיינען ניטאָ ניט קיין גנבים און ניט קיין גזלנים און ניט קיין שדים, אָדער בת־לצנים, איז מיר געוואָרן גרינג און גוט אויפ'ן הארצן און איך האָב שוין אָנגעהויבן

*) קיין זכר, א שטויבעלע.

דרעמלען. פּלוצלינג דערהער איך עפּעס א פארשטיקטן קול פון קיך, א כליפּען און א געוויין... איך האָב דערקענט דעם טאַטנס קול — דער טאַטע כליפּעט און וויינט! לכתחילה בין איך מטושטש געווארן. האָב גאר ניט געוואוסט וואס צו טאָן. איך האָב בדעה געהאט אָנהייבן שרייען, וועקן דער מאַמען, די קינדער, מאַכן א טרעוואָגע*), אָבער כהרף עין, בין איך אינסטינקטיוו אראפּגעלאָפן פון בעט און האסטיק אריינגעשפּרונגען אין קיך — —

דער טאַטע איז געזעסן לעבן אויוון אויף א קליינינקען פוס־בענקעלע, צום אויוון איז געווען צוגעקלעפּט א וועקסענער סטאַ־טשיק**), וועלכער האָט קוים נאָר באלויכטן דעם ספר, וואָס דער טאַטע האָט געהאלטן הארט צום פּנים. אויפ'ן קאָפּ איז געווען אַש. ער האָט אויסגעקוקט בלייך און צובראָכן און — גיסט טייכן טרערן. איך בין ווי פארגליווערט געוואָרן אן געבליבן שטיין ווי א סטאַטוע, מיט אן אָפענעם מויל און פאנאנדערגעריסענע אויגן. מיר האָט זיך געדאכט, אז אָדער איך ווער משוגע, אָדער דער טאַטע. אָדער, אפשר איז דאָס די ארבעט פון די לצים ?.. בינתים האָט דער טאַטע אויף מיר א קוק געטאָן — און תוך כדי דבור בין איך צו אים צוגעלאָפן, ארומגעכאפּט אים ארום האלז, באשאָטן אים מיט קושן און וויינענדיק אָנגעהויבן בעטן זיך, פרעגנדיק, וואָס עס טוט אים ווי. „זע, טאַטעלע, ניט וויין, האָב איך געכליפּעט, טוליענדיק זיך צו זיין ברוסט, וואו, טאַטינקע, טוט דיר ווי, הא? אָט נאדיר מיינע דריי קאָפּיקעס, טאַטעלע, אבי וויין ניט!“

דעם טאַטנס שטארק פארוויינטער פּנים האָט זיך נאָר א קרים געטאָן אין א האלבן שמייכל, ער האָט מיך ארומגענומען, גענלעט, געהייסן שטיל זיין, חלילה קיינעם ניט אויפוועקן, האָט מיך פארזיכערט, אז ער איז געזונט און עס פעלט אים גאָר ניט. אי, וואָס־זשע וויינט ער? איז דאָס גאָר נישט. אלע אידן וויינען, זיי דארפן וויינען, און אז איך וועל אויסוואקסן, וועל איך אויך וויינען...

*) טומל, אויפרודערן.
**) זייער א דינינקע ליכטל.

ער האָט געערדט עפּעס פון אידישע צרות, פון דעם, וואס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן, פון דער שכינה אין גלות און האָט מיר צוגעלייגט נאָך עטלאכע קאָפּיקעס צו די דריי, האָט מיך אוועק־געפירט צוריק צו מיין געלעגער, מיך איינגעדעקט, א קוש געטאָן, און געזאגט:

— נו, זיי־זשע א וואוילער אינגל און דערצייל קיינעם קיינע מעשות ניט. אָט וועל איך זען, צי דו קענסט האלטן דעם טאטנס א סוד, אדרבה!

ווי ער איז נאָר ארוים צוריק אין קיך, האָב איך זיך גלייך צוגערוקט צו דער מאמען, אויפגעוועקט זי און אנטפּלעקט איר דעם סוד...

— איז דער טאטע טאקע פון די ל"ו־ניקעס? — האָב איך זי געפרעגט.

— איך ווייס ניט, מיין זונעלע, צי פון די ל"ו, צי ניט, אָבער, א למדן, א מופלג איז ער, אפשר טאַקע א צדיק אויך. איך ווייס? אפשר ביזטו גערעכט! שלאָף, שלאָף זונעלע. אָי, האר־ציקער פאָטער, הלואי אויף דיר געזאגט געוואָרן — האָט זי צוגע־געבן מיט א זיפץ און שטארק צוגעדריקט מיך צו זיך.

## ד.

# דעם טאטן טרעפן סיבות

**דער מנהג ביי אונז אין שטוב איז געווען — פרי אויפשטיין.** א גאַנצע וואָך זיינען אלע, א חוץ מיר, דעם חדר אינגל, אויפגע־שטאַנען גאַנץ פרי. דער טאטע — לערנען: נגלה — גמרא, פוסקים און מפורשים, אָדער נסתר — דעם תניא, לקוטי תורה, תורה אור. ער פלעגט ארומגיין, נאָכ׳ן לערנען, הין און צוריק און דבקה׳ן זיך, אונטערזינגען, קרעכצן, פראוון התבודדות פאר׳ן דאווענען. די עלטערע שוועסטער, א מיידל פון א יאָר אכצן, אויף וועמען עס איז חל געווען די שטוב־מלאכה, איז פרי אויפגעשטאַ־נען — מאכן פארטיק אָנבייסן און די אלע איבעריקע נויטיקע מלאכות... ווי די מאמע פלעגט זאָגן: „עס איז דאָך עפּעס א שטוב, קיין עין הרע, א געזינד, זאָל געזונט זיין — באַקן, קאָכן, א בהמה, א ציג. עס איז פאראן גענוג וואָס צו טאָן, הלואי ווייטער!״

די מאַמע אליין, די עקרת הבית, אויף וועמען עס איז אויס־געפאלן דער ביטערער גורל צו זאָרגן פאר פרנסה, איז אויפגע־שטאַנען פרי און האָט זיך גלייך גענומען וועקן די אנדערע צוויי שוועסטער, אירע ארויסהעלפערינס אין קראָם.

די מיידלאך האָבן געהאַט א טבע צו שלאָפן זייער געשמאַק און דער מאַמען פלעגט אָנקומען מיט צרות פאַנאַנדערוועקן זיי. זי פלעגט זיך בעטן ביי זיי, בייזערן זיך, שילטן שונאי ישראל... אָנהייבן וויינען. דער פארדרוס איז, מסתמא, געווען ניט אזוי וואָס די מיידלאך פאָלגן זי ניט אזוי גיך, ווי דאָס, וואָס איר, דער

מאַמען, קומט אוים שטערן די קינדער דעם שלאָף און צעשטערן זייערע זיסע מיידלשע חלומות... אבער אָט שפּרינגען די שוועסטער אראָפּ, טוען זיך האַסטיק אָן, כאַפּן אַ ביס, אַ זופּ טיי, און אַמאָל דאָס אויך ניט, כאַפּן אראָפּ די שליסלאַך און לויפן אין קראָם. אָבער שטענדיק אָנזאָגנדיק דער מאַמען, אַז זי האָט ניט וואָס צו איילען זיך. זי זאָל, למען השם פריער אָפּעסן און אָפּטרינקען. די מאַמע טוט אַ זיפץ — און לויפט זיי נאָך אין מאַרק אַריין.

שבת, אָבער, דער טאָג אויף וועלכן איטלאַכער פון אונז באַזונדער האָט געוואַרט צוליב זיינע באַזונדערע פּניות — דער טאַטע — צוליב קדושת היום, די מאַמע — צוליב דעם אָפּרו, די שוועסטער, כדי אביסל אויספּיינען זיך און באַווייזן זיך פאַר לייטן, און איך, צוליב פריי זיין פון חדר — אין דעם טאָג שבת, האָט מען זיך ביי אונז גוט, גוט אויסגעשלאָפן, טאַקע כיד המלך גע־שלאָפן...

לייגנדיק זיך באַלד נאָך וועטשערע, כדי צו פאַרכאַפּן אויסטאָן זיך נאָך פאַר די בענש־ליכט, האָט מען אַריינגעשלאָפן ביז אַ שטיק אין פרימאָרגן — אָן ערך אַ שעה דרייצן־פערצן! געשלאָפן שפּעט האָבן אַלע, אויך די דינסט, ווען אַזאַ איז געווען ביי אונז. דער טאַטע האָט אָנגעזאָגט, חוות ניט זיכער, מען זאָל זיך ניט דערוועקן שבת ווען די דינסט פריער, איידער מען שטייט אַליין אויף — למען ינוח עבדך ואמתך! דער טאַטע איז גראַד שבת אויפגעשטאַנען פריער ווי אַ גאַנצע וואָך. אַרום אַזייגער איינס שוין, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און אַ ביסל גענעצענדיק און אַ ביסל קרעכצענדיק, האָט ער זיך אויסגעטשוכעט און גענומען זאָגן „מודה אני".
געזאָגט האָט ער מיט גרוים כונה, איטלאַכן וואָרט באַזונדער, עטלאַכע מאָל איבערגע'חזר'ט און צעצויגן די ווערטער, ווי איינער, וואָס האָט מורא פאַר אויסגליטשן זיך היט זיך און קלייבט זיינע טריט. ער האָט געקוועטשט מיט חשק און טעם איטלאַכן וואָרט און, קענטיק, גרוים הנאה געהאַט פון זיי, אַקוראַט ווי איך, ווען איך פלעג אַריינקריגן עפּעס אַ נאַשעריי זאַך. איך פלעג דאָס עסן שטיקלאַכוויין, יעדן ברעקל פלעג איך לאַנג קייען און קנעטן אין

מויל און זשאַלעווען און היטן ער זאָל זיך ניט אראפּשלינגען — און ערשט דערנאָך לאנג, לאנג באַשמאַקעווען זיך.

אָפּגעגאָסן מיט דער צוויי־העגטלדיקער קופּערנער קוואָרט נעגל־וואַסער, אין אַ טאַזשיק, לעבן בעט, האָט דער טאַטע זיך אָנגעהויבן אָנטאָן. אבער דאָ פּלעגט אים אמאָל טרעפן אַ סיבה — אראפּלאָזנדיק אַ פוס, האָט ער פּונקט געטראָפן אין קאַלטן טאַזשיק און — אים איבערגעקערט...

מיט נאַסע פיס, פארנעצטע זאָקן און פאנטאלאָנעס איז ער מיט אַ שווער געמיט ארויסגעקראָכן ווי עס איז פון דער „פּאטאָפּע"*) און איז אריין אין דעם אנדער חדר, וואָס איז געווען זאַל, עס־ און שלאָף־צימער. ניט וועלנדיק אין אַזאַ צושטאַנד נעמען גאָטס וואָרט אין מויל, איז ער גאַנגען פריער אויסגעפינען ווי שפּעט עס איז, איז ארויפגעקראָכן אויף דעם טיש אָנטאַפּן די ווייזערס פון דעם וואנט זייגער, וועלכער האָט זיך אָנגעצויגן אויף שטריקלאָך און איז געהאנגען גאנץ הויך. און דאָ איז ער ווידער אַמאָל נכשל געוואָרן. פאַרלירנדיק דעם גלייכגעוויכט, איז ער, דער טאַטע, דער טיש, דער קרעדענץ געשיר וועלכער איז געבליבן אויפ'ן טיש פון נעכטיקער וועטשערע, די לייכטער און די שטול לעבן טיש — געפאַלן מיט אַ בראַזג און גרויס ליארעם...

— וואָס, האַ, אַ שרפה, וואו ברענט? ... אַ גנב? געכאַפּט אַ גנב, וואָס? — האָבן זיך דערהערט צושראָקענע קולות פון דער פּלוצלינג אויפגעוועקטער הויז־געזינד.

— ניין, ניין, עס איז גארנישט מיט גארנישט, — האָט דער טאַטע באַרואיקט דעם עולם. — די געפעס איז אראפּגעפאַלן פון טיש, אַ שיינע ריינע כפרה! שלאָפט, שלאָפט, עס איז ניטאָ קיין גנב און עס ברענט חלילה ערגעץ ניט. זייט רואיק און שלאָפט.

— האָסט זיך ניט אָפּגעשלאָגן? — האָט די מאַמע באַזאָרגט זיך נאָכגעפרעגט. קענטיק, אַז דורך לאנג־יאָריקער דערפאַרונג

---

*) אַ דערטרינקעניש.

האָט זי זיך אָנגעשטויסן, וואָס עס האָט באמת פּאסירט. — ביזט אודאי פון טיש אראפּגעפאלן, וואָס, ניין?

— נישקשה, נישקשה, חלילה, קיין בייז, א דאנק גאָט, מיט שרעק אָפּגעקומען. — ענטפערט דער טאַטע.

— נו, נו, אויב אזוי, טאָ זאָל דאָס זיין א סימן טוב, אז מיר וועלן אין גיכן אים ירצה השם ברעכן טעלער אויף אונזער רחל־לאה'ס תנאים, מיט מזל — לייגט צו די מאמע.

— הלואי, אמן! — ענטפערט דער טאַטע מיט דעם טראָפּ אויף דעם „אמן", און איז זייער צופרידן, הפּנים, וואָס דערמיט האָט זיך דער עסק געענדיקט.

די יונגוואַרג, דערוויילע — ווער עס האָט געקישנעט*) פון געלעכטער ביי זיך אין קישן, ווער עס האָט שטאַרק מתרעם געווען, וואָס עס איז איבערגעהאקט געוואָרן א טייערער זיסער חלום... און ווער עס האָט לכתחילה דערפון קיין וועזן ניט געמאכט, איבער־געדרייט זיך אויף דער אנדער זייט און ווייטער געשלאָפן.

גוט אויסגע'מוסר'ט דעם טאַטן האָט די מאמע ערשט שפּעטער ביי וואַרמעס.

— מישטיינס געזאָגט, אפילו שבת, וואָס אפילו דער רשע אין גיהנום רוט דאָך, קען מען זיך ביי אונז ניט אויסרוען, אפילו איין מאָל, פאר א גאַנצער וואָך, אויסשלאָפן זיך, לאָזט מען ניט. ממה נפשך, ווילסטו אליין ניט שלאָפן, טאָ לערן, ווער שטערט דיר דען, חלילה, אָבער וואָס שטערסטו דעם אנדערן? ...

דער טאַטע האָט זיך געמאכט כלא ידע, געשוויגן און געלייגט נאָסע האַנטיכער צו די אָפּגעשלאָגענע פּלעצער.

אָבער אז אַלץ איז אָפּגעלאָפן בשורה און קיין סיבות האָבן זיך מיט'ן טאַטן ניט געמאכט, איז ער ארומגעגאַנגען איבער'ן חדר און האָט געלערנט משניות אויסווייניק. ער האָט געלערנט שטיל, רואיק מיט דעם באקאַנטן גמרא ניגון, מיט דעם קוועטש אויף דעם „אלא, מוז איך דאָך זאָגן", מיט דעם אויסדרוק פון פארוואונ־

---

*) שטאַרק לאַכן פארשטיקטערהייט.

דערונג אויף דעם „בתמיה" און מיט אַלע אַנדערע קליפּערלאַך, ווי אַ איד אַ למדן, וואס איז גוט באַ'הבנ'ט אין זיין ענין.

דעם טאַטנס לערנען האָט קיינעם ניט געשטערט. אדרבה, עס האָט עפּעס אַזוי ווי געלאַסטשעט, געגלעט און פאַרוויגט. אַ קרעכץ, אַ זיפץ, אָדער אַ פּאָר אָפּגעהאַקטע ווערטער, וואָס האָבן זיך פון ציַיט צו ציַיט אַרויסגעריסן פון אַ שלאָפנדיקן, האָבן זיך אויסגע־מישט מיט דעם טאַטנס זיסן גמרא ניגון, האָבן זיך אין דער פינס־טער אָפּגעשלאָגן אָן די הייליקע ווערטער, צעשפּרייט זיך איבער דער שטילער רואיקייט און געמאַכט זי נאָך טיפער, אַנגענעמער און דעם שלאָף — געשמאַקער.

אָפּלערנענדיק אַ גוטע פּאָר שעה משניות, האָט ער זיך גענומען פאַר'ן תנ"ך. ער האָט ניט געלערנט דעם תנ"ך, ניט געזאָגט דעם תהלים — ער האָט דורך אויסגעקליבענע פּסוקים אַ נייע תפילה מחבר געווען! .. ער האָט זיין גאַנצן כח, האַרץ און נשמה, זיין עבר און עתיד, דעם גורל פון כלל ישראל און גלות השכינה אין דער תפילה אַריינגעוויקלט און האָט מיט אַן איבערמענטשלאַכער התלהבות, מיט אַ התלהבות פון התפשטות הגוף אויסגעגאָסן זיך אין איר!

אָנגעהויבן מיט דעם פּסוק פון ירמיהו: „כי פנו אלי ערף ולא פנים ובעת רעתם יאמרו קומה והשיענו", שניידט ער אָפּ דעם אָנהייב — כי פנו אלי, חזר'ט איבער די דריי ווערטער אָן אַ שיעור, זינגט זיך פאַנאַנדער מיט אַ חסידות־דבקה־ניגון: אי, אי, אי, כי פנו, כי פנו אלללי, אלי, אלי, אלללי! באַמקעט אונטער, קנאַקט מיט די צוויי פינגער, קומט אַריין אין אַן עקסטאַז און זינגט אויס: אַך, רבונו של עולם, זאָגסט דאָך אליין: כי פנו אלי, כי פנו אלי!! נו, איז ערף ולא פנים, אָבער פּאָרט דאָך כי פנו אלי! והא ראיה, האַרציקער פּאָטער, אַז ובעת רעתם יאמרו קומה והושענו, קומה, קומה, קומה, והושענו, קומה והושענו! די לעצטע ווערטער רעדט ער אויס מיט אַזאַ געבעט, פול מיט צער און יאוש, אַזש ער פאַר־נייט זיך פון געוויין... און אַזוי איז אויך געווען מיט דעם פּסוק:

„בפיו ובשפתיו כבדוני ולבו רחק ממנו". ער צופּיעסטשעט זיך ביי דעם רבונו של עולם מיט דעם בפיו ובשפתיו כבדונו, קוועטשט שטאַרק און חזר'ט איבער דעם כבדוני, איבערהויפּט די „ני" אין דעם כבדונו און מאַכט אוועק מיט דער האַנט דעם „ולבו רחק ממנו", ווי ניט אַ וויכטיקע זאַך.

די זעלביקע זאַך טוט ער מיט דעם „ותהי יראתם אותי מצות אנשים מלומדה". אַי, ליבער פאָטער, — זינגט ער זיך פאַנאַנדער, — כאָטש עס שטייט אין פּסוק: ותהי יראתם אותי מצות אנשים מלומדה, מצות אנשים מלומדה, אמת, טאַקע, בעוניתינו הרבים, מצות אנשים מלומדה, אָבער פּאַרט שטייט דאָך: ותהי יראתם אותי, אותי, אותי, ותהי יראתם אותי!

אָבער אָט גיט ער אַ כאַפּ אַ פּסוק פון מיכה: „ילך איש בשם אלהיו ואנחנו נלך בשם ה' אלהנו", און ער ווערט גאָר מלא חדוה, אַ נייַ־געבאָרענער ווערט ער! זיין ניגון גיט זיך אַ דריי איבער, עס ווערט פריילאַך, לעבעדיק, פול מיט הנאה, מיט גדלות אין נצחון!... דערנאָך קומען שוין אַנדערע אַזעלכע פּסוקים: „„לכו ונלכה אל בית יעקב ויורנו מדרכיו" — „דברו על לב ירושלים וקראו אליה כי מלאה צבאה, כי נרצה עונה" אדער גאָר דער קאַפּיטל תהלים „ברכי נפשי" און ער ווערט ביי זיך אַ תקיף, מאָדנע געהויבן, קלאַפּט צו אין טאַקט מיט דער רעכטער פוס, פּאַטשט מיט די הענט, ער איז מלא שמחה, מער ווי ער וואָלט דעם גרויסן געווינס געוואונען!...

קומענדיק שפּעטער פון מקוה, אָנגעלאָדן מיט אַלערליי נייס, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט, איבערהויפּט פּאָליטישע נייס — זאָגט ער די ברכות, קטורת און קריאת שמע. פאַרטיק געוואָרן מיט אַלע זיבן זאַכן, חוץ איינער, מיט וועלכער אַ איד מוז פאַרטיק ווערן פאַר'ן דאַוונען... הייבט אָן דער טאַטע שלעפּן דעם ליאַק פון אויוון, כדי צו קריגן אַ הייסע גלעזל וואַסער, וועלכע איז אים זייער נויטיק... און דאָ ווערט ער ווידער אַמאָל נכשל. עס טרעפט זיך ווידער אַ סיבה: דער ליאַק איז אַ קופּערנער, אַ שווערער, לאָזט

זיך אויף דער ווילקע*) ניט הייבן און דער טאַטע מוז אים שלעפן בּיסלאַכווייז ביי די זייטן, דעם ליאַק, הפּנים, געפעלט ניט אַזאַ קבלת פּנים, רוקט ער זיך אָן חשק און שטעלט זיך אָפּ אַלע ווײַלע. דער טאַטע, וועלכער דאַרף די וואַסער זייער נויטיק, ווערט ברוגז און גיט אַ שלעפּ דעם ליאַק מיט אימפּעט און... דער ליאַק פאַלט. צעבּרעכט דעם טשאָלנט טאָפּ, קערט איבער די מילך, דעם קוגל און מאַכט אָן אַ תּל... אַש און בלאָטע ווערט פון דעם גאַנצן שבּת'דיקן וואַרמעס און פון אונזער, קליינוואַרגס, האָפענונגען צו עסן אַ גוטע סעודה, אויף וואָס מיר האָבן אויסגעקוקט די אויגן אַ גאַנצע וואָך...

נאָך אַזאַ סיבּה, איז דער טאַטע אַרומגעגאַנגען דעם גאַנצן שבּת אַ צעבּראָכענער, אַ דערשלאָגענער, אַן אמת אומגליקלאַכער! עפּעס אַ שפּאַס, פאַרשטערן דעם שבּת פון אַ גאַנצער הויז־געזינד! עס האָט ניט געהאָלפן, וואָס מיר, יונגוואַרג, האָבן בּכיון געשפּאַסט, געמאַכט חוזק פון דעם גאַנצן עסק, כּדי אים אַביסל גרינגער מאַכן אויפ'ן האַרצן. ניין, ער האָט גוט פאַרשטאַנען אונזער כוונה און עס האָט אים נאָך מער פאַרדראָסן. ווער שמועסט, אַז גראַד יענעם שבּת, האָט מען אָפּגעלאָזן אונזער יון און ער איז געקומען וואַרמעס עסן! דער טאַטע האָט זיך געדרייט אַרום אים, געקרעכצט, געפילט ווי אַ פאַרזינדיקטער, האָט אים אָפּגעגעבן די גאַנצע חלה, געשלעפּט פון וואַנען ער האָט נאָר געקאָנט, עסנוואַרג, אַלץ צום יון, געבעטן אים מחילה: „עס האָט אַן אומגליק געטראָפן, אַ שטן מקטרג, גאָט זאָל רחמנות האָבן און ניט שטראָפן אים פאַר דעם חטא, וואָס ער, בּידים, האָט גורם געווען צעשטערן דעם עונג שבּת פון אַ גאַנצער פאַמיליע און אים דעם יון — אַזאַ אורח הגון. טאַ, טאַ, אַ, נו, נו, גאָט זאָל שומר ומציל זיין!...״

אַ לאַנגע צייט נאָך דעם האָט דער טאַטע שוין געווייכט פון ליאַק, אָבער גאָר שפּעטער, אַז אַלע און ער אויך, האָבן אויף אַלץ

---

*) אַ לאַנגער שטעקן, ווי אַ גרויסער גאָפּל צום סוף, מיט וועלכן מען פלעגט שלעפּן טעפּ פון די אויוונס.

פאַרגעסן, האָט ווידער דער יצר הרע פון דער נויטיגער ביסל וואסער גובר געווען — ער האָט ווידער געפּרובירט — און ווידער אַמאָל מיט די זעלביקע רעזולטאַטן... אינגאַנצן פּטור ווערן פון די הונגע־ריקע שבתים זיינען מיר געוואָרן ערשט שפּעטער, ווען אונזערע מיידלאך זיינען אונטערגעוואַקסן און האָבן ניט דערלאָזט מער דעם טאַטן צו אַזעלכע נסיונות...

אין די זאַטע שבתים, פלעגט דער טאַטע קומען פון שול זייער גוט אויפגעלייגט, אָפּגעגעבן אַ פריילאַכן כפול׳דיקן „גוט שבת, גוט שבת", מאַכן אַ פיינעם קידוש און כמעט שטענדיק אָפּגעבן מיר אַ שטיק פון זיין חלק געטריקענטן קאַרענעם לעקאַך. האַלטנ־דיק מיך פאַר דער שפּיץ מאָרדעטשקע, פלעגט ער מיך פרעגן, וואָס איך האָב די וואָך געלערנט, פלעגט מיך בכיון פרעגן עפּעס אַ קשיה, צופרידן זיין פון מיין תירוץ, און נאָך מער איז ער געווען צופרידן, ווען איך האָב געפרעגט קשיות. הכלל, עס איז געווען ששון ושמחה! ביים וואַרמעס, אָפּזאָגנדיק מיט אַ ספּעציעלן ניגון „אסדר לסעודתא" (וואָרים זייענדיק אַ ליבאַוועטשער חסיד האָט ער פון פיל זמירות ניט געהאַלטן), האָט ער צווישן די געריכטן דערציילט אונז זייער שיינע מעשה׳לאַך. מעשות פון גאָט חסדים און וואונדער. ער האָט דערציילט די שיינע מעשות פון אגדתא — רבי בר חנא׳ס מעשות, עפּעס אַ טשיקאַווע זאַך פון אַ מדרש, אָבער די מערסטע און שענסטע מעשות זיינע זיינען געווען פון תנ"ך. ער האָט זיי אונז גוט מסביר געווען, צעקייט פּשוט און אַריינגעלייגט אין מויל. די מאַמע האָט געגלאָצט מיט די אויגן אַלע ווײַלע געהויבן זיי צום באַלקן, און זיך נחת׳דיק אָפּזעזיפצט. ער אַליין, דער טאַטע, האָט גאָר אַנגעקוואָלן, האָט זיך גאָר אָפּגעלעבט, און אַריינגעלעבט זיך אין דער מעשה, פּונקט ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען און ער איז דערביי אַליין גע־שטאַנען. אויף אונז, קינדער, האָבן די מעשות איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם. איך בין ניט זיכער, אויב מיר האָבן זיי גוט פאַר־שטאַנען, אָבער די רייד אַליין, דער מאָדנער גוטער אויסדרוק אויף דעם טאַטנס פּנים, די זיסקייט פון זיין קול, די ווייכקייט פון זיינע

בלישצענדיקע קלוגע אויגן, האָבן דערוואַרעמט אונזערע הערצלאך און פאַרשאַפט אונז גרוים הנאה — עס איז געווען א שבת שכלו עונג! עד היום שטייען אָט די דאָזיקע שבתים ווי לייכט־טורעמס פאַר מיינע אויגן און אין שטורעמדיקע, באַטריבטע צייטן רוט זיך אויף זיי אָפּ מיין געמיט.. זיי שיינען אַרוים מיט דער ריינער, שיינער ליכטיקייט פון מיינע גליקלאַכע קינדער־יאָרן!

ח.

# דער ברעג

זונטאָג, אדער אזוי א חגא, א מארק־טאָג, אָדער ווי די מאמע פלעגט דאָס רופן — „קראסנע טאָרג" — האָט זיך ביי אונז דער גאנצער סדר היום איבערגעקערט. די ערשטע איז אויפגעשטאַנען די מאמע, און כהרף עין, האָט זי די גאנצע הויז געזינד אויף די פיס אויפגעהויבן. „גיכער, גיכער, וואָס מארודיעט*) איר דאָרטן?" — האָט זי אונטערגעטריבן שטרענג די מיידלאך, און יענע, פארשטייענדיק די ערנסטקייט פון טאָג, האָבן זיך גאָר ניט געלאָזן לאנג בעטן. ניט טויט, ניט לעבעדיק, אראָפּגעשפּרונגען און אין גרויס איילעניש, לויפעניש, פלאָנטערנדיק זיך, זוכנדיק א זאָק, א שוך, קוים עפּעס ארויפגעשלעפּט אויף זיך און געלאָזט זיך לויפן. וואָס מיר עסן, טרינקען, ווער קען דען טראכטן גאָר פון אזעלכע זאכן? אפילו אָנטאָן זיך ניט אוספּעיעט — די מאמע, אויף איין האנט ארויפגעשלעפּט די קורטקע, איז ארויסגעלאָפן פון שטוב, ווי פון א פייער, חלילה. די מיידלאך, פלעגן ערשט לויפנדיק פאר־פלעכטן די צעפּלאך, אָדער צובינדן די שיך־בענדלאך. עפּעס א קלייניקייט, מען דארף דאָך לויפן צום ברעג! צום ברעג, צום ברעג. „חלילה דעם ברעג ניט פארשפּעטיקן, — פלעגט שרייען די מאמע מיט פארצווייפלונג, — גיכער, קינדערלאך, גיכער, לויפט גלייך צום ברעג! איר הערט? צום ברעג!"

פון שנים קדמניות, נאָך פון גאר אלטע, אלטע צייטן איז ביי

*) לאַנגזאַם, קוים גערירט זיך.

אונז, אַן ערך אַ צוויי וויאָרסט פון שטאָט, געווען אַ קרעפּאָסט*).
די געביידעס זיינען געווען אַלטע, די דעכער באַוואַקסן מיט מאָך
און די ווענט — מיט שימל. דער קרעפּאָסט איז געשטאַנען אַזוי־
ווי אַן אָנגעכמורעטער און פול מיט סודות...

ביי אונז, חדר אינגלאַך, האָבן די וואונדער מעשות וועגן דעם
קרעפּאָסט זיך גאָר ניט אויסגענומען. ווער רעדט אין די ווינטער־
דיקע בין־השמשות'ן, ווען דער רבי איז אַוועק אין שול צו מנחה
און מעריב, איז די גערעטעניש אויף די ספורי נפלאות פון דעם
קרעפּאָסט געווען זייער גרוים! מען האָט זיך דערציילט, אַז די
בערג און וואַלען זיינען באמת גאָר פון קריסטאַל און פּערל מוטער,
נאָר מען האָט זיי בכיון באַשאָטן מיט ערד, כדי אָפּצונאַרן דעם
שונא.. .אַז ביי אונז אין קרעפּאָסט זיינען פאַראַן היילן אָנגע־
פּאַקטע מיט גאָלד און זילבער; אַז עס זיינען דאָרטן באַהאַלטן
אַזעלכע האַרמאַטן און גראַנאַטן, וואָס בעת מלחמה שלעפּט מען
זיי אַרויס און זיי שיסן פאַר טויזנט וואָירסט אודאי און טרעפן
פּונקט אין ציל־ברעט — אין דעם פּיינט! איין אינגל האָט גע־
שוואָרן, אַז זיין באָבע אַליין האָט אים דערציילט, אַז אין דער
רויטער באַשניע**), וואָס איז פון אַלטקייט שוואַרץ געוואָרן, און
וואָס שטייט האַרט ביים טייך, זיינען פאַרבאָרגן אַ מנין מכשפים,
און ווען דער שונא קומט, רופן אַרויס די מכשפים די ניט־גוטע,
און עס ווערט אַ גאַנצע חאַשינקע... אַלע אין חדר האָבן מסכים
געווען, אַז דער שר אין הימל פון אונזער קייסער איז דער גרעסטער
מאַדים און ער איז טאַקע אַ מקורב צו דעם רבונו של עולם. אַז
אונזער מלוכה איז די גרעסטע, שטאַרקסטע, קליגסטע און רייכסטע
אין דער גאַנצער וועלט, און אַז אונזער קרעפּאָסט איז דער
חשוב'סטער פון אַלע אין אונזער מדינה! חלוקי דעות זיינען פאָר־
געקומען נאָר וועגן דעם „פשט" פון די טיפע און ברייטע טאָלן,
וואָס געפינען זיך צווישן די בערג, און וועגן דער באַדייטונג פון

*) פעסטונג.
**) אַרסענאַל.

די בריקלאַך, וואָס הענגען איבער זיי ווי תולה ארץ על בלימה. איין כתה האָט גע׳דרשנ׳ט, אַ גראַד אָט אין די טאָלן ליגט די גאַנצע חכמה פון פאָניע־גנב — אַז ווי נאָר דער שונא באַווייזט זיך, לאָזט מען אין די טאָלן אריין די גאַנצע טייך און מען דער־טרינקט זיי ביז איינעם, ווי אין פסוק שטייט — לא תחיה כל נשמה, און אַז אויף די בריקלאַך שטייען אונזערע נאַטשאַלניקעס און קאָמענדעוועס. די אַנדער כתה האָט גע׳טענה׳ט: לא כי, ניט אַזוי, נאָר עס איז פשוטו כמשמעו, מען כאַפּט קודם כל צו די בריקלאַך, און אַז דער שונא וויל פון די טאָלן ארויפדראַפּען זיך אויף די בערג, לאָזט מען אים אראָפּ די שווערע בערווענעס און מען צעקוועטשט אים עד חרמה!

מען איז נעגאַנגען צום רבי׳ן אויף אַ דין־תורה. גלעטנדיק די באָרד בהרחבה, אָדער פאַרגרייזלענדיק אַ פאה, האָט ער קודם כל אונז אויסגע׳מוסר׳ט, פאַר וואָס מיר באַלעווען זיך, זיינען פאַרנומען מיט דברים בטלים, און דערנאָך האָט ער געמאַכט אַ פשרה, ד. ה., אַז גרויסע שוטים זיינעןביידע צדדים, וואָרום קיין ראיות ברורות איז ניטאָ, הן אַזוי, צי פאַרקערט, פונדעסטוועגן איז זיין סברה מחייב, אַז די ערשטע כתה איז מער גערעכט, וואָרום והא ראיה — די טייך! די טייך מאַי עבידתא? — זאָל דאָס אַנדערש זיין — האָט ער מיט׳ן פינגער געדרונגען — טאָ צוליב וואָס האָט מען געבויט דעם קרעפּאָסט דוקא לעבן טייך, האַ? אלא, מוז איך דאָך זאָגן, אַז טאַקע דער עיקר איז די טייך...

אונזער טייך, בעראָזאַ, איז געלעגן שטיל, רואיק, ווי אַ גרויסער אויסגעשפּרייטער שפּיגל. דער קרעפּאָסט האָט זיך אין איר פאַוואָלינקע און בהדרגה געטונקט, פרום גע׳טובל׳ט, נאָר מיט׳ן קאָפּ אראָפּ. קיין איבעריקע רוגזא האָט ביי אונז די „בעראָזאַ״ קיין מאָל ניט באַוויזן. אפילו אין אָסיען, אָדער וועסנע, ווען די קריעס*) זיינען געדיכט, שטויסן זיך און קריכן ממש איינע די אַנדערע אויף די קעפּ, האָט זי אויך קיין גרויסע מחזקות

*) גרויסע שטיקער אייז.

ניט געמאכט. העכסטנס — האט זי די שפאלעס*) לעבן פאראם**) א ביסל צעטרייסלט, אנגעריבן זיי די זייטן, אבער מער גאר נישט — קיין גרויסער היזק איז ניט געווען דערפון. א ראטע סאלדאטן, זינגענדיק: „העי דובינושקא אוכניעם"***), און שלעפנדיק א גרויסע שווערע באבע§) ארויף און אראפ, האבן אין א פאר חדשים צייט פארריכט דעם שאדן... דאס רוב האט אונזער טייך געדרעמלט, נאר אזוי זיך, צוליב צייט־פארטרייב, האט זי שפילנדיק אונטערגעפאטשט צו־ביסלאך דעם פונדאמענט פון דער שווארצער באשניע, וואס איז געשטאנען ביי איר אויפ'ן סאמען נאקן. זי פלעגט אפילו אמאל א לאז טאן זיך מיט אימפעט, כלומרשט אין כעס אויף דער באשניע, אבער האט באלד חרטה געקראגן און מישב'דיק זיין זיך, פאמעלאך און פויל אומגעקערט זיך צוריק. אפילו די בלעזלאך, וואס זי האט געמאכט, איז קענטיק געווען נאר אן חשק. אט, אבי נאר פון יוצא וועגן — דערעסן האט איר, הפנים, שטענדיק איינע און די זעלביקע מלאכה!

דער סאלדאטשיק, וועלכער, איין גאט ווייס, צוליב וואס און פאר וועמען ער האט דא ארומגעשפאנט אויף „קאראאול"‡), האט פון לאנגווייליקייט געציילט די בלעזלאך — געגענעצט און געציילט, געציילט און געשפייט דעם טייך אין פנים אריין — און זי — ווי ניט איר מיינט מען דאס!

מיר, חדר אינגלאך, האבן זייער ליב געהאט אונזער טייך. א חוץ אלע אנדערע מעלות, האט זי ביי אונז שטארק אויסגענומען נאך דערפאר, וואס זי האט קיין „טאפעלניק"‡‡) ביי אונז ניט געפאדערט. זי האט ניט געבושעוועט, פאר די פאלעס ניט געריסן און ניט ארייגעשלעפט קיין קרבן!...

---

*) א צאם פון דיקע סלופעס.

**) דער איבערפאר.

***) רוסישע לידל.

§) א שווערע הילצערנע וואג.

‡) שמירה.

‡‡) א דערטרונקענעם.

מיר פלעגן זייער גערן לויפן צו איר, זומער — באָדן זיך מיט'ן רבי'ן, און ווינטער — גליטשן זיך — חס וחלילה, דער רבי זאָל ניט וויסן!...

געבאָדן האָבן מיר זיך, אמת, ביים סאמע ברעג, וואו די וואסער האָט אונז דערגרייכט ביז די קני און דעם רבי'ן — צו די קנעכלאך, הלואי, אָבער הנאה האָבן מיר געהאַט גענוג. מיר האָבן זיך געפּליאשקעט, געשפּריצט איינער דעם אנדערן, געגראָבן קאנאַוועס ביים ברעג און צוגעפירט זיי צום וואסער; אַראָפּ־געכאַפּט אַ היטל און געלאָזט זי שווימען. הכלל, עס איז געווען ליהודים!

דער רבי, וואָס איז געזעסן כמעט אַ טרוקענער און אכטונג געגעבן אויף אונז, האָט אָנגעהויבן טרייבן אונז אָנטאָן זיך, אָבער — ביי איינעם האָט כלומרשט געפעלט דער שפּאנציריק, ביי אַן אנדערן — די העמדל, און ווער עס האָט דעם גאַנצן פּעקעלע זאכן פארלאָרן. די אַלע בגדים'לאך האָבן זיך אָבער באַלד אָפּ־געפונען, אַזוי גיך ווי דער רבי האָט געזאָגט, אַז ער גייט אַליין זיך אביסל באָדן. מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט געקענט גענוג אָנ־חדוש'ן פון דעם רבינ'ס גאונות — וועלכע ער האָט אפילו אין באָדן זיך באַוויזן; זיינע קונצן און בריה'שקייט זיינען געווען גוואַלדאָוונע! — אָט לייגט ער זיך אויפ'ן וואסער ווי אַ ברעט — כלומרשט שלאָפן, און אָט קוליעט ער זיך גאָר איבער! אָט נייט ער טריט וואסער, לייגט קלאַפּטער*), און אָט איז ער גאָר ניט געוואָרן... מיר שטייען אַ ביסל צושראָקן און אַ ביסל פריילאך, אַליין ניט וויסנדיק, וואָס וואָלט גלייכער געווען: אפשר גאָר פּטור ווערן פון דעם רבי'ן, מיט דעם חדר?... מיט אמאָל שווימט ער ארויס גאָר פון אַן אנדער זייט, גאָר אומגעריכט! עס ווערט אַ גדולה, אַ שמחה, מיר שרייען, פּאַטשן מיט די הענטלאך מיט גרויס התפעלות און דער עיקר מיט אַ היבש ביסל באַהאַלטענער חניפה צום רבי'ן. דער רבי קוועלט גאָר אָן פון נחת, ווערט גוט

*) אַזאַ מאָס פאַר ערד, האָלץ וכדומה; אַ פאָרמע פון שווימען.

צו אונז, שרייט ניט און בייזערט זיך ניט מער דעם גאנצן טאג!
די טייך איז ניט איינמאל אונז, חברה'ניקעס, בייגעשטאנען אין
א נויט און געווען פאר אונז א גאנצע טרייסט!

אבער אויך די דערוואקסענע האבן פון דער טייך פיל הנאה
געהאט, דערהויפט ערב שבת. ארקע דער קורצינקער האט זיך
באוויזן מיט זיין קליינינקער קליאטשקעלע און מיט א גרויסער
פאס טייך־וואסער. די באלעבאסטעם האבן געשלעפט ארקע'ן יעדע
צו זיך, געפרואווט אפילו רופן אים ר' ארקע, און ווען ניט ווען,
אפילו א זעקסער צוגעווארפן!

— דער טיי פון טייך־וואסער האט גאר אן אנדער טעם, —
פלעגט זאגן דער טאטע. — פשש, ציט אזוי גרינג, גאר אן אנטיק.
לכבוד שבת דארף מען טייך־וואסער!

אבער אריבערגיין אט די גוטע שטילע טייך האט מען גע־
מוזט דורך א פאראם. א פאראם, וועלכן די פאסאזשירן האבן
אליין געמוזט שלעפן דורך אן אנגעצויגענעם קאנאט.

אונזערע פויערים זיינען געווען אפילו גאנץ ברוגז אויף דעם
פאראם. זיי פלעגט גאנץ אפט אויסקומען אפוואלגערן זיך ארום
אים האלבע און גאנצע טעג. פארמארען די פערדלאך זייערע,
אליין ליידן הונגער, קעלט, רעגן און סליאקאטעם*), אבער קיין
אנדער מיטל האבן זיי ניט אויסגעפונען. דער פאראם איז געווען
דער איינציקער מיטל דורך וועלכן מען האט געקענט צוקומען
צום ברעג.

און אט צו דעם דאזיקן ברעג האט זיך דאס אזוי געאיילט
מיין מאמע און אהין האט זי עס געטריבן מיינע שוועסטער.

גאר די ערשטע צום ברעג, גאנץ פרי צו ותיקין, זיינען גע־
לאפן די קרעמערקעס — ווייבער. די מאנסביל — צוליב דעם
דאווענען, תפילין לייגן און ניט עובר קריאת שמע זיין, זיינען
געקומען שפעטער. און טאמער האט זיך געפונען א „סמעליאק",
א יונגערמאן וואס האט געהאלטן מער פון קמח ווי פון תורה און

*) רעגן געמישט מיט שניי, האגל און קעלט.

האָט שוין גע'פועל'ט ביי זיך צו פאַרבויגן אַלץ מיט אַנאַנדער, אַבי אַ קאַפּיקע צו פאַרדינען, האָבן אים די ווייבער רודף געווען, דערגאַנגגען ממש די יאָרן, ניט דערלאָזן בשום אופן ניט צו קיין ברעקל מסחר; אַלע ווײַלע דערמאָנט, אַז ער איז „אייפּער קריסטמע" (עובר קריאת שמע), געזידלט, געשאָלטן, ביז זיי האָבן אים פאַרטריבן. אמת, עס האָט זיך געפונען אַמאָל אַ דורכגע־טריבענער חברה־מאַן, וואָס איז אַריבערגעפאָרן מיט דעם פּאַראָם אויף דער אַנדער זייט ברעג, אַוועק העט־ווייט, אַזש ביז דער גרינער קרעטשמע, און אויף אַזאַ אופן האָט ער אַ די ווייבער אויסגעמיטן, אי געכאַפּט אַ גאַר־גאָר פעטן ביסן...

אָבער, וויפיל זיינען געווען אַזעלכע און ווען האָט דאָס גע־טראָפן? וועלכער איד ועט דאָס, אָט אַזוי גרינג, אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם דאווגען?... היינט טאָמער דערוויסט מען זיך, חלילה! מען וועט דאָך אים פאַרשטיינען! ניין, ניט פילע האָבן געריזיקירט, און דאַריבער האָבן אין דעם גרויען פריענדיקן מאָרגן די ווייבער געוועלטיקט איבער דעם ברעג, — מיט זייער אייגענער ווייבערשער פירונג, מיט זייערע כּלים און זייערע גע־זעצן.

אָט פאָרט אַ גוי. — די ווייבער טוען זיך אַ שאָט צו אים. זיי קוקן, זוכן, טאַפּן אין וואָגן און אין יעדן ווינקל זיינעם.

— וואָס האָסטו, באַלעבאָסעלע, עפּעס צו פאַרקויפן, האַ? — פרעגט אַ אידענע.

אָבער פּלוצלינג דערקענט אַן אַנדער אידענע, אַז דאָס איז איר גוי. זי רופט אים אָן ביים נאָמען, פרעגט זיך נאָך, וואָס מאַכט זיין ווייב אַוודאָטיאַ.

— אַך, אַ וואוילע באַלעבאָסטע, כ'לעבן! נו, נו, אָט אַ וואוילער, אָנגעלייגטער גאַסט! שוין טאָקע גאַנץ לאַנג דיך גאָר ניט געזען. וואָס־זשע מאַכסטו? — וואַרט זשע אַ ווײַלעטשקע... איך קען דאָך ניט אַרויפכאַפּן זיך אויפ'ן וואָגן, ווי אַ מאַנסביל... טפּררו, טפּררר.... — און זי קריכט ווי עס איז אַרויף אויפ'ן וואָגן.

דעם פויער האט דער אידענע'ס ברוך־הבא אפילו ניט גוט געשמעקט, ווארים ער איז איר געווען א בעל־חוב, פאר זאלץ און טאראנעס, און ער האט גאר בדעה ניט געהאט היינט צו באצאלן. ער האט אבער ניט געקענט מעיז זיין און איז מרוצה געווארי פארן מיט דער אידענע — צו איר אין קראם. די איבעריקע ווייבער, אויספאלגנדיק די דינים און כללים פון ברעג, טרעטן אפ פון וואגן, באטן ניט אן קיין הויכע מקחים און לאזן איבער די אידענע מיט איר גוי.

— מסתמא אזוי באשערט! איר מזל! אז דער אויבערשטער וויל, דארף מען דען חכמה? — האבן זיי זיך אליין געטרייסט.

אבער ניט שטענדיק האבן די ווייבער אפגעהיט די ברעג־דינים. דער יצר־הרע צו דעם גוי'ס סחורת איז געווען אפטמאל צו גרויס און זיי האבן ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון... עטלאבע ווייבער טשעפן זיך אן אן דעם גוי, לויפן נאך דעם וואגן, שרייען און שילטן. איין אידענע אין די מיטעלע יארן, זעענדיק, הפנים, אז קיין מסחר וועט זי שוין מיט דעם גוי ניט מאכן, הויבט אן פון פארדרוס שילטן און זידלען דער אנדערער, דער גליקלאכערער. און דא ברענט זיך פאנאנדער די בארימטע ברעג־קריגעריי...

— אי, רבונו של עולם, הארציקער פאטער, אז דו זאלסט רחמנות האבן און עפעס ארויפשיקן א מגפה, א חאליערע אויף דער מרשעת איינער, אז עס זאל פון איר קיין סארע און פאלע (שריד ופליט) ניט בלייבן, אז עס זאל אויסקייקלען איר גאנצער ברוד, אירע טריפ'ניאקעס, די ממזרים! האסט געהערט א ביסל? אנגעטשעפעט זיך ווי א קלעק — טשעפן זאל זי דער מלאך המות — רייסט ארויף די פרייזן — רייסן זאלן איר די באק ציינער — פאר וואס, פאר ווען? איך זאל זאגן, איך האב ווען עס איז מיט איר א מאקע (מגע) ומאסע (משא) געהאט? גאר נישט, פארגינט ניט דעם לעבן, רייסט דעם ביסן פון מויל, אז פארקרימט זאל ער ביי איר ווערן! — שטום און לאם זאל זי זיין, ליבינקער גאט! — האט מיט א תחינה־ניגון און א וויינענדיקן קול פאנאנדערגעזונגען זיך די אידענע, וואס האט געכאפט דעם באקאנטן גוי.

די אנדערע אידענע בלייבט אויך ניט הינטערשטעליג:

— אהא, דערנומען דיך? אז נעמען זאָל דיך פאר די קישקעס! חצופה דו, אויסוואורף איינע, די וועלט איז איר ווינציק! איר גוי!... געהערט אביסל?... עס איז דאָך א געלעכטער צו מאכן... איר אייגענער גוי? אָפּגעקויפט האָט זי אים? אפשר אליין גאָר געהאט... וואָס? עס האָט דאָך גאר קיין חרפה און בושה ניט, פארשטאָכענע אויגן דאָס איז, — צושטאָכן און צעבראָכן זאָל זי ווערן! פּשששש, פּשש, א קלייניקייט אביסל, דער מאר באר אוואסיע (מר בר רב אשא)! איינזעעניש זאָל איך מיט איר האָבן? וואָס, הא? דעם בן־אָקל ועט אויף נקבות ניט שטייען — דעם בראטאָקל אפשר דעם גנב, דעם קאטאָרזשניק, וועט ניט געגוג פון האלז קריכן? האָסטו געזען, א מצוה וועל איך כאפּן, א הונט אין שמד ארייננטרייבן! א ניט דערלעבן, ניט דערהארן זאָלסטו, ממזרת איינע; וואָסי, וואָס, איך בין ניט אזא מיוחסת ווי דו, איך האָב ניט קיין קינדערלאָך צו דערנערן? אזעלכע מכות זאָל זיך דיר זעצן, רבונו של עולם! ניין? איך וועל מיט איר זאָט זיין!?

— הער, אָבער, קיין מוסרים איז ניטאָ אין מיין משפחת, קיין משומדים אויך ניט און קיינע ממזרים האָבן מיינע שוועסטער אויך ניט געהאט. נו, איז שוין גוט! אך אָך און ווי איז מיר נאָר, מיט וועמען איך דארף דאָ טענה'ן, אז איך דארף גאָר מיט אָט־אזא, אויף איין ברעט שטיין! דאָס אליין איז דאָך דער גרעסטער בעסאָ״ען (בזיון) פאר מיר! אדרבה, ווער בין איך און ווער ביזטו, הא?... — האָט אויף גיך, גיך, די ערשטע אידענע ארויסגעשאָטן, זיך פארבלינעט און אָנגעהויבן הוסטן...

— אָט אזוי, אָט אזוי, אי, ס'ארא גוטן גאָט מיר האָבן! אָט, דו ווערסט דאָך דערשטיקט, אָ נס מן השמים טאָקע, — הם... זי וועט שוין באלד לייטן אין די גאָסן שלאָגן. אלץ איז אירע, אלע גוים, אלע סוחרים, אלע קויפער — דו האָסט געזען, א רביצן א גאנצע, די פוריע וואָס זי מאכט? — מאכן זאָל זי שוין מיט דער קסיסע (גסיסה)!

די גליקלאכע אידענע, וואָס האָט געכאפט דעם גוי, ניט קענענדיק, צוליב דעם הוסט, עפענען דעם מענת לשון און געבן יענער אויסגאָב, און זייענדיק זייער צורייצט פון אָנמעכטיקייט, דערלאנגט א שפּיי אין פּנים איר שונא... די אנדערע ענטפערט מיט דאָס זעלביקע. א שפּיי פאר א שפּיי, און מען כאפּט זיך דראפּן פאר די צורות, רייסן די פאטשיילקעס איינע ביי די אנדערע, ביז איינע האָט פארלאָרן איר הייבל און איז געבליבן מיט א היילער געגאָלטער קאָפּ... די לעצטע פעסטונג אז עס פאלט, די נאציאָנאלע פאָן, אז מען ווערט אָן, איז זיכער ניט קיין גרעסערער אומגליק ווי עס האָט געטראָפן דער אידענע!

ווי א מטושטעטע, ניט מיר איר קול, האָט די אידענע גענומען שרייען:

— גוואלד! ווייבערלאך, האָט רחמנות, אידן ראטעוועט, גיכער, גיכער, איך שטיי דאָך א באָרהאפּטיקע! ...*)

— פע, פע! האָבן די זייטיקע אריינגעמישט זיך, ארויפגעכאפּט א פאטשיילקע אויף דער היילער קאָפּ, אויפגעזוכט די הייבל דערנאָך און מען האָט די ווייבער פאנאנדערגענומען, צעטיילט זיי, איינער אהער, די אנדערע — אהין.

— פאָרט שוין, פאָרט, מיט אייער גוי בעסער אוועק... האָבן זיי גע'עצה'ט און געוואָרפן בליקן פול קנאה.

די פארזאמלטע רעדל הייבט זיך אָן פאנאנדערגיין. מען רעדט זיך דורך, מען צעטיילט זיך אין צדדים. ווער עס טענה'ט, אז די אידענע איז גערעכט און ווער — אז יענע. זעלטן ווען עס פאסירט, אז דער כח פון יושר איז אזוי שטארק ביי ביידע צדדים, אז עס ווערט אויסגעדריקט אין נייע זידל ווערטער, אין א שפּיי, אָדער טאקע אין א פּאָר פּעטש און רייסן פאר באָרד און פּאות. דאָס רוב אָבער אייניקן זיך אלע, אז עס איז א חילול השם, אז עס איז א גרויסער רחמנות אויף ביידע ווייבער, מאמעס פון קינדער, חשוב'ע באלעבאָסטעס, וועלכע האָבן פון היץ, פון

*) אַ הוילע פרויען־קאָפּ.

כעס, גערעדט איינע אויף די אנדערע, גאַט וויים וואָס, ניט געשטויגענע, ניט געפלויגענע אויסגעטראַכטע זאַבאַבאָנעס...

אָן אמת'ע הנאה פון אזא געשלעג האָבן געהאט נאָר די אָנגעפּאַרענע פּויערים! ביי זיי איז דאָס געווען א גאָווינע, א טשיקאַווע זאך, וואָס ביי זיך אין דאָרף זעט מען עס ניט. ביי זיי, אז מען שלאָגט זיך, גייט דאָס צו אויף גאָר אַן אנדער אופן. מיט גאָר אַן אנדער סדר: א צוברָאָכענע האנט, אַן איבערגעשלאָגענע פוס, צופּלעטע די קאָפּ, צוקוואשעט*) דעם פּרצוף און דער עיקר, מען זעט בלוט... אז מען דערזעט פרישע הייסע בלוט, האָט דאָס גאָר אַן אַנדער טעם! עס רייצט אויף, עס דערצאָרנט, רופט ארוים נייע כחות און ברענגט אריין אין רציחה. מען שלאָגט זיך ביז צום סוף... א געשלעג פון צוויי אידישע ווייבער, וואו דער פינאל איז די הייבל, אָדער א געשלעג פון צוויי אידן אפילו, ווען מען זעט א צעפּליקטן ארבע כנפות, א פּאָר האָר פון דער באָרד אָדער פּאות, איז ניט מער ווי א שפּאס, פון וואָס זיי לאכן זיך אָן גאנץ גוטמוטיק. אגב, פארשטייט דער פּויער גאנץ גוט, אז דאָס רייסט מען זיך איבער אים, ער זעט, אז די גאנצע „זשידאָווסקאיא קאלאטניא"*) איז פאר אים א טובה און ער באנוצט זיך מיט דעם ווי נאָר ער קאָן. זייער אָפט, העלפט ער אונטער, רעדט אָן איין צד קעגן דעם צווייטן, לייגט צו עטלאכע גראָבע ליגנס, גיסט אונטער אויל אויף דעם פלאם, כדי וואָס גרעסער צו מאכן די שנאה־קנאה ביי די קאָנקורענטן...

עס טרעפט אָבער פארקערט אויך, אז דער פּויער דערקענענדיק „זיין" אידענע אָדער אידן, מיט וועמען ער איז גוט באקאנט, וויל ער גאר ניט הערן פון די מקחים, וואָס די קאָנקורענטן באָטן אָן, מוסר'ט זיי אוים, זידלט זיי נאָך אָן — „טרעטסט אָפּ פון וואגן, צי ניין"? און פארמעסט זיך מיט דעם בייטש אויף דער פאר'עקשנ'טער אידענע — „דו אזעלכע און

*) צעשלאָגן, צעשניטן.

*) א אידישע מחלוקה מיט א טומל.

אזעלכע". די אידענע, אָדער איד, וואָס פירט אוועק דעם גוי, צו זיך, איז אים שטארק מכיר טובה און באהאנדלט אים שיין און פיין. א חוץ דעם ריכטיקן פרייז און אמת'ע וואָג, באקומט נאָך דער גוי, א קראנץ בייגל, דיעגאכץ אויף שמירן די רעדער און אויל אויף צו טונקען זיין בולקע — א מתנה. דער גוי איז צופרידן און קומט נאָך אמאָל.

---

באלד נאָך דעם ערשטן מנין,קומען צולויפן די מאנסביל. די פערקופטשיקעס*), וואָס פארמאָגן גארנישט, האָבן ניט וואָס אָנצור־ווערן און לעבן נאָר פון האנט אין מויל, באפאלן ווי היישעריק; איטלאכן גוי, וואָס באווייזט זיך נאָר פאר זייערע אויגן. אלע כללים פון יושר ווערן בטל ומבוטל. ניטאָ מער „דיין" אָדער „מיין" גוי: אבי ער האָט אביסל סחורה, איז ער זייערער. און עס העלפט ניט קיין טענות און מענות.

אָט לאָזט זיך פון פאראָם אראָפּ א גוי מיט א וועגל סחורה. דער עולם טוט זיך א לאָז צו אים, ווי דורך א מאגנעט געצויגן. א אידענע דערקענט אין אים „איר" גוי, זי הויבט שוין אָן מיט דעם באקאנטן נוסח: „אי, אי, איוואניושקע, וואָס־זשע מאכסטו עפּעס?"... אבער איידער זי באווייזט נאָך צוצוגיין נאָנט צום וואָגן, איז ער שוין ארומגערינגלט פון א גאנצער חברה פּערע־קופשטשיקעס, וועלכע טאפּן, נישטערן דעם וואָגן און באָטן שוין אָן פרייזן.

די אידענע שרייט, וויינט: גזלנים, עס איז איר גוי, איר קומט געלט פון אים, זי האָט אויף די סחורה שוין אָן א דערוויף געגעבן, אָבער, ווער הערט זי? די קאָנקורענטן הויבן די מקחים, שטייגן אריבער איינער דעם אנדערן, מען איז צוהיצט!... מען ווייס גאנץ גוט, אז קיין פרנסה ביי אזעלכע מקחים איז לית מן דכר שמו, אָבער עס איז שוין אריינגעטריבן אין נצחון, און אפשר טאקע ווייל עס איז ניטאָ שוין קיין פרנסה, איז מען צורייצט

---

*) קלײנע סוחרים'לאַך.

נאָך מער. מען הויבט זיך אָן זידלען צווישן זיך, פריער אויף אידיש, דערנאָך טאַקע אויף גוי'איש, כדי דער גוי זאָל קענען משפּט'ן, ווער עס איז גערעכט. מען רופט אָן איינער דעם אַנדערן מיט אַלערליי פּאַסקודנע נעמען, און אָפט דערגייט דאָס אויך ביז קולאַקעס... איינער טענה'ט אַריין מיט'ן גוי, אַז בעדיי*) ער זאָל צולייגן דעם קאָפּ, וועט ער ניט דערלאָזן, אַז אָט די באַנד"ע גנבים און שווינדלער זאָלן ביי אים אויספירן, אַ מכה! אָט האָסטו דיר דאָ דיין געלט, דו זעסט? און שטופּט דעם גוי אין בוזים (די הענט ביים גוי זיינען דאָך פאַרנומען מיט האַלטן די לייצעס) צוויי „קנאַקעדיקע רויטינקע"**). „דו פאַרשטייסט, ביי מיר איז ניטאָ קיין חכמות, אָט האָסטו די מזומן, צעטרייב די הינט דאָ אַרום, און פיר צו מיר די סחורה!" שרייט איינער אויס און קוקט אויף די אַנדערע ווי אַ בעל נצחון. „העי, היט זיך, באַלע־באָסעלע," כאַפּן זיך אַרויס די אַנדערע, ווי אַ גרויסע סכנה וואָלט זיי געסטראַשעט***), „היט זיך פון דעם חברה־מאַן בעסער, דו האָסט דאָך מסתמא געהערט פון זיינטוועגן. דאָס איז דאָך מיישקע קראַדלע‡). נישקשה, אָט זעסטו דיינע אויערן, אָט אַזוי וועסטו זען, צי סחורה, צי געלט. נישקשה, פון זיינע הענט וועסטו טרוקן שוין ניט אַרויסגיין." „הער, דו ווילסט פאַר דיין סחורה קריגן אַ גוטן, דעם אמת־העכסטן פּרייז, טאָ נאַ, קום — זאָל איך אַזוי מיין ווייב און קינדער האָבן, ווי קיין גרעסערן פּרייז איז גאָר ניט שייך צו זאָגן! קום, פיר די סחורה. איך זאָג דיר, דו וועסטו קיין חרטה ניט האָבן! ..."‚ שרייט אַן אַנדער פּערעקופּטשיק, זעצנדיק זיך לעבן גוי, און שלעפּט ביי אים שוין די לייצעס פון די הענט...

דער פּויער האָט די גאַנצע צייט געקליבן נחת פון דער

*) אַפילו, כאָטש.

**) נייע צען־רובלדיקע.

***) געדראָעט.

‡) גנב.

רייסעריי און, ניט ווי־סנדיק נאָך אַלץ דעם ריכטיקן שפּיץ־פּרייז, איז ער געפאַלן אויף אַן המצאה.

— עך, ברידערלאַך, אומזיסט קריגט איר זיך אַרום דאָ, — ווענדעט ער זיך צו די פּערעקופּטשיקעס מיט אַ נאַאיוון טאָן און אַ געמיטלאַך אויסזען. — אַן עבירה אייער טרחה. די סחורה איז פאַרקויפטע שוין. און אַט פאַר וועלכן פּרייז... — ער דערמאָנט אַ פּרייז, וואָס איז קלאָר אַז ער זאָגט ליגן. — נו, אומזיסט בייטן מיין וואָרט בין איך ניט מחויב. אויב איר ווילט באמת די סחורה, וועט אימיצער פון אייך מוזן מוסיף זיין אויף דעם אַלטן פּרייז. און ווער עס וועט מער מוסיף זיין, יענעם פאַרקויף איך — אָבער מאַכט דאָס שנעלער. דער טאָג שטייט ניט. איך האָב נאָך אין מויל היינט ניט געהאַט!

חברה, דערהערנדיק אַזעלכע דבורים, מיט דער איבערגע־כאַפּטער מאָס אויף די פּרייזן, האָבן כהרף עין תופס געווען דעם גאַנצן ענין, האָבן זיך איבערגעוואונקען, תוך כדי דבור פאַרגעסן די גאַנצע שנאה און אָפּגעמאַכט יד־אחת. דעם גאַנצן טאָג זאָל זיין יד־אחת, האָט מען באַשלאָסן. און צונויפגערעדט זיך גלייך, ווער עס זאָל בלייבן מיט'ן גוי און ווער עס זאָל האַלטן וואַך, היטן און ניט צולאָזן אַנדערע קאָנקורענטן. דער עולם האָט אָנגעהויבן פאַנאַנדערגיין זיך. איינער פון דער חברה האָט געמאַכט דעם גוי אַ כפול־שמונה'דיקן מי־שברך, אָדער אַ זעץ געגעבן אים אין קאָפּ, זאָגנדיק, אַז דאָס וויל ער אים די היטל פאַררוקן, וועלכע זיצט צו הויך אַרויפגעריסן... עס זיינען פאַרבליבן מיט'ן גוי נאָר צוויי, גראַד די, וועלכע האָבן זיך גאַנץ ווייניק געוואָרפן דעם גוי פריער אין די אויגן.

— נו, טאָ וואָס זאָגסטו? — האָט איינער, אַזוי ווי כלאחר־יד אַ פרעג געטאָן דעם גוי. — דו נעמסט מיין פּרייז? — און דערמאָנט שוין גאָר אַן אַנדער פּרייז...

דעם גוי איז דאָס אַריין אין נאָז... פאַרשטאַנען — ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. אָבער קיין קונים זיינען פאָרט ניטאָ. ווי אין דער ערד וואָלטן זיי אַלע אַריין. ער האָט זיך

בלומרשט נאָך געברעקלט, געלאָזט זיך בעטן. דער צווייטער פּערע־קופּשטשיק האָט, ווי עס פּאַסט זיך צום רומל, אַ קלייניקייט דאַ־באַוועט,*) און מען איז מושווה געוואָרן. דער גוי האָט אָוועק־געפירט די סחורה צו די געוואָרענע שותפים, וועלכע האָבן געהאַט — האָבן זיי געזאָגט — שפּייכלערס אָט דאָ ניט ווייט, ביי סענדער־זלמן־יארעס דעם שיינקער — אַ גוטער און אַ באַקוועמער אָרט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז וועגנדיק און מעסטנדיק איז די סחורה אַ סך איינגעפאַלן. די תבואה האָט איינגעדאַרט, צופיל מעקענע געוועזן... דער גוי האָט זיך אפילו געקראַצט אין פּאַטיל־ניצע**) מיט גרויס כונה, עס האָט זיך אים געדאַכט„ האָט ער געזאָגט, אַז עס האָט געדאַרפט זיין מער. אָבער, אַז ער האָט אַריינגעגאָסן אַ פּאָר קוואַרטירלאַך***) אַכציק־גראַדאָווע און געשמאַק פאַרביסן מיט אַ פרישינקן געקאָכטן טאַראַן, מיט אַ סך יויך דערצו, מיט וואָס „די גאָר ניט שלעכטע זשידקעס" האָבן אים מכבד געוועזן, איז ער געוואָרן גאַנץ צופרידן. האָט געלויבט די אידעלאַך, נאָך מער אבער — די בראַנפן, וואָס ביי אים איז אויס־געקומען, אַז עס איז געווען מהודר שבמהודר!

די אידעלאַך, ווידער — כאָטש זיי זיינען גאָר ניט געווען בגילופינ׳דיק, זיינען געווען אָבער זייער קאַנטעט און גאָר גוט אויפגעלייגט. האָבן געדאַנקט און געלויבט דעם אויבערשטן פאַר דער גוטער פּרנסה, וואָס ער האָט זיי היינט צוגעשיקט.

— דו ווייסט גאָרניט, מאָטקע, ווי עס האָבן זיך מיר די אויגן געעפנט. איך וועל דאָך איצטער קענען כאָטש די הענט פאַנאַנדערפירן, — האָט געזאָגט דער פריער־געדרופּענער „מיישקע קראַדלע". — פּשש, גאָר אַ קלייניקייט! איך האָב דאָך נאָך אַ פּרוטה שכר־למוד דעם מלמד פאַר אַ גאַנצן זמן ניט געגעבן! אָט דאָס איז אַ איד, מיין מלמד, מיין איך, אַ גאָלד, זאָג איך

*) צוגעלייגט.
**) הינטן אין קאָפּ.
***) אַ בלעכענע פערטל־קוואָרט.

דיר, אַן אבן טוב! אַ ווארט זאָל ער זאָגן, אַ פּיפּס זאָל ער גאָר טאָן? אדרבה, דו הערסט, געווען עפּעס אַ סעודה אין חדר, מיין חיימ׳קע האָט גראד ניט געהאט די פּאָר קאָפּיקעס, וואָס די קינדער האָבן זיך צונויפ־געלייגט. איז וואָס מיינסטו? נעמט דער מלמד ארויס פון זיין אייגן קעשענע אַ פינף־קאָפּיקענע און לייגט אויס פאר דאָס קינד, כדי אים ניט מבייש זיין, הפנים, אָדער דאָס הערצעלע זאָל זיך דאָס ניט אָפּעסן, און זאָגט נאָך בעת מעשה: נשקשה, חיימ׳קע, איך וועל ביי דיין טאַטן אויפמאָנען מיט פּראָצענט נאָך. דו פארשטייסט עפּעס?... דעם ערשטן קערבל טראָג איך גלייך אים אָפּ. דאָס לעצטע גיב איך אים אוועק! אַי, אַ איד, אַ צדיק, אַ מזג טוב! איך בעט נאָר גאָט, אַז אונזער חברה דאַרטן זאָל, חלילה, נאָר מיט ליידיקע הענט ניט קומען, מען זאָל ניט דאַרפן, חלילה, צעטיילן זיך מיט ד ע ם פאר־דינסטל... מיך אַרט קיין זאַך אַזוי ניט — ניט דאָס, וואָס עס גייט יום טוב, ניטאָ קיין שוך, קיין קלייד, די ווייב איז אויף דער „גוטער צייט", נו, מסתמא, וועט גאָט ניט פארלאָזן — ווי עס אַרט מיך דער מלמד; ממש עס רופּעט מיך! אָט ווי איינער וויל לעבן, אַזוי ווילט זיך מיר דעם שכר למוד אים באַצאָלן!

— און וואָס מיינסטו, מיר איז בעסער? — ענטפערט מאָטקע מיט אַ שאלה. — זאָל איך אַזוי קיין קרענק ניט האָבן, ווי איך האָב ניט געהאַט קיין איין רובל אפילו, מיט וואָס אין מארק ארויסגיין: געלאָפן, געבאָפּט ביי נאָשע־מוניעס עטלאַכע רובל. הייליק געשוואָרן — אומקערן היינט, אָדער סחורת אָדער מזומן! האָב קיין גראָשן דירה געלט ניט געגעבן. און דו קענסט דאָך די גוטע רחל׳ע? טרענט די אָדערן, טרענט זי. איך וויים? — אַ גרויסע אביונ׳טע, אַן אלמנה, האָט ניט ווער עס זאָל זי מפרנס זיין מיט די דריי קינדער, מסתמא דאַרף זי נעבאך, אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב פּאָרט ניט? זאָל איך פון זיך אַ שטיק פלייש אָפּשניידן?... הער נאָר, מיישקע, טאָמער וואָלטן מיר טאָקע... הא?... דו פארשטעהסט?... הם, ווער וויים, וואָס חברה קען דאַרטן אָפּטאָן?... און אפשר?... איך וויים, אפשר

ניט כדאי? אפשר וועט אויך זיי דער אויבערשטער וואָס צו־שיקן? וואָס מיינסטו, זאָלן מיר זיך מיאוס מאַכן, הא?

— ניין, מאַטקע, ניין! איך שטוים זיך אָן, וואָס דו מיינסט, אָבער ניין! אַ וואָרט איז אַ וואָרט! מיר האַנדלען דאָך דאָ ניט מיט עפּעס פּאַסקודנע מוזשיקעס, מיר האַנדלען דאָך צווישן זיך —אידישלאַך! עט, גאָט איז אַ פּאַטער. און פאָלג מיך, וואָס אַרט דיך, אויף ניין האָט מען קיין חרטה ניט. זאָל גיין היינט ווי עס גייט, און גאָט זאָל העלפן!

און גאָט האָט טאַקע די איבעריקע פּערעקופּשטשיקעס אויך געהאָלפן. זיי האָבן געכאַפּט אַ פּויער, וואָס האָט געהאַט עטלאַכע קערבלאַך האָניק, עטלאַכע קנוילן געקאָכטן וואַקס און אַ פּאָר מעסטלאַך לייַנזוימען — אַזעלכע און אַזוי פיל סחורה ביי איין גוי איז אַ זעלטענע זאַך! מילא, פאַר די לייַנזוימען האָט מען געגעבן דעם פּויער אַ גאַנץ חשוב'ן פּרייז; און כדי נאָך מער איינקויפן זיך אין דעם גוי'ס לאַסקע, האָט מען אויך וועגן דעם פּרייז פאַר'ן האָניק ניט פיל געדונגען און געאַמפּערט זיך — נישקשה, ביים וועגן דעם האָניק מיט די קערבלאַך, דערנאָך די ליידיקע קערבלאַך, וועט מען שוין ווי עס איז אָפּמאַכן פאַר דעם צו־גוטן פּרייז, — אָבער אַז עס איז געקומען צום וואַקס, האָבן די פּערעקופּשטשיקעס שוין אָפּגעלעקט גאָר אַ פעטן ביין! זיי האָבן זיך איינגעשפּאַרט, אַז דער פּרייז פאַר וואַקס דאַרף זיין דער זעלביקער ווי פאַר דעם האָניק. זיי האָבן גע'טענה'ט, אַז וואַקס און האָניק איז איין זאַך, אַז עס איז דאָך גאָר ניטאָ קיין האָניק אָן וואַקס, און אַז, אי על פּי שכל, אי על פּי יושר קומט דעם גוי פאַר'ן וואַקס ניט מער ווי פאַר האָניק!

דער פּויער האָט געשריען, געגוואַלדעוועט: סטייטש, האָניק קאָסט פינף רובל אַ פּוד, און וואַקס — פערציק? ער האָט גע'טענה'ט, אַז ער האָט געקוועטשט דעם האָניק, געקאָכט דעם וואַקס, אַרויסגעקראַצן פון אַ פּוד האָניק אפשר הלואי אַ פּאָר פונטלאַך וואַקס! — עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן „אויב ער וויל ניט אַנדערש," — האָבן געזאָגט די פּערעקופּשטשיקעס, —

„טאָ זאָל ער נעמען זיך זיין סחורה צוריק!" אָבער אַזוי ווי דער האָניק איז געווען שוין אויסגעלײדיקט אין גרויסע דייזשקעס און צעמישט מיט דעם האָניק, וואָס דאָרטן איז געווען פון פריער, פאַרשטייט זיך, אַז נעמען צוריק דעם האָניק האָט דער גוי ניט געקענט. מען האָט געמאכט אַ שטיקל פּשרה, דאָס הייסט, מען האָט דעם פּויער באַצאָלט באַזונדער פאַר זיין טרחה, פאַר דעם קוועטשן און קאָכן דעם וואַקס און פאַר מאַכן דאָס אין קנוילן!

זייטיקע מענטשן, וואָס זיינען צוגעצויגן געוואָרן דורך דעם טומל און געשריי, האָבן געשאָקלט די קעפּ. אַנדערע האָבן גע־שמייכלט, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז עס איז אַ חלול השם — אָפענע גזלה, און אַז אַזעלכע זאַכן טוען די מאַרק־מענטשן גאָר קיין טובה ניט... אָבער די פּערעקופּשטשיקעס זיינען די רייד אפילו אין דער לינקער פּאה ניט געלעגן. זיי האָבן זיך אָפּגע־רעכנט מיט דעם פּויער, וועלכער איז געווען ניט גאָר צופרידן, דערפאַר אָבער זיינען זיי געווען שוין גאָר צופרידן. עס איז גע־ווען ששון ושמחה! מען האָט געדאַנקט און געלויבט דעם אויבערשטן פאַר זיינע חסדים און פאַר דעם קלוגן איינפאַל, וואָס האָט קיינמאָל פריער זיי זיך גאָר ניט גע'חלומ'ט אפילו.

אָבער ניט אַלע מאָל איז יום־טוב — ניט שטענדיק און ניט אָפּט פלעגט אָפּגילטן די פּערעקופּשטשיקעס אַזעלכע שטוקעס.*) זיי פלעגן זיך אָנרייסן אַמאָל אויף אַ גוי — אַ „האַד" **), אַ „חזיר־שע מאָרדע", וואָס פלעגט גלייך ברענגען עטלאַכע גוים און צו־ברעכן רוק און לענד די אידלאַך. אָדער גאָר אַוועקלויפן אין „טשאַסט"***), שלעפּן די אידן אין פּאָליציי, וואו זיי פלעגן, אויב טאַקע ניט אָפּרוען עטלאַכע טעג, — אָפּשטעקן שיינע עטלאַכע קערבלאַך, באַצאָלן נזק, צער, רפוי, שבת ובושת... און נאָך צע־רייבן דערצו אַ גאַנצן טאָג, — אַ טאָג, אויף וועלכן זיי האָבן לאַנג געוואַרט און וועלכער איז געווען ביי זיי אַן עולם ומלואה.

*) מיאוס'ע שטיק, ניט־שיינע זאַכן.

**) האַרט.

***) פּאָליציי־דיסטריקט.

דער ברעג איז ביי אונז אין שטאָט געווען, וואָס ביי לייטן — אַ בערזשע. עס איז געווען פריילאַך, לעבעדיק, עס האָט זיך גערודערט, געטומלט. צי יאָ פאַרדינט אָדער ניט פאַרדינט — עס האָט זיך אָבער גע׳עסק׳ט, געהאַנדלט... דער חסרון איז נאָר געווען, וואָס דאָס האָט פּאַסירט נאָר אין אַ זונטאָג, אדער אזוי א מארק־טאָג. אַלע איבעריקע טעג אָבער פון אַ גאַנץ יאָר איז אויף דעם ברעג געווען פּוסט און וויסט. די פּערעקופּשטשיקעס פלעגן דאָרטן „אָפּהיניען"*) גאַנצע טעג. עס פלעגט זיי ברענען זומער די היץ און ווינטער — די גרויסע פרעסט. אָסיען און וועסנע פלעגן זיי זיך ווייקן אין די רעגנס, און די קאַלטע טייך־ווינטן פלעגן זיי פּאַטשן אָן רחמנות די באַקן, צעשפּאַלטן די פּנים׳ער און מאַכן זייער אויסזען גאָר אַנדערש... אַ פּערעקופּ־שטשיק האָט מען געקענט דערקענען פאַר אַ ווייאָרסט... אהיים פלעגט ער קומען אַ צעבראָכענער, ווי אַ שאַרבן. אַ מידער, אַ צע־רייצטער, אַ בייזער און ניט זעלטן אויך שיכור׳לאַך... פון זיי זיינען אַרויס די ערשטע אידן, וואָס האָבן אָנגעהויבן שלאָגן די ווייבער און ביי וועמען די אידישע היים איז געוואָרן אַ גיהנום...

*) אָפּליגן.

ז.

# איך פאָר מיט דער מאַמען אין אסעניניע.

עס איז געווען א זונטאָג פארנאכט. פילע פון די אָנגע־פאָרענע גוים און גוי'עס זיינען זיך שוין פאנאנדערגעפאָרן צוריק. ביי אונז אין קראָם איז שוין געווארן גראמער. די מאמע, — א בלייכע, א הונגעריקע, האָט נאָך אין מויל ניט געהאט. זי איז געווען הייזעריק פון פיל טענה'ן און ריידן מיט די ליבע סוחרים — קוים אויף די פיס זיך געהאלטן. האָט זי צונויפגעקליבן, פונדעסטוועגן, א פאַק זעק מיט זעקלאך, גענומען א פאָר „בוק־ליאזשקעס*) בראָנפן, עטלאכע קרענץ בייגל, א פאָר צענדליק בולקעס, הערינג, א זעקל עפל און בארן, זיך ארויפגעזעצט אויף א שמאָלינקען הארטן פויערשן וועגל — פאָרן קיין „פאנקרא־טעוויטש״**) אין אסעניניע.

אזוי ווי עס איז געווען די עשרת ימי תשובה, און איך בין פון חדר פריי געווען, האָב איך זיך גענומען בעטן ביי דער מאמען, זי זאָל מיך נעמען מיט זיך. איך האָב איר צוגעזאָגט הרים און גבעות, אז איך וועל זיין גוט און פרום און פאָלגן. דער טאַטע, גאָר אומגעריכט פאר מיר, האָט זיך געשטעלט אויף מיין צד, איינרעדנדיק דער מאמען:

— וואָס אַרט דיך, רבקה, אז ער וועט מיט דיר פאָרן? ניש'קשה, ער וועט דיר צוניץ קומען. ער וועט אכטונג געבן

---

*) אַ קיילעכדיקע הילצערנע כלי.

**) אַ נאָמען פון אַ דאָרף.

אויף די בראָנפן, אויף די סחורה, אז מען זאָל ניט צושלעפן, און אגב, אים ווילט זיך דאָך זייער, טאָ זאָל ער הנאת האָבן...

דער טאַטע האָט צוגעשמייכלט ווען ער האָט דאָס געזאָגט, און די מאַמע, פאַרקערט, האָט זיך פאַרקרימט אביסל און באַמערקט:

— אי, דו נאַרעלע, עס איז דאָך אן אפּקומעניש, צו וואָס דאַרפסטו דאָס?

איך האָב זיך אָבער איינגעשפּאַרט, אַזוי ווי מיר וואָלט דאָס אין לעבן געגאַנגען, און די מאַמע האָט מיר נאָכגעגעבן.

מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון מאַרק אין די גאַסן פון שטאָט. איך האָב געדרייט דעם קאָפּ אויף אַלע זייטן — געזוכט מיט די אויגן חברים, אינגלאַך, זיי זאָלן מיר מקנא זיין... מיר זיינען אַריבערגעפאָרן דעם פאַראָם. און פאָרנדיק אויף דעם גלאַטן שאָסיי*) נאָך עטלאַכע ווערסט, האָב איך זיך געפילט זייער געהויבן! אַ גאַנצער יאַ טעביע דאָס, אַ פאָרער, גאָר מעשה מענטש! אָבער אָט האָבן מיר אָראָפּגעקערט אויף אַ זייטיקער וועג, גלייך אין וואַלד אַריין.

דער וועג איז געווען צודרייט און צוקרוטשעט ווי אַ שלשלת — אַ שמאָלינקער, נאָענט צו די ביימער, און די צווייגלאַך פלעגן אַפּט, גאָר אומגעריכטערהייט, מכבד זיין מיט אַ שמיץ אין צורה. דער גאַנצער וועג איז געלעגן איבער גרויסע, דיקע וואָרצלען, איבער וועלכע דעם פויער׳ס היימיש־געמאַכטער וועגל — אויף די רעדער אנגעקלאַפּט ברעטער און מיט „לופקע״ אָדער „ליקע״**) אַרום און אַרום ווי אַ קאָרב אַרומגעדרייט — האָט זיך געוואָרפן ווי אַ שכור רעכטס און לינקס, אַרויף און אַראָפּ און די קישקעס אויסגעטרייסלט. אָט קריכט ער גאָר אַריין אין אַ געדיכטער קאַשע קויט. זינקט אַריין ביז די „זאַ־

*) מיט שטיינער געברוקירטע וועג.

**) דאָס איז אַזאַ קאָרע, די שאָלאַכץ פון ביימער.

וויאָזקעס"*). דער פערדל כאַפּט, נעבאַך, איבער זיינע אויס־שטאַרטשעטע ביינער אַ פּאָר גוטע שמיץ, וועלכע דער פּויער לאָזט אים אַראָפּ, שילטנדיק אים און שרייענדיק מיט גרויס חשק און כעס, פאַרוואָס ער שלעפּט ניט אַזוי גיך דעם וועגל אַרויס. דער הימל האָט זיך צוגעדעקט מיט שווערע וואָלקנס ווי קאָלדרעס און זיי זיינען געהאנגען, ווי ביי דעם כהן צום דוכענען דער טלית, איבער אונזערע קעפּ.

עס איז געוואָרן וימש חושך — שטאָק פינסטער. די ביי־מער האָבן אָנגענומען עפּעס מאָדנע מורא'דיקע געשטאַלטן. ווילדע, משונה'דיקע ברואים! אָט שטייט גאָר, וואָלט איך שווערן, דער בער, וואָס איך האָב געזען אויפ'ן מאַרק טאַנצן, מיט אַ פאַנאַנדערגעעפנטן מויל און גרייט זיך צו פאַרצוקן מיך... אַ הויכער, גרויסער גזלן, מיט אַ לאַנגער שאַרפער האַק, פאַר־מעסט זיך גלייך אויף מיין קאָפּ... צווישן די צווייגן שפּרינגען אַרום שדים, רוחות, און לצים שטעקן אַרויס זייערע לאַנגע, לאַנגע צינגער מיר גלייך אין פּנים אַריין. איך האָב אָנגעהויבן צו ציטערן מיט מיין גאַנצן גוף.

— וואָס, דו דרעמעלסט, ישראל'קע? — האָט די מאַמע אַ פרעג געטאָן, און מיך נעענטער צוגעטוליעט צו זיך.

— ניין, מאַמע, אָבער — אוי, מאַמינקע, איך האָב אַזוי מורא!

— האָסט ניט קיין פּסול'ע ציצית אין דיין אַרבע כנפות? נו, אויב, ניט, טאָ וואָס־זשע איז פאַראַן וואָס מורא צו האָבן? נאַרעלע איינער, גאָט איז אומעטום און ער היט דיך און באַ־שיצט דיך וואו דו גייסט און שטייסט!

דער מאַמעס עטלאַכע ווערטער — ניין, ניט אַזוי די ווער־טער, ווי דער טאָן, איר קאַלטקייט און רואיקע געוויסקייט, מיט וועלכע זי האָט דאָס געזאָגט האָט מיין גרויסע מורא ווי מיט דער האַנט אַוועקגענומען. איך האָב זיך אין גאַנצן באַרואיקט.

---

*) פלעקלאַך, וועלכע האלטן די רעדער זיי זאָלן ניט אַראָפּפאַלן.

עס איז מיר גאָר אזש ליכטיקער געוואָרן, אפילו די ביימער זיינען קענטיקער געוואָרן!

ווען מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין פאנקראטעוויטש האָט דער גאַנצער דאָרף געשלאָפן. אחוץ די תמיד וואַכנדיקע הינט, איז קיין צייכן פון א ישוב ניט געווען.

אונזער פורמאַן, א קורצער און ברייטער גוי, ווי אן אויס־געטראָטענער „מאַזאיל"*) מיט אַ פּנים אזוי ווי מיט מעקענע וואָלט דאָס געווען באַשאָטן, מיט רויטלאַך פלאַקסענע האָר, א קודלע**), ווי א קוזיעלע***), אויפ'ן קאָפּ, האָט מיט אַ גראָד אנגענעמענעם קול א פרעג געטאָן ביי דער מאַמען, אויב זי וואָלט אפשר ניט וועלן צו אים פאָרפאָרן.

— דו וועסט זיין ביי אונז אַ גוטער גאַסט, — האָט ער זי פארזיכערט.

די מאַמע האָט אים באַדאַנקט אבער געהייסן פירן זיך צו פיליפּ מעדוועדניק, צו וועלכן זי פאַרפאָרט שטענדיק און וועל־כער האָט איר אויך צוגעזאָגט גיין מיט איר איבער די שייערס, העלפן אין דער אַסעניניע.

די מעדוועדניקעס זיינען געווען איינגעפונדעוועטע רייכע גוים און האָבן געהאַט פון כל טוב. זייער שטוב איז געווען אַ גרויסע, מיט הויכע פענסטסטער, גאָר ניט ווי די איבעריקע פינצ־טערע כאַלופּקעס‡) אין דאָרף. זייער פירונג איז אויך ניט גע־ווען נאָך דעם שניט־נאָך פון די איבעריקע „מוזשיקעס". פיליפּ האָט ניט געטראָגן קיין לאַפּטשעס‡‡), נאָר שטיוול מיט הויכע כאָליעוועס, און האָט אַפילו די ווייב ניט געשלאָגן!...

פון מיין מאַמען האָבן ביידע, פיליפּ און פיליפּיכע, גע־

---

*) הינעראויג.

**) אַ געדיכטע קאָפּ האָר ניט געבאַרשטענע.

***) פלאַקס צו שפּינען פאַדים.

‡) קליינינקע הייזלאַך.

‡‡) היימיש געמאַכטע שיך פון ליקע.

האלטן אן עולם ומלאה, שטענדיק גערופן זי „ריוועטשקא" און „קאַכאַנאַיאַ"*).

ווען מיר זיינען אָנגעקומען, זיינען זיי ביידע אויפפעשטאַנען, אָנגעצונדן לוטשינקעס**) אויף דעם קאַמינאָק***) און עס איז געוואָרן ליכטיק. פיליפּ האָט זיך גענומען שטעלן דעם סאַ־מאוואר — ער איז געווען דער איינציקער פויער, וואָס האָט גע־האַט א סאַמאָוואר — פיליפּיכע האָט זיך גענומען אָנבריען מילך אין אַ נייער כלי, לכתחילה געקויפט געוואָרן צוליב דער מאמען. זי האָט דערלאנגט געקאָכטע אייער, א פרישן שטיק „פּאטשעד־האָניג", וועלכן די מאמע האָט אגב אורחא, מיך ניט געלאָזן פארן שלאָף עסן, און מיר האָבן געהאט א גאנץ גוטע וועטשערע, הלואי אין דער היים ניט ערגער!

די מאמע האָט זיך געלייגט אפּרוען, האָט דערמאָנט פיליפּ'ן אז ער זאָל ניט פארגעסן דאָס מען דארף אויפשטיין מיט די „ערשטע הענער": זי מוז דאָך פארטיק ווערן ניט שפּעטער ווי ביז דאָנערשטאָג נאכט, דורך דער נאכט פאָרן מיט דער סחורה צוריק אין שטאָט כדי אָנצוקומען פרייטאָג פרי צו כפרות־שלאָגן אהיים.

פיליפּ האָט זיך צוגעהערט מיט דעם ערנסט פון א מענטשן, וואָס פאַרשטייט די וויכטיקייט פון דער צייט, האָט צוגעשאָקלט מיט דעם קאָפּ, און געזאָגט:

— זיי רואיק און שלאָף געשמאַק, איך וועל דיך שוין וועקן אין דער ריכטיקער צייט.

און אָנגעקלייגנדיק היפּשע עטלאַכע קאָזשוכעס‡) אויף דער לענג פון באַנק און אין מיטן אַ קישן, האָבן מיר זיך געלייגט איינע צו די אנדערע מיטן קאָפּ צו קאָפּ.

---

*) ליבינקע.
**) דינע שטיקלאך האָלץ.
***) א באזונדער ווינקל אין פאָרנט פון אויוון.
‡) אן אויבער־בגד געמאכט פון פעל, דאָס רוב שעפּסענע.

די מאמע, די אויגן שוין פארמאכטע, דערמאָנט מיר נאָך אָן קריאת־שמע לייענען און ווערט באלד אנשלאָפן. מיר אָבער שלאָפט זיך עפעס ניט. עס פאטאויפעט*) זיך ניט אין מיר די מיטאמאָל צוגעקומענע נייע איינדרוקן. מאָדנע געשטאלטן דרייען זיך פאר מיינע אויגן און צומישן זיך. עס טראכט זיך מיר פון א סך, א סך זאכן, זיי שפרינגען איינע איבער די אנ־דערע, שלענגלען און קייטלען זיך. דער וואלד שרעקט, אָבער צים מיך. אך, ווי עס ווילט זיך וויסן, וואָס עס טוט זיך אין זיינע באהעלטענישן? זיינען טאקע פאראן וואלד מענטשן? וואָס טוען זיי, וואָס עסן זיי, וואו זיינען זיי, און צוליב וואָס? — וואָס טוען די חיות א גאנצע נאכט? ווי לעבט זיך זיי ווינ־טער אין די גרויסע שנייען? אי, ס'אַרא רחמנות אויף די קלייניקע פייגעלאך! זייערע מאמעס פליען אוועק און זיי בלייבן נעבאך איינינקע אליין אין דער פינסטער — אָט דערפאר, הפנים, פישטשען זיי אזוי אומעטיק! ...

איך דריי זיך איבער אויף דער אַנדער זייט און דערזע, אז די לוטשינקעס אויף דעם קאמינאק דערברענען שוין ביז צום סוף. עס גיט א קנאַק די, אָן אנדערע באפט זיך אויף, גיט א בליץ, און שיסט ארוים א שטיקעלע רויטע קויל, אָבער דאָס זיינען שוין די לעצטע כחות.

שוואַרצע קבר־שאָטנס ציען זיך פון דאָרטן און פארשפרייטן זיך איבער דער גאנצער שטוב. די ווענט, די בענק, איך און די מאמע ווערן צוגעדעקט מיט שוואַרצן טול... איך טו א קוק אויף דער מאַמען, איר גוטער פנים איז אויסגעמאַטערט. איך דער־מאָן זיך אָן דעם האָניג — פאר וואָס האָט די מאמע מיך דעם האָניג ניט געלאָזט עסן? האָט זי דאָך ראש השנה ביי־נאכט אליין אָנגעשמירט האָניג אויף דער המוצא חלה און גע־געבן מיר איך זאָל זאָגן דעם „יהי רצון — לשנה טובה ומתוקה", דאָס איז דאָך אויך געווען צו וועטשערע? פארוואָס טאָר

*) פּרייזנדרינגען.

מען עפּעם ניט עסן קיין האָניק פאַר׳ן שלאָף? עס איז דאָך זיס, א מחיה! און דער ריח פון האָניק, האָט זיך שטארק פאַנאַנדער־געשמעקט מיר אין נאָז... מיין בליק איז געפאַלן אויף די לאַנגע בענק ארום די ווענט און האָט מיר פּלוצלינג דערמאָנט אויף די בענק פון אונזער שול. די באַנק לעבן אויוון איז געווען זייער ברוויט. דאָרט האָט פיליפּ מיט זיין הויז־געזינד געשלאָפן. בעט, באַנק, אויוון האָבן זיך געמישט אין קאָפּ און פאַראייניקט זיך. איך האָב זיך דערמאָנט אויף דער שניידערשער שול, וואו די בימה איז געווען אַן אויוון, דאָס הייסט, דאָס אויוון איז געווען די בימה!

קיין מעבל איז ביי פיליפּ׳ן אין שטוב ניט געווען, א חוץ א לאַנגלאַכן טיש, וואָס איז געשטאַנען אויבן־אָן, לעבן דעם ווינקל, וואו עס איז געהאַנגען א גרויסער פּאָרטרעט. אונטער דעם פּאָרטרעט איז געהאַנגען א בלעכענער אויל לעמפּל, וואָס האָט קוים געצאַנקט. דער לעמפּל האָט מיך דערמאָנט אָן דעם נר־תמיד אין שול. די שול האָט מיך ארויפגעפירט אויף מיין ערשטן אלף־בית מלמד, וועלכער איז שטענדיק געגאַנגען, סיי זומער, סיי ווינטער, מיט א צוכראַשנעטער*) אָפענער ברוסט, און ביי וועמען ניט נאָר די באָרד און פאות, נאָר אפילו די האָר אויפ׳ן הארצן זיינען, דאכט זיך, געווען קאָלטענעוואַטע, אקוראט ווי ביי אונזער היינטיקן פורמאַן די קוטשמע**) אויפ׳ן קאָפּ. ער פלעגט מיט א גרויסער ביינערנער טייטל טייטלען און גע־פּיקעט אין יעדן אות און געזאָגט:

— זעסט, אָט דאָ איז די טירעלע אָפן — דאָס איז א „היי". זאָג־זשע, „היי"! אָ, דו, חמור איינער, היי איז וואָס מען גיט עסן פערד. אָט, אזעלכע פערד, ווי דו ביסט.

און ער לאכט אליין פון זיין חכמה.

איך האָב זיך תיכף דערמאָנט אָן דעם פערדל וואס תאָט

*) אָפן, אינגאַנצן פאַרנאַנדערגעשפּילעט.

**) א הוימיש געמאכטע היטל.

אונז געשלעפּט היינט פון שטאָט און די שמיץ וואָס ער האָט געקראָגן, אָן זיינע גרויסע, פאַרוויינטע אויגן, פּונקט ווי מיין חבר'ס, ווען דער רבי האָט אים אָפּגעשמיסן.

מיין חבר האָט זיך געקלאָגט פאַר די חברים, אַז דער פּאַסקודניק, דער רבי, האָט אים אומזיסט געשמיסן, ער איז ניט שולדיק געווען. ער האָט די גלאָז ניט צעבראָכן. און אַז ער וועט זיך נאָך אָפּרעכענען מיט דעם אַלטן אשמדאי. נישקשה, זאָל נאָר קומען סוף הזמן, ער וועט אים וואַרפן אַ שטיין אין קאָפּ.

און איך טראַכט און חידוש זיך, אפשר האָט אויך דער פערדל באַקלאָגט זיך פאַר זיינע חברים פאַר די אומזיסטע שמיץ. אומזיסטע שמיץ, זאָגט מען, טוען נאָך שטאַרקער ווי. פאַר וואָס איז דאָס? — און אויך ער, דער פערדל, וועט זיך אָפּרעכענען צום סוף זמן? און אפשר איז ער גאָר אַ גילגול. ווער ווייסט? אפשר דאַרף ער דאָס אָפּקומען פאַר זיינע אַמאָליקע עברות? אַי, אַי, אַי, עס איז אַ צער בעל חיים! מען טאָר אַ פערד ניט שלאָגן, חלילה, איך וועל קיינמאָל מיט אַ האַנט ניט אָנרירן אַ פערדעלע! אַי ווי גוט דאָס איז וואָס איך בין ניט געבאָרן געוואָרן קיין פערדל... מען דאַרף זיין פרום — חלילה ניט מגולגל ווערן אין אַזאַ שטומע בריאה...

רויטינקע פינטעלאַך גאָר אָן אַ שיעור, ווי אַ רעגן, האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף מיר, פון דעם צאַנקנדיקן לעמפּל, אָבער אָט זיינען זיי געוואָרן בלוילאַך, געדרייט זיך אין אַ קאַרעהאָד, אין האַלבע לבנה'ס — אויפגעגאַנגען און אונטערגעגאַנגען, עס איז געוואָרן טונקעלער און טונקעלער, אויסגעשפּרייט זיך ווי אַן אַטלעסענער מאַנטילע איבער מיר און — איך בין אַנשלאָפן געוואָרן.

---

איך בין אויפגעשטאַנען הפנים שפּעט. ניט די מאַמע און ניט פיליפּ זיינען געווען אין שטוב. אין דרויסן איז פּאַמעלאַך

געגאַנגען אַ דראַבנער*) גערדיכטער רעגן, פון יענע וויינענדיקע אָסיענדיקע רעגנלאַך, וועלכע קריכן אריין אין די ביינער, אפילו ווען מען זיצט אין שטוב, און ווארפן אָן אַ מאָדנע מרה־שחורה, אַז עס ווילט זיך אויך וויינען...

פיליפיכע האָט צו מיר עפּעס גערעדט, מיט׳ן פינגער אָנ־געוויזן אויפ׳ן טיש, וואו עס איז געשטאַנען עסנווארג, און האָט געשמייכלט. מיר איז דאָס אָבער אין קאָפּ ניט געקראָכן. עס איז מיר געווען זייער אומעטיק. איך האָב זיך אויסגעדרייט צום פענסטער און פארטרויערטערהייט געקוקט און געקוקט... די נעכטיקע רעיונות האָבן ווידער זיך גענומען פּלאָנטערן ביי מיר אין קאָפּ, און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז מען דארף פרום זיין.

איך האָב זיך געשטעלט דאַוונען. געדאַוונט מיט האַרץ און מיט כונה. אָבער — שטן־מקטרג!... פּאָר מיינע אויגן האָט זיך אוועקגעשטעלט פיליפ׳ס ניין־יאָריקע טעכטערל, זייער אַ וואוילינקע און חנ׳עוודיקע שיקסעלע. זי האָט געהאַלטן אין איין האַנט אַ גרויסע לוסטע ברויט, אין דער אַנדערער — אַ בייגל, וואָס די מאַמע האָט איר געבראַכט אַ מתנה, און נאָך איטלאַכן געזונטן בים פון דעם ברויט, האָט זי פארביסן מיט אַ קליין ברעקעלע בייגל, אַקוראַט, ווי דאָס וואָלט געווען, גאָט וויים, וואָס פאַר אַ מאכל. זי האָט זיך באַלעקט און באַשמאַקעוועט און ניט אַראָפּ־גענומען די אויגן פון מיר. איך האָב זיך פאַנאַנדערגעלאַכט הויך אויפ׳ן קול... די שיקסעלקע האָט זיך אויך צעלאַכט. זי רוקט זיך בּיסלאַכווייז מיט אַ זייט צו מיר און קישנעט פון געלעכטער... פיליפיכע, וועמען עס איז ניט געווען קלאָר צי לאַכן — פּונקט ווי וויינען, — איז אפשר אַ טייל פון דער אידישער „באָגאָ־מאָליע",**) פאַר וועלכן זי האָט געהאַט גרוים אָפּשיי, האָט מיט אַ האַלבן טאָן געבייזערט זיך אויף איר קאַטקע׳ן. יענע האָט אָבער געטאָן אירס, — געביסן דעם ברויט און דעם בייגל און געלאַכט.

---

*) קליין און גערדיכט.
**) תפילה.

מיר איז געוואָרן פרייליכער. איך האָב אָפּגע׳פּטר׳ט אויף גיך דעם דאַוונען און שוין בדעה געהאַט נעמען זיך פאַר דער אכילה. — דער שיקסל׳ס „פרעסן״ האָט אויפגעוועקט אויך מיין אַפּעטיט. האָב איך זיך אָבער דערמאָנט, וואָס דער טאַטע האָט מיר אָנגעזאָגט — חלילה וחס, ניט צורירן זיך צו קיין זאַך, ניט פרעגנדיק פריער ביי דער מאַמען, צי מען מעג אָדער מען טאָר דאָס ניט עסן.

איך ווייס ניט, וואָס עס וואָלט סוף כל סוף געווען, צי דער הונגער אָדער מיין אידישקייט. האָט אָבער דער אויבערשטער מיך אויסגעהיט פון אַ נסיון — די מאַמע איז געקומען.

זי איז געווען נאַס, פּיטש־נאַס, ביז׳ן לייב דורכגעווייקט. זי איז געווען אויך שטאַרק אָנגעהאָרעוועט און פאַרמאַטערט, אָבער דוקא גוט אויפגעלייגט און פריילאך. קענטיק, זי האָט געהאַט אַ גוטן פרימאָרגן — די אסענינע האָט זיך איינגעגעבן!

פיליפּיכע האָט איר געהאָלפן אַראָפּשלעפּן די נאַסע קורטקע, האָט עס אויסגעשפּרייט לעבן אויוון — טריקענען זיך, דערלאַנגט אַ פּאָר טרוקענע וואָלענע זאָקן, וועלכע די מאַמע האָט פריער בודק געווען, אויב אין זיי איז חלילה קיין שעטנז ניטאָ — און מיר זיינען געגאַנגען צום טיש עסן.

פיליפּ און די מאַמע האָבן דערציילט טשיקאַווע זאַכן — ווי איוואַן האַפּקע האָט זיך גאַנץ שיין אָנגעטרונקען מיט די בראַנפן, וואָס די מאַמע האָט אים מכבד געווען, גאַנץ פיין פאַר־ביסן מיט אַ בולקע. אָבער, אַז עס איז געקומען צו געבן אסענינע, האָט ער זיך געקראַצט אין פּאַטעליניצע, געקווייינקלט זיך און גע־זאָגט, אַז ער האָט ניט וואָס צו געבן און קען ניט געבן. ביז ער, פיליפּ, האָט אים גוט אויסגע׳מוסר׳ט, און די מאַמע האָט אים געגעבן אַ גוטן גאָב. דערנאָך האָט ער שוין דוקא געגעבן אַ גוטע, אָבער גאָר אַ גוטע אסענינע.

מען האָט דערציילט נאָך זאַכן... גערעדט.... פיליפּיכע האָט סודות׳דיק עפּעס אַריינגעשושקעט דעם מאַמען אין אויער... מען

האָט געקוקט אויף מיר, אויף דער שיקסעלקע, געקוקט און גע־לאַכט, און די מאַמע האָט פּלוצלינג מיך געכאַפּט קושן.

איך האָב זיך מיט א כיון גע׳ברוגז׳ט, אויפגעוואָרפן דער מאַמען, פאַרוואָס זי האָט מיך אָפּגענאַרט, הלמאי זי האָט מיך ניט אויפגעוועקט און ניט גענומען גיין אין אסענינע? צו וואָס־זשע בין איך אינגאַנצן געפאָרן אהער?... די מאַמע האָט הייליק פאַרשפּראָכן, אַז מאָרגן, אם ירצה השם, אויב עס וועט ניט רעגענען, וועט זי מיך געוויס, בלא נדר, נעמען.

— אָבער, זע דו זאָלסט קיין חרטה ניט האָבן, זונעלע. עס איז גאָר ניט אזוי געשמאַק ווי דו מיינסט. — האָט זי פאַרענדיקט.

ביני לביני האָט מען געבראַכט אויף צוויי פּאָר פערד אָנ־געלאָדן די מתנות, וואָס די מאַמע האָט אין דעם פרימאָרגן צונויפ־געקליבן. מען האָט דאָס אראָפּגעלייגט ביי פיליפּ׳ן אין שפּייכלער און מיר זיינען אהין געגאַנגען „טאָן ארבעט", ווי די מאַמע האָט זיך אויסגעדריקט.

ביים פאַנאַנדערסאָרטירן די תבואות און ביים צושטעלן יעדע זאַך אויף אָן אָרט, האָט די קליינע קאַטקע זיך אויסגעצייכנט מיט איר בריה׳שקייט, ווי אָן אַלטע געניטע האַנט. די מאַמע, וועמען דאָס איז שטאַרק געפעלן געוואָרן, און וועלכע איז געווען סיי ווי צופרידן פון דעם פרימאָרגן, האָט דערלאַנגט קאַטקע׳ן א גרויסע — א קאָפּיקענע — קאָנפעקט:

— נאַ, קאַטינקע, דו ביסט א וואוילע, געראָטענע באַלע־באַסטעטשקע!

יענע, ניט לאַנג טראַכטנדיק, איז צוגעלאָפן צו מיר א שיינענדיקע פון גליק, האָט צעבראָכן דעם קאָנפעקט און, שפּאַרנ־דיק מיר גלייך אין מויל אריין די גרעסערע העלפט, האָט זי זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט און מיך א קוש געטאָן...

אַלע האָבן אָנגעהויבן לאַכן. אָבער איך בין געוואָרן ווי א צומישטער... עפּעס א מאָדנע ווייכקייט, א צופלוס פון א ליבער וואַרימקייט האָט זיך צעגאָסן אין אַלע מיינע גלידער... אָבער

די עבירה? די חרפּה? וואָס וועט דער רבי זאָגן, און די חברים? אי, אי, ווען די חברים דערוויסן זיך דערפון!... סטייטש, א חדר־אינגל, וואָס לערנט שוין גמרא — געקושט פון א שיקסל! — זיי וועלן דאָך מיר דעם לעבן נמאס מאכן! דער געמיש פוןביידע געפילן האָט מיך ווי צוגעדריקט. איך האָב מיט ביידע הענטלאָך צוגעדעקט דעם פּנים און אַפּהענטיק אראפּגעלאָזן זיך אויף דער ערד.

פיליפּ, וועלנדיק פאַרגלעטן די מעשה מיט'ן קוש, האָט קאַטקע'ן אַנגעפּאַטשט. לכתחילה האָט דאָס מיר, דוכט זיך, הנאה געטאָן: אַ מצוה אויף איר! אדרבא, זאָל זי וויסן!... אָבער כהרף עין האָט דאָס מיך זייער פאַרדראָסן. און אַז זי האָט אָנ־געהויבן וויינען, האָט מיך פאַר דער צענטער ריפּ פאַרנומען. איבער מיר וויינט זי, נעבאָך... איך בין צוגעלאָפן צו איר, אָנגעהויבן גלעטן איר קאָפּ — אירע זייד־דיניגקע פלאַקסענע האָר האָבן זיך אזוי ווייך, צערטלאָך געפילט צווישן מיינע פינגער. איך האָב מיט מיין אַרבל געווישט פאַמעלאָך אירע טרערן — ווי באָב, וואָס זיינען גערונען איבער אירע האַלב־ווייסע און האַלב־רויטע פּוכקע בעקלאָך. געבעטן זי זאָל ניט וויינען מער, אָנגעבאָטן איר די איינציקע קאָפּיקע, וואָס איך האָב געהאַט, אָבער זי האָט ניט גענומען. זי האָט געקוקט אויף מיר מיט אירע אויגן פול טרערן, געשלוכצט, געשמייכלט אזוי חנ'עוודיק. מיר איז צעגאַנגען דאָס האַרץ פון רחמנות, מיך האָט אזוי עפּעס געצויגן צו איר. איך האָב געוואָלט איבער זיך געוועלטיקן, אָבער ניט געקענט — און געגעבן איר אַ האַרציקן קוש!...

פיל, פיל טרערן פון תשובה און חרטה, קאַפּיטלאָך תהלים, ענוים און יסורים האָט מיך געקאָסט דער ערשטער אומשולדיקער קוש!... זאָל דאָס זיין אַ כפּרת־עון פאַר מיינע שפּעטערדיקע פילע און גאָר ניט אומשולדיקע קושן, וועלכע איך האָב געגעבן און גענומען...

אויף מאָרגן האָט די מאַמע געהאַלטן וואָרט. פיליפּ איז געווען גראד פאַרנומען אין זיין שייער, האָט די מאַמע מיך גע־

נומען פאר „א שטיקל הילף". גערעגנט האט ניט, אבער דער הימל איז געווען דיק און שווארץ פארוואלקנט, און עס איז געווען „פינסטער ווי דער אידישער גלות". די לופט איז געווען פייכט און קאלט, און קויט און בלאטע איז געווען ביז'ן האלז. אויפשטייענ־דיק אין האלבע־נאכט און ארויסגייענדיק פון א ווארימער שטוב, האב איך געציטערט מיט אלע מיינע אברים. א חוץ דעם, האב איך זיך געשראקן אויך. מיינע כשר'ע ציצית האבן דאס מאל ניט געהאלפן. איך האב מורא געהאט שלעפן זיך מיט דער מאמען אליין צו די שייערם — א שטיק מהלך פון דארף. אין הארצן האב איך שוין חרטה געקראגן אויפ'ן גאנצן עסק. האב אבער פארביסן די ליפן און ניט אונטערגעגעבן זיך.

קיין אויסגעטראטענע וועגן פון די הייזער צו די שייערם זיינען ביי אונזערע פויערים ניט געווען, און אין דער פינסטערניש וואלט מען סיי ווי ניט געזען. די מאמע האט זיך שטענדיק גע־איילט, מחמת היום קצר והמלאכה מרובה. דערצו האט זי גע־האט אין זינען, אז גייענדיק לעבן די הייזער, קען דעם גוי'ס „ווייברע", די „כלב'טע", אנשטויסן זיך, אז דאס גייט מען צו איר מאן אין שייער, ארויסצוקריגן עפעס פון איר „האב און גוטס", און קאן ניט נאר מאכן סקאנדאלן, נאר אויך פשוט גוט מכבד זיין. — האט זי זיך געלאזן קריכן מיט מיר איבער פאר־קאנעם און פלייטן — זייטיקע וועגן, אבער פיל קירצערע.

און דא בין איך איר באמת גוט צונוץ געקומען. איך האב זיך גיך ארויפגעדראפעט אויפ'ן פארקאן, גענומען ביי דער מאמען דעם פעקל זעק, די בוקליאזשקע בראנפן און דעם זעקעלע „פאר־בייסן", אראפגעלאזן דאס אויף דער אנדער זייט. אויב דארטן איז געווען קויטיקלאך, האט דאס אויך ניט אויסגעמאכט. איך האב געגעבן א האנט דער מאמען און געהאלפן איר אריבער־קלעטערן. די מאמע איז שוין געווען גאר צופרידן מיט מיר — מאכט זיך אבער א נייע צרה, די כלבים!... די דארפישע הינט איז, קענטיק, ניט געפעלן געווארן אונזער קפיצת הדרך, און ניט קענענדיק קיין אידן, ניט געוואוינט צו דעם אידישן הלוך און

קליידונג, זיינען זיי אונז באַפאַלן מיט גרויס רוגזה און רציחה... איך האָב אָנגעהויבן צו גוואַלדעווען... די מאַמע האָט גענומען שרייען אויף מיר — איך זאָל ניט שרייען. זי האָט אויף גיך ארויסגעכאַפּט אַ בולקע, צעבראָכן אין שטיקלאך און צוגעוואָרפן די הינט. זי האָט גערעדט צו זיי, געבעטן זיך ביי זיי, אפשר גע־מוסר'ט זיי, און צוביסלאך זיי איינגעשטילט... מיר זיינען ארייג־געגאַנגען צו אַנדריי פּטאַשאַק אין שייער אריין.

— גוט מאָרגן, העלף גאָט! דער אויבערשטער האָט געגעבן און וועט דיר געבן נאָך כפל כפלים, כדי דו זאָלסט קענען אויך אונז געבן!...

— גוט יאָר, ריוועטשקע! אָ, אַ דאַנק זיין הייליקן נאָמען, ניטאָ וואָס צו זינדיקן. האָט אונז ניט געקריוודעט דעם יאָר — נו, איך וועל דיך אויך ניט קריוודען! אז גאָט גיט — דאַרף מען אויך געבן!

די מאַמע האָט אים מכבד געווען מיט אַ גלעזל שנאַפּס. דער גוי האָט מיט גרויס אַפּעטיט אויסגעטרונקען איינע און נאָך איינע און אַ דריטע.

— מער טאָר מען ניט, — זאָגט ער. — מען דאַרף נאָך ארבעטן!

„ער איז אַ טייערער שתקן", האָט די מאַמע אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין, אָבער אָנגעבאָטן אים נאָך אַ גלעזעלע.

— פאַר אַ האָרעפּאַשנעם *) מענטשן איז גוט אַ גלעזעלע שנאַפּס. נאַ, טרינק אויס און פאַרבייס, אָט האָסטו, אַ גוטן שמאַלץ הערינג מיט אַ בולקע. נישקשה, עס וועט דיר ניט פאַר־שאַטן. כ'לעבן, עס וועט דיר געבן מער כח און פרישקייט צו דרעשן גאָט'ס גאָב און דיין האָרעוואַניע!

אַנדריי האָט עפּעס אַ מאָדנעם דריי און הויב געטאָן איין אַקסל, אַ שמייכל געטאָן, אויסגעטרונקען, און שניידנדיק דעם הערינג האָט ער אַ רוף געטאָן דעם זון, וועלכער האָט זיך ערגעץ

*) אַ שווערער אַרבעטער.

ארומגעדרייט ארום שייער, און וועלכן מיר האָבן פריער גאָר ניט באַמערקט.

דער בנ'אָק איז געווען א געזונטער שייגעץ פון א יאָר צוואַנ־ציק, מיט א פּנים געשטופּלט ווי א ריב־אייזן, מיט צוויי גרויסע וואַסערדיקע, ווי ביי א בהמה, אויגן און מיט א פּלאַטשיקן נאָז. קייקלענדיק זיך אויף זיינע צוויי, ווי האַלבע בייגל, אויסגעדרייטע פיס, האָט ער זיך דערנענטערט צו אונז און געלאָזט זיך פון זיין פאָטער מחנך זיין... ער האָט אויסגעקערט די קווארטירל בראַנפן אין מויל אריין, א פירשקע געטאָן, ווי א פערד מיט די נאָז־לעכער, א שאָקל געטאָן מיט דער צעפּאַטלטער טשופּרינע*), א כאַפּ געטאָן א שטיק הערינג מיט בולקע און, א שפּיי טוענדיק מיט א פולן מויל, מיט א קנאַק אויף דר'ערד, האָט ער דאָס אריינגערוקט אין א מויל, ווי א דייזשע — און א מורמל געטאָן:

— אוי, וואָס פאַר א ביטערע בראָנפן, שדים וויסן דאָס... אָבער ביטער!

דערביי האָט ער געמאַכט אזא תנועה, פון וועלכער עס איז שווער געווען צו פאַרשטיין, צי חידוש'ט ער זיך דאָס, צי ער באַשמאַקעוועט זיך פון גרויס הנאה, אָדער ביידע זאַכן אין איינעם.

דער טאַטע מיט'ן זון האָבן זיך מער ניט געלאָזן בעטן. אדרבה, זיי האָבן איינער דעם אַנדערן מכבד געווען מיט'ן טרינקען און פאַרבייסן. זיך ניט געאיילט, געקייט פּאַמעלאַך, געשמועסט — געלויבט די בראַנפן, דעם הערינג און דער מאַמען... קענטיק, זי האָט זיך איינגעקויפט בייביידן אין גוטער לאַסקע. זי האָט פאַנאַנדערגעבונדן אירע זעק, א קלאַפּ געטאָן דעם יונגן אין פּלייצע און א זאָג געטאָן:

— נו, טשימאַך, א נו, וועלן מיר זען, ווי דו וועסט מיך באַ־האַנדלען!

---

*) די האָר פון קאָפּ.

און טשימאַך האָט געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט: געגעבן אַ פּאָר מעסטלאַך קאָרן, האָבער, גריקע — אַ מעסטעלע ווייץ, אַ זעקל קאַרטאָפל, ציבעלעס, ליינזוימען — געגעבן פון אַלץ, וואָס עס האָט זיך געפונען אין שייער! מען האָט נאָך אַמאָל אויס־געטרונקען — און ער האָט ווידער אַמאָל געגעבן. איצט האָט ער געגעבן באָב, אַרבעס, ניס, האַרבוזשיקעס און צום סוף — גאָר אַ קערבל האָניק! וואָלט די מאַמע געווען גאָר צוגעשטאַנען צו זיי, וואָלט זי געקענט אַרויסבאַקומען נאָך און נאָך. אָבער זי איז געווען „מיט אַ האַרץ", ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט. און איר איז געווען „פריקרע" אַזוי פיל שלעפּן ביי זיי. זי האָט זיי אמת־האַרציק באַדאַנקט, אָנגעווינשעוועט כל טוב, געגעבן נאָך אַמאָל אויסטרינקען און פאַרבייסן — דעם מאָל אַ פּאָר גוטע בארן, — און גענומען זיך צום פאַרבינדן (מיט אַ סימן פונדעסטוועגן) די זעק.

ווען זי האָט אָנגעהויבן לויבן און גאָר ניט געקענט זיך אָנ־לויבן טשימאַכקעלעס גוטסקייט, האָט דער אַלטער אַנדריי אַ לאַך געטאָן און געזאָגט:

— ניין, ריוועטשקע! עט, וואָס מיר גוט, ווען מיר גוט. ער איז האַרט, ווי אַ שטיין, מיין טשימאַכקע. נאָר אָט גאָר ניט, דו ביסט אַ מזל'דיקע — און גאָר! האָסט געדאַרפט זען, וואָס פאַר אַן אָפּשניט דער „באַטיושקאַ", דער גלח, האָט דאָ געהאַט! אַ האַלב מעסטעלע האָבער האָט ער אים געגעבן און גענוג. וואָס יענער האָט ניט צו'טענה'ט, וויפיל ער האָט זיך ביי טשימאַכקען ניט געבעטן ער זאָל אים געבן כאָטש נאָך עפּעס — ניין. „עס איז גענוג פאַר דיר", האָט ער געענטפערט. און אַזוי טאַקע איז ער מיט בזיונות אוועקגעגאַנגען. אונזער אייגענער באַטיושקאַ, — עס איז מיר אַ חרפּה די אויגן צו ווייזן. דעם שמיר אונזערן — האָט ער זיך אויך ניט איבערגעגעבן, דעם שענקער, — האָט ער אינ־גאַנצן אַרויסגעטריבן — אַ לעק ניט געגעבן! דעם שניידער האָט ער נאָך דאָרטן, כלומר'שט, דאַכט זיך, עפּעס יאָ געגעבן ווי עס באַדאַרף צו זיין, אָבער קיין העלפט ניט פון דעם, וואָס איך גיב

אַלע יאָר. אַט, דו, נאָר דו, האָסט מזל, הלואי ווייטער, דיך האָט ער באַהאַנדלט פ י י ן, אָבער פיין, וואָס פיין הייסט. ניט אמת, הא?

— נישקשה, נישקשה, — האָט די מאַמע געפּרואווט פאַר־ענטפערן טשימאַכ׳ן, — ער ווייס מסתמא, וואָס ער טוט. אַט, אַז ער וועט קומען אין שטאָט, וועל איך אים אויך שיין מכבד זיין.

טשימאַכקע, וועלכער האָט זיך דערווייל גע׳עסק׳ט אין אָפּרוקן און צושטעלן די פאַרבונדענע זעק, וואָס געהערן שוין דער מאַמען, האָט, ניט קוקנדיק אויף קיינעם און ניט אַ קער טאָנדיק זיך אפילו, נאָר צו זיך אַליין, אָדער צו די זעק, אַ זאָג געטאָן:

— אַט דאָס איז דאָך! אַן אַלטער נאַר, ווייס ניט, וואו איין, וואו אוים! גיי נעם זיך אָן אויף דער גאַנצער כאַליאַסטרע, וואָס קומען זיך צושלעפּן! גיב און גיב!... פון גאָר דער וועלט קומען זיי... נאָר שלעפּן און שלעפּן וואָלטן זי!... הם, דער באַטיושקאַ! אַ סך גיט ער דיר? (און דאָ האָט ער בייז אַ קוק געטאָן אויף דעם פאָטער). ער קומט מיט זיין גראָבן בויך און מיט אַ מאָרדע גלאַנצנדיק פון פעטס — און גיב אים... מאָנט! אַ חלק האָט ער אריינגעלייגט! ער האָט גאָט געבעטן, זאָגט ער. שדים זאָלן אים נעמען! נישקשה, אַז דו ביסט געגאַנגען צו אים בעטן אויסבאָרגן אַ פּאָר מעסטלאָך ווייץ, איז ער אַנדערש ניט מרוצה געוואָרן, סיידן דו זאָלסט אים אָפּגעבן דריי מעסטלאָך פאַר צוויי. אַ יאָ, הא? גאָטס מענטש! הם... אַ קרענק וועל איך אים געבן! איך האָב חרטה אפילו אויף די ביסל האָבער, אַרויסוואַרפן בעסער געדאַרפט! דו לייגסט, דו אַלטער עובר־בטל, דעם שמיד האָב איך נעגעבן מער ווי אים האָט געקומט. דעם שניידער — זאָגסט דאָך אַליין — גענוג געגעבן. און מאַשקען דעם שענקער? — אַ מכה!.. ער איז רייכער פאַר אונז און ער שטעלט צו צום חשבון. אַ גנב, אַ ווייסל פון אַן איי — איבער׳ן קאָפּ געדאַרפט געבן! אָבער אַט די רבקה, אַ גוטע, ערלאַכע זשידאָוועטשקע! קומסט צו איר אין קראָם, גיט זי דיר אַ ביסל אויל צו דער בולקע, אַ ביסל דיעגאַכץ אויף די רעדער שמירן, באָרגט אַ פוד זאַלץ, אַ פּאָר צענדליק טאַ־

ראַנעס, ווען קיין געלט איז ניטאָ — נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט באַצאָלט! אַ פאַרגלייכעניש אַ ביסל!... אַ פּרויענצימער האָ־רעוועט נעבאַך, ווערט פאַרשוואַרצט; אָט זעסט דאָך, שלעפּט זיך ארום בייטאָג און ביינאַכט — ווייל אירע קינדער מפרנס זיין. נו, טאַ, אַז גאָט העלפט, פאַרוואָס ניט? אודאי דאַרף מען איר געבן אַ חלק! איר קומט! דו פאַרשטייסט?...

די מאַמע האָט זיך געפרעגלט פון נחת, געבענשט און געלויבט דעם חכם־עתיק טשימאַכען און געשוואָרן, אַז אַזאַ יאָר זאָל זי האָבן ווי גערעכט ער איז!

מיר זיינען אין נאָך פיר־פינף שייערס געווען יענעם פרימאָרגן. איינער האָט געגעבן מער, אַן אַנדערער — ווייניקער, קיינער אָבער האָט ניט ארויסגעלאָזן מיט גאָרניט. דאָ האָט די מאַמע אַ חוב׳ל אויפגעמאָנט, דאָרטן — אַ ביסל סחורה געקויפט גאַנץ ביים ווענ. און אויך דער פרימאָרגן איז געווען אַ גאַנץ גוטער.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט צו פיליפּן אין שטוב, איז שוין געווען גאַנץ שפּעט. מיר זיינען געווען שטאַרק הונגעריק און זייער אויסגעמאַטערט. די מאַמע אָבער, אַזוי גיך ווי זי האָט נאָר עפּעס איבערגעביסן, האָט זי זיך שוין ווידער אָנגעהויבן איילן. זי דאַרף, זאָגט זי, געוואָרע ווערן עטלאַכע באַקאַנטע גויעס. „מע קען עפּעס וויסן?... אפשר עפּעס מאַכן?״... און מיר זיינען אוועקגעגאַנגען שוין דעם מאָל איבער די הייזער... קענן אַלע מיינע דערוואַרטונגען האָבן די באַקאַנטע גויעס ניט געגעבן אונז אַזאַ קבלת פנים, ווי זייערע מענער אין די שייערס. אפילו אויף אונזער „גוט־מאָרגן״ מיט אַ האַלבן מויל געענטפערט. געווען גאָר אומצופרידן פון אונזער וויזיט און געקוקט אויף אונז קרום. ערשט דערנאָך, ווען די מאַמע האָט מיט זיי זיך פאַנאַנדערגערעדט, דערמאָנט אַלע זכות אָבות, די טובות וואָס זי האָט זיי געטאָן, און דערצו נאָך מכבד געווען זיי מיט די קינדער מיט גוטע עפּל, באַרן, בייגל און צוקער־קעס, האָט אַ וועלכע גויע אָראָפּגענומען די האַנט פון האַרצן און נעגעבן עפּעס. ווער — אַ ביסל קאָנאָפּליעס, מאָן אָדער אַ בינדעלע

פלאקס, ווער — א פאר צענדליק אייער, א נאמעטקע*), א הון צי א האן. אלע אזעלכע קליניקייטן, וואס האבן ביי די גויעס קיין גרויסן ווערט ניט געהאט...

די מאמע האט געזאגט, אז ארום און ארום האט זי פונדעסט־וועגן אנגעקליבן עפעס, וואס עס איז כדאי געווען איר טרחה — ביי די כלב'טעס קען מען זיך בעסער ניט דערלעבן! גוט איז דאס אויך: אט האבן מיר עופות אויף כפרות שלאגן געקראגן! אבער לגבי די מתנות, וואס מיר האבן אין די שייערס געקראגן, זיינען די ווייבערשע שטוב־מתנות געווען א גארנישט שבגארנישט, טאקע נאר מיאוס געמאכט זיך.

איך האב זיך געפילט שטארק אפגענארט, געקריוודעט, האב פראטעסטירט און געפרעגט ביי דער מאמען:

— סטייטש, פארוואס האבן די גויעס אונז אזוי שלעכט, אזוי מיאוס באהאנדלט?...

די מאמע האט געלאכט און געזאגט:

— אי, דו ביסט דאך גאר א נארעלע, זיי זיינען דאך ווייבער,— ווייבער גיבן זיך ניט צופיל איבער!

איך געדענק שוין ניט, אויב דער מאמעס תירוץ האט מיך דעמאלט באפרידיקט, אבער מיין דערפארונג פאר די עטלאכע און פופציק יאר, וואס זיינען פארלאפן פון דעמאלט ביז היינט, האט מיך אינגאנצן איבערצייגט אין דעם אמת פון מיין מאמעס „לעבנס־ווייזהייט". יע, ווייבער, מיט א זעלטענער אויסנאם, גיבן ניט און האבן פיינט צו געבן! ווען עס קומט צו נדבת לב, באלוינען, אדער לאזן זיך געפינען, איז דער חילוק פון ווייבער און מענער, ביי ארים און רייך, ביי די אומגעלומפערטסטע איגנאראנטן ווי ביי די גע־בילדעטע, ביי פרומע און ניט פרומע — פונקט דער זעלביקער ווי אין דארף „פאנקראטעווויטש" צווישן די גוים און גויעס: די מענער זיינען ברייט־הארציק, פרייגיביק, אנדערע האבן אפילו א

---

*) זייער א גוטער דינער לייוונט מיט רויטע ברעגן, וועלכע די גויעס טראגן אויפן קאפ אנשטאט א היטעלע.

הנאה גאָר פון געבן; די ווייבער, להיפוך, זיינען קמצנות'דיק־קאַרג, קליינלאַך און ענגהאַרציק — ווילן ניט און קענען ניט געבן.

ווען מיר זיינען דאָנערשטאָג שפּעט בייַנאַכט אַרויסגעפאָרן צוריק אַהיים, האָבן זיבן פּאָר פערד געפירט די צונויפגעקליבענע „אַסענינע" פון פאַנקראַטאַוויטש. די וואָגנס זיינען געווען גאַנץ הויך אָנגעלאָדן. און מיך האָט די מאַמע איינגעמעשטשעט*) אַזוי צווישן די זעק סחורה, דאָס איך זאָל חלילה ניט אַראָפּפאַלן שלאָפנדיק פון וואָגן. די נאַכט איז געווען ליכטיק, קלאָר, טרוקן און קאַלט, די פערד זיינען געגאַנגען פּאַמעלאַך און די גוים, האַלטנדיק די לייצעס, זיינען געגאַנגען ביי די זייטן און האָבן גאַנץ לעבעדיק געשמועסט. אייניקע פון זיי האָבן תמימות'דיק און גוטמוטיק באַמערקט, אַז קיין איין באַלאַבאָס אין דאָרף פאַרמאָגט ניט אַזוי פיל סחורה, וויפיל די מאַמע פירט דאָ אַרויס — גאָרניט אַקערנדיק און ניט זייענדיק, אָבער זיי פאַרגינען איר מיט'ן גאַנצן האַרצן, „ווייל ניטאָ וואָס צו ריידן — זי איז אַ וואוילע זשידאָוואָטשקע". איך בין געזעסן און געשאָקלט זיך, געוויגט זיך און געדרעמלט, און גע'חלומ'ט, ווי איך קוש זיך מיט קאַטינקען... און פון דער יאַזדע צוריק האָב איך גראָד הנאה געהאַט.

*) אַרייַנגעקוועטשט.

ז.

# וועלטשיק יחיאל׳ס.

נאָך גאָר פון קינדוויים־אויף, האָב איך שוין דרך ארץ גע־האַט פאַר דעם פעטער וועלטשיק. ביי אונז אין שטוב האָט מען שטענדיק זיין נאָמען נאָר צו גוטן דערמאָנט און מיט גרוים אפשיי. אפילו דער טאַטע האָט געהאַלטן פון אים אַן עולם ומלואה. און דער טאַטע איז אויף די זאַכן געווען אַ גרויסער מקפיד. ער האָט אפילו קיין שלעכטס אויף קיינעם ניט גערעדט, אָבער ער האָט שטאַרק מבטל געמאַכט אונזערע מיוחסים, די בערן, די אנשי שם. ער פלעגט זיך אַ קרים טאָן אָדער אַ שטאַרקן מאַך טאָן מיט דער האַנט און אַ ברום טאָן: „עט, וויים איך וואס". אפילו ער האָט פאַר זיין מאַמע׳ס ברודער, דעם פעטער וועלטשיק, שטענדיק גע־האַט אַ גוט וואָרט. „ער איז אַ געהויבענער איד. אָבער טאַקע גאָר פון די געהויבענע" — פלעגט ער אויף אים זאָגן. און דער־ביי צושאָקלען מיטן פינגער לעבן דער רעכטער אויג, וואָס דאָס האָט באַטייט, אַז ער מיינט נאָך אַ סך מער, ווי דאָס וואָס ער זאָגט.

דער פעטער וועלטשיק איז געווען דער איש חשוב, דער מיוחס, די גילדערנע פאַן אין דער משפחה. ביי אַ שידוך איז ער געווען אַ גאַנצער נדן. „פשש, וועלטשיק יחיאל׳ס אַ לייבלאַכער שוועסטער קינד", „וועלטשיק יחיאל׳ס אַ פלימעניק", אָדער „ער, צי זי, שטאַמען דאָך פון וועלטשיק יחיאל׳ס משפחה!"

די משפחה גופא האָט זיך אויך באַצויגן צו אים גאָר אַנדערש ווי צו אַנדערע קרובים. אז עס פלעגט קומען צו שלח מנות

שיקן, פלעגט מען דעם פעטער וועלטשיק׳ן שיקן עפּעס גאָר פון אן אנדער שניט און סאָרט: אַ פלעשל אַרעק, צי קאָניאַק, אַ פּאָר גרויסע אַפּעלצינען, וואָס זיינען געווען אַ יקר־המציאות ביי אונז. און אַז דער שלח־מנות־טרעגער איז געקומען צוריק, האָט מען גאָרניט געזוכט אין טעלער, ווי דער שטייגער איז געווען, נאָכ־קוקן, וואָס ער האָט אָפּגעשיקט, ניין. מען האָט גאָר־ניט מקפּיד געווען, אפילו גאָר ניט אַ קוק געטאָן אין יענער זייט. עפּעס דער עצם שיקן שלח מנות דעם פעטער וועלטשיק׳ן איז געווען שוין אַ חשיבות און אַ כבוד. ווער רעדט, אַז עס האָט זיך אימעצן אין דער משפחה איינגעגעבן אַראָפּצוּבּרענגען דעם פעטער צו אַ סנדק, אויף אַ ברית, אָדער די כלה אונטער דער חופּה בּענטשן, איז דאָס געווען אַ גרויסע גדלות, מען האָט לאַנג דערנאָך גערעדט דערפון מיט גרויס צופרידנקייט.

פילע פון די קרובים האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב גיין צום פעטער גוט יום־טוב ביטען. די יחידי סגולה, זיינע אמת׳ע מקורבים, אָבער האָבן געהאַט די זכיה ערב יום כפּור פאַר כל נדרי בענטשן זיך ביי אים.

איך געדענק, ווי איין ערב יום כפּור, נאָך דער סעודה המפסקת, ווען דער טאַטע האָט ביים בענטשן זיך שוין גוט אויסגעוויינט און די מאַמע האָט זיך געקליבן טאָן די זעלביקע זאַך, נאָר מיט מער חשק, ביים ליכט בענטשן, האָט דער טאַטע מיך גענומען פאַר׳ן האַנט און געפירט דעם ערשטן מאָל צום פעטער בענטשן זיך.

אַ הויכער איד, כמעט אַ זקן שוין, מיט געקרייזלטע פּאות׳ן, מיט אַ גרויסער לאַנגער באָרד, וועלכע איז אַריינגעפאַלן אין אַ גראָקייט, און פון וועלכער ער האָט מיט צוויי פינגער גע־גלעט נאָר איין איינציקע האָר, מיט שפּאַקולן אַרויפגערוקט אויפ׳ן שטערן — ער האָט זיי ניט געדאַרפט, נאָר געטראָגן צוליב עין הרע — איז ער געזעסן פאַרטיפט אין אַ ספר. דער פּנים איז געווען אַלט אפילו, אָבער זייער ווייך און גוט. זיינע טיף אַריינגעזעצטע אויגן האָבן געשמייכלט און געפינקלט, ווי ביי אַ

קלוגן יונג, אַ שטיפער. ביי אונזער אריינקומען האָט ער גע־מאכט אַ באוועגונג, ווי אויפצוהייבן זיך. אונז אָפּגעגעבן אַ ברייטן גוט יום־טוב: „לשנה טובה תחתמו", און שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן, ווי צו זיך אַליין: „יע, יע, אַל תהי ברכת הדיוט קלה בעיניך... און אפשר. פאר וואָס טאקע ניט? איך בין דאָך אַ כהן, מזרע אהרן, ברכת כהנים איז דאָך מדאוריתא. הייגט ווער וויים די אמת'ע כונה פון די ברכות, פון דער תורה? עמוקה משאול ורחבה מני ים!" און ער האָט געוואשן די הענט, אויפגעהויבן זיי, ווי צו ברכת כהנים, איבער דעם טאַטנ'ס אָנ־געבוייגענעם קאָפּ, צוגעמאכט שטייף די אויגן, אַ קרעכץ געטאָן און מיט גרוים כונה געשעפטשעט זיין ברכה.

מיך האָט ער פריער אַ גלעט געטאָן איבער'ן קעפּל און נאָך דער שטילער ברכה, האָט ער שוין צוגעגעבן: „ישמך אלהים כאפרים וכמנשה" און ליבלאָך עטלאכע מאָל מיר גע־קלאַפּט אין פּלייצעַ. דער טאַטע האָט בינתים אריינגעקוקט אין דעם ספר, ביי וועלכן מיר האָבן דעם פעטער געטראָפן, און, ווי ס'ווייזט אוים, גע'חידוש'ט זיך.

— גאָרניט מעניני דיומא? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— פאַרוואָס? זהר איז אַלעמאָל און אין אַלע צייטן צום ענין. עס איז אַ סגולה צו דער נשמה, און פאַר כל־נדרי אודאי. עס איז אַן עת רצון, אַ שעת הכושר, און קען העלפן מצדיק את הדין זיין!

דער טאַטע, האָב איך געזען, האָט צוגענומען די רייד, ווי אַ סוד וואָלט זיך פאר אים אַנטפּלעקט, כאָטש באמת איז ער געווען אַ סך אַ גרעסערער למדן און מער חסיד, ווי דער פעטער. קיין גרויסער למדן איז דער פעטער וועלטשיק ניט געווען. ווייטער פון אַ פּרק משניות איז ער ניט געגאַנגען. דער „חוק לישראל" איז געווען דער ספר, מיט וועלכן ער האָט זיך זעלטן ווען געשיידט.

קיין איבעריקער פרומאַק איז ער אויך ניט געווען. האָט ניט געפּראַוועט קיין סגופים, האָט זיך קיינמאָל ניט צופיל

גע׳דבקה׳ט און בכלל ניט ארויפגעשלעפּט אויף זיך קיין צורכא דרבנן. ער איז געווען אין שטאָט פאַררעכנט פאַר אַ גרויסן ערלאַכן אידן. ער איז געווען אַן ערלאַכער איד אויף זיין אייגענעם אָריגינעלן שטייגער. ער האָט, למשל, קיין דבר מן החי ניט געגעסן.

— אַ רחמנות אויף גאָט׳ס באַשעפענישן ,— פלעגט ער זאָגן. — לעבעדיקע ברואים, „ורחמיו על כל מעשיו", שטייט. עס, מען קען זיך גאַנץ גוט באַגיין, אַז מען זאָל זיי ניט עסן.

אין דברים בין אָדם לחברו איז ער געווען אַ שטאַרקער מקפּיד, בחוט השערה מדקדק געווען: „אויב עס איז באַשערט, חלילה, צו זינדיקן, איז בעסער אפּלה נה ביד ה׳ כי רבים רחמיו — עס העלפט תשובה, תפילה, יום־כפּור איז מכפּר, מתה ממרקת עונותיו של אדם. מען קען זיך, ווי עס איז, אָפּרייניקן. אָבער בין אדם לחברו — זאָל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין. עס העלפט דאָך סיי ווי סיי קיין זאַך ניט, עד אשר ישיב את הגזלה אשר גזל. ניין, ביד אדם אל אפּול!" און ער האָט טאַקע דאָס מקיים געווען אין יעדן פּרט.

יע, עס זיינען געווען ביי אונז אפשר פרימערע אידן, אָבער קיין ע ר ל אַ כ ע ר ע אידן, ווי וועלטשעק יחיאל׳ס איז ניט געווען בנמצא.

קיין גביר איז ער קיינמאָל ניט געווען, אפילו ניט קיין נגיד. ער האָט געלעבט בהרחבה און איז געווען אַ חשוב׳ער באַלעבאָס. אין די פריערדיקע יאָרן איז ער געווען אַ פּאָדראַדטשיק*), געהאַנדלט מיט וואלד, געווען אַ איד אַ סוחר. אָבער צו דער עלטער איז ער געבליבן ביי זיין שיינעם טראַקטיר**), וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן מאַרק, וואוהין אַלע מיליטערישע לייט פון קרעפּאָסט און די שטאָטישע באַאמטע פלעגן אריינקומען,

---

*) אונטערנעמער.

**) אַ וויין־הויז.

צוליב דעם גוטן נאָמען, וואָס דער טראַקטיר האָט געהאַט נאָך פון גאָר אַמאָליקע צייטן.

וועלטשיק אַליין האָט זיך אין געשעפט שוין כמעט גאָרניט געמישט. ווען־ניט־ווען נאָר, ווען ס'פלעגט קומען אַן אַלטער באַקאַנטער, אַן אָנגעזעענער גענעראַל און נאָכפרעגן זיך אויף „גאָספּאָדין קאַצענעלענסאָן", פלעגט ער אַריינגיין, הארציק באַגריסן זיך און גוט דורכשמועסן זיך וועגן פּאָליטיקע, וועגן די אַמאָליקע גוטע יאָרן וכדומה.

די קריסטלאַכע וועלט האָט פון אים אויך שטאַרק געהאַלטן: „אַ קלוגער איד און זייער אַן ערלאַכער", פלעגן זיי אויף אים זאָגן.

אין דער יוגנט, דערציילט מען, איז ער געווען אַ מאַדים אַ יונג, גאָר אַ ברען; פלעגט זיין אַ גרויסער בעלן אָפּטאָן אַ שפּיצל און גוט אַ שטיף טאָן. אָט, למשל, איינמאָל הושענה־רבה ביי־נאַכט, ווען דער גאַנצער עולם איז געזעסן אין שול ביי דעם לאַנגן טיש און געזאָגט תהילים און געגעסן עפּל, האָט אַ איד, וועלכער איז געזעסן ביים סאַמע ברעג, אַרויסגענומען אַ טאַבּעק־פּושקע. דער אַנטקעגנדיקער איד, וועלנדיק דערלאַנגען צום שמעק־טאַבּאַק, האָט זיך ביסלאַכווייז געצויגן און געצויגן, ווי פון אַ מאַגנעט, איבער'ן טיש, ביז ער האָט זיך אין זיין גאַנצער לענג אויסגעצויגן אויפ'ן טיש. וועלטשיק האָט די געלעגנהייט ניט פאַרזאַמט, אַ וואונק געטאָן צום עולם — און פּעטש האָבן אָנגעהויבן צו פליען פון אַלע זייטן און אַלץ אויף איין פּלאַץ... אַז דער איד האָט זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן: „סטייטש, אַזאַ חוצפּה, הושענא רבה און אין אַ מקום קדוש!" — האָט אים וועלטשיק איבערגעשלאָגן:

— עס איז ניט אמת, ר' פּעטער, קודם האָט מען אייך ניט אין מקום קדוש געפּאַטשט, נאָר גאָר פּאַקערט... און ווידער —מה רעש? האָט איר געקראָגן אומזיסטע מלקות הושענה רבה, איז שלעכט, וואָס? ס'ט געהערט, אַ איד לייגט זיך אַליין, ווי דער פּסוק דאָרטן ביי רש"י, וואָס זאָגט: „סרסני

ודרשני", און ווייל, אז אידן זאָלן האָבן אייזערנע הערצער?
נישקשה, נישקשה, זאָל זיין צו רפואה!...

א גאַנץ שמחת תורה איז די שול אומגעגאַנגען כּאַראַאָם *),
מען האָט געלאַכט א̇ן איבערגע'חזר'ט די חכמה.

אַן אַנדערש מאָל האָט פּאַסירט אַזאַ זאַך:

אין דער זעלבער שול, אין מזרח־וואַנט האָט געהאַט אַן
אָרט א באַלעבאָס, א גרויסער עם־האָרץ, נעבאַך, וועלכער איז
געווען פאַרליבט אין „ברוך הוא וברוך שמו". ער פלעגט
שרייען אויפ'ן קול הויך: „ברוך הוא וברוך שמו", ווען מען האָט
באַדאַרפט און ווען ניט; אפילו צו „גאל ישראל", וואָס מען טאָר
גאָר ניט, האָט ער אויך הויך אויסגעזונגען זיין „ברוך הוא
וברוך שמו" און האָט שטאַרק הנאה געהאַט און געקוואָלן פון
זיך אליין. מאַכט זיך אמאָל, אז ראש־השנה, נאָך תשליך, ווען
דער עולם איז שוין פויל, דער תהילים קריכט שוין פון האַלז,
מ'איז פול פון זאַגאַכצן, ווי א פויק, און ס'איז ניטאָ, מיט וואָס
די נשמה צו דערקוויקן, — באַמערקט וועלטשיק, ווי גראָד
דער „ברוך־הוא־וברוך־שמו'ניק" האַלט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ
אויף ביידע הענט אויף זיין סטענדער און שלאָפט גאַנץ געשמאַק.
ער האָט ניט לאַנג געטראַכט א̇ן כלומר'שט, ווי בילתי מתכון,
האָט ער מיט א פוס א האַסטיקן שלעפּ געטאָן דעם סטענדער,
וועלכער איז מיט א טאַראַראַם געפאַלן. דער אידל, וועלכער
האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט אויפצועפענען די אויגן, האָט
אויסגעשריען אויפ'ן קול: „ברוך הוא וברוך שמו!" א גאַנצע
עדה אידן האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, וועלטשיק איז געוואָרן
זייער מפורסם! (מען זאָגט, אז וועלטשיק האָט יענעם אידן
מחילה געבעטן און אים מפצה געווען פאַר דעם בזיון, וואָס ער
האָט אים אָנגעטאָן).

אמאָל איז וועלטשיק געווען אויף א יריד — קאָנטראַקטן
מאַכן, האָלץ פאַרקויפן — א̇ן איז געווען זייער באַשעפטיקט,

*) אויפגערעגט.

קיין פרייע מינוט ניט געהאַט. כאַפּט אים אַ בן־עיר, אַ יונ־געראַמאַנטשיק, אַ כניאָקל, אַן אייִדים אויף קעסט, און פאַרשיט אים מיט שאלות: וואָס טוט זיך אין דערהיים, אין שול, וואָס מאַכט דער, יענער — און לאָזט אים ניט אָפּ. וועלטשיק האָט מיט אַ קוק אָפּגעמאָסטן דעם פּאַרשוין, אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט:

— עס וואָלט שוין אַלץ גוט געווען, איז אָבער ביי אייך דאָרטן דער גוטער מעסער טריף געוואָרן.

— אַזוי, דער גוטער מעסער? טצי, טצי, מצי, סטייטש ווי אַזוי?...

— דער פערד איז געפאַלן, געדאַרפט אים אָפּשינדן, האָט מען זיך טועה געווען און געכאַפּט דעם גוטן מעסער.

— דער פערד איז געפאַלן? איי־וויי! אַזאַ סוס, אַזאַ היזק, אי־אי־אי! ווי אַזוי, וואָס האָט דאָרט געטראָפן, וואָס איז געשען, האַ?

— גאָר פּשוט, מען האָט אים איבערגעטריבן, די שטוב האָט אָפּגעברענט, האָט מען געדאַרפט וואַסער פירן.

— וואָס רעדט איר, אונזער שטוב האָט אָפּגעברענט? אוי־וויי איז מיר! ווען, וואָס, ווי אַזוי? טאַקע אינגאַנצן אָפּגעברענט? אונטערגעצונדן אימיצער, וואָס?

— ניין, דער טאַטע איז געשטאָרבן... געדאַרפט הייסע וואַסער אויף אָפּוואַשן, האָט מען דעם אויוון איבערגעהייצט.

— אוי, ר' וואָלף, איך האַלט ניט אויס! דער טאַטע געשטאָרבן? ווען? סטייטש, מ'דאַרף דאָך קדיש זאָגן!... אוי, וואָס פאַר אַן אומגליק! וואָס, פּלוצלינג? פון אַפּאָ־פּלעקציע? וואָס, ווי אַזוי, ווען האָט דאָס געטראָפן?...

— דאָ ניט לאַנג, טאַקע פאַר מיין אַוועקפאָרן. פון צער, נעבאָך, פון עגמת־נפש, ניט געקענט, אפנים, אַריבערגעטראָגן, וואָס דיין מאַמע מיט דיין ווייב האָבן זיך דערטרונקען...

דער יונגערמאַן איז אַוועקגעפאַלן אין חלשות. עס האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ רעדל. מען האָט דעם יונגנמאַן גע־

מינטערט, וועלטשיק האָט אויך געהאָלפן. און אז יענער האָט געעפנט די אויגן, פרעגט אים וועלטשיק:

— וואָס? ווילסט אפשר וויסן, ווי אזוי דו האָסט גע־חלשט, הא? — ווייטער זאָל א יונגערמאַן קיין זנב ניט זיין און ניט כאַפּן אויף א יריד א אידן ביי די לאַצן, וועלכער האָט בילכערע זאַכן, איידער באַלאַקען מיט דיר וועגן דער היים. האָב מיר א גוטן זייטשיך, דו שוטה איינער!...

די געשיכטע איז צעטראָגן געוואָרן אויף טעלערלאַך, און מיט וועלטשיק'ן האָט געקלונגען די גאַנצע שטאָט.

— פשש, א חכם, א מיניסטער ממש! — האָבן אידן גערעדט צווישן זיך.

צו די עלטערע יאָרן האָט וועלטשיק פארליען געלט אויף פּראָצענט — אויף א שטר עסקא, פארשטייט זיך. איינמאָל, קו־מענדיק ערב שבת אין בעדל, טרעפט ער זיך מיט זיינעם א לוה, א איד, א סוחר, וועמען ער האָט פארליען א פּאָר טויזנט רובל. מען האָט זיך צורעדט, ווי די מאָדע איז, וועגן מסחר. וועלטשיק האָט זיך נאָכגעפרעגט מכח די פּארטיע פלאַקס און ליינזוימען, אויף וואָס ער האָט יענעם די געלט פארליען.

— ניין, ניט געטראָפן, ר' וואָלף, גאָר ניט געטראָפן, עס וועט אויסקומען מיר צו פארלירן א פופצען הונדערט קערבלאַך.

— סטייטש, היתכן? — פרעגט וועלטשיק מיט אן אומרו־איקייט און פארוואונדערונג. — וואָס, די פרייזן געפאַלן?

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ר' וואָלף, אז דער, וועמענס נאָמען מען טאָר דאָ ניט דערמאָנען, וויל ניט, איז ניטאָ קיין חכמות!... גיי פרעג קשיות, אָט זעט איר דאָך, וואָס פאר א גרויסער באטרעף ס'האָט אונזער גאַנצע חכמה און מבינות? איר געדענקט די מעשה מיט דעם כוטאָר,*) די פליטן, וואָס איך האָב דאָרטן געהאקט, מיר האָבן דאָך אַלע מורא געהאט, אז איך וועל חלילה די קאָפּ דערלעגן, אָן א העמד ארויסגיין, הא? האָב איך

*) א דערפעל פון א פּאָר הייזער אין וואַלד.

גראד א שיינע אפיתקא געמאכט, אָבער א פיינע, גאָר א פיינע מטבעה געמאכט, — עס וועט זיין א פינף טויזנט קארבאָוועצעס*) ריינער ריוח! היינט, גיי זיי מיר א חכם!

וועלטשיק'ן איז אָבער, ווי עס ווייזט אויס, יענעמ'ס רייד אין קאָפּ גאָר ניט געקראָכן, ער האָט געהאלטן אין איין הומקען:

— המ, המ, א פּאָר טויזנט קארבן אַנווער, עס איז א שפּילכל, א קלייניקייט צו זאָגן — א פּאָר טויזנט קארבן!

דער סוחר, האָט פארזיכערט וועלטשיק'ן, אז ער האָט צו זיין „ליבן נאָמען" גאָר ניט צוגעלייגט און אז דער טערמין פון וועקסל וועט קומען, וועט ער דאָס געלט מיט כבוד וועלטשיק'ן אהיים ברענגען.

— א פּרוטה, קיין איינציקע פּרוטה, וועט אייך, חלילה, ניט פעלן. איר דארפט גאר ניט זאָרגן, כ'לעבן, ר' וואָלף, איר קענט דאָך מיך, ניט פון נעכטן!

דער טערמין איז געקומען און דער ראיעלער לוה האָט געהאלטן וואָרט, געבראכט, אין אן אָוונט, וועלטישק'ן דאָס געלט אהיים. מען האָט זיך געזעצט טיי טרינקען, שמועסן און וועל־טשיק האָט פּאוואָלינקע, צוביסלאך, פארקערט דעם שמועס צו די פלאקס און ליינזוימען... אז ער האָט אויסגעפונען וויפיל אקוראט יענער האָט פארלאָרן, איז ער אוועקגעגאנגען צו זיך אין חדר, האָט זיך א ביסל פארזאמט און ארויסגעטראָגן דעם אידן זיין וועקסל מיט אכט הונדערט פינף און פופציק רובל מי טקאָפּיקעס.

— נאט, דאָס געהערט אייך. מיר זיינען דאָך געווען שותפים. איז אָט האָט איר מיין חלק הפסד. וואָס קוקט איר מיך אָן, ווי א משוגענעם? מיר האָבן דאָך עפּעס א שטר עסקא, צי ניין? איר פארשטייט?!...

דער סוחר איז געווארן אביסל מטושטש, האָט די זאך מיט אמאָל ניט תופס געווען און געבעטן ר' וואָלפ'ן ער זאָל פון אים ניט מאכן חוזק, ער איז ניט קיין אינגעלע און קיין נדבות דארף

---

*) רובל.

ער ניט, א דאנק גאָט ברוך הוא. ער האָט זיך אויף ר' וואָלף'ן אזא זאך ניט געריכט — עס איז דאָך גאָר אומזיסטע שפיכת דמים.

וועלטשיק האָט אים מסביר געווען, אויפגעוויזן, אז עס איז גיט א כבוד־זאך; אז ער, דער סוחר אליין וועט דאָך ניט פאַר־לאנגען, אז צוליב אים, אָדער צוליב וואָס עס איז, זאָל ער, וועל־טשיק, עובר זיין אויף א בפירוש'ן לאו אין דער הייליקער תורה: „ולאחיך לא תשיך". אפילו, אז א גוי דערציילט עפּעס במסיח לפי תומו, איז ער דאָך אויך באגלויבט, א פשיטא שוין א איד. ער האָט קיין ברעקל ספק ניט, אז אין די סחורה איז געווען אַנוועך, טאָ וואָס טויג מיר דאָ די קונצן. עס איז ניטאָ קיין היתר. איך בין א שותף און מוז לײדן מײן חלק אַנוועך!

יענער האָט געפּרואווט טענה'ן, אז וועלטשיק טוט אים מיט די עטלאכע הונדערט רובל גאָר קיין טובה ניט, אדרבה, דאָס וועט זיין א נעילת דלת בפני לוין, דער עולם וועט זיך דערוויסן, און ער וועט ניט קאָנען קריגן מער געליען ערגעץ א קאָפּיקע. ווי א סוחר, וואָס מוז שטענדיק אָנקומען צו הלוואות, טוט אים וועל־טשיק א גרויסע רעה. ער רופט דעריבער וועלטשיק'ן צו א דין־תורה אָדער פאַרלאָזן זיך אויף מענטשן. גלאַט אַזוי וועט ער די געלט בשום אופן ניט נעמען! אָבער, אז וועלטשיק האָט אים געגעבן זיין „הן", אז ער בלייבט אויף ווייטער אויך זיין מלוה, אדרבה, פאַרוואָס ניט, סטייטש, אזא גוטער צאָלער און א הויפּט־ערלאכער מאַן, איז יענער קוים מרוצה געוואָרן און האָט צוגענומען דאָס געלט. וועלטשיק האָט געבעטן, אז די גאַנצע מעשה זאָל בלייבן צווישן זיך. — „צו וואָס טויג דאָס אונז אריינפאַלן אין לייטישע מײלער? קיין טובה וועט דערפון ניט ארויסקומען, ניט מיר, ניט איך, אָט, זאָל בעסער זיין שאַ, שטיל!..."

דער לוה האָט פאַרשפּראָכן בפה מלא צו האַלטן דאָס פּאָר א סוד — צוליב זיין אייגענער טובה. אָבער ער האָט אפנים ניט געקאָנט איינהאַלטן זיך, און די גאַנצע געשיכטע איז צופּויקט געוואָרן איבער'ן שטאָט, און וואו צוויי — איז וועלטשיק געווען

א דריטער. מען האָט געשמועצערט די ליפּן, געשמאַטשקעט, גע־וועקטשט מיט די אקסלען און גע'חידוש'ט זיך:

— היינטיקע צייטן זאָל זיין אזא איד? פּשש... אַט, דאָס איז אַ איד! אי, אי, אי, וואָס פאר א איד? אַט האָט ער זיך דאָס עולם־הבא געקויפט! אנדערע, ווידער, האָבן שטארק מקנא געווען דעם לוה. — „אז עס איז באשערט א גליק, איז דאָך ניט שייך!... מען ווייס הפּנים אקוראט וויפיל יענער האָט פאר־לאָרן, און צי האָט ער גאר אין גאנצן פארלאָרן? באשר, ער האָט אָנגעטראָפן אויף וועלטשיק יחיאל'ס און יענער האָט אים גע־גלויבט? — מען דארף האָבן מזל, טאַקע נאָר מזל, בנאמנות!"

דער פּועל יוצא דערפון איז געווען, דאָס די גאַנצע סוחר'שע וועלט האָט זיך א לאז געטאָן צו וועלטשיק'ן נאָך הלואות — עס איז דאָך פאראן א ממה נפשך... אבער וועלטשיק, האָט שמייכ־לענדיק זיך אפּגעזאגט פון אזא פעטן ביסן... ניין, ניין, צופיל פּרנסה אויף איין מאָל, ער וועט ניט זיין ביכולת דאָס צו פאַרדייען!

אבער באמת גרויס, כמעט הייליק, איז וועלטשיק'ס נאָמען געוואָרן ערשט שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אין די זיבע־ציקער, דורך אָט דער מעשה:

אין אַ שייענעם זומערדיקן פרייטאָג, נאָך האַלבן טאָג, איז וועלטשיק יחיאל'ס ווי זיין שטייגער איז געווען, געקומען שוין פון בעדל — לכבוד שבת זיך טבל געווען — האָט אָנגעטאָן א ווייסע הצמד מיט א גרויסן קלאָרן קאָלנער, דער ארבע־כנפות מיט די ברייטע שווארצע תכלת־פּאַסן צעשפּרייט אין זיין גאַנצער ברייט, אַ שפּיציקע סאַמעטענע יאַרמאָלקע אויף דעם גרויען קאָפּ און ווייסע, ווי שניי, זאָקן אויף די פּיס אריינגע־שטעקטע אין גרינגע פּאַנטאָפל; ער האָט זיך אוועקגעזעצט, ווי א חתן, ווארטנדיק אויף זיין ליבער מלכה שבת ביי אַ לאַנגן גע־דעקטן טיש. ביי איין ברעג טיש זיינען געשטאַנען די צוויי פינף־רערנדיקע בלאַנקענדיקע זילבערנע לייכטער מיט גרויסע סטארין־ליכט פארטיק צום בענטשן, אויף דעם אנדערן — זיינען געלעגן צוויי גרויסע, פון זעמל־מעל, חלות, מיט פלעכטלאך פון

אויבן, אנגעבויגן איינע צו די אנדערע, ווי דער לחם־הפּנים, און צוגעדעקט מיט א ווייסער סערוועטקע. אינמיטן טיש איז געשטאנען דער פינקלדיקער גראפין וויין, אויף א זילבערנעם טעצל, ארומגערינגלט מיט דעם גאָלדענעם קדוש־בעכער און א האלבן טוצן זילבערנע קעלישקעס, — מיט׳ן חומש צו מעביר סדרה זיין, מיט א שטארקע גלאָז טיי פון דעם סאמאָוואר, וועלכער איז טאקע דאָ ביים זייט געשטאנען אויף א טאבורעטקע*) און האט אונטערגעזונגען פאר זיך, ווי דער חזן, וואס „סטראָיעט" זיך אף א מכלכל חיים, אָדער שושנת יעקב — עפּעס א פריילאכס... אין שטוב, ארום שטוב, אויף אלעחפצים איז געווען אויסגעגאָסן דער זיבעטער חן פון דעם ליבן שבת, און די נשמה־יתירה האט שוין געפלאטערט איבער וועלטשיק׳ן, געפּליסטערט אין זיינע אויערן די פארבארגענע סודות, רמזים און כונות פון שבת קודש. וועלטשיק האט מיט א מאָדנער רואיקייט א זופּ געטאָן פון דעם טיי און פארביסן מיט א פּסוק שניים מקרא ואחד תרגום.

פלוצלינג איז ארייגעלאָפן איציקל, דער משרת פון טראקטיר זייער א צופּודזשעטער**), האט געבעטן מחילה ביי וועלטשיק׳ן, וואס ער שטערט אים איצטער, אבער ער מוז... ער ווייסט ניט, וואס צו טאָן: עפּעס א באָסיאק***), אן אָקסן־טרייבער, האט זיך צוגעטשעפּעט, ווי א קלעק, — איך מוז אים געבן אויסטרינקען, ער טרעט ניט אָפּ, באלעבאָס־לעבן!

— וואס־זשע ביסטו אזוי צעדרומשקעט, איך בעט דיך? וואס איז דאָ דער חידוש, וואס א גוי וויל א טרונק בראָנפן? וואס דען האסטו געוואָלט, ער זאָל שיר־השירים זאָגן? פון וואס א מענטש ווערט דאָס נתפּעל! גיי שוין גיי, נארעלע דו! זאָג אים, אז ביי אונז איז שוין שבת, און אז ער וועט די מציאה קריגן ערגעץ אנדערש.

---

*) א קיילאכדיקע פּראָסטע שטול.

**) איבערגעשראָקען.

***) א באָרוועסער, אבגעריסענער.

און וועלטשיק האט זיך צוריקגענומען צום חומש, מיט נאך אביסל מער כונה, כדי צו פארטרייבן די מחשבות זרות און אנ־יאגן די פארלוירענע צייט. אבער איציק איז ווידער דא, שטייט מיט א רחמנות׳דיקן פנים און מיט א האלב־וויינענדיקן קול בעט ער זיך רחמים ביי וועלטשיק׳ן:

— באלעבאס־לעבן, אויף נאמנות, כ׳לעבן, כ׳קען פון דעם באסיאק ניט אויסהאלטן. איך זאג אייך, ער וועט אנטאן גרויסע צרות... ער האלט אין איין שרייען, אז, נישקשה, ער האט נאך פארדינט א טרונק בראנפן... וועט מען אים ניט געבן א שנאפס, וועט ער די שטוב, זאגט ער, חרוב מאכן!...

— נו, גוט, גיב אים א שנאפס, דאס הייסט, זיי אים מכבד, דו פארשטייסט... ביי אונז איז שבת, קיין מסחור מאכן מיר ניט, אבער גיב אים א טרונק בראנפן אזוי זיך — אן געלט! און לאז מיך צורו איצטער; כ׳לעבן, איך האב בילכערע זאכן צו טאן. עס איז דאך שבת, איציקל, שבת! הם, הם, עפעס א שטן מקטרג, חלילה, — האט ער צוגעלייגט, ווען דער משרת איז ארויס.

ווען וועלטשיק האט שוין אנגעטאן די אטלעסענע קאפאטע, דאס שטריימל, ארומגעוויקלט ארום זיך דעם ברייטן גארטל און איז שוין געווען אינגאנצן פארטיק צו גיין אין שול צו קבלת שבת, איז איציק ווידער געקומען, אבער דעם מאל ניט אליין — אן אפגעריסענער, אפגעשליסענער, כמעט א באר־וויסער הויכער גוי, אין די מיטעלע יארן, איז געשטאנען אין טיר און האט פארצאמט וועלטשיק׳ן דעם וועג. ער האט אומ־נעלומפערט געשמייכלט, שעלמיש געקוקט און צוגעוואונקען מיט איין אויג צו וועלטשיק׳ן.

— ער דערקענט מיך ניט, — האט ער געמורמלט מער צו זיך אליין. — שדים זאלן דאס נעמען! א פארשאלטענער מזל!... און אפשר מאכט ער זיך דאס, בכיון טוט ער דאס?... ער איז דאך א איד, פארט א איד! הם, עס לוינט זיך אים ניט, מיך צו דערקענען... וואס קען מען פון א אידן דערווארטן?... אך,

טאטעלאך מיינע, אליין שולדיק... אליין, אליין! און ווער וואלט בעסער געווען? שוין אזוי לאנג... אבער צום טייוול זאל דאס גיין!... הער קאצענעלנסאן, איר קענט מיך גארניט, הא? נו, זאל זיין אזוי, איך האב צו אייך ניט, מיר וועלן בלייבן גוטע פריינט... אט הייסט געבן אויסטרינקען, פאר אייער געזונט, חשוב'ער הער קאצענעלנסאן! וואס איז געווען, איז געווען. גע־וועזענעם קערט זיך ניט אום צוריק... אזא גורל מסתמא, וואס קען מען מאכן? נו, הייסט איר געבן א שנאפס?...

וועלטשיק, דערהערנדיק דעם באסיאק'ס קול, זיין ריינעם גוטן רוסיש, האט זיך גענומען אים גוט באטראכטן. אריינקוקנ־דיק טיף אין זיינע אויגן, האט וועלטשיק פלוצלינג אנגעכאפט אים מיט ביידע הענט, האט אים שטארק געטרייסלט און האט מיט א פריילאכן הויכן קול אויסגעשריגן:

— פאלקאווניק, איוואן פעטראוויטש! וואס־זשע מאכט איר, ליבער פריינד? זייער א גוטער אנגעלייגטער גאסט! גלויבט מיר, הער פאלקאווניק, אז איך בין זייער גערן, זייער צופרידן צו זען אייך. אך, אזוי אומגעריכט, א פיינער גאסט! יע, יע, ווי איך זע, הער פאלקאווניק, האט אייך דער אויי־בערשטער ניט געשאנעוועט... אבער גאט איז א פאטער, ער שטראפט און דערבארימט זיך. ווער ווייס, אפשר פון היינט אן וועט אייער רעדל זיך איבערדרייען, ווער ווייס? קומט־זשע אהער, הער פאלקאווניק. זיצט, זייט מיין גאסט. איציק! דערלאנג קאניאק, וויין, פיש, חלה. באדין דעם פאלקאווניק און גיב אים אלץ וואס ער וויל!

דער אקסנטרייבער איז די גאנצע צייט געשטאנען ווי א מטושטש'ער, מיט פאנאנדערגעריסענע אויגן און מיט אן אפענע מויל, האט זיך גענומען נייגן, בעטן פארגעבונג, „שולדיג, שול־דיג"... האט ער אלץ גע'טענה'ט. א נארישקייט... ער האט ניט פארדינט אזא אויפנאמע. עט, ער וועט בעסער גיין, ער איז געווען אזוי גראב, אזוי צודרינגליך, ווי אן עכטער באסיאק, ער קען איצטער וועלטשיקען אין די אויגן ניט קוקן!

— אי, אי, אי, וועלטשיק׳ל, מלאכ׳ל מיינער, טייבעלע, זייט מוחל און פארגיט אַ שיכור׳ן אַקסנטרייבער!

— ניין, ניין, — איז וועלטשיק באַשטאַנען אויף דאָס זייניקע, — איר מוזט דאָ ביי מיר בלייבן לכל הפּחות איבער שבת. און מאָרגן ביינאַכט וועלן מיר שוין פון אַלץ מיט אַנאַנ־דערריידן. איר ווייסט דאָך, מיר זיינען אידן, שבת ,מען מוז אין שול גיין איצטער. אָט פאָלגט מיך, און בלייבט דאָ גאַס־טעווען ביי מיר. איציק, מאַך די סוכה. קלייב צו, גיב ריינע בעטגעוואַנט, האַנטיכער, וואַסער, זייף... רוט זיך אָפּ, פאָל־קאָווניק, עסט און טרינקט און גאָט וועט פירן מסתמא ווי גוט איז.

דער פאָלקאָווניק האָט זיך לחלוטין אָפּגעזאָגט פון צו בלייבן ביי וועלטשיק׳ן איבער שבת, האָט נאָך הונדערט מאָל גע־בעטן מחילה. פון דער טיפעניש פון זיין נשמה, האָט ער גע־זאָגט, בעט ער מחילה. גע׳טענה׳ט, אַז ער איז אַ פארגרעב־טער מענש און, צולייגנדיק די האַנט צום האַרצן, האָט ער מילי־טעריש אַ געשריי געטאָן מיט טרערן אין דער שטימע:

— איך בין שולדיג. זייט מיר גרויסמוטיג מוחל!

וועלטשיק׳ן האָט זיך קוים איינגעגעבן איינצורעדן דעם פאָל־קאָווניק ער זאָל כאָטש עפּעס עסן און טרינקן דערווייל, און אַז מאָרגן ביינאַכט זאָל ער למע״ה קומען. אויב ניט וועט ער, וועלטשיק, געפינען זיך שטאַרק באַליידיגט. און אגב האָט ער דאָך מיט אים וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין צו שמועסן. אָבער איצטער מוז ער אים אַנטשולדיקן — ער מוז אין שול צו קבלת שבת גיין.

איוואַן פּעטראָוויטש איז געבליבן זיצן. ער האָט אריינגע־שטעקטביידע הענט אין זיין גרויסער קאָפּ האָר, די עלענבויגנס אָנגעשפּאַרט אָן טיש און זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט. ער האָט אָנגעגאָסן פּאַרטראַכטערהייט אַ קעלישעקל קאָניאַק, גע־דרייט אים אויף אַלע זייטן, אויפגעהויבן צום אויג, לאַנג, לאַנג

געקוקט, געקרעכצט און געזיפצט, האָט אים א קער געטאָן מיט׳ן דעק ארויף זיך אין מויל אריין, א כאפּ געטאָן די היטל און איז ארויסגעלאָפן. איציק איז אים נאָכגעלאָפן. געבעטן זיך רחמים ער זאָל זיך אומקערן, עסן עפּעס, טרינקען, ער האָט שוין טיי פארטיק, — וועלטשיק וועט שטארק ברוגז זיין אויף אים, אי־ציק׳ן, וואָס ער האָט אים אזוי ארויסגעלאָזן, אָבער ער האָט בשום אופן גאָר ניט געקענט פועל׳ן. אים פארדריסט... עס פאר־דריסט אים שוין די גאנצע מעשה, האָט ניט געדארפט באאומרו־איקן דעם חשובן זקן, עס איז אים א חרפה, א בושה!... ער וועט זיך נאָך מישב זיין... וועט אפשר מאָרגן ביינאַכט פאָרט נאָך אריינגיין זעגענען זיך. ער האָט דאָך געגעבן זיין ערן וואָרט וועלטשיק׳ן!

עס איז געווען א שיינע, קלאָרע און וואַרימע זומער נאכט. ביי וועלטשיק׳ן אין שטוב זעט מען דורך די אָפענע פענסטער דעם רב און נאָך א פּאָר חשוב׳ע באַלעבאטים, וועמען וועלטשיק האָט פארבעטן צו זיך אויף מלוה מלכה, ווייל ער האָט וועגן זייער א וויכטיקן ענין דורכצושמועסן זיך. מען זיצט ארום טיש, אלע נאָך אין די שבת׳דיקע מלבושים: מען טרינקט טיי, מען זינגט זיך צו, ווער — זמירות און ווער — דעם רב׳ס א נגון.

— רבותי, — האָט וועלטשיק אָנגעהויבן, — ווער פון אייך געדענקט נאָך דעם פּאָלקאָווניק איוואן פעטראָוויטש? איר געדענקט דאָך אלע מסתמא די גרויסע שרפה, געדענקט איר, ווער עס האָט נפשות געראַטעוועט, אונזער שול מציל געווען, די ספרי תורות ארויסגעטראָגן? איר געדענקט, הא? געדענקט איר ווי א פּאָלקאָווניק, א פריינט מיינער, איז געקומען צולויפן מיט די סאָלדאטן, האָט זיך ממש אין פייער געוואָרפן און גע־הייסן די סאָלדאטן נעצן זייערע שינעלען און אַרומלייגן מיט זיי די שול? געדענקט איר, ווי מיר האָבן אים דערנאָך אויף די הענט געטראָגן, אין שול געבראכט, מי שברך אים געמאַכט און הנותן תשועה געזונגען?

— פטור, נו, פאר וואס זאל מען ניט געדענקען, עס וועט אפשר זיין דעריין א יאר־פופצן בסך הכל, אויב ניט נאך ווייניקער. אה, א ווײלער גוי געווען. פון די אמת'ע חסדי אומות העולם, א דימענטענער מענטש, אן אוהב ישראל. פשש, גאר א זעלטנקייט, וואס איז ניט בנמצא! — האט דער עולם מיט התפעלות זיינע מיינונגען ארויסגעזאגט.

— אבער אנטקעגן וואס זאגט איר דאס, ר' וואלף, וואס האט איר זיך גראד דערמאנט איצטער אויף דער גרויסער שרפה און אויף דעם פאלקאווניק?

— איך וועל אייך זאגן צוליב וואס, ער איז דא אין שטאט ביי אונז, וועט אפשר נאך באלד אהער קומען. אבער זאל דער אויבערשטער דאס מאכן פון אלע שונאי ציון, וואס ער האט פון אים געמאכט. א גוואלד, אן אימה, וואס פון אים איז נעבאך געווארן. א באסיאק, אן אקסנטרייבער איז ער געווארן! א קרוע ובלוי, א גאטס רחמנות.

— אוי וויי, אוי וויי, אזוי? א באסיאק? טע, טע, טע, אן עברה בנאמנות, אזש די הארץ פארקלעמט — האבן זיך א פאר אפגערופן.

— עט, נאט אייך א פיטאק, גוי'שקע צרות... מסתמא וועט ער דאס מיט בראנפן פארטרינקען. א גוי איז א גוי. א שכור אודאי! וואס דען, גרעסערע תכליתים וועט פון זיי ווערן, וואס? הלואי אויף דער סאמפבע (משפחה) הרוממה געזאגט געווארן. כע, כע, כע, א פאלקאווניק, דאכט זיך. אט, נאדיר, אן אקסן טרייבער געווארן. דערדינט זיך ביי ניקאַלייקען, ימח שמו!

— אבער וואס האבן מיר זיך אזוי פארזארגט פאר פרעמדע צרות, איך בעט אייך, — האט אן עלטערער איד, ריידנדיק אויפ'ן זייט*) אביסל הייזעריקלאך צוגעבייזערט זיך. — קנאפ האבן מיר אייגענע צרות, וואס?

*) אויף די אונטערשטע טענער און הייזעריקלאך.

אָבער דער רב, וואס האָט די גאנצע צייט געשוויגן, האָט זיך דאָ אריינגעמישט:

— ניין, איר זייט אומגערעכט, אידן באדארפן מכיר טובה זיין! א מענטש, וואס האָט איינגעשטעלט זיין אייגן לעבן אין קאַן, צוליב א אידישער שול, צוליב אונזערע הייליקע ספרי תורות, האָט געראַטעוועט אידישע גוטס און אידישע בלוט און געפינט זיך איצטער אין אן עת צרה, טאָר מען ניט שטיין פון ווייטן. דאָס איז אנטקעגן דער אידישער מדת־רחמים, דאָס איז א חלול השם, חלילה. איך וואָלט דאריבער זאָגן, מען זאָל זיך צונויפליייגן, באקליידן און באשוכן אים, שיין מכבד זיין און געבן טאקע עטלאכע רובל אויפ'ן וועג. דעם אידישן נאָמען וועט דאָס אויך מאכן כבוד.

א פּאָר פון די מסובים האָבן זיך אפילו געקווויינקלט... געלט אויסגעבן, האָבן זיי געגלויבט, איז פאראן א סך בילכערע זאכן. אָבער זיי האָבן ניט געקענט מעיז זיין דעם רב, האָבן זיי גע־נומען ריידן וועגן „שוין צייט אפשר גיין אהיים" און גענומען רוקן זיך צום טיר תרעמות'דיק.

אָבער אט איז גראָד אריינגעקומען דער פּאָלקאָווניק. שטיי־ענדיק ביים טיר, האָט ער זיך צו אלעמען א נייג געטאָן, געבעטן אנטשולדיקונג, ער האָט געמיינט, זאָגט ער, אז עס איז שוין אוים שבת, אָבער ווי עס ווייזט אוים, האָט ער געמאכט א טעות. נאָר קיין בייז, ער גייט גלייך אוועק. ער וועט ניט שטערן.

— ניין, ניין, פּאָלאָווניק — האָט וועלטשיק איילנדיק צו־גייענדיק צו אים געזאָגט, — איר שטערט אונז דורכאוים ניט. עס איז שוין טאקע אוים שבת. — און נעמענדיק אים אונטער'ן אָרעם, האָט ער אים צוגעפירט צום טיש, פאָרגעשטעלט פאר די געסט און פאר דעם רב.

דער גוי איז געווען אין א גרויסער פארלעגנהייט, געפילט ביי זיך שטארק געפאלן, און זיך געבעטן ביי „גאָספּאָדין קאצע־נעלענסאָן" ער זאָל אים איצטער לאָזן גיין.

— עס איז ניט די צייט, — האָט ער גע'טענה'ט, בעסער אַן אנדערש מאָל, אויב עס וועט זיך מאכן.

— גאָט איז מיט אייך, הער פּאָלקאָווניק, — איז אים וועל־טשיק ארייננעפאַלן אין די רייד. — עס זיינען דאָך אַלץ אייגענע מענטשן, היימישע, וועלכע קענען אייך, וועלכע געדענקען די חסדים וואָס איר האָט געטאָן מיט אונז בעת דער גרויסער שרפה, ווי איר האָט מיט געוואַלד, טאקע פּשוט מיט געוואַלד, ניט געלאָזן דער פייער זאָל די קראָמען אויפ'ן מארק פארכאפּן. ווי איר אליין האָט אויסגעטאָן דעם מונדיר*), געלאָפן אין שול און די ספרי תורות ארויסגעטראָגן און אָנגעזאָגט אייערע סאָל־דאטן, זיי זאָלן דאָס היטן. חיות ניט זיכער. עס זיינען הייליקע זאַכן! עך, ליבער פּאָלקאָווניק, אפנים גאָר אַ שלעכטע מיינונג האָט איר פון אונז אידן, מיינענדיק, אז מיר האָבן אַלץ פאר־געסן!

איוואַן פּעטראָוויטש האָט אַלץ אוועקגעמאכט מיט דער האַנט:

— עט, קלייניקייטן, פּוסטע זאכן, ניט ווערט איבערצו־ריידן, אדער דערמאָנען אפילו.

אָבער ער האָט זיך פּאָרט דערפילט אביסל שטייפער, וועל־טשיק'ס וואַרימע, פריינדלאכע רייד האָבן אים צוגעגעבן מוט און ער האָט זיך געזעצט צום טיש.

מען האָט דערלאַנגט עסן און טרינקען, דער רב אליין האָט אָנגעגאָסן אַ קעלישעקל, דערלאַנגט דעם אורח און געדריקט אים שטאַרק די האַנט, אויך די איבעריקע אידן האָבן געמאַכט צו אים לחיים, געבענטשט אים און געווינשעוועט אַל דאָס גוטס. מען האָט זיך צורעדט וועגן אַלטע צייטן, וועגן מלחמות, וועגן פּאָליטיק, וועגן דער אידן־פראגע, וואָס האָט שטאַרק פאראינטע־רעסירט איוואַן פּעטראָוויטש'ן. וועלטשיק האָט דערווייילע, ניט

*) אַ מיליטערישער ראָק.

באמערקט צו ווערן, ארויסגערוקט זיך און באלד צוריקגעקומען מיט עפעס א פאר׳חתמ׳טן פעקל אין האנט.

— רבותי, — האט ער אנגעהויבן מיט א הויכער, קלארער שטימע, — רבותי, זייט מוחל, וואס איך שלאג אייך איבער... אבער עס איז א וויכטיקער ענין. מיט אן ערך א צוועלף־דרייצן יאר צוריק, אקוראט פאר דער קרימער מלחמה, איז געקומען צו מיר אט דער געערטער פאלקאווניק, איוואן פעטראוויטש, און דערלאנגנדיק מיר אט דעם דאזיקן פעקל, האט ער אזוי גע־זאגט: „הער קאצענעלענסאן, איך גיי איצטער אין מלחמה אוועק, איך האב ניט קיין פאמיליע, קיין קרובים, קיין פריינט, וועמען איך זאל וועלן פארזארגן, איך פארטרוי דיר אט דעם פעקל. דא איז אכט טויזנט רובל. — נו, וועל איך גע׳הרג׳ט ווערן, איז דיין מזל, געהערט דיר דאס געלט. אלא איך וועל קומען צוריק, וועסטו מיר דעם פעקל אומקערן. א, אין דעם בין איך זיכער! און איך וועל דיר שוין גוט באפרידיקן". — די אלע יארן האב איך ניט געהערט פון איוואן פעטראוויטש׳ן, אבער גאר ניט, קיין ווארט, קיין איינגעטונקטע פען ניט געהאט, ווי אין וואסער, אדער חלילה אין פייער פארפאלן געווארן. נעכטן האב איך אים דעם ערשטן מאל דערזען. איך האב אים גלייך דער־קענט. עס איז אבער שוין געווען שבת און איך האב געמוזט דאס אפלייגן ביז היינט, איצטער אבער, הער פאלקאווניק, דא, אט האט איר אייער פאקעט*). דא איז די געלט, עס איז ניט גערירט געווארן. עס איז אייער אייגנס. אייער אייגן כשר געלט!

דער הער פאלקאווניק האט די לעצטע ווערטער שוין ניט געהערט. ער איז געפאלן אין חלשות...

עס איז געווארן א טומל. דער עולם, א פארגאפטער פון דער גאנצער מעשה, האט זיך גוט איבערגעשראקן. מען האט גע־שיקט נאך א דאקטאר און וועלטשיק — א טראכט־טוענדיק, מאלע

*) א קליינער רייזע טאש, אדער בריפן טאש.

וואס עס קען חלילה טרעפן... א גוי צווישן אידן, דער רב איז אויך דא, א פעקל געלט נאך דערצו, א קשיה אויף פאניע גנב! מען איז דאך בעונותינו הרבים אין גלות — האט מען געמאלדן דער פאליציי, און א קווארטאלנע איז געקומען. מ'האט דעם פא־ציענט געשטעלט באנקעס, געריבן מיט ספירט און קוים את־חאיעט.*)

אז דער פאלקאווניק איז געקומען צו זיך איז ער ארויפ־געפאלן וועלטשיק'ן אופי'ן האלז, געכאפט קושן, און מיט א גע־בראכענער, דורך גרויס געוויין שטימע, האט ער זיך גענומען בעטן ביי וועלטשיק'ן, ער זאל דאס געלד ניט געבן אים, ער דארף ניט, אים וועט עס ניט נוצן מער, ער איז שוין סיי ווי א פארפאלענער מענטש...

— איך וועל פון זינען אראפ, — האט ער געזאגט, — בין איך דא צווישן מענטשן אדער מלאכים? מלאכים! אויף מיין ערן־ווארט, מלאכים! אי, אי, אי,מיינע הערן, און איר זייט דאס אידן? אט די אידן, אויף וועלכע איך האב זיך דאס אזוי פיל אנגעהערט אל דאס בייז? עס קען ניט זיין, עפעס איז דא ניט גלאט, עס שיקט זיך ניט, עס איז א חלום... ניט אנדערש ווי א חלום! זייט איר דאס די גנבים, די בייטל שניידער, די בלוט־זויגער? מאדנע, כ'לעבן, עס איז מאדנע! קענט איר ניט הער פריסטאוו,**) מיר קלאר מאכן, וואו איך בין אין דער וועלט? בין איך דאס משוגע געווארן, בין איך אויף אן אמת צווישן אידן? גלויבט איר, אז אידן וועלן אויפנעמען אזא ווי איך בין — אט, טוט נאר א קוק אויף מיר — א שכור, אן אקסנטרייבער, א בראַ־דיאגע***), א מענטש ערגער ווי א הונט — וועלן אידן אזא איי־נעם אויפנעמען מיט אזא כבוד, מיט אזויפיל מענטשלאכקייט, פריינטלאכקייט און דערלאנגען מיר אכט טויזנט קארבן, פון וועל־

---

*) אפגעלעבט, אפגעמינטערט.
**) א באאמטער פון דער פאליציי.
***) א טרעמפ.

כע איך האָב שוין גאָר ניט געטראַכט, לאַנג פון זינען אַרויסגע־שלאָגן, אפילו אויף אַ קוואַרטירל בראָנפן ניט געריכט זיך צו באַ־קומען — זיינען דאָס אידן, האַ? אידן, אידן! צום טייפל! אויב אידן זיינען אַזעלכע... המ, המ. טאַ פאַר וואָס זיינען מיר ניט אַלע אידן?

דער קוואַרטאַלנע וואָלט אפשר געקענט דערציילן איוואַן פּעט־וואָוויטש'ן אַז עס זיינען פאַראַן אויך אַנדערע אידן, מיט וועמען ער אַליין טיילט זיך אַמאָל, חלק בחלק אין אַ גנבה'לע. אָבער זייענדיק אַרומגערינגלט מיט חשוב'ע אידישע באַלעבאַטים אין אַ שטוב פון זייער אַן אָנגעזעענעם באַלעבאָס, האָט ער נאָר צוגעשאָקלט מיט'ן קאָפּ און צוגעשטימט: יע, יע, אידן זיינען אַ בלאַגאָראָדנע*) פּאָלק, אָבער אַ זייער קלוגע... קלוג גאָר אָן אַ שיעור!...

איוואַן פּעטראָוויטש האָט זיך דערווײַלע צוביסלאַכוויים אײַנגאַנצן באַרואיקט. מען האָט זיך צוריקגעזעצט ביים טיש. דער קוואַרטאַלנע מיט דעם דאָקטאָר — ביי די זייטן פון דעם פֿאַלקאָוניק. ער האָט געעפנט דאָס פּעקל. די וויעגרעשנע־בילעטן און די הונדערטער זיינען געציילט געוואָרן אַקוראַט. איוואַן פּעטראָוויטש האָט ניט אַנדערש געוואָלט, אַז וועלטשיק זאָל לכל הפחות נעמען אַ העלפט. אַזוי איז דאָך געווען דער מדובר, האָט ער גע'טענה'ט. וועלטשיק האָט זיך לחלוטין אָפּ־געזאָגט.

— ניין, דער מדובר איז געווען, — האָט ער געזאָגט, אַז דער פּאָלקאָווניק וועט אים באַפרידיקן. נו, ער — געלויבט איז זיין הייליקער נאָמען — דאַרף ניט. ער האָט געגונג. עס וועט אים קלעקן אי"ה. ביז דער אויבערשטער וועט אים לאָזן לעבן. אויב דער פּאָלקאָווניק וויל, אים, וועלטשיק'ן, פאַרשאַפן אַ נחת־רוח, קען ער געבן אַ נדבה אָט דעם רב, פאַר דער תלמוד תורה,

*) אנשטענדיק מאראליש.

ארימינקע יתומים׳לאך, צי פאר׳ן הקדש, וואו אלטע און קראנקע האלטן זיך אויף.

איוואַן פעטראָוויטש האָט מיט אַ ברייטער האַנט איבערגעגעבן דעם רב אי פאר׳ן הקדש, אי פאר דעם תלמוד תורה; האָט געגעבן אַ גרויסע סומע אויף אַ נייער באָד, געלאָזן געלט פאר דער אַלטער שול וועלכע ער האָט פון דער שרפה אָפּגעראַטעוועט, אז מען זאָל זי איבערבויען.

בקיצור, עס איז ניט געווען איין עפנטלאַכער אידישער אַנשטאַלט, וואָס ער האָט ניט געגעבן דאַרויף אַ היבשע סומע. ער האָט אַ פינף טויזנט קאַרבן אויף אַזאַ אופן צוטיילט. דער קוואַרטאַלנע איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס. האָט געפּרופט דערמאָנען דעם אַלגעמיינעם האָספּיטאַל, אַ געוויסן קלויסטער, אָבער איוואַן פעטראָוויטש האָט אויף דעם האָספּיטאַל דערלאַנגט, ווידער אַמאָל דעם רב, אַ פינף־און־צוואַנציקער, און וועגן קלויסטער האָט ער זיך געמאַכט כלא ידע.

עס איז שוין געוואָרן גאַנץ שפּעט. אָבער איוואַן פעטראָוויטש האָט געבעטן — מען זאָל האָבן אַביסעל געדולד. ער וויל דערציילן, וועלטשיק׳ן איבערהויפּט, וואָס עס איז מיט אים פאַרלאָפן די גאַנצע צייט.

אין דער קרימער מלחמה האָט ער מיט זיין פּאָלק געקעמפט ווי אַ לייב, פאר זיין קייסער און פאר זיין פאָטערלאַנד איז ער געווען מוכן ומזומן אומברענגען זיך. האָט זיך אין פילע שלאַכטן זייער פיין אויסגעצייכנט און צום סוף פאַרוואונדעט געוואָרן... ער האָט דערוואַרטעט אַ העכערן טשין, מעדאַלן און נאַגראַדעס, וועלכע זיינען אָבער הפנים אים ניט באַשערט געווען.

איוואַן פעטראָוויטש האָט דערנאָך דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן... און איז געקומען צו דער איצטיקער לאַגע — ער האָט זיך צוקריגט מיט אַ גענעראַל, וועלכער האָט געוואָלט אַרויפצווינגען אַף אים חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער — אַן אַלטע, העסלאַכע מויד; ווי יענער האָט אים פאַר׳מסור׳ט

אין ברעכן דיסציפלין, ווי ער איז לאנג געזעסן אין תפיסה, און צום סוף האָט מען אים באַרויבט פון אַלע מיליטערישע און ציווילע רעכט... ווי פון גרויס ביטערקייט און פארצווייפלונג האָט ער אָנגעהויבן שכור'ן, איז אריינגעפאלן אין שלעכטער קאָמפּאַניע און איז געוואָרן אוים מענטש! אַ חיה, אַ ווילדע. יע, אַ בלוטדורשטיקע חיה איז ער געוואָרן. און אַז צוקומענדיק מיט דעם טאַבון*) אָקסן אַהער, איז ביי אים געוועזן געבליבן נעמען נקמה... כאָטש פון איינעם נעמען נקמה, פאר אלע זיינע צרות און יסורים און פאר די אומגערעכטיקייטן, וואָס זיינען אים געשען. אָבער — דעם הער קאצענעלענבּאָגן'ס איינפאכקייט, זיין אָפנהארציקייט, זיין אמת־מענטשלאכע און פריינטלאכע אויפנאַמע, האָבן איבערגעדרייט ביי אים די גאַנצע אינגעווייד און דאָס פארטרונקענע מענטשלאכע אין אים, האָט זיך אויפגעכאַפּט און גענומען די אויבער האנט איבער דער חיה.

— יע, הויך געשעצטער און פיל געאכטעטער ליבער הער קאצענעלענבּאָגן. איר האָט געראַטעוועט זיך, אייער שיינעם, בכבוד'יקן עלטער. איר האָט געראַטעוועט מיך און פארהיט מיך פון אומזיסטע שפיכת דמים. איר האָט מיר אומגעקערט ניט נאָר עטלאכע טויזנט רובל, נאָר איר האָט מיר צוריקגעגעבן מיין מענטשעשאַפט, מיין יש, איר האָט מיך פון דאָס ניי באשאַפן! יע, מיינע אייגענע האָבן מיך פארשטויסן, געמאכט א תל פון מיר, און איר — אידן, די פארשפייטע, פארלוימדעטע, אויף וועמען איך האָב זיך אזויפיל מיאוס'קייטן אָנגעהערט, איר, איר... וואָס פאר א איראָניע דאָס איז? איר, האָט מיך מקרב געווען, אויפגענומען ווי אַ גאַסט, ווי א פריינט, איר האָט מיך אויפגעלעבט און צוריק צו א מענטשן געמאכט. דער גרויסער, גוטער גאָט זאָל אייך באצאָלן! איך גיי, איך גיי איצטער אוועק פון אייך, אָבער אויף אַ נייעם וועג און אייביק וועט אין מיין הארצן זיין פאר'חתמ'ט דער הייליקער נאָמען פון אָט דעם מלאך, תער

*) אַ גאַנצע פארטיי, אַ צאָל פי.

קאצענעלענסאן. און דער נאָמען „איד" וועט ביי מיר זיין טייער און הייליק.

אלע האָבן אים געדריקט די האנט. מיט וועלטשיק'ן האָט ער זיך צוקושט און מיט א הוררא פאר פּאָלקאָווניק איוואן פעטראָוויטש האָבן זיך די אידן פון דעם גוי צושיידט — דער רב און די איבעריקע האָבן וועלטשיקן'ן זייער געלויבט, פאר מקדש השם זיין, געזאָגט, אז ער איז א כבוד פאר דעם כלל ישראל, וואס לא כל אדם זוכה!

איך האָב וועלטשיק'ן שפּעטער נאָכאמאָל געזען אין דינאַ־בורג. ער איז געקומען צו א חתונה. איך בין געווען שוין דאן א יונגער מאן פון א יאר צוואנציק. זיין איידים, א גביר, האָט אים געשענקט א קעסטל ציגארן, וואָס האָט געקאָסט א רובל א שטיק.

האלטנדיק א ציגאר, האָט ער געזאָגט:

— ניין, אזעלכע ציגארן איז א זינד צו רויכערן. מען לאָזט אוועק מיט רויך דעם ווערט פון א פוד מעל. מיט וואס א פאַ־מיליע קען א וואך לעבן!...

און ער האָט אוועקגעוואָרפן דעם ציגאר.

וועלטשיק האָט געלעבט ביז הונדערט און זעקס יאָר. די לעצטע דרייסיק יאָר האָט ער געלעבט נאָר אויף מילכיקס. האָט געהאַט אלע חושים פּאָלקאָם נאָרמאל ביז דער לעצטער מינוט. אז איך האָב פארלאָזן מיין לאנד, האָט מען אין שטאָט גערעדט, וועגן בויען א שול אף זיין נאָמען — א מצבה למזכרת עולם.

ח.

# אַ „גוטער איד״ איז געקומען

די שטאָט איז אומגעגאַנגען כאַדאָראָם. אַלע האָבן זיך גע־איילט ערגעץ. מען איז געלאָפן פאַרטראָגענע און פאַרשמייעטע. די פּנים׳ער זיינען געווען פאַרפלאַמטע, פריילאַך — יום־טוב׳דיק און דער עולם איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. די מלמדים האָבן, ווי אין אַן ערב יום טוב, צולאָזן פריי די חדר־אינגלאַך; די ראשי־ישיבות — די ישיבה־בחורים און אפילו די קרעמערקעס אין מארק האָבן זייערע קראָמען געהאַלטן חול־המועד׳יק אָפן — איין האַלבע טיר פאַרמאַכט, די אַנדערע פון יוצא ווענן נאָר אָפן; אַליין אָבער זיינען זיי געשטאַנען קופּקעס־וויַיז און האָבן געשמועסט שטיל און רואיק, גאָר שלא כדרך הטבע.

קיין מאַנסביל האָט מען אין די גאַסן כמעט ניט געזען. וואו־ניט־וואו נאָר האָט זיך געבלאַנקעט עפּעס אַ מתנגד, אָדער, ווי מיין טאַטע פלעגט אַ מתנגד רופן, אַ טאַראַן.

— זעסט, — פלעגט ער זאָגן, — דאָס האָט אויך אויגעלאַך, פליגעלאַך, אַן עקעלע, אָבער עס איז טויט... עס איז פאַר ניט קיין לעבעדיקע פישל!

דערפאַר אָבער האָבן זיך צום קרעפּאָסט ־ צו געצויגן גאַנצע כאַליאַסטרעס אידן, ווי צום תשליך, אויסגעפּוצטע אין אַטלעסענע זופּיצעס מיט די ברייטע גאַרטלען און טייערע שטריימ־לאַך. עס זיינען אויך געווען אַ סך קאַרעטן, פורלאַך גאָר אָן אַ שיעור, פאַרשיידענע וואָגנס מיט אַלערליי שפּאַנען. אָבער דער גרויסער עולם איז געגאַנגען צו־פוס.

אין דער שטוב אנטקעגן אונז, אויף דעם ראָג, וואו עס האָט געוואוינט בערטשע געציל׳ס, האָט מען געשייערט און געוואשן, גערייניקט און געפּוצט פּונקט ווי ערב פּסח, כאָטש עס איז געווען אַ וואָכעדיקער מיטוואָך באַלד נאָך פּסח.

אפילו דער שאָסיי, וואָס אַזוי האָט מען אים נישט אָנגערירט, סיידן אין אַ טאַבעלנעם*) טאָג אָדער ווען דער גובערנאַטאָר האָט געדאַרפט קומען, — האָבן היינט אויסגעדינטע סאָלדאַטן מיט גע־גאָלטע מאָרדעס און דערצו נאָך אַ פּאָר אַלטע דעסיאַטניקעס, געקערט און געראַמט; זיי האָבן געריכערט זייער מאַכאָרקע**) אין די ליולקעס און פּאַוואָליע צונויפגעשאַרט די מיסט אין לאַנגע שורות קופּקעס אויף ביידע זייטן פון דעם שאָסיי.

אַלע, וואָס זיינען פאַרבליבן אין שטאָט,—די גאַסן־קערער און די עטלאַכע גוי׳אישקע קאָלבאַסע־קרעמער אַריינגערעכנט — האָבן יעדע ווײַלע געקוקט אַלץ צו מזרח צו און געריכט זיך, אַז פון יענער־זייט וועט עפּעס אָנקומען חידושים, וואָס עס איז כדאי צו זען.

און כך הוה: באַלד האָט זיך דערהערט אַ שפּילן פון קאַ־פּעליע***). די גוט־באַקאַנטע מעלאָדיעס פון אונזערע באַוואוסטע חתונה־כלי־זמר האָבן זיך דערטראָגן אַלץ נענטער און נענטער. און אָט האָט מען שוין קלאָר און דייטלאַך געהערט זייער באַרימטן ווי־וואַט שפּילן. עס האָט ניט לאַנג מער געדויערט און גאַנצע מחנות אידן האָבן זיך באַוויזן; זיי האָבן געטאַנצט און געהוליעט: ווער עס איז געגאַנגען אַ האָפּקע, ווער עס איז געשפּרונגען מיט התפּעלות און ווער עס האָט געטאַנצט ריקודים׳לאַך. אַנדערע האָבן זיך דאָ, אויף דעם ריינעם שאָסיי, גאָר איבערגעקוליעט, פּונקט ווי אום שמחת־תורה.

דערנאָך זיינען אָנגעקומען אַ סך קאַרעטן, קאָליאַסקעס און פּייעטאָנען, גאָר אָן אַ צאָל, האָבן זיך געצויגן קוואַרטאַל נאָך

---

*) אַ יום טוב פון דער קייזערליכער פאַמיליע, געבורטס־טעג, חתונות און דאָס גלייכן.

**) אַ זייער פּראָסטער טאַבאַק.

***) אידישער אָרקעסטער, כלי־זמר.

קווארטאל, אזש מען האָט מיט'ן אויג ניט געקענט כאַפּן ניט דעם אָנהייב און ניט דעם סוף. גאָר צולעצט איז אָנגעפאָרן א גרויסער קאַליאַס, וועלכן פיר פערד נאַ־שפּיץ, רייך באַפּוצטע און אויסגע־שטשאָגלטע, האָבן קאָקעטיש געשלעפּט.

עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, אַ לויפעריי, אַ געדרענג און אַ געשריי:

— דער רבי איז דאָ, דער רבי איז דאָ, ברוך הבא — דער רבי איז דאָ!

שנעל, ווי א פייל פון בויגן, זיינען די פערד געוואָרן אויס־געשפּאַנט, חשוב'ע אידן אין אַטלאַסנע זופּיצעס האָבן זיך איינ־געשפּאַנט און מלא חדוה האָבן זיי דעם וואָגן געשלעפּט. אַז זיי האָבן עטלאַכע טריט אָפּגעשלעפּט, האָט זיי אַן אַנדער כיתה אידן פאַרביטן, און אַזוי ווייטער. די אידן, וואָס האָבן געהאַט דעם גליק צו זיין נענטער צום וואָגן, האָבן זיך געפּלייסט, געזוכט די געלעגנהייט די האַנט צולייגן צום ראָד, צום אַקס אָדער צו דער פאַסטראָנקע*) כאָטש און האָבן דאָס געהאַלטן פאַר א גרויסע זכיה. פירנדיק און שלעפּנדיק אַזוי, טריט ביי טריט, מיט געזאַנג און טעניץ, איז מען צוגעפאָרן צו בערטשע געציל'ס שטוב, וואו ר' לייבעלע קאַפּוסטער, ר' מענדעלע ליבאַוועטשערס עלטסטער זון איז איינגעשטאַנען.

צוויי אידן, מאַכנדיק פון זייערע הענט אַ „בענקעלע", האָבן אריינגעטראָגן ר' לייבעלען אין שטוב און — אין זיין חדר־מיוחד.

דער גבאי, א הויכער שטאַרקער איד מיט אַ הדרת פּנים, האָט אָפּגעקליבן די פּני, די שענסטע בעלי־בתים, און געבעטען זיי אריינגיין. דער איבעריקער עולם, אָפּזינגענדיק נאָך עטלאַכע מאָל: ברוך הבא, בואך לשלום, עליכם שלום, שלום, שלום, האָט אָנגע־הויבן ביסלאַכווייז פאַנאַנדערגיין זיך.

דעם גאַנצן טאָג דאָערשטאָג און דעם ערשטן האַלבן טאָג

---

*) אַ טייל פון שפּאַן.

פרייטאָג האָט מיר דער חדר געשטערט, אָבער דערנאָך בין איך געבליבן ביי בערטשע געציל׳ס אין שטוב א תושב.

דער רבי איז כמעט די גאַנצע צייט געווען ביי זיך אין חדר, אָבער די שטוב איז געווען פול מיט מענטשן. אריין און ארויס, ארויס און אריין. און נאָר געציילטע זיינען ארייננעלאָזן געוואָרן צום רבין, אי דאָס נאָר אויף א קורצער ווייל. נאָך קבלת שבת — נאָך „לכו נרננה" און פאר מעריב דאַוונען—איז די שטוב געוואָרן אזוי געפאקט מיט מענטשן, אז ס׳איז געוואָרן א דערשטיקעניש. דער עולם איז געקומען הערן די תורה, וואָס דער רבי וועט זאָגן. מען איז געשטאַנען איינער אויף איינעם. אויף די בענק און פענ־סטער איז מען געשטאַנען; מען האָט זיך געשטופט, געשטויסן, איטלאכער האָט געוואלט נענטער זיין צום רבין, און עס איז געווען שטארק טומלדיק. אָבער פלוצלונג איז געוואָרן טויט, שטיל. ווי דורך א שם המפורש איז מיט אמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן דער רעש און מיט פארכאפּטע אָטעמס איז דער עולם געבליבן איטלאכער אויף זיין אָרט וואו ער איז געשטאַנען — ר׳ לייבעלע האָט זיך באוויזן, גיך צוגעלאָפן צו דער אָנגעגרייטער קרעסלע *) אין מיטן זאַל, ארום וועלכער עס איז פון זיך אליין געמאכט געוואָרן א גרויסער ראָד, כדי דעם רבי׳ן זאָל זיין פריי.

די חסידות האָט ער געזאָגט גאַנץ רואיק און שטיל, אזוי ווי ער וואָלט עפּעס דערציילן א מעשה, אָדער מסביר זיין אַן ענין צו אייגענע מענטשן. פון צייט צו צייט נאָר האָט ער מיט דער רעכטער האַנט געריבן זיך דעם שיינעם שטערן און אָפּטמאָל א טיפן קרעכץ געטאָן. זיין חסידות האָט געדויערט מער ווי א שעה. דער עולם, וואָס האָט באמת געהערט און פארשטאַנען די חסידות (מיין טאַטע איז געווען איינער פון זיי) איז געווען גאָר אויף דעם זיבעטן הימל פון גרויס התפעלות.

— פּשש, פּשש, טע, טע, טע, עס איז גאָר לעילא ולעילא! — האָבן זיי געזאָגט איינער דעם אַנדערן. זיי זיינען געווען שטארק

*) א פאָטער־שטול

געהויבן ביי זיך. דער צופרידענער שמייכל, די פריילאכקייט און דער גלאנץ פון די אויגן, די מאדנע צוטראגענקייט און די טיפע אבער זיסע דבקות־ניגונים'לאך האבן עדות געזאגט, אז ר' לייבעלע האט זיי אויפגעהויבן הויך, זייער הויך, אויף זיינע גייסטיקע פליג־לען און זיך אוועקגעלאזן מיט זייערע נשמות ווייט, ווייט, עד אין סוף!...

דער מעריב דאווענען האט ניט לאנג געדויערט, אבער די יחידי סגולה, די באוואוסטע גרויסע חסידים, די חב"ד'ניקעס, אונטער־געוואַרימט אפנים פון ר' לייבעלע'ס תורה, האבן זיך פארדאווענט ביז גאנץ שפעט אין דער נאכט אריין. אט שטייט אברהם־בער ירמיהו'ס, א הויכער איד, מיט א ליכטיקן ליבן פנים, מיט קלוגע אויגן און א הויכן געוועלבטן שטערן, א באוואוסטער חסיד און זייער א גרויסער למדן, ערגעץ אין א ווינקל לעבן הרובע*) און דבק'עט זיך און פיעסטעט זיך און חזר'ט איבער אודאי צום צענטן מאל די צוויי ווערטער: שמע ישראל! ער צעגיסט זיך אין גרויס מתיקות, אין תחנונים, אז עס פארקוועטשט מיר דאס הארץ. ער גייט איבער אויף אלערליי ווריאציעס: כליפעט ווי א קליין קינד, קרעכצט ווי א חולה מסוכן און אט ווערט ער גאר געהויבן ביי זיך, ווי א פעלדמארשאל נאך א נצחון. אט גלעט ער מיט זיין קול אזוי ווייך, סאמעט־ווייך, ווי א פארליבטער; אזוי מאדנע צארט און איידל ציט ער די סטרונעס פון הארצן איינציקווייז, פאמע־לאכקע, און גראבט זיך טיף, טיף, טיף ביז צום סאמע ווארצל — אין דער נשמה אריין, און אט הייבט ער אן ריידן פשוט, איינפאך, טענה'ט פראסטע דבורים: שמע ישראל, שמע ישראל!

אין אן אנדער ווינקל לעבן פענסטער שטייט אליקום־מרדכי. א גאנץ געוויינלאכער איד אויפ'ן קוק, האט אבער געהאט א גרויסן נאמען ביי די חסידים, פלעגט חזר'ן חסידות פאר אנשי שלומנו און האט געהאט גרויס אנזען אין הויף — ביים צדיק. ער שטייט שטיל ווי א סלופ, קיין פיפס הערט מען ניט פון אים.

*) אן אייוון פון ציגל אדער קאכל.

טוט קיין ריר ניט מיט קיין אבר. שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, פון וועלכע טרערן קאַפּען אויף דער ערד, אַ קאַפּ נאָך אַ קאַפּ, ווי פון אַ דאַך־רינע נאָך אַ רעגן, און עס דאַכט זיך, אַז ער פילט גאָר ניט.

יודעלע כאַוועס —אַ היציקער חסידישער יונגערמאַן, גאָר אַ מאדים — לויפט אַרום הין און צוריק איבער'ן זאַל, מיט אַן אימפּעט, ווי אַ פערד וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון די האַלאַבליעס; זעט קיינעם ניט און הערט קיינעם ניט, און ווען מען טרעט אים ניט אָפּ דעם וועג, וואָלט ער זיכער אויף יענעם אַרויפגעקראָכן פון האַסט און אומגעוואָרפן. יודעלע לויפט און שמייכלט, זיין פּנים איז פריש, פריילאַך און לעבעדיק. ער לויפט — און האַלט אין איין ציילן אויף די פינגער. ניט אַנדערש, אַז ער האָט געכאַפּט די ספירה, וואָס אים האָט געפעלט, און אַז דאָס האָט ר' לייבעלע אים געהאָלפן געפינען...

פינע־אברהמל־ביינשטיינס האָט געבאַמקעט, געקלאַפּט מיט'ן קולאַק אין וואַנט מיט גרויס חשק, געקנאַקט מיט די פינגער, געזונגען, גע'דבק'עט זיך, אָפּט צוגעשאָקלט מיט'ן קאָפּ — אַז ער איז מסכים מיט יענעם רעיון, און מיט שטאַרק פאַרקוועטשטע אויגן איז ער אַוועק אין הויכע דרכים, העט, העט, ווייט אין עולמות העליונים...

ווען איך בין געקומען אהיים, האָבן די בענטש־ליכט געהאַלטן שוין ביים אויסגיין. די שוועסטער האָבן שוין געשלאָפן. די מאַמע האָט אפילו גאָר ניט ניט געזאָגט, נאָר עס איז געווען קענטיק, אַז גאָר צופרידן איז זי ניט פון אַזאַ שבת'דיקער ווע־טשערע. גליקלאַך, איבער־גליקלאַך איז געווען נאָר דער טאַטע. אַ נייע הויט ממש האָט זיך אויף אים אָנגעטאָן.

אויף מאָרגן, שבת, אַז מען איז שוין געגאַנגען פון אַלע שולן, האָט מען ביים רבי'ן ערשט געהאַלטן צו קריאת־התורה — מען האָט ר' לייבעלע'ן אויפגערופן צו מפטיר. די ברכות ביי דער תורה און די ערשטע ברכות פון דער הפטורה האָט ר' לייבעלע

געזאָגט כמעט ווי אַלע חסידישע אידן. אפשר מיט אַ ביסעלע מער כונה, אפשר פאַרטיפט זיך מער, אָבער אָן חדושים. נאָר אַז ער איז געקומען צו דעם נביא ירמיהו'ס רייד אין קאַפּיטעל ז' (די סדרה איז געווען פרשה „צו"): „כה אָמר ה' צבאות אלהי ישראל היטיבו דרכיכם ומעלליכם ואשכנה אתכם במקום הזה", איז דאָס ניט געווען אַ זאָגן די הפטורה — וואו טראָפּ, ווען טראָפּ? — נאָר אַ נשמה־אויסגוס אין אַ תפילה מיט אמת'ער התפשטות הגשמיות!

מיט אַן אייגנאַרטיקן חסידישן חב"ד־ניגון, פול מיט האַרציקע מתיקות, האָט זיך ר' לייבעלע בנעימות'דיק פאַר'דבק'עט אויף איטלאַכן פסוק און אויף יעדן וואָרט פון פסוק. אָפּטמאָל האָט ער זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעזונגען כמעט הויך, מיט אַ שיינעם אנגענעמענעם קול, אָבער אַז ער איז געקומען צום פסוק: „ואתה אל תתפלל בעד העם הזה ואל תשא בעדם רנה ותפלה ואל תפגע בי כי אינני שמע אותך", האָט ער זיך אַזוי פאַנאַנדערגעוויינט, אַז ער איז זיך פאַרגאַנגען, ווי אַ קינד פאַרגייט זיך און קען דעם אָטעם ניט כאַפּן. דער עולם איז געוואָרן צערודערט און דער־שראָקן. אימיצער האָט אפילו אַ געשריי געטאָן: וואסער! אָבער דער רבי האָט אַ טיפן קרעכץ געטאָן און ווייטער געזאָגט די הפטורה. ביי אַ דריי־פערטל שעה האָט געדויערט זיין הפטורה־זאָגן. ער איז אין גאַנצן נאַס געווען פון שוויים און טרערן. אַלע זיינע כחות, הפנים, זיינען אויסגעשעפּט געוואָרן; און מיט גרויס מי האָט ער, אָנלענענדיק זיך אויף דעם גבאי, קוים פארשלעפּט זיך צוריק אין זיין חדר. דער עולם, דאָס הייסט, די אמת'ע חסידים, זיינען געווען שטאַרק געהויבן ביי זיך; געשמוצערט מיט די ליפּן, פאַרגלאָצט איין אויג, גע'אי'קעט און גע'א'קעט און „אָ, טאַטע פאָטער!" אַרויסגעקרעכצט.

דעם גאַנצן שבת האָט מען קיין „טיש" ניט געפּראַוועט. ר' לייבעלע האָט זיינע סעודות גע׳געסן ביי זיך אין חדר. נאָך שלש סעודות האָט ער ווידער געזאָגט תורה, — נאָך אַ טיפערע, ווי די מבינים האָבן געזאָגט. אַרויסגעקומען צום עולם און פאַר־

בראַכט מיט'ן עולם האָט ר' לייבעלע ערשט שבת־נאַכט צו מלוה־מלכה.

ביי אַ סך לאַנגע, שיין־געגרייטע טישן, באַדעקטע מיט כל־טוב, משקה און טייערע וויינען, האָבן זיך צוזעצט די גאַנצע פּני פון אונזער שטאָט.

דאָרטן זיינען געווען באַוואוסטע חסידים, אידן לומדים, גבירים, חשוב'ע באַלעבאַטים און גלאַט פּרומאַקעס און באַנק־קוועטשערס.

אַז דער גבאי האָט זיך באַוויזן און תיכף נאָך אים ר' לייבעלע, האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט און מען האָט אָנגעהויבן זינגען דעם „ליבאַוועטשער'ס נייעם ניגון". און מיט וואָס פאַר אַ היץ און ברען, מיט וועלכע התלהבות, מיט וואָס פאַר אַ טעם און געשמאַק אידן האָבן געזונגען דעם שיינעם, פריילאַכן, פייערדיקן ניגון! אידן האָבן אָן אַלץ פאַרגעסן! פאַרגעסן זייערע ענוים און יסורים, דאגת הפּרנסה — אפילו דעם גלות, דוכט זיך, פאַרגעסן און פאַרטיפט זיך אין גאַנצן אין דעם ניגון. די פּנים'ער האָבן געשטראַלט פון פרייד, דער אינווייניקסטער גליק און נחת־רוח האָט זיך אָפּ־געגלאַנצט אין זייערע אויגן און געהערט זיך פון זייער קול. „עבדו את ה' בשמחה, באו לפניו ברננה" האָט מען מקיים געווען מיט אַלע פּרטים און דיקדוקים.

אָבער אָט האָט זיך דער געזאַנג פּלוצלינג איבערגעהאַקט... דער טשאַסטנע־פּריסטאַוו *) מיט אַ פּאָר סאָלדאַטן מיט ביקסן, האָבן זיך באַוויזן אין טיר. די גאַנצע עדה אידן איז ווי פאַר־גליווערט געוואָרן. ביי פילע זיינען די פּנים'ער געוואָרן וויים פון שרעק, און זיי האָבן זיך געקרימט פון צער און פּיין. דער גביר לאַזינסקי אָבער איז צוגעגאַנגען צו די ניט־געבעטענע אורחים, אַ ווײַלע געשושקעט זיך מיטן פּריסטאַוו, מכבד געווען אים און זיינע באַגלייטער מיט אַ פּאָר גלעזלאַך קאָניאַק און צובייסן — און פּטור אַן עסק. לאַזינסקי האָט געשמייכלט, דערציילט, אַז

*) אַ באַאַמטער פון פּאָליציי־באַצירק.

דער פריסטאוו, גייענדיק פארביי אין פאטרול, האט געוואלט וויסן, וואס איז דא אזא שמחה? און איצטער ווייסט ער שוין — ער איז רייכער געווארן מיט א גאנצן פינפערל...

דעם פריערדיקן ניגון אבער האט מען שוין מער ניט גע־זונגען. מען האט געפרובירט — אבער עס איז ניט געגאנגען. מען האט זיך געמאטערט, געפלייסט זיך, פארצויגן אנדערע נגונים, געבאמקעט און געקנאקט מיט די פינגער, אבער עס איז געווען שוין ניט דאס. דער פריערדיקער געמיט, די פריערדיקע אויפ־געלייגטקייט איז פארלארן געווארן. ר' לייבעלע האט גערעדט ביים טיש פון שכינתה בגלותא, מסביר געווען דעם גאנצן ענין פון גלות פון דער נשמה, האט דערציילט וואונדערבארע זאכן פון טאנס ווענן און פון זיידן — דעם אלטן רבי ר' שניאור־זלמן. דער עולם האט געהערט מיט אנגעשפיצטע אויערן און אפענע מיילער. זיי האבן, קענטיק, גרוים הנאה געהאט, אפט באמערקט מיט א „אר־ווא, אר־ווא!" אבער דער שאטן פון פריסטאוו, ימח שמו, איז נאך אלץ געהאנגען ווי א שווארצע כמארע איבער דעם זאל און איבער אלע מסובים. מען איז געזעסן גאנץ שפעט. מען האט געגעסן, געטרונקען; עטלאכע חסידים האבן געכאפט שיריים פון דעם טעלער, וואס מען האט אוועקגעטראגן פון ר' לייבעלע'ן, אבער דאס האבן געטאן נאר עטלאכע, און אויך ווי האלב־פאר־שעמטערהייט.

די גאנצע וואך וואס ר' לייבעלע איז געשטאנען ביי אונז, איז אוועקגעגאנגען אין תורה־זאגן און אין נגונים. א חוץ, געוויינ־לאך, וואס ער האט אויפגענומען אויף יחידות, אנגענומען פדיונות — איש כפי נדבת לבו — און געגעבן זיין ברכה.

ט.

## מיינע איבערלעבונגען אין די חדר־יאָרן

פינף יאָר בין איך אַלט געווען, ווען מען האָט מיך אָפּגעגעבן אין חדר.

אַלע אידישע טאַטעס — רייך אָדער אָרים, לומדים אָדער פּראָסטע מענטשן, בעלי מלאכות אָדער חשוב'ע בעלי בתים — אַלע האָבן אָפּגעגעבן זייערע אינגלאַך אויפ'ן פינפטן יאָר אין חדר. פאַרבליבן אין חדר איז מען שוין, ווי וועמען גאָט האָט געהאָלפן. ווער עס איז געווען ביכולת — ביז אַ יאָר אַכצן. „תורה איז די בעסטע סחורה", האָט מען געזונגען צו די קינדער נאָך אין די וויגן, און צו ליכט־בענטשן פלעגט די מאַמע תפילה טאָן, אַז „ווי די ליכט לייכן, זאָלן אַזוי די אייגעלאַך פון איר זונעלע אין דער הייליקער תורה לייכטן"...

גערופן האָט די מאַמע מיך ניט אַנדערש, ווי „תנא'לע מיי־נער", „חכם־עתיק" און „מופלג", נאָך איידער איך האָב געוואוסט דעם באַדייט פון די ווערטער. דער טאַטע פלעגט, גלעטנדיק מיך איבער'ן קאָפּ, צוגעבן:

— ער וועט אם־ירצה־השם קענען גוט לערנען. ער האָט אַ גוט קעפּעלע!

ווען תורה, לומדות און תלמידי חכמים האָט מען שטענדיק גערעדט אין שטוב מיט גרויס התפעלות. אַ קרוב אונזערער האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, האָט מען כסדר זיך גע'חידוש'ט, געשמוצערט מיט די ליפּן: „אי אי, וואָס פאַר אַ וואוילער חתן,

אַן עלוי, גאָר אַ צאַצקע, אַן אַנטיק!" און די מאַמע האָט מיט אַ ביסל קנאה אויסגעלאָזן:

— אַז גאָט וויל, דאַרף מען דען חכמות? באַשערט אַ גליק!

מיין באָבע, אַ גאַנץ קלוגע אידענע, וואָס פלעגט שטענדיק טראָגן איר קורטקע אויף איין אַרבל און אַ פּרענטל אַריינגע־שטעקט אונטער דער ליענטע, לעבן דעם רעכטן אויער, פלעגט טענה'ן צו מיר:

— דו ווייסט, זונעלע, אַז דו וועסט קענען לערנען, וועט מען דיר געבן גאָר אַ פיינע כלה, מיט קעסט, מיט נדן; און טאַטע־מאַמע וועט מען אָפּשיטן...

גערעדט האָט זי דאָס צו מיר, נאָך איידער מען האָט מיך אין חדר אָפּגעגעבן. און איך האָב קיין ברעקל באַגריף ניט גע־האַט, וואָס עס באַדייטן אירע רייד.

דער טאָג, ווען מען האָט אָפּגעגעבן אַ קינד אין חדר, איז געווען אַ יום טוב. דעם אינגעלע האָט מען איינגעוויקלט אין אַ טלית און אויף די הענט געטראָגן אין חדר. מען האָט אים געוויזן דעם אלף־בית — אין גרויסע אותיות אָנגעקלעפּט אויף אַ ברעטל — און בעת ער האָט זיך איינגעקוקט, איז געפאַלן פון אויבן געלט, צוקערקעס און אַנדערע גוטע זאַכן.

— דאָס וואַרפן די גוטע מלאכים, וועלכע האָבן זייער האָלט חדר־אינגלאַך, — פלעגט מען דעם אינגל איינרעדן.

מען האָט געמאַכט אַ סעודה אין חדר, מכבד געווען דעם רבי'ן און די חברים מיט בראַנפן, טאָרט און צוקער־לעקאַך. אָבער דער עיקר סעודה איז געווען אין דער היים, וואו מען האָט גע־פּראַוועט אַ וואַרמעס פאַר קרובים און נאָנטע גוטע פריינט, און דער העלד פון טאָג האָט געקראָגן מתנות און גוטע זאַכן.

צו אונז זיינען אויף מיין חדר־מאָלצייט געקומען אַ סך שיינע מענטשן, און מיין מאַמע האָט אָנגעקוואָלן פון נחת. עס זיינען געווען אויך עטלאַכע גרויסע חסידים, מיין טאַטנס נאָנטע חברים. מען האָט געטרונקען שנאַפּס, געזונגען חסידישע נגונים און מען

איז געזעסן לאַנג, לאַנג — ביז שפּעט אין דער נאַכט — און גע־פּירט טיפע שמועסן.

דעם מיין פון די רייד האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט תופס געווען, און זיי זיינען מיר גאָר ניט אָנגעגאַנגען. אָבער שפּעטער מיט אַ יאָר זיבן, ווען מען האָט מיין ברודער אָפּגעגעבן אין חדר און די זעלביקע אידן זיינען ווידער אַמאָל געווען ביי אונז צו דער סעודה, האָב איך זיך שוין גוט צוגעהערט צום שמועס, אָבער זייערע רייד האָב איך דאַן אויך ניט גוט פאַרשטאַנען.. מען האָט גערעדט וועגן דעם חילוק פון אַ אידישן לַמדן און אַ געלערנטן ביי די אומות העולם.

— ביי אידן, — האָט געזאָגט אברהם־בער ירמיה׳ס, — איז די תורה דער יסוד פון דער אמונה: לערנען גופא איז שוין אַ גרויסע מצוה! לומדות איז רוחניות. דער לַמדן איז אַ איש רוחני — אַ גייסטלאַכער, ווי די דייטשן זאָגן (ער האָט געקענט גוט דייטש); און ביי אידן איז איטלאַכער לַמדן, אַזוי ווי ביי זיי, להבדיל, דער גלח, דער ארכירעי.

— אָך, אָך! — האָט זיך פאַנאַנדערגעקרעכצט אַן עלטערער איד מיט אַ הדרת פנים, מיט אַ שיינער גרויער באָרד — קענען לערנען הייסט — אויסגעפינען די כונות און דעם רצון הבורא, דאָס איז הכרת הבורא און דורך דער תורה, נ אָ ר דורך דער תורה איז אַ איד ביכולת זיך מתדבק זיין, טאַקע בפועל ממש, מיט׳ן כביכול אליין! אָט פאַרוואָס די גמרא דרשנ׳ט: את ה׳ אלהיך תירא— לרבות תלמידי חכמים, ווייל דער תלמיד חכם, דער אמת׳ער תלמיד חכם איז אַ שותף צו דעם אויבערשטן; איז אַ חלק אלוה ממעל, — אַ טייל פון זיין הייליקן נאָמען!

אליקום־מרדכי, אַ איד וואָס איז געווען אַ גאַנצער בן־בית ביי ר׳ שמואל׳קע ליבאַוויטשער, און פון וועמען מיין טאַטע האָט געהאַלטן אַן עולם ומלואו, האָט גערעדט וועגן דער שייכות פון דער תורה מיט די עשר ספירות און וועגן דעם לבוש פון אין־סוף... ער האָט דערמאָנט, אַז אוריתא וקודשא בריך הוא חד הוא, אַז צדיק גוזר והקב״ה מקיים און אַז עס איז גאָר דעריבער קיין

רבותא ניט, וואָס אפילו דער וואָס איז נאָר א גאון אין לערנען, ניט דוקא דער גרויסער צדיק, קען ווייזן מופתים!...

מען האָט גערעדט וועגן דער שפּל'ער מדרגה פון דעם עם־הארץ; מען האָט געזאָגט: „ולא עם־האָרץ חסיד"; מען האָט געבראַכט די גמרא: „הנותן את בתו לעם הארץ כאילו כופתה לפני הארי". דערביי האָט מען זיך שטאַרק געאַמפּערט און ניט אַלע האָבן מסכים געווען. די גרויסע חסידים האָבן גע'טענה'ט, אַז נאָך אַלעמען איז „לא המדרש עיקר אלא המעשה", אַז „רחמנא ליבא בעי" און אַז „ובלבד שיכון את לבו לשמים" און אַז ביי דעם אויבערשטן זיינען שטאַרק אָנגעלייגט די תפילות פון דעם פּראָסטאַק. אַ ראיה לדבר, האָט איינער דערציילט, — איז די מעשה מיט דעם בעל־עגלה'ס שמייסער: דער בחור האָט זיך שטאַרק אָנגעהאָרעוועט ערב יום כפּור און האָט דעם גאַנצן טאָג יום כפּור פאַרשלאָפן זיך אויף די היי אין שטאַל; אויפגעכאַפּט האָט ער זיך ערשט צו נעילה און אַזוי תשובה געטאָן און חרטה געהאַט מעימקא דליבא, אַז ער איז געבליבן אַ גע'חלש'טער... דער רבי האָט געזאָגט, אַז אין דעם זכות פון דעם שמייסער זיינען אידן ניצול געוואָרן דעמאָלט פון אַ גזירה רעה. דער שטן מקטרג האָט געווען געהאַט אַ גרויסע שליטה, און נאָר דער שמייסער האָט זי מבטל געווען!...

צום סוף האָבן אַלע מסכים געווען, אַז אַזוי וואויל און גוט איז צו דעם, וואָס קען און וויל, און זיצט און לערנט; און אַז געבענטשט זאָל זיין דער מאַמע'ס בויך, וואָס האָט אַזאַ אויף דער וועלט געבראַכט!

מיין ערשטער דרדקי מלמד איז געווען שלמה'קע ניזשעוועזער. דער חדר איז געווען אין איטעלעס שול.

שלמה'קע איז געווען אַ הויכער איד מיט אַ ברייטן, גוטן, נאַרעשעוואַטן פּנים. ער האָט געטראָגן אַ שפּיציקע יאַרמולקע אויף דער פּאַטילניצע. די יאַרמולקע האָט צוגעדעקט אַ גרויסן קאָלטון. אין חדר איז שלמה'קע געזעסן שטענדיק אָן אַ זשופּעצע. דער וואָלענער, ברייטער ארבע־כנפות האָט צוגעדעקט זיין אָפּענעם

בוזים. די ציצית האָבן דערגרייכט כמעט ביז צו דער ערד. ער פלעגט גאנץ אָפט אויף זיי ארויפטרעטן און כאפּן זיי אַלע ווײלע קושן. ער איז געווען אַ מזג טוב, אַ מענטש אָן אַ גאַל; קיינמאָל ניט בייז געווען, ניט געשריען. ער איז געווען מער אַ חבר צו די קינדער איידער אַ רבי. ער האָט זיך געשפּילט מיט די קינדער; זיי האָבן געהאַלטן זיך פּאָרוויז אָן זיינע ציצית און געשפּילט מיט אים אין פערדלאַך, לויפנדיק ארום דער בימה אין שול.

אויף דעם אַלף־בית האָט ער געטייטלט מיט אַ גרויסן ביינער־נעם טייטל, מיט וועלכן מען העלפט־צו אין דער ספר תורה דעם בעל־קריאה. ער האָט שטענדיק געשמייכלט און איטלאַכן אינגעלע גערופן: זונעניו.

— זעסטו, זונעניו, דעם קאַראַמיסל, ווי ביי אַ וואסער־טרעגער? דאָס איז אַן אַלף. זאָג־זשע, זונעניו: אַלף, אַלף, אַלף!

דער „ב" איז געווען אַ קליטעלע מיט אַן אָפענעם טירעלע; דער „ג" — מיט אַ ביימעלע אונטן; דער „ד" — אַ העקעלע; דער „ה" איז „דאָס, וואָס פערד עסן"; „ו" איז אַ שטעקעלע מיט אַ סוק אויבן; „ז" — אַ שטעקעלע מיט אַ קעפּעלע; „ח" — אַן אושאַק אויף דער טיר; „ט" איז — טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ, ווי מען זינגט, און „י" איז אַ יוד... אַ איד, אָט ווי איך, ווי דו; אַ וואויל אות, אַ קליינינקער, אָבער זייער אַ וואוילינקער...

ער האָט געהאַט אויך נעמען פאַר די איבעריקע אותיות, — טשיקאַווע נעמען, ווי אַ „לאַנגע האַלז", אַ „קרומער רוקן". מיר האָבן געלאַכט, אָבער די אותיות גוט געדענקט.

תלמידים זיינען געווען ביי אַ צוואַנציק, און דער רבי האָט פּשוט קיין צייט ניט געהאַט צו פאַרמוטשען אַ אינגל מיט צופיל לערנען. דורך דעם ערשטן זמן האָט ער אויסגעלערנט די אינג־לאַך דעם אַלף־בית; אַ געראָטענערן — שעפּטשען אין סדור, און גאָר אַ וואויל אינגל — דאַווענען. ער פלעגט זיך ניט קוואַפּען צו האַלטן דעם תלמיד ביי זיך לענגער, איידער אַ זמן, העכסטנס, צוויי.

פאַר דעם ערשטן זמן פלעגט איטלאַכער טאַטע אי צאָלן מער, אי טאַקע באַצאָלן. אַ גביר פלעגט געבן ח"י קערבלאַך פאַר דעם ערשטן זמן. ווייניקער פון פינף רובל האָט קיינער ניט געצאָלט. און שלמה'קע האָט פון זיינע צוואַנציק תלמידים (ער האָט ניט מדקדק געווען — האָט גענומען, וויפיל תלמידים מען האָט אָפּ־געגעבן צו אים) געהאַט פרנסה בשפע. צו אים אין חדר איז קיין מאָל זיין ווייב ניט געקומען „שניידן פון אים פאַסן", ווי ביי מיינע שפּעטערדיקע מלמדים, און ער פלעגט דאָנערשטאָג ניט קרעכצן און ניט אוי־קען: גוואַלד, וואו נעמט מען אויף שבת?

אים איז געווען גוט, הפנים. אַ סך באַלעבאַטים האָבן אים מקנא געווען, ווער רעדט די מלמדים — אודאי. און ער איז גע־ווען גוט צו אונז.

ער האָט געהאַט אַ באַהעלפער, וועלכער האָט געדאַרפט אַכטונג געבן אויף די קינדער'ס נאַטירלאַכע באַדערפנישן און פירן זיי אין און פון חדר. זומער האָט ער אונז געטראָגן, ווי אַ באַראַן, אויף די פּלייצעס; ווינטער — געקאַטאַיעט*) אונז אויף אַ שליטעסע. אַך, ווי געקאַטאַיעט!

דעם באַהעלפער'ס עובדא איז אויך געווען צו ברענגען אונז די וואַרמעסן פון דער היים. און דאָ פלעגט ער זיך פאַרפּלאָנטערן און אָנטאָן צרות... קודם פלעגט ער פאַרבייטן — ניט געדענקען אַקוראַט, וואָסער טעפּעלע געהערט דעם און וואָסער — יענעם; פלעגט אָפּגעבן אַ רייכנ'ס וואַרמעס אַן אָרימן אינגל, און פאַר־קערט. דער רייכער אינגל פלעגט זיך בריקען, בייזערן: ניט גע־וואוינט געווען, הפנים, צו אַ פאַרווייסטן קרופּניק. אַן אַנדערש מאָל פלעגט דער באַהעלפער גאָר פאַרגעסן אָן אַ אינגל און אים זיין וואַרמעס גאָר ניט ברענגען. די גרעסטע צרה אָבער איז גע־ווען, וואָס ער פלעגט אָנמאַכן שאלות — פלעגט אַרויפשטעלן אַ הייסן מילכיקן קרופּניק אין אַ ליימענעם טעפּעלע אויף אַ הייסן געבראָטנס אין אַ פאַרצעלייענער שיסעלע — און דער דין האָט

---

*) שנעל לויפן.

כמעט שטענדיק גע'פסק'נט טריף. „ביידע טריף", פלעגט ער זאָגן. די אינגלאך פלעגן זיין הונגעריק, וויינען, שרייען. א מאָל פלעגט דער באהעלפער אוועקלויפן און קויפן א פּאָר אייער־בייגל, עטלאכע ריטשאַניקעס פאר זיין אייגן געלט און צעטיילן די הונגעריקע אינגלאך. דער רבי פלעגט זאָגן:

— חמור, פערדישע קאָפּ, בהמה דו איינער! פון די פּאָר גילדן א זמן, וואָס דו קריגסט ביי א אינגל, וועט דאָך דיר די קאָפּ ניט סטייען. דו וועסט דאָך אפילו אויף א פּאָר שטיוול צום ווינטער צו ניט אָפּשפּאָרן!

יענער פלעגט זיך אָפּזיפצן, אריינרוקן ביידע הענט אין די נעדיכטע שווארצע האָר פון קאָפּ און נעמען קראַצן גיך, גיך און מיט גרויס חשק, פלעגט זיך מיט דער פּאָלע אָפּווישן דעם פאר־שוויצטן פּנים — און דערביי איז דאָס געבליבן.

מיר פלעגן לאכן פון דעם באהעלפער'ס מאָדנע הויות, וואָס ער פלעגט מאכן. ער האָט געקאָנט קונציק פייפן און נאָכמאכן פייגעלאך. מיר פלעגן אויף אים רחמנות האָבן, ווען ער פלעגט זיך צעוויינען... סיי דער רבי, סיי דער באהעלפער זיינען געווען גוטע, און איך האָב קיין שווערן עול פון חדר ניט געוואוסט.

ביי שלמה'קען האָב איך אָפּגעלערנט נאָר איין זמן — ער האָט אליין געזאָגט דעם טאטן, אז מען מעג מיט מיר אָנהויבן לערנען חומש און אז ער קען דאָס ניט. האָט מען מיך אָפּגעגעבן צו „נאכע'ן דעם גנב"...

נאכע פלעגט גנב'ענען דעם פּאָד־אנבייסן, אראָפּכאַפּן א יתור פון א סעודה אין חדר און אמאָל צו'גנב'ענען ביי א תלמיד א שיינעם חומש און נאָך שרייען און בייזערן זיך אויף דעם אינגל, פארוואָס ער פארלירט זיינע ספרים...

נאכע איז געווען נאָך דערצו א גרויסער מנובל: פלעגט זיך פאנאַדערשפּיליען און פאנאנדערקנעפּלען אומעטום, מאכן געלונ־גענע עקספּעדיציעס, פון וואָס אונז פלעגט קערן צו דער גאַל...

מיר האָבן אים אַלע פיינט געהאַט. נאָך גוט, וואָס מיט אַ שוחד האָט מען זיך געקאָנט אויסקויפן פון אַלע צרות, אפילו פון לערנען אויך.

נאָכע איז געווען אַ רשע מרושע. פלעגט הרג'ענען, שלאָגן פאַר יעדער קלייניקייט, און צו אַלע מעלות איז ער נאָך געווען אַ מיאוס'ער חניפות'ניק.

עס זיינען געווען ביי אונז אויך חשוב'ע מלמדים, אידן לומדים, שיינע מענטשן, קלוגע און גוטע. אָבער זעלטן ווען אַ טאַטע האָט מקפיד געווען אויף דעם מהות פון זיין אינגל'ס מלמד. אינטערעסירט האָט די טאַטעס דער סכום פון שכר לימוד, די צאָל פון די אינגלאַך אין חדר און דערהויפּט, וועמעס אינגלאַך עס לערנען ביי דעם מלמד. דער יחוס פון די באַלעבאַטים, וועלכע דער מלמד האָט געהאַט, איז געווען דער עיקר. ווייטער האָט זיי ניט געאַרט. „אַ מלמד איז אַ מלמד", האָבן זיי געזאָגט. און דער אינגל איז געווען אין דעם מלמד'ס הענט כחומר ביד היוצר. דער מלמד האָט געטאָן, וואָס ער האָט געוואָלט.

אַ מעשה שהיה: מלמדים האָבן צווישן זיך געפּלעט אַ אינגל, ביי וועמען ער זאָל לערנען. און דער „זכה בגורל" האָט שוין ממילא באַשטימט אויך דעם גורל פון דעם בחור'ל, וועמען דער מלמד האָט געפורעמט בצלמו וכדמותו...

דאָס רוב מלמדים זיינען געווען גרויסע פּרומאַקעס, מיט לאַנגע דיקע פּאות, מיט גאַרטלען און אָפענע בוזעמס; און זייער הויפּט־עובדא איז געווען איינצופלאַנצן אין דעם אינגל יראת שמים און „מידות טובות"... אַנדערע, ווידער, האָבן אַלע כחות אָנגעווענדט אויף צו שאַרפן דעם תלמיד'ס קעפּל מיט אַלערליי פשט'לאַך, מיט פּלפּול, און דערצו האָבן זיי דעם אינגל געשטאָפּט, ווי אַן אינדיק, מיט תורה און געזען אים צו מאַכן פאַר אַ למדן.

ווי פאַרשיידן די צילן זיינען געווען ביי די מלמדים, איז אָבער די מעטאָדע געווען ביי זיי כמעט ביי אַלעמען גלייך — האַלטן דעם אינגל אין איין מורא און פּחד און ניט זשאַלעווען

קיין קלעפּ, קיין שמיץ און קיין רומאַקעס...*) געווען אַזעלכע חכמים וואָס פלעגן זאָגן, אַז פון אַ גוטן אינגל קען מען אויסשלאָגן פּוטער און קעז, פון אַ גראָבן קאָפּ — נאָר זויער־מילך און סאַראַ־וועטקע, אָבער שלאָגן דאַרף מען ביידן...

---

ביי „נאָכע דעם גנב" בין איך פאַרבליבן צוויי זמנים און האָב אַ גרויסע פּעולה געהאַט... ניט אַזוי אין לערנען, ווי אין דער מלאכה פון גנבה. איך פלעג גנב'ענען געלט ביי דער מאַמען פון קעשענע, ביי דער באָבען פון טיש־קעסטל, און אַזוי קונציק בריה'ש, אַז מען האָט מיך קיינמאָל ניט געכאַפּט.

געלט האָב איך נויטיק געדאַרפט, ווען איך בין געווען ביי נאָכע'ן אין חדר. ערשטנס — האָבן מיט וואָס אונטערצוקויפן דעם רבי'ן: קויפן אים אַ פּאָר גוטע עפּל, באַרן וכדומה. און אַגב האָב איך זיך אויסגעלערנט אַליין אויך צו נאַשן. האָב שטענדיק מכבד געווען די חברים מיט גוטע זאַכן. ביי זיי איז דאָס געווען זייער אָנגעלייגט און זיי האָבן מיך געהאַלטן דערפאַר פאַר אַ טייערן חבר און שטענדיק איינגעשטעלט זיך פאַר מיר... געגנוגעגנוג צרות בין איך אויסגעשטאַנען, ביז עס איז אַרויס־געטריבן געוואָרן פון מיר די גנבה'שע שטיק פון „נאָכע דעם גנב"!...

זאָגן אַ ליגן, אָפּנאַרן און אונטער'חנפה'נען זיך איז ביי נאָכע'ן ניט געווען קיין פאַרברעכן. ער פלעגט דאָס אַליין טאָן און נאָך באַרימען זיך, ווי גוט ער האָט גע'דרשנ'ט. ער איז אַמאָל געקומען אין חדר און האָט געקוואָלן און דערציילט, ווי ער האָט אָפּגענאַרט אַ גוי־גנב, ביי וועמען ער האָט געקויפט אַ פּאָר מעסט־לאָך בולבע... אַן אַנדערש מאָל האָט ער זיך באַרימט, אַז אַ חכם גדול, אַ אידל, אַ „פערעקופּשטשיק" האָט אים געוואָלט אָפּ־נאַרן. האָט ער זיך מקדים געווען און יענעם אָפּגענאַרט פון קאָפּ ביז די פיס — און זאָל ער וויסן... די דאָזיקע סאָרטן זאַכן האָבן

---

*) אַ זעץ מיט'ן קולאַק.

מיר, קינדער, זייער גיך איבערגענומען און אוועקגעגאנגען אין דעם רבי׳ס דרכים...

עס האָט מיר א לאנגע צייט גענומען, ביז איך בין פּטור געוואָרן פון „נאכע דעם גנב׳ס" תורה; און בין עד היום נים איינ־גאנצן זיכער, צי עס איז מיר נים איבערגעבליבן עפּעס א רושם... צוויי חברים מיינע זיינען אויסגעוואקסן בארימטע גנבים, אויף אן אמת!...

ט.

# נייע מלמדים

אז איך בין געוואָרן ביי אכט־ניין יאָר אַלט, האָט מען מיך אָפּגעגעבן צו זבולון דעם מלמד. ביי אים בין איך פאַרבליבן לערנען גאַנצע זיבן זמנים. זבולון האָט גע׳שמ׳ט פאַר אַ גוטן מלמד. ער איז ניט געווען קיין גזלן, אָבער זייער שטרענג, און מיר האָבן פאַר זיין „דוך" געציטערט. ער איז געווען אַ גאַנץ קלוגער איד, געקענט גוט לערנען און איז געווען אַ מתנגד. ער האָט זיך גע־האַלטן ריין און ציכטיק, קיינמאָל ניט געגאַנגען מיט אַ צע־בריאַשנעטן בוזעם, אָדער סתם אַזוי אָפּגעלאָזן. און ער האָט שטאַרק מקפּיד געווען אויך אויף אונזער הילוך און אויפפירונג, אַז מיר זאָלן ניט זיין אָפּגעלאָזן. ער האָט אפילו די פּאות אויף אַ העלפט אונטערגעגרייזלט, אויף וואָס אַנדערע באַלעבאַטים זיינע, — די חסידישע, — האָבן מתרעם געווען. „דער זבולון איז גאָר אַ הייִנטיקער", האָבן זיי אונטערגעבורטשעט.

תלמידים ביי אים זיינען געווען זעקס. דער שכר לימוד איז געווען אַרום צען־צוועלף קאַרבן אַ זמן, נאָר וואָס לענגער מען איז פאַרבליבן ביי אים האָט מען באַדאַרפט מער מוסיף זיין. אַרום און אַרום אָבער האָט ער פון זיין קנעלונג ניט געהאַט גענוג אויף חיונה, איז די ווייב זיינע געווען אַ „טוקערקע". אָבער מיט אַלץ מיט אַנאַנדער פלעגט זי אָפּט קומען אין חדר בעטן געלט ביי אים און שרייען, אַז די קינדער גייען אוים פאַר הונגער. אויף וואָס ער פלעגט כמעט שטענדיק האָבן איין תשובה: „נו, פאַר־

קויף מיר אין „אכוואַטניקעס"*), אָדער שנייד פון מיר אָפּ א פּוס, א האַנט!"

ער האָט געהאַט זעקס קינדערלאַך און געווען איינגעטונקט אין חובות.

אים איז געווען ניט גוט, און אונז נאָך ערגער...

דער חדר איז געווען ביי מיין חבר יודל'ען. זיין טאַטע איז געווען אברהם דער רימען־קרעמער, א איד, וואָס האָט אין די יונגע יאָרן געקענט גוט לערנען. האָט אָבער שפּעטער קיין מאָל קיין ספר אין האַנט ניט גענומען און אַפילו די סדרה קיין צייט ניט געהאַט צו מעביר זיין. ער איז ניט געווען קיין אָרימאַן, אָבער זייענדיק א סלוצקער, איז ער געווען קאַרג, ווי טיטוס הרשע, און האָט געוואוינט מיט זיין ווייב און צוויי קינדער אין איין־איינציקן, ניט קיין גרויסן און ניט קיין הויכן חדר, וואָס איז געווען צוגעבויט, ווי א סוכה, צום הויף־צו, צו א הויף, וואָס האָט גע'שמ'ט מיט טיפע קויט און בלאָטעס ביז'ן האַלז.

אונזער חדר האָט אברהם אריינגעלאָזן צו זיך, כדי פאַר־גרינגערן זיך דעם שכר למוד און כדי זיין יודל זאָל ניט דאַרפן לויפן אין חדר הין און צוריק און רייסן די שטיוועלאַך...

די איינריכטונג פון חדר, אין וועלכן איך האָב פאַרבראַכט דריי און א האַלב קיילאַכדיקע יאָר, איז געווען ניט גאָר פון די געהויבענע. די צוויי הילצערנע בעטען, וואָס זיינען געשטאַנען ווי א „ד" אין ביידע ווינקלאַך לעבן אויוון, זיינען געווען א ביסל אָפּגעפּאַרבט רויטלאַך. אויף דער ווייבערשער בעט איז געווען אָנגעוואָרפן בעט־געוואַנט ביז דער סטעליע. דאָס איז געווען דער באַלאַבאָסטע'ס „פּאָוועלע"**) פון איר חתונה נאָך. זי האָט זיך מיט דעם שטאַרק איבערגענומען און זיך גרויס געהאַלטן. די בעט האָבן מיר, אינגלאַך, גערופן די „סיבילניצע"***), ווייל ארויפ־

*) פריוווילעגער זעלנער וואָס קהל פלעגט דעמאָלט קויפן.
**) גאַרדעראָבע — אויסשטאַטונג פאַר מיידלאַך צו דער חתונה.
***) א הויכער שטאַנג, אויף וועלכן מען לערנט סאָלדאַטן קריכן.

קריכן אויף איר און טאָפּטשען אין די בעט־געוואַנט איז ניט געווען קיין גרינגע זאַך. א קאַסטן מיט א פּליכעוואַטן צודעק, א האַלבע דעק אָפּגעשיילט, איז א העלפט געשטאַנען אַרויסגערוקט פון אונטער'ן בעט און האָט געדינט פאַר א לייטער אַרויפצוקריכן אויף דער בעט. אַן אַלטער קאָמאָד, מיט שטענדיק אָפענע שופ־לאָדן איז געשטאַנען רעכטס. לעבן די פענסטער — איינע אין מזרח־וואַנט, די אַנדערע אין דרום — זיינען געשטאַנען צוויי קאַנאַפּעס, וואָס אַמאָל זיינען זיי געווען ווייסע, הילצערנע, אָבער איצט האָבן זיי אויסגעקוקט ווי בלייענע, מיט א טונקל־בלויען קאָליר. לעבן קאַנאַפּע, אין מיטן שטוב, איז געשטאַנען דער טיש, וואָס זיינע פיסלאַך זיינען געווען צונויפגעבונדן מיט שטריקלאַך און וואָס פלעגט ביי איטלאַכן ריר שאָקלען זיך, קרעכצן און זינגען מיט א מאָדנעם ניגון. לעבן טיש, צו דער אַנדער זייט, איז גע־שטאַנען דער בענקל. ניט אַזוי אויף צו זיצן האָט מען אים גע־דאַרפט, ווי צוליב דעם ליגן — א זייער נויטיקער חפץ אין חדר... ער איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט גלעזל פּליאָמעס פון די צונג־ברענטע טעפּ און הייסע „פּאָקרישקעס" *) און האָט שטאַרק דער־מאָנט אָן יעקב אָבינו'ס שעפּסן — עקודים, נקודים וברודים. דער בריק, וואו דער בענקל איז געשטאַנען, איז געווען אויסגעקרימט און די פיסלאַך פון בענקל צודרייטע; האָט זיך דער בענקל שטענדיק געוויגט און געהושקעט, און מיר האָבן אים גערופן „די הושקע".

— אי, וועט דיך דער רבי הושקען... וואַרט, וואַרט, דו וועסט שוין קריגן א גוטן חלק אויף דער „הושקע"! — פלעגן מיר רייצן זיך איינער מיט דעם אַנדערן.

א זייגער, פון מלך סאָבעצקי'ס צייטן, מיט צוויי שווערע וואָג, געצויגן אויף שטריקלאַך, איז געהאַנגען אויבן־אָן, אויף דער מזרח־וואַנט. דערביי איז געהאַנגען א פּאָרטרעט, וואו די צורה איז ניט געווען קענטיק, צוליב דער גרויסער התמדה פון די פליגן, אויף

*) דעקלאַך פון טעפּ.

וועלכן געזאָגט האָט מען, אז דאָס איז געווען משה מאנטיפיאָרע. לעבן אויוון אין ווינקל איז געשטאַנען: אַ פּאָמעלע, אַ קאָטשערע, אַ לאָפּעטע און אַ בעזים. אונטער'ן אויוון — אַ זאַשלינקע, אַ מולטער, אַ פּאָר קאַטשעלקעס און די דייזע — אַלץ מכשירים אזעלכע, אָן וועלכע קיין איין אידיש הויז קען זיך ניט באַגיין. אויף דער פּאָליצע לעבן אויוון זיינען צו איין זייט געשטאַנען די מילכיקע, צו דער אנדער זייט — די פליישיקע טעפּלאך. אויף אַ פּאָליצע נידעריקער איז געשטאַנען די מילכיקע און פליישיקע געפעס, אָפּגעטיילט מיט אַ מחיצה פון דער גראָפּין, אויף צו האַלטן ווײַן אויף קידוש.

אַ פּאָר לייכטער מעשענע, אַ חנוכה־לאָמפּ אַ בלעכענער, אַ האַק און אַ האַמער האָבן זיך ארויסגעזען פון צווישן די אַלטע „סקרופּיאַקעס" פון אונטער'ן בעט. האַרט ביי דער טיר איז פון איין זייט געשטאַנען די פּאָמאָיניצע — אַ ברייטער צעבער, אָבער אַ נידעריקער, אַ כלי־קבּל פאַר אַלע אומרייניקייטן... און פון דער אַנדער זייט איז אויף אַ טאַבורעטקע געשטאַנען אַן עמער מיט וואַסער, צו וועלכן אויף אַ שטריקל איז געווען צוגעבונדן אַ בלעכענע קווארטל, פול מיט געלע פאַרזשאַווערטע פינטלאך, אויף צו טרינקען. די גרויסע דיישקע וואַסער, וועלכע דער וואַסער־טרעגער פלעגט אָנפילן אַלע פרייטאָג, איז געשטאַנען אין פיר־הויז, אָבער פאַר אונז, קינדער, איז זי געווען צו הויך צו דערלאַנגען.

אין איין פענסטער זיינען אַ פּאָר שויבן געווען פאַרשלאָגן מיט ברעטלאך „נאַ גלוכאָ" *), און אין דער אַנדערער — פאַרשטעקט מיט שמאַטעס, וועלכע זיינען געווען פון דער „ווילגאָטע**) אינ־גאנצן צופוילט און פלעגן דורכלאָזן ווינטער די קעלט, פון וואָס מיר פלעגן זיך אָפּט פאַרקילן.

די באַלאַבאָסטע אונזערע איז געווען אַן אשת־חיל. האָט מער צייט פאַרבראַכט אין קראָם איידער אין שטוב, און האָט דעם חדר,

---

*) אויף שטענדיק.
**) פייכטקייט.

אין וועלכן מיר האָבן פאַרבראַכט צוועלף שעה אין מעת־לעת, אויס־געקערט אַלע ערב שבת נאָך. דעם רבי'ן פלעגט גאַנץ אָפּט אויס־קומען אָפּווישן דעם טיש פון דעם פאַרגאָסענעם קרופּניק פון דער נעבעכטיקער וועטשערע, אָדער אָפּרייניקן דאָס, וואָס דער חצוף דער האָן האָט אָפּגעטאָן... דעם רבי'ן איז דאָס ניט געווען גאָר צום הארצן און דאָס פלעגט אים אַריינברענגען אין כעס, וואָס סוף כל סוף האָט זיך דאָס אויסגעלאָזן צו אונזערע קעפּ, אויב ניט נאָך ערגער — גאָר צום היפוך...

קומען אין חדר האָט מען ביי זבולונ'ען געמוזט ניט שפּעטער ווי האַלב ניין אין דער פרי און אַהיים איז מען געגאַנגען נאָך ניין ביינאַכט. אַ חוץ אַן איבעררייס פון אַן ערך אַ שעה אויף וואַרמעס, אַרום האַלב דריי בייטאָג, האָט מען דעם גאַנצן טאָג און אַ שטיק נאַכט פאַרבראַכט אין חדר.

די תלמידים זיינען געווען צוטיילט אין דריי כיתות. איך און יודל זיינען געווען די ערשטע כיתה. מיר האָבן געלערנט דעם ערשטן הארבן פּרק אין בבא־קמא מיט תוספות. מיר האָבן שוין געדאַרפט מאַכן אַליין דעם „לייענען". מיר האָבן אַלע טאָג גע־דאַרפט איינ'חזר'ן דעם נעכטיקן „לייענען" און מאַכן דעם נייעם „שיעור"; האָבן מיר ניט געקענט אָפּרייסן זיך פון דער גמרא.

די אַנדערע צוויי כיתות זיינען געווען קלענערע, און ווען דער רבי האָט מיט זיי ניט געלערנט, זיינען זיי געווען פראַנק און פריי. מיר און יודלען האָט די מעשה שטאַרק פאַרדראָסן. מיר פלעגן אויסגיסן די הערצער איינער פאַר דעם אַנדערן, פּראָטעסטירן און שרייען: סטייטש, סטייטש, פאַרוואָס קומט דאָס אונז אַזוי פאַר־שוואַרצט ווערן? אַפּנים דען מיר זיינען עלטער פאַר יענע, וואָס? מיר האָבן אין הארצן ביי זיך דעם רבי ניט געקענט מכפר זיין אַזאַ עולה און געווען אים דם־שונאים. מיר האָבן די אַנדערע חברים זייער מקנא געווען, וואָס זיי קענען זיך שפּילן, לויפן אין דרויסן אויף לאַנג, וויפל זיי ווילן. אונז ווידער האָבן די חברים מקנא געווען, וואָס מיר זיינען די ערשטע כיתה, מאַכן אַ „לייענען" און לערנען תוספות שוין!

די קנאה פֿון די חברים האָט אונז אַ ביסל מפֿצה געווען. און דוקא האָבן מיר הנאה געהאַט און געהאַלטן זיך גרויס, וואָס מיר זיינען די ערשטע אין חדר, אָבער צו פֿריי זיין קומט דאָס ניט, און מיר האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר זייער געקריוודעטע *). מיר האָבן דעריבער לאַנג און פֿאַמעלאַכקע געגעסן און „געמאַרודעט" מיט דעם פֿאָד־אָנבייסן; אַלע ווײַלע וואַסער געטרונקען און אַלע ווײַלע געלאָפֿן „פֿאַר זיך"... אַלע מעגלאַכע מיטלען האָבן מיר אָנגעווענדט אויף אויסצודרייען זיך פֿון לערנען. דער רבי האָט דאָס געוואוסט און געמאַכט זיך כּלאַ ידע.

וואַרמעס־צייט פֿלעגן מיר, ווי אָפּגעריסן זיך פֿון אַ קייט, אַרויסלויפֿן. וואָס מיר וואַרמעס? ווען מיר עסן? — מיר פֿלעגן לויפֿן, שטיפֿן, שפּילן; „קערן אַ וועלט", ווי דער רבי פֿלעגט זאָגן.

איך און יודל זיינען שטענדיק געווען די ערשטע צו פֿאַרפֿירן עפּעס „אַן אַקט, א מעשה", אָדער א „פֿאָדעפּאַלצאַר"**), וואָס טריפֿה יונגען קענען. די איבעריקע חברים, האָבנדיק דרך־ארץ פֿאַר אונז, פֿלעגן אונז נאָכטאָן און נאָכמאַכן.

דער שטיפֿן פֿלעגט אונז אַזוי פֿאַרשלינגען, מיר פֿלעגן זיך אין אים אַזוי אַריינטאָן, אַז זעלטן ווען פֿלעגן מיר זיך דערמאָנען, אַז מען דאַרף עסן, אָדער אַ קוק טאָן אויפֿ'ן זייגער, ווי שפּעט עס איז. מיר פֿלעגן זיך כאַפּן אַ פֿאָר מינוט פֿאַר דעם רבינ'ס צוריקקומען און קיין צייט ניט געהאַט לויפֿן אַהיים. גאַנץ אָפֿט פֿלעגן מיר בלייבן הונגעריקע און ניט טאָרן נאָך אַ פּיפּס טאָן וועגן דעם: חלילה וחס, דער רבי זאָל זיך ניט דערוויסן.

---

*) [illegible]עכט באַהאַנדלטע.

**) אויסערגעוויינטלאַך־חוצפּה'דיקער טאַט.

## יא.

# דער סדר הלמוד

**דער סדר היום** פון די לָמודים איז פאר ווארמעס געווען אַלע מאָל גלייך. סיי ווינטער און סיי זומער האָט מען פאר ווארמעס שטענדיק געלערנט גמרא. מען האָט אונז, ניין־צען יאָריקע אינגלאַך, געשארפט דעם קאָפּ מיט „הוא אומר פתח פתוח מצאתי והיא אומרת מוכת עץ אני". מיר האָבן געקוקט דעם רבי'ן אין די אויגן, ניט פארשטאַנען אַ וואָרט... דער רבי האָט איבער־גע'חזר'ט די ווערטער נאָך העכער, מיט מער חשק, געדרייט מיט'ן גראָבן פינגער, אָבער ער האָט אונז דאָס ניט געגעבן צו פארשטיין. איין אינגל האָט געפרעגט דעם רבי'ן, וואָס איז דאָס „קרי" און פארוואָס קומט דאָס ניט אויסלעבן דעם יאָר, אויב מען זעט דאָס אום יום־כפור? ווער איז דאָס דער „קרי"? אַן אַנדער אינגל, ווידער, האָט געפרעגט: וואָס איז שכבת־זרע, רבי? נאָך אַ אינגל האָט געוואָלט וויסן, וואָס איז דער באַטייט פון קשוי־אבר? דער רבי פלעגט זיין אין אַ פארלעגנהייט, ווערן אַ ביסל רויטלאַך, גע־שמייכלט פאר זיך און געהאַט איין ענטפער: וועסט עלטער ווערן, וועסטו וויסן!

דער רבי האָט אַליין ניט געוואָלט, מען זאָל וויסן דעם ענין, פונדעסטוועגן האָט דאָס אים אַ ברעקל ניט געשטערט, ביים פאר־הערן דעם אינגל, גוט אָנפּאַטשן, אויב דער אינגל האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט ניט.

נאָך ווארמעס איז שוין געווען אַ חילוק אין די לָמודים פון זומער ביז ווינטער. די „עשווארבע" (עשרים וארבעה) האָט מען

שטענדיק געמוזט לערנען ניט אנדערש ווי בין השמשות. און אזוי ווי ווינטער ווערט באַלד נאָך וואַרמעס פאַרנאַכט, פלעגט מען באַלד, קומענדיק פון וואַרמעס, נעמען זיך פאַר׳ן תנ״ך. תנ״ך לערנען האָבן מיר אַלע האָלד געהאַט. מיר האָבן קיינמאָל ניט געגענעצט און קיינמאָל האָט „דער קאָפּ ניט וויי געטאָן״, ווי ביי דער גמרא. דער רבי האָט ניט געדאַרפט אַלע ווײַלע שרייען: „חמור דו, לייג זיך אַריין!״ מיר האָבן געלערנט מיט חשק און הנאה געהאַט פון די שיינע מעשות. מיר האָבן אָנגעקוואָלן פון גאָט׳ס נסים, באַוואונדערט די העלדישקייט פון גדעון, יפתח און אנטציקט געווען פון דבורה׳ס שירה.

אויף מיר האָט דער תנ״ך געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. די מעשות, די נסים, די נעמען פון די מלכים, האָבן זיך ווי איינגעקריצט אין מיין זכרון, און איך האָב תנ״ך געדענקט אסך לענגער איידער אַלע אַנדערע למודים. דורכלויפנדיק נאָר אַ צוויי מאָל אַ קאַפּיטל תנ״ך, האָב איך אים שוין געקענט אויף אויסווייניק.

מיין טאַטע, אַ איד אַ גרויסער למדן און אַ פאַרברענטער חסיד, האָט פון תנ״ך דוקא געהאַלטן אַן עולם ומלואו. אפילו גאָר אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין שוין געווען אין אַמעריקע, פלעגט ער מיר שטענדיק אין זיינע בריוו דערמאָנען אויף דעם תנ״ך. ער האָט מיך מזהיר געווען, איך זאָל, חלילה, ניט פאַרלאָזן דעם הייליקן תנ״ך און ניט פאַרפעלן באַקאַנט מאַכן מיינע קינדער מיט דעם גרויסן אוצר, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דעם תנ״ך. „תנ״ך, — האָט ער געשריבן, — איז אַ גרויסע שמירה פאַר אידישקייט, אַ טייערע סגולה פאַר דער ריינקייט פון דער נשמה״, און ער איז ז י כ ע ר, אַז „לערנענדיק תנ״ך קען מען שוין ניט און מען וועט ניט פאַרגעסן אָן גאָט!״

צי זיין השערת האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק אָדער ניין, איז אַן אַנדער זאַך, אָבער אין יענער צייט, אין מיינע חדר־יאָרן, האָט ער מיך זייער דערמונטערט לערנען תנ״ך. ער האָט מיר געצאָלט צוויי קאָפּיקעס (אַ היבשע מטבע צו יענער צייט) פאַר איטלאַכן קאַפּיטל תנ״ך, וואָס איך האָב אויסגעלערנט אויף אויס־

וויניק. איך האָב דאָס גערן געטאָן, געלערנט מיט חשק און גע־
האַט אַ הכנסה אָן אייגנס.

מיין מתנגד'ישער רבי האָט פון תנ"ך, פאַרקערט, אַ גאַנץ
קליינעם ווען געמאַכט. ער האָט געלערנט מיט אונז תנ"ך ווי
על פי הכרח, האָט קיינמאָל ניט קיין ברעקל מוט אונז ניט צוגעגעבן
און קיין גוט וואָרט ניט געהאַט פאַר מיין גאַנצן פלייסן זיך, אפילו
ניט דעמאָלט, ווען איך האָב געזאָגט בעל־פה, ווי אַ וואַסער, קאַפּיטל
נאָך קאַפּיטל.

לויבן אַ אינגל אין די אויגן האָט מען בכלל ניט געטאָרט,—
חיות, ניט זיכער. ער קען נאָך מכולה ווערן. אַז שוין גאָר גוט —
האָבן מיר זיך געדאַרפט אָנשטויסן פון רבינ'ס אַ קוק, פון זיינער
אַ מינע; פון זיין פּנים האָבן מיר געדאַרפט אַרויסלייענען און
דערקענען, אויב מיר האָבן גוט גע'דרשנ'ט. אָבער ביים תנ"ך לערנען
האָבן מיר אַזעלכע גוטע סימנים אויף אים קיינמאָל ניט באַמערקט.

דער חדר איז אין די יאָרן געוואָרן אַ שווערע, זייער אַ שווערע
לאַסט אויף אונז. ווי אַ משא כבדה איז ער געלעגן אויף אונזערע
יונגע פּלייצעס; אַ מורא'דיקער יאָך, פון וועלכן מיר האָבן מיט
אַלע מיטלען געזוכט פּטור ווערן, אָבער אומזיסט. דער חדר האָט
אונז געשטיקט און געדריקט אָן רחמנות. קיין לאַך, קיין פרייע
מינע האָט מען ניט געטאָרט באַווייזן. שטרענג, אָנגעצויגן, שטענ־
דיק אין איין מורא און פּחד האָט מען אונז געהאַלטן: דאָרטן —
ניט שטיי, אַהין — ניט גיי, אָט אַזוי דאַרף מען זיצן, אָט אַזוי די
הענט האַלטן, מען טאָר דעם קאָפּ ניט אויפהויבן! ווי פאַרברעכער,
ווי עפּעס פאַרזינדיקטע און פאַרשאָלטענע האָט מען אונז געהאַלטן.
באַלעבאַטים איבער אונז האָבן מיר געהאַט, ברוך השם, איבער
גענוג: אַ חוץ דעם רבי'ן, דעם מלך מלכי המלכים, איז דאָך נאָך
געווען אין דער היים אַ טאַטע־מאַמע, זאָלן געזונט זיין, אַן עלטערער
ברודער, אַ שוועסטער—אַלעמען פאָלג און פאַר אַלעמען האָב מורא.
וואָרים אויב ניט, איז אַ חוץ וואָס זיי האָבן אַליין גאַנץ גוט געקענט
איספּראַווען זיך מיט אַ קליינעם אינגל, האָט מען כסדר געסטראַשעט
מיט דערציילן דעם רבי'ן. דער „אויס'מסר'ן דעם רבי'ן" איז ממש

ווי אַ חלף געלעגן איבער אונזערע העלזער. גאָר ווילד פרעמדע, אַן עלטערער איד עפּעס, אָדער אַ אידענע, האָבן זיך געשאַפּט מיט אונז, געקאָמאַנדעוועט, געהייסן און פאַרבאָטן, און — אַלעמען פּאַלג! אַז ניט, פלעגן זיי באַלד צולייגן דעם פינגער צום נאָז און סטראַשען: וואַרט, וואַרט, דו וועסט שוין קריגן אַ גוטן חלק. איך וועל אָקאָרשט אויס׳מסר׳ן דעם רבי׳ן — פון וואס אונז פלעגן די דמים איינפאַלן!

איך געדענק, איינמאָל איז געקומען אין חדר אַ דיקע אידענע און אויסגע׳מסר׳ט דעם רבי׳ן אויף יוסף מאַשע פאַלטעס, אַז קויפנ־דיק ביי איר אַן עפּל, האָט ער איר פּוגע בכבוד געווען. נו, נו, יוספ׳ס פולער פנים איז געוואָרן ווי אַן אָפּגעקאָלכטער; מיט אַ געוויין און אַ געשריי האָט ער געפּרובירט אָפּלייקענען. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז ניט אַזוי איז עס געווען, ניט דאָס האָט ער געזאָגט. דער מגושמ־דיקער עדות, די מאַרק־אידענע, אָבער האָט זיך ניט געלאָזן פאַר־דרייען דעם קאָפּ און איז באַשטאַנען אויף איר׳ס. מיט איר באַ־זונדער מענה לשון האָט זי נאָך צוגעגאָסן אויל אויפ׳ן פייער, אַז זי איז אַן אַלמנה, דאַרף קינדער מפרנס זיין, פאַר אינגלאַך שכר־לימוד צאָלן, און וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַזאַ פּיזשיק*) זאָל אַן עלטערן מענטשן, אַזוי מבייש זיין פאַר לייטן אין די אויגן?

דער רבי האָט געהייסן יוספ׳ן גיין לייגן זיך, אָבער ניט אויף דעם געוויינלאַכן בענקל, נאָר אויפ׳ן טיש גאָר. דאָס איז געווען אַ נייע שטראָף, גאָר אַ באַזונדערע, כדי אַפּנים די דיקע אידענע זאָל אַוועקגיין פולקאָם צופרידן.

יוסף האָט זיך געבעטן רחמים, געשוואָרן, אַז ער וועט שוין גוט און פרום זיין, ער האָט געקושט די הענט ביי דעם רבי׳ן, ביי דער אידענע, האָט געבעטן, אַז דעם מאָל, נאָר דעם איינציקן מאָל, זאָל דער רבי אים מוחל זיין, אָבער די גזלנ׳ישע הערצער, סיי דעם רבינ׳ס און סיי דער פאַסקודנער אידענע׳ס, האָבן פון קיין רחמנות ניט געוואָלט וויסן, און יוסף האָט געמוזט אליין אָפּשפּיליען זיך די

---

*) קליינינקער, פּיצל קינד

פּליודערלאך, קריכן אויפ'ן טיש, אליין לייגן זיך און אליין אויפ־הויבן דאָס העמדל... דער רבי האָט אים געשמיסן שטארק און לאנג, און וואָס שטארקער דער בחור'ל האָט געשריען, געדריגעט מיט די פיס און פארשטעלט מיט די הענט דעם אָרט פון די שמיץ, אלץ שטארקער, מיט מער כעס און רציחה האָט דער רבי געשמיסן... מיר אלע איבעריקע זיינען געזעסן מיט ארויסגעלאָזטע קעפּ, בלייכע און דערשלאָגענע. יוספ'ס בזיונות און וויטאָק האָבן מיר אויך געפילט. דעם רבי'ן האָבן מיר דעמאָלט פיינט געהאט בתכלית השנאה, פון טיפן האַרצן, אָבער נאָך מער — די אידענע! מיר האָבן דערנאָך, שוין שפּעטער, אָפּגעמאכט יד אחת, אז קיינער פון אונז זאָל ביי דער אידענע קיינמאָל ניט גאָרניט קויפן. און זי האָט דאָס טאָקע דערפילט. זי איז געקומען אין חדר בעטן, מען זאָל איר מוחל זיין. דער רבי האָט אונז אויך געבעטן, געפּרואווט אונז איינשמועסן, אָבער מיר האָבן פון דער אידענע'ס טישל געוויכט אליין און געבעטן אויך אנדערע אינגלאך, חברים פון די נאָענטע חדרים, אז זיי זאָלן מיט דער אידענע ניט האנדלען...

יב.

# זומערדיקע יום־טובים

**זומער** איז די לערנען־צייט געוועזן לענגער איידער ווינטער. אונזער רבי זבולון האָט ניט זייער מקפיד געוועזן אויף דער צייט. אַבי עס איז געווען ליכטיק און קויפן ליכט האָט מען ניט געדאַרפט, האָט ער אונז מזכה געווען מיט נאָך אַ האַלבע שעה, אָדער אַ גאַנצע שעה אפילו. אויפ׳ן פּראָסט זיצט מען ניט, פלעגט ער זאָגן, און קיין „שטונדן"*) גיט ער אויך ניט; איז וואָס מען כאַפּט אַריין, איז ווי געפונען. דעם בין השמשות, וואָס מיר פלעגן ווינטער אַזוי גוט פאַרברענגען, ווען דער רבי פלעגט גיין אין שול צו מנחה און מעריב, האָבן מיר זומער, ווען עס פלעגט ווערן פינסטער ערשט אַרום ניין דעם זייגער, אויך פאַרלירן... אָבער ניט קוקנדיק אויף דאָס אַלץ, איז זומער דער חדר געווען אַ סך גרינגער. טיר און פענסטער זיינען געווען אָפן, עס איז געווען פריש, לופטיק, ליכטיק און וואַרים — אַ מחיה!

דער דרויסן האָט געגלאַנצט און געפינקלט, געוואונקען און געצויגן פון שטוב ווי אַ מאַגנעט, און מיר זיינען טאַקע געלאָפן אין דרויסן, מיט דעם אויסרייד פון נאַטירלאַכע באַדערפנישן... דער רבי פלעגט אפילו בייזערן זיך, טענה׳ן, פאַרוואָס דאַרף ער ניט לויפן אַזוי אָפט? — אַ חכם אַ איד! אָבער, אַזוי ווי באַווייזן מיט אותות און מופתים, אַז אונזער אַרויסלויפן איז ניט נויטיק, האָט ער דאָך ניט געקענט, האָבן מיר זיך געטאָן אונזערס און געלאָפן.

---

*) „געבן שטונדן" פלעגן לערער פון שרייבן אָדער פון רוסיש לערנען.

און דוקא טאקע פאַר־ווייז. פלעגן זיך נאָכיאָגן נאָך א מאטילקע, אַ זשוקל כאפּן, הרג'ענען אַ שפּין און רחמנות האָבן אויף אַ גאָט'ס בהמה'לע, וועלכע האָט געטראָגן וואסער און געהאָלפן לעשן דעם בית־המקדש... מיר האָבן געשטיפט, געלאכט און אָנגעקוואָלן גאָר אָן אַ פארוואָס, גלאט הנאה געהאט פון גאָט'ס וועלט.

זומער איז דער רבי אַליין אויך געווען אַ סך אַ בעסערער; ער איז געווען מערסטנס גוט אויפגעלייגט און ניט פאַרזויערט בייז. אין זייער הייסע טעג פלעגן מיר גיין באָדן זיך — אמת אפילו מיט'ן רבי'ן, אָבער פאַרט געגאַנגען; געפּליוסקעט זיך אין די וואסער, געשפּרונגען אויף איין פוס און געלאכט. איילן זיך, פאַר־שטייט זיך, האָבן מיר זיך ניט געאיילט, ניט אפילו אויפ'ן וועג אהין און צוריק אודאי ניט. ווי־ניט־ווי האָבן מיר צוריבן אַ וועלכע שעה אָדער מער, און דאָס איז געווען אַ גרויסער געווינס. דורך דעם זומער האָבן מיר זיך גאָר אָט'חיה'ט. מיר דאכט, אז אויס־געוואקסן זיינען מיר נאָר אין זומער!

היינט טאקע די זומער'דיקע יומא דפגרא'ס, די יום־טובים'־לאך! זיי זיינען געווען גאָר אַנדערע, האָבן געהאט גאָר אַן אַנדער טעם און אַן אַנדער חן!

אָט איז ל"ג בעומר — אך, אַ סעודה געפראוועט אויפ'ן פרייען פעלד פאר א טישטוך איז געווען דער גרינער גראָז, און — לויף פלי, כאפּ לאסטאָטשקעס וויפיל דיין הארץ גלוסט!

דעם אמת זאָגנדיק איז ממש כאפּן, האָבן מיר זיי קיינמאָל ניט געכאפּט; אפילו ווען משה'קע פסח־אייזיק'ס האָט אַ פאַרסאָ־פעטער, אַ פארשוויצטער געשריען און גערופן אונז און געשוואָרן שטיין און ביין, אַז ער האָט דאָ אונטער'ן היטל, וועלכער ער האָט געהאלטן מיט ביידע הענט פעסט צוגעקוועטשט צום גראָז, אַן אמת'ע לאסטאָטשקע, אפילו דעמאָלט, ווען מיר האָבן געוואָרפן גורל, ווער עס זאָל זיין דער גליקלאכער און זוכה זיין דער ערשטער אונטעררוקן פאמעלאכקע די האנט אונטער'ן היטל און אַרויסנעמען זי, און מיר אַלע האָבן מיט פארכאפּטע אָטעמס און צופלאמטע פנים'ער אומ־געדולדיק געשטאַנען אין אַ רעדל און געוואַרט און געהאָפט, אַז

איטלאכער פון אונז וועט זי א טאפ טאָן, א גלעט טאָן, אָדער אפשר טאקע האלטן אין די אייגענע הענט, — אפילו דעמאָלט איז אויך קיין פייגעלע דאָרטן ניט געווען. מיר זיינען געבליבן, ווי אָפּגע־שמיסענע. מיר האָבן נאָר געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן ווי נאראָנים און א נעם געטאָן זיך צו משה'קען. מיר האָבן אים גע־מאכט לאנגע נעזער, אָפּגעשפּאָט און אָפּגעלאכט פון אים, געמאכט פון אים אויסצודרייען, חוזק שבחוזק, אָנגעטאָן אים כל הצרות און צום סוף ערשט געבענשט אים מיט גרויס פּאראַד מיט א נייעם נאָמען — משה'קע די פייגעלע!

אָבער געיאָגט זיך נאָך די לאסטאָשקעס, געלאָפן, געשריען און געוואָרפן די היטלען אויף זיי האָבן מיר גאָר אָן א שיעור, און געהאט גרויס נחת דערפון און משונה'דיקע התפעלות.

הײַנט די ל"ג בעומר'דיקע ביקסלאך! עפּעס א קלייניקייט די ביקסלאך! עס מאכט ניט אויס, וואָס מיר האָבן אַלע מעסערס אין שטוב צובראָכן, די פינגער צושניטן, געגנוג קניפּען און סטוקאַ־טשעס פון אַן עלטערן געקראָגן. עס איז דאָס אַלץ כדאי געווען. עפּעס א שפּאַס — האָבן א ביקסעלע אין די אייגענע הענט!

צוויי קיילאכדיקע וואָכען פאר ל"ג בעומר און אפשר צוויי דערנאָך האָבן מיר געהאלטן אין איין טענה'ן און ריידן, דערציילן איינע די אַנדערע פון די נסים, וואָס איז געשען מיט דעם מייסט־רעווען דעם ביקסל. ל"ג בעומר איז געווען א קוואַל פון שמחה וששון פאר אונז אויף א גאַנץ לאַנגער צייט. ערשט שפּעטער, ווען די שלשת ימי הגבלה זיינען אָנגעלאָפן, האָבן זיי געמאכט פארגעסן דעם ל"ג בעומר.

דער ליבער שבועות איז געקומען, ווי עס קומט גאָר אומגע־ריכטערהייט א שטילער, טייערער גאסט. אָן פּויק, אָן פּאראַד, אָבער פריש און פריילאך, ער לאכט און זינגט און ברענגט א סך טייערע מתנות! עס איז אַזוי גוט אויפ'ן האַרצן, אַז עס קנאַקט זיך אַליין, דאכט זיך, מיט דער צונג, די ליפּן שמוצערן טשיקאַווע און עס פייפט זיך, כאָטש מ'טאָר ניט פייפן.

יע, שבועות איז ביי אונז קינדער געווען א מתנה פון זיין ליבן

נאָמען. — אין רעכטן מיטן זמן כמעט אַ גאַנצע וואָך הוליען און פריי זיין! מיר האָבן באמת מכיר טובה געווען און פון טיפן האַרצן געדאַנקט און געלויבט דעם אויבערשטן, וואָס ער האָט אונז מזכה געווען מיט דער תורה, וואָס צוליב איר יום־טוב זיינען מיר פריי געוואָרן עטלאַכע טעג פון צו לערנען זי...

די טייערע שבועות׳דיקע מאכלים קען מען אויך ניט אוועק־מאַכן מיט דער האַנט. די זיסינקע קאַווע מיט די פרישינקע גע־שמאַקע פוטער־קיכלאַך איז געווען אַ מאכל־מאכלים. ס׳איז צו־גאַנגען אין מויל. דער חסרון איז געווען נאָר, וואָס עס האָט זיך צו גיך אַראָפּגעגליטשט; נאָך גאָר קיין צייט ניט געהאַט גוט באַשמאַקעווען זיך און שוין קיין זכר ניטאָ... אָבער די גוטע מאַמינקע פאַרשטייט זיך אויף איר חכם עתיק און גיט נאָך אַ שטיקל און נאָך אַ שטיקל. „עס, זונעלע, עס, זאָל דיר וואויל באַ־קומען״, — לייגט זי נאָך צו. די שוועסטער, וועלכע זיינען מיר מקנא, פאַרגינען ניט און מאָנען ביי דער מאַמען אויך אַ גרעסערן חלק, באַקומען אַ פייג אונטער דער נאָז... „וואָס גלייכט איר זיך צו אים? ער איז דאָך עפּעס אַ חדר־אינגל, וועט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר קדיש זאָגן, וועט אַ גוטע שפּאָרע*) זיין פאַר דער מאַמען, און פון אייך וואָס, האַ?״ און ווי זיי אויף צו להכעיס דערלאַנגט זי מיר אַ פרישינקע בלינצע, אָנגעפּאַקט מיט קעז און דער זאַפט לויפט מיר אַזש איבער די ליפּן. — יע, אַ טייערער יום־טוב איז געווען דער שבועות, טאַקע גאָר אַן אַנטיק!

אפילו שבעה עשר בתמוז און תשעה באָב זיינען אויך געווען ביי אונז פאַררעכנט פאַר גאַנץ פיינע יום־טובים! מיר זיינען דאָך פריי געווען פון חדר! ווער רעדט תשעה באָב — אויף אים האָבן מיר אונזערע אויגן אַרויסגעקוקט! נאָך ערב תשעה באָב האָט מען שוין געדאַרפט אין וואַלד לויפן בערעלאַך קלייבן, און טאַקע דווקא די גרויסע, די גוטע בערעלאַך, און ביינאַכט, צו קינות זאָגן, וואַרפן זיי גנבה׳ש אין אימעצענ׳ס האָר. אַך, וואָס פאַר אַ גדולה

*) אַ שטיצע, אַן אָנשפּאַרונג.

עס איז געווען, בעת א גרויסער בחור, וועלנדיק ארויסשלעפן א בערעלע, האט אים נאך מער פארפלאנטערט אין זיין קודלע און ארויסגעריסן מיט א גאנצער זשמעניע*) האר!

היינט די סדרה שווערדל־מאכן — דאס איז גארניט? מען האט געשניצט, אנגעמאכט א פולע הויז מיט סטרוזשקעס, געפארבט דעם שווערדל און פארשמירט די הענט, דעם פנים און דעם גאר־ניטער, און צום סאמן סוף נעמט ער און צוברעכט זיך גאר!... מען האט געמוזט ווידער אמאל אנהויבן און ווידער שוויצן, ארבעטן און שוויצן! ניט ווייניק פריילאך איז געווען אבער אויף מארגן, ווען מיר האבן א גאנצע כאליאסטרע אוועקגעלאזן זיך אויפ׳ן פעלד — צום בית־עולם. מיר זיינען איבער פארקאנעס געשפרונגען, איבער די שמאלינקע קלאטקעס, און פארגאנגען זיך פון געלעכטער, ווען די ווייבער אין זייערע ווייסע זאקן פלעגן אראפפאלן פון קלאטקע טאקע גלייך אין די טויניקע קויט און בלאטע... „אי, אינגעלע, העלף מיר ארויסקריכן", — פלעגן זיי זיך בעטן ביי אונז און שוין ארויסשטעקן די האנט. אדער: „זע, זונעלע, מיין קינה איז ארייננעפאלן... אי, אן עבירה, ערשט נעכטן געקויפט". פון אזעלכע זאכן פלעגן מיר הנאה האבן.

אויפ׳ן בית־עולם האבן מיר זיך געשפילט אין באהעלטעניש צווישן די מצבות. מיר האבן געלייענט די איינגעקריצטע, באַ־גולדטע, געשייוועטע**) ווערטער אויף זיי און אמת הנאה געהאט פון דער גאנצער מעשה. דער חורבן בית־המקדש האט אונז א ברעקל ניט געארט. עס איז געווען א שאד נאר, וואס ביידע בתי־מקדשים זיינען חרוב געווארן גראד אין איין טאג און ביי אונז צו־גענומען נאך א יום־טוב׳ל!

ארום שבת נחמו האט שוין אנגעהויבן שמעקן און בלאזן מיט סוף הזמן, מיט דעם לאנגן, זעקס־וואכעדיקן זאטן און פריילאכן סוף הזמן!

---

*) הויפן.

**) דרוק־אותיות, ניט געשריבענע.

ווי עפּעס דורך אַ שפּרונג, אָדער אַ שם המפורש, האָבן מיר, גאָרניט צונויפגערעדטערהייט, דערפילט דעם כח פון סוף הזמן. מיר האָבן געזען באַשיינפּערלאַך, ווי דער אייז ברעכט זיך, עס טייעט און צוגייט און לאָזט אָפּ דעם רבינ'ס סטראָגעקייט און די מורא און פּחד פאַר אים; עס לאָפּן*) די שטייפע רייפן, וואָס האָבן געהאַלטן אונז ארומגענומען ארום און ארום און געשטיקט אונז איבער פינף חדשים; דער רבי ווערט מילדער, שוואכער, און מיר — אַלץ מוטיקער און דרייסטער! מען איז שוין ניט מקפּיד אַזוי אויף דער פּינקטלאַכקייט פון דער צייט; אַז מען קומט אַ ביסל שפּעטער אין חדר, איז אויך קיין סכנה ניט; אַז דער „לייענען" גייט ניט ווי אַ וואַסער, איז אויך אָן אחריות, און אַז איינער מאַכט עפּעס אַ מאָדנע תנועה'לע, פון וועלכער אַלע צולאַכן זיך אויפ'ן קול, מאַכט זיך דער רבי כלא ידע — כלומר'שט גאָר ניט געזען און גאָרניט געהערט.

דעם גוואַלדאָוונעם כח פון סוף הזמן קען מען אַרויסזען פון אָט דער מעשה שהיה:

עס איז געווען אַ זונטאָג אין אָנהייב אלול. דער שופר האָט געשאַלט און אויסגערופן, אַז דער קץ פון אונזער גלות איז געקומען, די גאולה איז שוין דאָ און שטייט ביים טיר. דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ וואַרימער, אויפ'ן הארצן איז געווען פריילאַך, לעבעדיק. מיר האָבן זיך געפּרעגלט פון נחת! אין חדר זיינען מיר געקומען ניט אַלע מיט אַ מאָל, ווי אין מיטן זמן, נאָר ווער — פריער, ווער — שפּעטער און ווער — גאָר שפּעט. דער לעצטער איז געקומען חיים־איטשע זשאמע דעם סטאָליאר'ס, אַ אינגל אַ שטילינקער, אַ ביסל אַ דערשלאָגענער, און צוליב דעם, וואָס זיין טאַטע איז אַ בעל־מלאכה געווען און אונזערע טאַטעס — בעלי־בתים חשובים, איז ער געווען אונז אַלעמען אונטערטעניק. געקומען איז ער דעם מאָל מיט אַ צודראָפּעטן פּנים. דאָס איז געווען זייער אַ שווערער חטא אין די אויגן פון זבולון דעם מלמד. ער

*) פּלאַצן.

האָט דאָס קיינמאָל ניט מכפּר געווען, סיידן דורך עונש פון מלקות, כדת וכדין — אויפ'ן בענקל און אויפ'ן היילן לייב. האָט זיך אָנ־געהויבן די געוויינלאַכע חקירות ודרישות, די בלוט־צאַפּעניש אויף דעם „דאָפּראָס": ווי אַזוי און סטייטש, און מיט וועמען האָט ער זיך געשלאָגען? חיים־איטשע האָט גע'טענה'ט און געשוואָרן, אַז דאָס האָט אים צודראַפּעט זיין קליינינקע שוועסטערל, אַז ער האָט זיך מיט קיינעם ניט געשלאָגן און אַז ער קען ברענגען עדות פון דער היים. זבולון האָט אָבער ניט געוואָלט פון קיין זאַך וויסן, און ער האָט אַרויסגעגעבן זיין גזר־דין, אַז חיים־איטשע זאָל גיין צום בענקל און ניט מאַכן קיין שהיות, אָפּשפּיליען זיך און זיך אַליין לייגן... דער בחור'ל אָבער רירט זיך ניט פון אָרט; ער וויינט ניט, שרייט ניט, בעט זיך ניט ביי דעם רבי'ן; גאָרניט, זיצט ווי אַ פאַרגליווערטער. דער רבי גיט אַ געשריי, אַ ברום: „דיר זאָג איך, צי ניין?" אָבער חיים־איטשע — ווי ניט אים מיינט מען דאָס. דער רבי ווערט שוין גוט אין כעס. רוקט האַסטיק אָפּ דעם טיש צו נעמען דעם אינגל מיט „אונטערפּירערס" און זאָגט אים שוין צו דערפּאַר אַ כפל'דיקע פּאָרציע; דעם סטאָליאַר'ס אינגל אָבער, אַ גוט איינגעפונדעוועטער, האַלט זיך פעסט מיט ביידע הענטלאַך אָן די פאַרענטשן פון דער קאַנאַפּע, וואו ער איז געזעסן און לאָזט זיך פון פלעק ניט. דער רבי ווערט מלא חימה, פאַרלירט זיך און ווייסט ניט וואָס צו טאָן. רויט איז ער ווי אַ בוראַק, אויף זיינע שלייפן שטייען די אָדערן אָנגעצויגן ווי דראַט־וועס, אויגן — ווי ביי אַ גזלן, און קריצנדיק מיט די ציינער האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם קליינעם אינגל. ער שלעפּט אים שוין ניט צום בענקל, וועגן אָפּשפּיליען די פּליולערלאַך דערמאָנט ער אויך ניט, נאָר ער וויל איינבאָרן און אַנידערלייגן אים דאָ אויפ'ן אָרט. חיים־איטשע אָבער רייסט זיך, קראַצט מיט די נעגל און בייסט מיט די ציינער. עס איז געוואָרן אַן אמת'ע מלחמה. נאָך אַ לאַנגן ראַנגלען זיך האָט דער רבי סוף כל סוף גובר געווען און איינגעבאָרעט דעם אינגל, אָבער יענער דריגעט מיט די פיס מיט'ן גאַנצן כח. דער רבי גיט אַ רוף אַ אינגל, ער זאָל האַלטן חיים־

איטשען פאר די פיס, אָבער יענער פאָלגט ניט. ער רופט אָן אַנ־דערן, אָבער קיינער רירט זיך ניט. „אהא, — זשיפּעט דער רבי פול כעס און גיפט, — אהא, א מרידה, א בונט האָט איר געמאכט? איך וועל אייך שוין וויזן! איך וועל אייך איינציקווייז צופאַ־סעווען, אז בלוט וועט סווישטשען!"... און נאָך מיט מער אימ־פּעט און רציחות האָט ער זיך א ווארף געטאָן אויף זיין קרבן. חיים־איטשען האָט אים אָבער דערלאנגט מיט'ן אָפּזאץ*) אזא קלאַפּ אין די ציינער, אז ער האָט איין צאָן איינגאנצן ארויסגעשלאָגן און א צווייטן צוקאליעטשעט! דער רבי, א באגאָסענער מיט בלוט, איז געפאלן אין חלשות... דער בחור'ל האָט גאָר קיין שהיות ניט געמאכט און איז אנטלאָפן אהיים. מיר זיינען געבליבן ווי פון א בליץ דערשלאָגן, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. איינער האָט אָנ־געהויבן שרייען, אן אנדער אינגל האָט געשפּריצט דעם רבי מיט קאלטע וואסער, עס האָט זיך צונויפגעקליבן א רעדל, אידן און אידענעס האָבן געאָכקעט, געאוויקעט: „א שיינע וועלט אָנגע־שטאנען... מען שלאָגט שוין ברוך־השם א רבי'ן". מען האָט דעם רבי'ן אָפּגעמינטערט און אונטער די הענט אָפּגעפירט אים אהיים, מער טויט ווי לעבעדיק.

עטלאכע טעג איז דער רבי קראנק געווען. קיינער פון אונז איז ניט געגאנגען אים מבקר חולה זיין, אָדער אפילו נאָכפרעגן זיך וואָס עס טוט זיך מיט אים. געלאָפן זיינען מיר אלע ווייל'ע צו חיים־איטשען, וועלכער איז געוואָרן אין אונזערע אויגן א גרויסער חשוב — ממש א העלד!

מיר האָבן פאר זיין טאטן און מאמען אָנגערעדט אויף דעם רבי'ן הרים און גבעות, אז ער איז אזוינער און אזעלכער; קיין ליגנס אויך ניט געזשאלעוועט, און דער פועל יוצא איז געווען, אז זשאמע דער סטאָליאר האָט ניט נאָר חיים־איטשען ניט באשטראָפט, נאָר ער האָט נאָך געזאָגט: „א מצוה אויף דעם כניאָק". ער האָט נאָך אליין בדעה די באָרד און פאות דעם ש... מלמד אויסרייסן.

---

*) קנאפל, קאָריק פון שטיוול.

זיין ווארט האט ער אפילו ניט געהאלטן, אבער חיים־איטשען האט ער ביי זבולון דעם מלמד צוגענומען און יענער איז געבליבן אי מיט א צאן ווייניקער אין מויל, אי מיט א תלמיד ווייניקער אין חדר, אי מיט א רעפוטאציע פון יענער קאַץ, וועלכער די מייז האבן צוביסן.

אז אין עטלאכע טעג ארום איז דער רבי געקומען אין חדר, האט מיר אזש דאס הארץ פארקוועטשט פאר צער קוקנדיק אויף אים. ער איז געווען בלייך, דערשלאגן, האט אלע ווײלע געזיפצט; זיין ריידן האט זיך, דורך דעם פעלן פון דעם פאדערשטן צאן, אינגאנצן געענדערט, און איך האב ביי זיך אין הארצן חרטה געהאט אויף מיינע שלעכטע מחשבות וועגן אים. עס האט מיך פארדראסן פאר די ליגנס, וואס איך האב אנגערעדט אויף אים, און איך בין געווען מוכן ומזומן בעטן ביי אים מחילה. איך האב אפילו שוין א הסכם ביי זיך געמאכט, קיינמאל מער ניט גיין קעגן רבי׳ן; פאלגן אים אין פייער און אין וואסער. אבער אט האט דער רבי ארומגעקוקט זיך און, ווי צו זיך אליין, א פרעג געטאן: „וואס, חיים־איטשע איז ניטא?" און תוך כדי דבור איז איבער־א־נייס די גאנצע קארטינע ארויפגעשוואומען פאר מיינע אויגן: איך האב זיך דערמאנט אן חיים־איטשע׳ס יסורים און אן זיין העלדישן ניט־לאזן זיך... ווי דער רבי איז ארויפגעפאלן אויף אים, מיט וואס פאר אן אכזריות ער האט אים געשטיקט, דערמאנט זיך אן די ווערטער וואס ער האט געזאגט און מיט וואס פאר א רציחה אין די אויגן ער האט דאס געזאגט, אז ער וועט איטלאכן באזונדער פון אונז שמייסן, אז בלוט וועט סוויסטשען, — און ביי מיר איז געבליבן, אז דער רבי האט כשר פארדינט זיין פסק! פע, דער רבי איז א פאסקודניאק, א רשע מרושע, ער האט ניט קיין גאט אין הארצן, איז מחלל דעם סוף הזמן! — א מצוה, א מצוה אויף אים, זאל ער ווייטער וויסן, ווי שמייסן אום סוף הזמן!... און מיט א באזונדער תענוג און פרייד האב איך זיך אפגערופן און געזאגט:

— חיים־איטשע וועט מער ניט לערנען ביי אייך. זיין טאטע

און מאַמע ווילן ניט שיקן זייער אינגל אין אַ חדר, וואו מען שמייסט אפילו אום סוף הזמן!

דער רבי האָט פאַרביסן מיט די ליפּן און גאָרניט געענטפערט. קענטיק, אַז אויף אַזאַ אומגליק האָט ער זיך אַליין ניט געריכט.

די אַלע איבעריקע זמנים, וואָס איך בין נאָך פאַרבליבן ביי זבולונ'ען, האָט ער שוין נאָענט צום סוף הזמן אפילו קיין הויך קול אויף אונז ניט אויפגעהויבן; געווען ווייך ווי אַ מאַלינקע, גאָר אַ גאַנצער „פּאַני־בראַט" *) מיט אונז; עס איז ניט צו דערקענען געווען, אַז עס איז דער זעלביקער רבי.

---

*) גוטער ברודער.

יג.

## בין הזמנים

סוף הזמן איז געווען אַ נייע וועלט פאַר אונז, אַ שיינע און אַ פריילאַכע וועלט! פון חצי אלול ביז סאַמע ראש חודש חשון — זעקס קיילאַכדיקע וואָכן — זיינען מיר געווען אָן אַן אויבער־האַר און באַלעבאַטים איבער זיך; ניטאָ קיין חדר, קיין עול, קיין זאָרג — פרייע פייגעלאַך! און דערצו נאָך אַזעלכע זאַטע, פריילאַכע, לוסטיקע יום־טובים!

טאַטע־מאַמע זיינען געווען פאַרנומען, פאַרטראָגן אין יום־טוב מאַכן און אין מאַכן אויף יום־טוב; דער גאַנצער דערוואַקסענער עולם איז געווען פאַרטאָן אין תשובה און תפילה, אין תהלים און סליחות זאָגן; דערנאָך אין זוכן ווייסע הענער אויף כפרות, סכך קויפן, אַ פיינעם אתרוג איינהאַנדלען און אָן אונז, קליינוואַרג, געליובט איז דער אויבערשטער, האָט מען זיך גאָר פאַרגעסן. און טאָמער האָט מען זיך יע אויף אונז דערמאָנט, איז דאָס געווען, פאַרקערט, לטובה. מען האָט גאָר איינזעעניש געקראָגן מיט אונז. אין די תשובה־טעג האָט מען דרך־ארץ געהאַט פאַר די תינוקות של בית רבן, געלאָזט די קונדסים אפילו אַרום דער בימה דרייען זיך; מיר האָבן אַ גוט וואָרט געהערט, אַ קלאַפּ אין פּלייצקע, אַ לייכטן קניפּ אין בעקל באַקומען מיט אַ ליבלאַכער באַמערקונג: „זע, זונעלע, ניט פאַרגעס למען השם אין אָמן יהא שמיה רבא!”

מיר זיינען געוואָרן געהויבן ביי זיך, ווי אַ פּלוצלינג אויפגעקומענער נגיד, געוואָרן דרייסטער און אָפּט — טאַקע חוצפּה׳דיק אויך.

האָט גאָט געהאָלפן און עס איז געווען א שיינער, טרוקענער אָסיען — איז מי ידמה לך ומי ישוה לך, ווער איז צו אונז גאָר גלייך געווען? מיר האָבן געהאט פון כל טוב, טאַקע ממש ווי אין „ויתן לך" שטייט: „משמני הארץ ורוב דגן ותרוש". כאַליאַסטרע־ווייז זיינען מיר געגאנגען איבער די סאָדן*); איין אינגל האָט געקויפט עפּעס פאר א קאָפּיקע און די איבעריקע האָבן גע'לקח'נט, אָדער צוגעשארט מיט די פיס די פרוכט צום פּארקן־צו און שוין אויף יענער זייט, אונטערגראָבנדיק די ערד, ארויסגעשארט ווי עס איז...

איינמאָל האָט דער שומר פון סאָד ארייינגעכאפּט א אינגלם האַנט און האַלט און קוועטשט זי. מאָנט, אָדער פינף קאָפּיקעס מזומן, אָדער מען זאָל אים אריבערוואַרפן די היטל פאר א משכון. דער אינגל האָט געשריען קולי קולות, געשוואָרן, ווי ער איז א איד, אז דאָס איז ניט ער... חברים, אויף דער זייט, האָבן עדות געזאָגט אויף דעם אמת, אָבער יענער האָט זיך געמאכט כלא ידע און געקוועטשט נאָך שטארקער. שלעכט. חברה האָט פּרובירט „הורטאָם"**) א רים טאָן דעם אינגלס אָרעם. האָט אָבער דער אינגל געמאכט אזעלכע גוואַלדן, אז איבער'חזר'ן די זעלביקע זאך האָט מען שוין מורא געהאט. איך וויים ניט, וואָס וואָלט געווען דער סוף דערפון, ווען איינער פאַלט ניט אויף א המצאה: חברה האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער אנדער זייט פּארקן פון סאָד און גענומען רייסן פּירות, אויף וואָס די וועלט שטייט. פארשטייט זיך, אז דער שומר האָט זיך באלד געלאָזט לויפן מיט זיין לאנגער נאהייקע אהינצו, און דעם אינגלס האַנט געמוזט אָפּלאָזן....

אָט די ערפינדונג איז שוין ביי אונז געבליבן א חק לדורות און מיר האָבן זי דערנאָך אויסגענוצט אויף א גאר גרויסן אופן. מען האָט געוואָרפן גורל, ווער עס זאָל גיין אויף „קדוש השם" און זיך לאָזן כאפּן און די איבעריקע האָבן זיך צעשטאָטן אין די

*) פּרוכט־גאָרטנס.

**) אַלע אינאיינעם.

ארבע פנות פון סאַד־פּאַרקאַנעם — און אויפּסן זיינען שוין געווען פולע קעשענעס...

אז אַ איד פלעגט אָנהייבן זיך בעטן, טענה'ן, אז ער איז אַן אָרעמאַן, ער לעבט פון דעם סאַד מיט ווייב און קינדער, מען זאָל אויף אים רחמנות האָבן, פלעגן מיר מיט אזא מטיב זיין און אָפּטרעטן, אָבער אַ בייזן אידן, וואָס פלעגט ווייזן רוגזה, פּלעגן מיר חרוב ומחריב זיין — אין רחמים בדין!

גאָרטנס האָבן מיר אויך ניט פארבראַקירט, דערהויפּט יענע, וואו עס זיינען געוואַקסן פאַנע־רויזן, סטרוטשע באָב און סטרוטשע־ארבעס. אמאָל פלעגט אַ אידענע ארויסלויפן, שרייען, שילטן — „נעמט שוין, נעמט; זאָל אייך די ערד נעמען, רבונו של עולם, אָבער צוטרעט מיר ניט די בייטן, — טרעטן זאָל מען שוין אויף אייערע קברים, הארציקער פאָטער!"

אַ גוי'ע פלעט ארויסלויפן און אויף איר לשון און מיט אַן אנדער נוסח שרייען און זידלען און נאָך מיט אַ בעזים דערצו. מיר זיינען אָבער געווען שטייף ביי זיך, געמאָנט אונזער לקט שכחה ופאה און גענומען מיט גוואַלד.

שלעכט איז נאָר געווען דאָרטן, וואו עס איז געווען אַ כלב... דער לחש פון „לנכרי תשיך ולאחיך לא תשיך"... האָט ווינציק וואָס געהאָלפן, ווער רעדט נאָך, אויב דער כלב איז געווען אַ גרויסער און אַ קודלעוואַטער. מיר האָבן אים געזידלט, גערופן „יודאָפאָב" און נאָר אַן שהיות געמאכט אַ ויברח.

סליחות־צייט איז געווען גאָר אַ באַזונדער נייער קאַפּיטל. מחויב אויפצושטיין צו סליחות בין איך טאַקע ניט געווען; פאַר־קערט גאָר, דער טאַטע פלעגט אָפּט ניט לאָזן מיך גאָר פרי אויפ־שטיין. פלעגט שטענדיק זאָגן: „שלאָף, שלאָף נאָך, ישראל'יק, נישקשה, דיינע חטאים זיינען נאָך ניט קיין גרויסע און דיינע עבירות זיינען דאָך חל אויף מיר". אָבער, פונדעסטוועגן, צו די געהויבענע סליחות, ווי די ערשטע, די ערב ראש־השנה'דיקע, אָדער „זכור ברית", בין איך פאָרט אויפגעשטאַנען. און עס איז געווען גוט — גוט ווי די וועלט!

דער טאטע איז שוין געווען לאנג אויפגעשטאנען, האלט אין איין מיכן זיין זיך, און זאגט, און זאגט, זינגט אונטער שטילינ־קערהייט, און אזוי אומעטיק־זיס — א מחיה! ער שטעלט אליין אן דעם סאמאוואר, און דערווייל זאגט ער אלץ, זיפצט, קרעכצט; דער סאמאוואר העלפט אים אונטער. אין שטוב איז שטיל, דער שאטן פון ליכטל איז צושפרייט מיט א באזונדער מרה־שחורה, אימעצער קערט זיך איבער אויף דער אנדער זייט און ווערט גע־שמאק ווידער אנשלאפן... איך כאפ זיך אראפ, גיס אפ אויף גיך נעגל־וואסער און בין שוין לעבן דעם טאטן. ער מוסר'ט מיך, כלומר'שט, וואס איך האב אים ניט געפאלגט און אויפגעשטאנען, אבער זיינע אויגן זאגן מיר עפעס גאר אנדערש — פול מיט ליבשאפט און צופרידנקייט. ער קוועלט גאר אן פון גרויס נחת־רוח, וואס איך בין אליין, מיט מיין אייגענעם ווילן, אויפגעשטאנען נאט בעטן. ער גלעט מיך איבער'ן קעפל און זאגט: „אי, דו נארעלע, דו". ער גיסט מיר אן א גלעזל טיי מיט א סך מילך און פלאיקע*): „טרינק, זונעלע, טרינק, — זאגט ער, — טיי מיט מילך איז גוט פאר דיר". ער נעמט מיך פאר'ן האנט און מיר גייען אין שול.

אין דרויסן שיינט די לבנה. זי איז גרויס, קלאר און רואיק. עס איז ליכטיק, כמעט ווי בייטאג. נאר ס'איז עפעס א סך חנ'עוו־דיקער, שטילער און עניוות'דיקער, פונקט ווי עס פאסט זיך פאר סליחות־צייט. די לופט איז ריין, ציכטיק, פריש און יאדרע**) — אן אנטיק!

פון פילע הייזער זעען זיך פייערלאך. די בהרחבה'דיק אויס־געשפרייטע לבנה־שאטנס אויף די ווענט און הייזער מישן זיך מיט די קליינינקע ליכט־שאטנס, שפילן זיך אינאיינעם, אקוראט ווי די נגיד'ישע אינגלאך מיט זייערע ארימינקע חברים. מיר גייען פאר־

*) די אויבערשטע פארצויגענע הייטל פון געזאדענע מילך.

**) קאלטלאך, טרוקן.

ביי שולן און בתי־מדרשים ; עס רייסן זיך אַרויס פון דאָרט קולות, וועלכע קומען מעמקא דלבא.

דער טאַטע הייבט זיך אָן איילן, לויפט אונטער צוביסלאַך און שלעפט מיך מיט. מיר באַגעגענען נאָך אידן, וועלכע איילן זיך אויך און אַלע זיינען עפּעס אַזוי ווי צושראָקן און אומרואיק... ווער עס לויפט מיט דעם טלית און תפילין אונטער דער פּאַכווע, ווער — נאָר מיט אַ סליחה, און אָט איז אַן אַלטע אידענע מיט אַ גרויסן קרבן־מנחה, קוים וואָס זי שלעפּט אים, און הוסט, און הוסט, אַז עס ווערט מיר אַ גרויסער רחמנות אויף איר. איך וויל איר העלפן אונטערטראָגן דעם קרבן מנחה, לאָזט זי ניט און זאָגט : „נאַרעלע, ער איז דאָך באַלד גרעסער פאַר דיר ! ...״

אויפ׳ן הארצן איז מאָדנע — אי גוט, אי עפּעס פאַרדראָסיק ; אי פריילאַך, אי אומעטיק. דער חזן וויינט און זינגט, זינגט און וויינט, פּונקט ווי ביי מיר אויפ׳ן הארצן.

אידן שאָקלען זיך, ווי די ביימער אין וואַלד, שאָקלען זיך מיט גרויס חשק און צום טאַקט. און ווען צו „שמע קולנו״ איז געוואָרן אַ געפּילדער און אַ באַנומענער געשריי אויף דער העכסטער אָקטאַווע, האָב איך זיך אין פלוג שטאַרק דערשראָקן, געמיינט, גאָט ווייס, וואָס עס האָט פּלוצלינג געטראָפן, האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז דערפאַר שרייען דאָס אידן אַזוי הויך, כדי זייער קול זאָל אַזש צום הימל דערגרייכן... און האָב זיך באַרואיקט.

דער תשליך ראש השנה איז אויך געווען אַן ענין — טרייסלען די עבירות פון די קעשענעס, אַ שטוב טאָן אַ אינגל צום טייך און יענער דערשרעקט זיך, אָדער אַ כאַפּ טאָן אַ היטל און אַוועקלאָזן זי שווימען מיט די פריש אָפּגעטרייסלטע עבירות איבער׳ן טייך... דער אינגל שרייט, וויינט און אַלע לאַכן.

אָבער צו ערב יום כפור קומט דאָס ניט.

דער ערב יום כפור׳דיקער טאַראַראַם איז געווען גאָר פון אַן אַנדער סאָרט און אַ סך נענטער צום הארצן. אַ קלייניקייט, מיט די כפרות אַליין נאָר וואָס ער האָט זיך אָפּגעטאָן !

לויפן נאָך די כפרות, כאַפּן זיי, בינדן, ארויפציען זיי אויף אַ

שטעקן מיט די קעפּלאך אראפּ און טראָגן זיי זאלבענאנד צום שוחט.

די רעכטע הנאה אָבער איז געווען אויפ'ן הויף ביים שוחט. דער גאנצער הויף איז געווען אויסגעבעט מיט פעדערן. די לופט פול מיט פעדערן. עס האָט געשנייט מיט פעדערן! אין בלוט פארפלעקטע האָבן זיי זיך געקלעפּט צום פנים, און עס האָט אויסגעזען, ווי די גאנצע וועלט וואלט זיין בלויז פעדערן...

אָבער אָט האָט אן אָרימע דינסט־מיידל אָנגעהויבן שרייען און קלאָגן: א צרה האָט איר געטראָפן, א חורבן האָט זי באגעגנט, איר גאלאנסקער האָן מיט די פליודערן אויף די פיס, האָט זיך אָפּגעפּענטעט און איז אנטלאָפן...

— אי, איגנעלע, קרוינעלע מיינער, — ווענדט זי זיך צו מיר — זע כאפּ מיר דעם האָן, פארדין א לעבעדיקע מצוה, איך וועל האָבן פון מיין באלעבאָסטע אפּגעשניטענע יאָרן.

און מיינער — טוז*) נאָכ'ן האָן מיט דער מצוה! איך האָב זיך שנעל אריבערגעדראפּעט איבער א פּאר פארקאנעס און אריינגעלאָפן אין שטאָל נאָך דעם האָן. דער חברה־מאן האָט שוין דערווייַלע באוויזן אומצופּאדן ארום א פרעמדער הון און קלאפּט שוין צופרידן מיט די פליגלען, וואָס ער האָט אזוי גוט גע'דרשנ'ט, און זינגט אזוי ברייטלאך אויס זיין „קוקע רעקו!" אהער־אהין, איך האָב אים געכאפּט און ניט האָבנדיק מיט וואס אנדערש — האָב איך אים געבונדן מיט מיינער א ציצה — און אוועקגעטראָגן, א קאָנטעטער, מיין השבת אבדה.

אָבער, אָט האָב איך דערזען א פערד אין שטאָל. ער שטייט און צופּט מיט חשק און אפּעטיט פון א בינטל היי אין דער הויך, אַקוראט, ווי אויך ער דארף זיך פארפאסטן. היינט, ווי באשטייט מען דאָס קעגן דעם נסיון און ניט אויסרייסן א פּאָר סטרונעס פאר דער פידעלע, וואָס איך האָב געהאט בדעה צו מאכן. איך בין פּאמעלאך צוגעגאנגען פון הינטן און מיט דער איינציקער פרייער

*) א לויף, שנעל.

האנט — אין דער אנדערער איז דאָך געווען דער האָן — האָב איך מיט מײן גאַנצן כח א ריס געטאָן, ניט איין האָר, אויף וואָס דער פערד וואָלט אפשר מוחל געווען, נאָר א גאַנצע זשמעניע... און דער פערד, ניט לאַנג טראַכטנדיק, האָט דערלאַנגט א שטאַרקן בריק, מײנענדיק, הפנים, מיך, אָבער געטראָפן האָט ער פונקט אין מײן כפרה, אין דער מײדלס האָן, טאַקע גלייך אין קעפל, און אים דער'הרג'עט...

ניט טויט, ניט לעבעדיק, בין איך ארויסגעלאָפן פון שטאַל.

דער מײדל האָב איך געזאָגט, אז דער האָן איז נאָר א מאַדים, און אז איך קאָן אים ניט כאַפּן. אָבער אין מיר איז דאָס האַרץ איינגעפאַלן; די שרעק, דער רחמנות אויף דעם אָרימען האָן נעבאַך און דער צער פון דער מײדל האָבן מיך גאַר צוטרייסלט, און איך האָב זיך קוים דערשלעפּט צוריק צום שוחט'ס הויף. פון דער שוועסטער האָב איך געקראָגן א גוטע פּאַרציע: וואו בין איך דאָס פאַרפאַלן געוואָרן?

אויף דעם הויף זײנען געווען עטלאַכע שוחטים. לעבן איט־לאַכן פון זיי איז געשטאַנען א געהילף, וואָס האָט זיך געלערנט די אומנות פון קוילענען און האָט מיט א ליכט צוגעלייכט דער גענ׳טער האַנט צו טאָן די מלאכה בשלימות, אַקוראַט ווי דער דין איז.

די שוחטים זײנען געווען זייער פאַרנומען: היום קצר והמלאכה מרובה. זיי האָבן געאַרבעט ווי בינען, קיין צייט ניט געהאַט ממש דעם נאָז אָפּווישן און עס איז טאַקע גערונען איבער'ן מויל... דער שוחט גיט א כאַפּ א האָן, א הון, און מאַכט איר „טשיק" איבער'ן האַלז און גיט זי א שליידער, וואו פעפער וואַקסט, און כאַפּט שוין אַן אַנדערע. די געקוילעטע און ניט־דערקוילעטע עופות שפּרינגען אין דער הייך, דרייען זיך און טאַנצן דעם טויט־טאַנץ... זיי מישן זיך אוים מיט די אַנדערע עופות, שרייען, ליאַרעמען; אידן, אידענעס, אינגלאַך און מײדלאַך שרייען זיי נאָך איבער; שילטן, בייזערן זיך, שטופּן זיך: „עס איז מײן כפרה!" „ניין, מײנע!" און עס טוט זיך חושך!... עס פעלן אויך ניט קיין

קללות, חרמות, מען שילט מיט „א פינסטערן יאָר", מיט „א שווארצער חתימה"; מען שווערט זיך מיט כל השבועות; ווער — „אזא גוט יאָר זאָל ער האָבן ווי דער האָן איז זיינער"; ער האָט געמאכט א סימן מובהק אויף אים — א רויטער שנירל אויף א פיסל; און ווער עם שווערט זיך מיט איר בן יחיד: „זי זאָל אזוי דערלעבן מגדל זיין אים, רבונו של עולם, טאקע לתורה ולחופה ולמעשים טובים, ווי די טשובעוואטע *) הון איז אירע"; זי פלעגט זיך לייגן אלע טאָג ווי ביי גאָט א טאָג!...

און ווידער באפאלט מען מיך פון אלע זייטן און מען בעט מיך מצוות פארדינען: „אינגעלע, טו א שפרונג און כאפּ מיר אָט יענעם האָן"; „אינגעלע, דו וועסט זיך עולם הבא, כ'לעבן, קויפן, העלף מיר ארויפציען אויפ'ן שטעקן די כפרות; איך האָב שוין קיין כח ניט א קער טאָן זיך", — בעט מיך אן אלטשינקע אידענע. דער בעט מיך העלפן צובינדן אן אָפּגעפענטעטן האָן, אן אנדערער בעט דערלאנגען די הינדל, וואָס דער שוחט האָט א וואָרף געטאָן אויף די הרי חושך — „ווארפן זאָל שונאי ישראל צען־יאָריקע קדחת". הכלל, מען בעט און מען בעט, מצוות גאָר אָן א שיעור, און דער עיקר, איך ווער געהויבן ביי זיך — א גאנצער „יא טעביע דאם"!

דעם גאנצן טאָג ערב יום כפור איז פריילאך, לעבעדיק. מען ברענגט לעקאך, פון אלע זייטען ברענגט מען לעקאך: דער טאטע פון שול, די מאמע פון קראָם, א פעטער, א מומע, דער זיידע, די באבע און אלע הייסן עסן.

— עס, עס, ישראל'יק, ס'איז דאָך א מצוה ערב יום כפור צו עסן.

און די מצוה געפעלט מיר דוקא.

*) א סך האָר לעבן שפּיץ קאָפּ.

יד.

# יום כפור

יום כפור בייναכט האָט זיך פּלוצלונג אַלץ איבערגעדרייט... איך געדענק קלאָר דעם ערשטן מאָל, ווען דער טאַטע האָט מיך אַריינגעפירט אין שול פאַר „כל נדרי".

אויף דער ערד איז געווען אָנגעבעט היי — אַ סך, אַ סך היי. אויף אַלע טישן, אויף דעם עמוד און אויף דער בימה און אומעטום זיינען געווען אָנגעשטעלט גרויסע וועקסענע ליכט. אַלע אידן זיינען געווען אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, איבערגעדעקט מיט די טליתים איבער'ן קאָפּ; אָן שיך, נאָר אין זאָקן, זיינען זיי געשטאַנען פאַרקרימטע, פאַרטיק צו וויינען. ביידע טירלאַך פון אָרון קודש זיינען געווען אָפן. עטלאַכע אידן מיט גרויסע ספרי-תורות האָבן אַרומגערינגלט דעם חזן ביים עמוד. מיין טאַטע (אויף וואָס ער האָט געהאַט אַ חזקה) האָט מיט אַ פאַרשטיקטן קול קוים געקענט אַרויסכליפּן דעם „אור זרוע לצדיק".

מיין האַרץ צוגייט, ווי וואַקס. עס איז מיר אַזוי אומעטיק, אַזוי טרויעריק, אַזש די כחות גייען אויס... און אַט הויבט אָן דער חזן „כל נדרי". פריער שטילער און דערנאָך העכער און העכער. עס ציטערט אויף מיר די הויט; איך טרייסל זיך ווי אַ בלאַט. דאָס האַרץ איז פאַרקוועטשט און די קני ברעכן זיך אונטער... דער חזן איז געקומען צו „ונסלח". אָן עדה האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם פסוק מיט אַזאַ אימפּעט, אַזוי ווי קוים-קוים דערוואַרט זיך אויף אים, ווי אויף דער איינציקער זאַך, וואָס עס קען ראַטעווען פון אַ גרויסער סכנה... און אַז אַלע האָבן זיך צושריען, האָב איך

הויך אויפ'ן קול פאנאנדערגעוויינט זיך און געטרייסלט זיך ווי א לולב. דער זיידע האט מיך געכאפט צו זיך, אבער ניט וועלנדיק מפסיק זיין האט ער מיך נאר געגלעט און געגלעט. און איך האב געוויינט און געוויינט, געוויינט מיט ביטערע טרערן א לאנגע צייט, ביז דער חזן מיט די משוררים האבן אנגעהויבן זינגען פריילאכערע ניגונים. די פנימ'ערביים עולם האבן זיך אויסגעגלייכט און אויס־געלייטערט. ביי אנדערע זיינען זיי געווארן גאר פריילאכע און יום־טוב'דיקע, אבער מיין טאטע איז נאך אלץ געשטאנען אויף זיין מזרח־ארט מיט'ן פנים צום וואנט און מיט איין האנט געהאלטן די אויגן פארמאכט. ער האט קיינמאל ניט געקוקט אין א סידור, אדער אין א מחזור; האט קיינמאל ניט געשריען ווי אנדערע און אפילו הויך ניט געדאוונט, נאר נאכ'ן דאוונען איז ביי אים דער פנים געווען רויט ווי צונטער און די אויגן שטארק פארוויינטע. וויינען האב איך אויפגעהערט, אבער אויפ'ן הארצן איז מיר געווען ווי א משא כבדה. איך בין געווען זייער צושראקן און צובראכן. מיר האט זיך אלץ געדאכט, אז עפעס שרעקלאכעס קומט פאר.

דער יום־כפור־ביינאכטיקער בילד אין שול האט מיך צוטומלט. די מיר ביז דעמאלט אומבאקאנטע סצענעס האבן זיך ניט געקענט פאטאיפען אין מיין מוח! ערשט א זייגער ניין, אז מען האט שוין אפגעדאווענט און דער עולם האט געזאגט „גוט יום־טוב, גוט יום־טוב" איינער דעם אנדערן, בין איך געווארן רואיק, אבער נאך אלץ ניט גאר אין גאנצן. פון דער פריערדיקער מורא האב איך זיך נאך ניט באפרייט. דער טאטע איז צו מיר צוגעגאנגען און געהייסן מיר גיין אין דער ווייבערשער שול צו דער מאמען, מיט וועמען איך וועל גיין אהיים, ווייל ער בלייבט נעכטיקן אין שול... איך בין ווידער צומישט געווארן; האב בשום אופן ניט געקענט פארשטיין, וואס טוט זיך דא היינט? האב מורא געהאט איבער־לאזן דעם טאטן אין שול און מורא געהאט שלאפן אין דער היים אן דעם טאטן, און מיט א ציטערדיקן וויינענדיקן קול געבעטן זיך ביי דעם טאטן ער זאל אויך גיין מיט מיר אהיים. ער האט גע־שמייכלט, נעגלעט מיך, א פאר מאל א קוש געטאן, האט מיך איינ־

גערעדט און געזאָגט, אַז ער מוז בלייבן אין שול, אַז עס איז דאָך יום כפור!...

— זעסט, אַלע אידן שלאָפן היינט אין שול!

איך האָב זיך אָנגעהויבן בעטן, אויך בלייבן אין שול נעכטיקן, אָבער דער טאַטע האָט ניט געוואָלט גאָר הערן דערפון.

— נאַרעלע, די אידן בלייבן תפילה טאָן, לערנען, תהלים זאָגן און גאָט בעטן... דו ביסט נאָך צו קליין; אַז דו וועסט אם ירצה השם אויסוואַקסן, וועסטו אויך נעכטיקן אין שול.

זיינע רייד האָבן זיך אפילו ניט שטאַרק געקלעפּט צו מיר, אָבער קיין אַנדער ברירה האָב איך ניט געהאַט און בין אַוועקגעלאָפן צו דער ווייבערשער שול. די מאַמע איז שוין געשטאַנען אין טיר און געוואַרט אויף מיר. אַ קוק טאָנדיק אויף איר, האָב איך זיך דערשראָקן. זי האָט אויסגעזען ווי אַ חולה. דער פּנים בלייך, פאַרוויינט און פאַרצאָקט. זי האָט מיך אַרומגענומען, געזיפצט, פאַרריכט מיר די פּאות׳לאַך און זיך נאָכגעפרעגט, צי איך האָב געענטפערט: „ברוך הוא וברוך שמו, אָמן" און „אָמן יהא שמיה רבא"? מיט אַ פאַרקרימטן פּנים האָט זי געמאַטערט זיך אַ שמייכל טאָן, אָבער עס איז ניט געלונגען: זי איז געווען פול מיט צער און געבראָכן. אַ גאַנצן וועג האָט זי געהאַלטן אין איין זיפצן און קרעכצן, און מיר איז ווידער געוואָרן זייער טרויעריק.

אַריינגייענדיק אין שטוב און דערזעענדיק די „לייטערס"*) אויפ׳ן טיש איבערגעדעקט מיט אַ סאַרוועטקע, מיט די גרויסע בענש־ליכט אין די לייכטער האָב איך אין פלוג זיך דערפרייט. געפרעגט דער מאַמען, ווער וועט מאַכן קידוש, אַז דער טאַטע איז גאָר אין שול? די מאַמע איז געוואָרן שטאַרק אַנטוישט און האָט ברוגז׳דיק אָפּגעענטפערט:

— אַך, דו שוטה איינער, וואָס ביסטו — אַ גוי? ווייסט ניט, אַז היינט איז יום כפור און מען דאַרף פאַסטן?

---

*) חלות געפלאָכטן ווי לייטערס.

נאָר גלאַט איז מיר די זאַך ניט געוואָרן: היינט צו וואָס ליגן די חלות אויפ'ן טיש? צו וואָס איז אין גאַנצן דער טיש געגרייט? נאָר איך האָב מער קיין קשיות ניט געפרעגט און אַ הונגעריקער געלייגט זיך שלאָפן...

עס האָבן זיך מיר בייזע חלומות גע'חלומ'ט: דער שטאָט־באָק האָט מיך געוואָלט מיט זיינע הערנער שטעכן. אַ שוואַרצער הונט אַ קודלעוואַטער, האָט זיך געוואָרפן אויף מיר. איך האָב גע־הערט די בהמה רעווען.. און אָט פאַל איך גאָר אראָפ טיף־טיף אין דער נידער! ...

געשלאָפן האָב איך ביז גאָר שפּעט. די מאַמע איז שוין לאַנג, לאַנג אין שול אוועק. לכתחילה האָט מען מיר ניט געוואָלט געבן קיין אָנבייסן, זאָגנדיק, אַז דער טאַטע האָט נאָך נעכטן אָפּגעגעבן אַ פריקאַז*), אַז צוליב מחנך זיין אין פאַסטן, זאָל איך עסן אָנ־בייסן אַ שעה שפּעטער, אָבער אַזוי ווי עס איז שוין געווען צוויי שעה שפּעטער, האָט מען מיר דערלאַנגט אַ פּאָר חתיכות כפּרות, אַ פּופּיקל און אַ פליגעלע דערצו, און איך האָב זיך גוט אָנגע'אכל'ט. אויפ'ן הארצן איז געוואָרן גוט און פריילאַך און איך האָב זיך אַליין אוועקגעלאָזן אין שול אריין. איך האָב אַ ביסל אפילו גע־בלאָנדזשעט — יענעם יום כפּור בין איך נאָך קיין פולע פיר יאָר ניט אַלט געווען — אָבער האָב זיך דערשלאָגן ווי עס איז צום שול.

היינט איז די שול געווען „קודא"**) — אַ סך פריילאַכער. געקומען בין איך צו קריאת התורה. דער טאַטע און דער זיידע האָבן מיך געפרעגט, ווי עס גייט מיר דער תענית מיט לאַכנדיקע אויגן און געקניפּן מיך אין בעקל.

פון דעם ערשטן יום כפּור אָן ביז שפּעטער אין די חדר־יאָרן און נאָך שפּעטער, אַז איך בין שוין געווען אַ היבשער בחור'ל, האָט אַרויפגעוואָרפן אויף מיר אַן אימה ופחד די יום כפּור נאַכט מיט

*) אַ געבאָט.
**) ווי קומט.

דעם „כל נדרי“, אָבער ניט דער יום כפור׳דיקער טאָג. פּאַרקערט, דער טאָג איז מיר געווען אַנגענעם און צייטנווייז גאָר פריילאַך. איך האָב גרויס הנאה געהאַט פון דעם חזנ׳ס תפילות און נגינות און בפרט פון דער „עבודה“ מיט דעם כורעים פאַלן. אַז איך בין אַ ביסל עלטער געוואָרן, פלעג איך מיטזינגען דעם „אײ־אײ־אײ“ אויף מיין גוטן קול׳כל און אָנקוועלן, פלעג זיך אונטער׳גנב׳ענען און אַ קניפּ טאָן אַן עלטערן אינגל ביים כורעים פאַלן, אָדער געבן אַ פשוט׳ן פּאַטש... און עס איז געווען גוט. ווער רעדט צו נעילה און נאָך נעילה — דעמאָלט איז דער גאַנצער עולם געוואָרן שוין אויפגעלייגט, האָט זיך צוזונגען און איז געוואָרן לעבעדיק און פריילאַך!

מען האָט אויף גיך געדאַוונט מעריב, אין איילעניש געזוכט די שטיוול און ניט געפונען... און יום־טוב׳דיקע איז מען געלאָפן אין דרויסן די לבנה מקדש זיין. „שלום עליכם, עליכם שלום“. „איך בין אַ היגער“, — האָט אַ שקאָציק אַ אינגל גע׳הלצה׳ט, און דער עולם האָט גוטמוטיק געלאַכט. „כשם שאני רוקד ואיני יכול לנגוע בך, כך לא יוכלו אויבי לנגוע בי לרעה“ — האָט זיך איצט, אַז מען איז געוואָרן ריין פון אַלע עבירות און חטאים, געזאָגט מיט אַן אַנדער זיכערקייט און מיט אַן אַנדער טעם. מען איז געוואָרן געהויבן ביי זיך און מיט אַ גרינג געמיט איז מען זיך צוגאַנגען אין די היימען אָפּפאַסטן זיך.

ביים עסן איז דער טאַטע, וועלכער האָט אָפּגע׳פטר׳ט זיינע צען טעג תעניתים מיט די יללות ובכיות פון די סליחות און עשרת ימי תשובה, אויף אַן אמת געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. האָט זיך דערלויבט אַ לאַך טאָן, זאָגן אַ גלייכווערטל, און די מאַמע איז געווען די ערשטע, וואָס האָט אונטערגעכאַפּט און אונטערגעהאַלטן דעם פריילאַכן טאָן, צוגעבנדיק נאָר, אַז זי האָפט צו זיין ליבן נאָמען, אַז עס איז אויסגעגעבן געוואָרן אַ גוט יאָר. אָמן!

באַלד נאָכ׳ן אָפּפאַסטן זיך, פלעגט דער טאַטע, וועלכער איז געווען פון די אמת׳ע מהדרין, מקיים זיין „ילכו מחיל אל חיל“ און אָנגעהויבן עוסק זיין זיך מיט דעם ענין סוכה.

בויען האָט ער יענע נאכט טאַקע ניט געבויט די סוכה, אפילו קיין פלעקל ניט אריינגעשלאָגן. ניט ער האָט געהאט כח און ניט ער האָט געהאט חשק דערצו, אָבער גערעדט, געפלאַנעוועט, געמאָסטן, וואו זאָל זיין די טיר, וואו א פענסטער, און דערמיט יוצא געווען ביז אויף מאָרגן, ווען די מלאכה האָט געברענט... אונטער זיינע, אָדער א ו נ ז ע ר ע הענט!

טו.

# סוכות

דאָס בויען די סוכה איז פאַר מיר אין די חדר־יאָרן געווען אַ גרויסער יום־טוב. איך האָב זיך ממש מחיה געווען! ערשטנס, דאָס בויען אַליין, דאָס זיין פאַרנומען מיט אַזאַ וויכטיקן ענין, און צווייטנס, די באַזונדערע חשיבות, וואָס דאָס האָט מיר צוגעגעבן! איך האָב געהאָלפן דעם טאַטן גראָבן די פיר גריבער פאַר די גראָבע פלעקער, געהאָלפן זיי אַריינקלאַפן, פאַרשיטן זיי און שאַרן שטיינד־לאַך מיט זאַמד און טאָפּטשען אַרום זיי, כדי זיי צו מאַכן שטייפער.

לויפן כאַפּן ערגעץ אַ דראַניצע, אַ ברעטל, איז געווען מיין אַרבעט; האַלטן אַ שטיין האַרט ביי דער ברעטל, כדי דער טאַטע זאָל קענען אַריינקלאַפּן דעם טשוואָק פון דער אַנדער זייט, איז ווידער געווען מיין זאַך; לויפן זוכן פּאַאוטינע*) צו פאַרוויקלען דעם טאַטנ'ס פינגער, וועלכן ער האָט צוקלאַפּט ביז בלוט, איז אודאי און אודאי געווען מיין עסק... היינט דערנאָך דער סכך!... עפּעס אַ קלייניקייט דער סכך! פריער גיב אַכטונג אויף די ציגן, זיי זאָלן דאָס ניט צושלעפּן. אַי, ווי די ציגן האָבן מיך פאַרמור־טשעט! טרייבסט אָפּ איינע קומט אַן אַנדערע; טרייבסט זיי אָפּ דאָ, קומען זיי דאָרטן. גרויסע חצופות זיינען געווען אונזערע ציגן, קיין ברעקל דרך־ארץ ניט געהאַט, ניט פאַר מיר, ניט פאַר דער סוכה, אפילו ניט פאַר די הייליגע אושפּיזין...

ביים צודעקן די סוכה האָט מען זיך ניט געקענט באַגיין אָן

---

*) שפּין־געוועב.

מיר. איך האָב געדאַרפט צוהאַלטן די שטול, אויף וועלכען דער טאַטע איז געשטאַנען אויף די „דזשיפּקעס" *), דעקנדיק דעם סכך, און ער האָט געזאָגט, אַז די שטול שטייט ווי אויף משקולת. און ער איז געווען גערעכט, וואָרים טאַקע א פּאָר מאָל זיינען מיר אַלע דריי געפאַלן — די שטול, דער טאַטע און איך. מיר האָבן געדאַרפט גומל בענשן, וואָס מיר זיינען קיין קאַליקעס ניט געוואָרן. אפנים, אַז דאָס איז טאַקע געווען, ווי דער טאַטע האָט געזאָגט, דערפאַר, וואָס „שליחי מצוה אינם נזקין".

איך האָב אויך געדאַרפט מיט א שטעקן פון אינוועניק אין דער סוכה אָנווייזן דעם טאַטן, וואו ס'איז ווייניק און וואו צופיל סכך. מיין טאַטע איז געווען אויף דעם א גרויסער מפקיד. ער האָט מיר דערקלערט, אַז אויב „צלתה מרובה מחמתה" איז די סוכה פּסול.

מאַלע וויפיל מלאכות עס זיינען נאָך געווען ארום דער סוכה! רייניקן, אויסקערן, אויסשיטן מיט געלן זאַמד, צושלאָגן ראָגזשעס אויף די ווענט, דער ווינט זאָל שבת די בענש־ליכט ניט אויסלעשן, אריינשלעפּן דעם טיש, שטעלן די בענקלאַך, אונטער איין פיסל פון טיש געדאַרפט א שפּאָן אונטערלייגן, אונטער דער אנדערער — א גלאַטן שטיינדל, ער זאָל אזוי ניט ארומגיין „כּאָדראָם" און נאָך די יויך אויסגיסן... א שטריקל צום טשוואָק אין טיר האָט מען גע־דאַרפט צובינדן אָנשטאָט א קליאַמקע. דאָס זיינען אַלץ געווען אַזעלכע נויטיקע מלאכות, און איך האָב זיי געטאָן מיט אזא גרויס חשק! אגב, האָט זיך מיר טאַקע געלוינט אויך דער עסק: ביי די שטוביקע איז מיין פּראַצע**) געווען זייער אָנגעלייגט, און איך האָב געקראָגן מתן שכרה בצדה — א גוטן טויגל, א יום־טוב'דיק שטיק איינגעמאַכטץ און א פּאָר הויפנס ניס...

א וואוילער יום־טוב געווען סוכות, אָבער טאַקע גאָר א וואוילער. מיט דער סוכה אַליין בין איך ניט יוצא געווען. עס איז נאָך

*) שפּיץ פינגער פון די פיס.

**) שווערע ארבעט.

געווען א פּאָן צו מאַכן אויף שמחת־תורה, ליימענע לייכטערלאַך אין שול אַריין, און דערהויפּט — לויפן אין וואַלד הושענות רייסן... און צוצורייסן דעם שפּאַנציריק, די זופּעצע, די הענט און דעם פּנים — וואָס איז אַ סך מער ווערט געווען, נאָך דער מאַמע'ס מיינונג נאָך, איידער די קאָפּיקענע הושענא; אָבער גיי רייד מיט אַ מאַמען, וואָס איז קיינמאָל קיין אינגל ניט געווען און איז אין חדר ניט געגאַנגען! צו מיין נחת און גדולה, ווען איך האָב דער־לאַנגט דעם טאַטן אַ הושענא און 'ער האָט געזאָגט: „אַז וואַ, טאַקע אַ מהודר", איז גאָר קיין שיעור און קיין סוף ניט געווען!

און דערנאָך ערשט, שוין גאָר צום סוף, ביים סאַמע עק פון די יום־טובים — שמחת־תורה!

ווי אַ טייער צימעסל נאָך אַ גוטער סעודה, ווי אַ געשמאַקער פאַרבייסן, איז אָנגעקומען דער ליבער, פריילאַכער, לעבעדיקער שמחת־תורה!

איך האָב געטאַנצט און געשפּרונגען, בין געגאַנגען אַ קאַראַהאָד און געקוליעט זיך, און ניט עפּעס מיט אינגלאַך, פּיזשיקעס, נאָר מיט אידן, מיט אמת'ע גרויסע אידן מיט בערד — און האָב זיי איבערגעיאָגט כפל כפלים!...

הקפות בין איך געגאַנגען אַלע זיבן: געגאַנגען מיט דעם טאַטן, מיט דעם זיידן, מיט אַ פעטער און מיט אַזוי אַ גוטן פריינט, אָדער אַ קרוב; אָבער דעם אמת'ן טעם פון די ריכטיקע הקפות האָב איך ערשט דערפילט ביי דער זיבעטער, ווען מען האָט מיך אַליין — דער שמש האָט בפירוש אויסגערופן מיך ביים נאָמען און האָט נאָך צוגעלייגט „החתן, הבחור", וואָס האָט מיך געמאַכט אַזוי לאַכן — מכבד געווען מיט אַ קלייניטשקער ספר־תורה'לע. אַי, איז דאָס געווען גוט — אַ גרויל ווי גוט!

איך האָב זיך גלייך אַ לאָז געטאָן מיט מיין ספר־תורה'לע אין דער ווייבערשער שול צו דער מאַמען. די באָבע, די מומעס און גלאַט ווייבער פלעגן מיך אַרומרינגלען, קושען מיין ספר־תורה'לע, קושן מיך, קושן און קושן אָן אָן אויפהער. די מאַמע האָט געלויכטן און געשיינט און געפּרעגלט זיך פון נחת. מען האָט מיך באַשאָטן

מיט נים און מיט אלערליי גוטע זאכן אנגעשטאפט מיינע קעשענעס. די באבע האט מיך געהאלובעט און צוגעזאגט אויף נאך יום־טוב הרים און גבעות, געמאכט פארשיידענע מינעס און געקיצלט מיך...

אבער אט האב איך דערהערט, ווי ר׳ נחום וועלוול, אונזער „זאגער" — ער פלעגט בין מנחה למעריב און שבת נאכ׳ן שלאף זאגן ביי א טיש עין יעקב, מדרש אדער דעם אלשי"ך הקדוש פאר אידן אין שול — האט א געשריי געטאן „צאן קדשים!" איך בין האסטיק אוועקגעלאפן צו אים. ארום איז געווען א גרויסער ראד אינגלאך, וואס האבן זיך געהאלטן ביי די הענט. ער איז געשטאנען כמלך בגדוד, אין דער מיטן, און אז ער האט א געשריי געטאן „צאן קדשים!" האבן מיר אלע אפגעענטפערט: „מע־מע־מע", נאכ־מאכנדיק אמת׳ע שעפסעלאך.

ר׳ נחום וועלוול פרואווט זיך איבערקוליען און מיר נאך אים. מיר האבן אלע אינאיינעם געטאנצט און געזונגען „שישו ושמחו בשמחת תורה ותנו כבוד לתורה" מיט גרוים התלהבות און היץ. דער עולם האט זיך ארום אונז אומגעקליבן. ווער עס האט צוגע־פאטשט מיט די הענט, ווער מיט א פוס געקלאפט נאכ׳ן טאקט נאך און צוגעגעבן אונז מוט און חשק: אט אזוי, ליבינקע דזשעטקעלאך, אט אזוי, קינדערלאך, טייערינקע צאן קדשים!

מען האט געבראכט משקה אין שול, געטיילט די קינדער לעקאך און צוקערלעקאך, געמאכט הויך אויפ׳ן קול די ברכה און ווידער אמאל געטאנצט. אידן פון דער זייט האבן די ראד געמאכט נאך גרעסער און זיינען אויך אריין אין קאראהאד. כמעט אלע, וויפיל מענטשן עס זיינען געווען אין שול, אידן, בחורים, זקנים און קליינע אינגלאך, האבן זיך גענומען פאר די הענט און טאנצנדיק ארום דער בימה געזונגען: מי עלה למרום? — משה עלה למרום!

מיין טאטע פלעגט בלייבן אן כחות טאנצנדיק. ער פלעגט זיך פאנאנדערזינגען מיט ימים נוראים׳דיקע ניגונים, מיט פסוקים פון תנ"ך און אוועקקריכן צום פסוק „בנים אתם לה׳ אלהיכם" — און גאר זיך פאנאנדערוויינען...

איך האב קיינמאל אין לעבן ניט געזען מיין טאטן שכור;

אפילו פורים, ווען מען איז מחויב צו טרינקען „עד דלא ידעי", איז ער אויך ניט געווען שכור, אָבער בגילופינ'דיק איז ער שמחת־תורה געווען. ער פלעגט איבערמאַכן ווי א ניקאָלאַיעווסקער סאָל־דאַט זינגט „שישו ושמחו בשמחת תורה" מיט אן עכט סאָלדאַטסקן ניגון און אויסלאָזן מיט א פייף. ער פלעגט איבערקרימען די מתנגדים, זינגען אונטער דער נאָז, איטלאַכן וואָרט אויסגעצויגן אויף טאַטורעס, קלאַפּן איין נאָגל אויף דעם אַנדערן אָנשטאָט מיט די הענט, און ווי א ביישפּיל פון מתנגד'ישער התלהבות פלעגט ער אויסלאָזן דעם „ותנו כבוד לתורה" מיט כלומר'שט א כראָפּען און אן אַנשלאָפן ווערן. דער עולם האָט געלאַכט און געפּאַטשט בראַוואָ.

צו וואַרעמעס האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן אַלערליי מעשות, גלייכווערטלאַך, וויצן און מיר פלעגן קייכן פון געלעכטער. אויס־לאָזן אָבער פלעגט ער שטענדיק כמעט מיט געשיכטעס פון אידישער מסירת נפש, ווי אידן האָבן זיך מקריב געווען על קידוש השם. ער פלעגט דערציילן ,ווי מען האָט די „סלאַוויטער" געפּירט דורכ'ן „סטראָי": ביי איינעם פון זיי איז אַראָפּגעפאַלן די יאַרמולקע, האָט ער, ניט קוקנדיק אויף די שמיץ, אומגעקערט זיך נאָך דער יאַרמולקע... ער פלעגט פיל מאריך זיין און דערציילן פון דעם אידישן גלות, דערקלערן וואָס עס מיינט „שכינתא בגלותא" און ער האָט מוסיף געווען, אַז אין אַנדערע לענדער ווערן אידן ניט אַזוי גע'רודפ'ט, ווי אין דער „ממשלת זדון", „מרשעים יצא רשע", „מושל רשע גם כל משרתיו רשעים", „ארץ אדום — רוסלאַנד". ער האָט פיינט געהאַט די צאַרישע רעגירונג בתכלית השנאה, געווען איר א דם שונא און איז געווען מלא שמחה איטלאַכן מאָל, ווען די רעגירונג האָט געליטן ערגעץ א מפּלה.

מיט דעם פייער און ברען פון אַן עכטן רעוואָלוציאָנער האָט ער איינמאָל, קלאַפּנדיק זיך אין הארצן, א געשריי געטאָן:

— בעיני ראיתי די ווילדקייט און די אכזריות פון ניקאָלאַיען, ימח שמו וזכרו! דער צורר היהודים איז אמאָל געקומען צו אונז אין באַברויסק אויף א גרויסער מאַניעווער. שוואַרץ־יאָר האָט אים געוואוסט, נאָר מען האָט געזאָגט, אַז עטלאַכע קאָרפּוסן האָבן זיך

דאָ דעמאָלט אין די לאַגערן פאַרזאַמלט. עס איז געווען אַ שיינער זומערדיקער שבת נאָך וואָרמעס, גאָר אַן אַנטיק. די גאַנצע שטאָט ממש, קינד און קייט, אידן און גוים להבדיל זיינען געגאַנגען אין לאַגער זען דעם קיסר און אָנקוקן די מאַניעווערעס. מיט אַ שטריק האָט מען אָפּגעצאַמט די פּובליקע אַרום און אַרום פון דעם אָרט, וואו עס האָבן געדאַרפט זיין די מאַניעווערעס. שעה'ן לאַנג זיינען מיר געשטאַנען און געקוקט, ווי מען האָט געשאָסן פון די פּושקעס, ווי פערד זיינען געשפּרונגען איבער היבש הויכע בערגלאַך און דערנאָך איבער טיפע גריבער; יונגים זיינען געלאָפן, אויסגעלייגט זיך פלוצלונג צו דער ערד און געשאָסן פון די ביקסן. עס זיינען געווען אַ פולע טשיקאַווע זאַכן, נאָר ווער קען זיך זיי אַנגעדענקען! עס איז שוין געוואָרן פאַרנאַכטלאַך. די מאַניעווערעס האָבן זיך שוין אָפּנים געקאָנטשעט *). דער קיסר, האָבן מבינים געזאָגט, איז געווען גוט אויפגעלייגט. די מאַניעווערעס האָבן ביי אים אויסגענומען, ער האָט געריבן אַ האַנט אָן אַ האַנט און אַלץ גע'טענה'ט: „כאַראָשאָ, רעביאַטאַ, אָטליטשנאָ, פּרעוואָסכאָדנאָ!"**) און אַלע האָבן געשריען „הורראַ".

פלוצלינג האָט ער זיך אַ קער געטאָן מיט זיין פערד און אַ לאָז געטאָן זיך צו אונז. די גאַנצע „סוויטע"***) גענעראַלן, פּאָלקאָווניקעס, זיינען נאָכגעריטן נאָך אים, ווי שדים וואָלטן זיי טראָגן, — אַלע צו אונז. מען האָט געמיינט, אַז דער גרויסער קיסר פון רוסלאַנד וועט זאָגן עפּעס דעם עולם. אָבער ער האָט זיך אַ ווײַלע אַרומגעקוקט, איז צוגעלאָפן צו אַ אידישער ווייבל און האָט בכבודו ובעצמו אַראָפּגעריסן ביי איר פון קאָפּ די ליענטע מיט דער קאָפּקע, אַ שליידער געטאָן דאָס מיט פאַראַכטונג אָן אַ זייט און אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף דער אידענע'ס געגאָלטער קאָפּ, האָט ער הויך אויסגעשריען: „עך, זשידאָוויאַ, פּראָקליאַטאַיאַ!" זיין סוויטע האָט בראַוואָ געפּאַטשט און הייזעריק געוואָרן שרייענדיק הורא...

*) געענדיגט.
**) גוט, קינדער, זייער גוט, אויסנאַמס גוט.
***) באַגלייטער.

דער טאַטע האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט. טרערן האָבן אים גע־שטיקט. ער איז רויט געוואָרן ווי פייער, דער גאַנצער פּנים זיינער האָט געפּלאַמט, און געבנדיק אַ קלאַפּ אין טיש, אַז די גאַנצע געפּעם האָבען געבריאַזגעט *), האָט ער אויסגעשריען:

— על אמונתי, איך שווער, אַז אויב איך וואָלט האָבען דעמאָלט אַ פּיסטאָליעט, צי אַ ביקס, וואָלט איך אים, ווי אַ משוגע'נעם כלב, דערשאָסן... איך וואָלט זיך מוסר נפש געווען בעד עמנו ובעד אלהינו!...

די מאַמע איז בלייך געוואָרן און האָט אַ מאַך געטאָן צו אים מיט דער האַנט:

— שאַ שאַ, חלילה אימעצער זאָל נאָך דערהערן. גאָט איז מיט דיר, קאַפּל, דו ווייסט דאָך גאָרניט, וואָס דו רעדסט! משקה איז אַפּנים טאַקע ניט קיין וואַסער. וואָס דען, גוטס קען פון איר אַרויסקומען? האָט זיך דאָס אַ ביסל פאַנאַנדערגעשאָקלט... אומ־גליקליך קענסטו דאָך די גאַנצע געזינד מאַכן!

דער טאַטע האָט געשמייכלט, נאָר אַזוי ווי כלאחר יד אַ זאָג געטאָן:

— הם, הם, איך האָב גאָר ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ טרייע „ווערנע־פּאָדאַנע"**) מיין ווייב איז, — און האָט זיך גענומען דערציילן אַנדערע פריילאַכערע מעשות.

אַן אַנדער מאָל האָב איך אַרויסגעזען דעם טאַטנ'ס גרויסע שנאה צו דער רוסישער רעגירונג מיט יאָרן שפּעטער — ביי דער רוסיש־טערקישער מלחמה. ער איז געווען אַ פאַרביסענער „טערק" און האָט גאָט געבעטן אויף אַ רוסישער מפּלה. דער אויסגאַנג פון דער מלחמה איז אים געווען שטאַרק ניט לרצון, דערפאַר אָבער האָט ער זיך גאָר מחיה געווען מיט דעם בערלינער טראַקטאַט, וועל־כער האָט, אַ דאַנק ביקאָנספילד'ן, אַרומגעשאָרן רוסלאַנד'ס נצחונות און האָט זיי געמאַכט, ווי דער טאַטע האָט זיך אויסגעדריקט: בגפּו יבוא ובגפּו יצא.

*) געקלאַפּט איינע אָן די אַנדערע.
**) אונטערטאָן.

דעם 1טען מארט, 1881, איז, ווי באוואוסט, אלעקסאנדער דער צווייטער געפאלן דורך א באמבע פון דעם רעוואלוציאנער גרעני־וויצקי, אבער אין די טעלעגראמעס צו די פראווינציעלע שטעט אונזערע אין דער ליטע, האט מען געהייסן גאט בעטן — דער קיסר, הייסט דאס, איז געפערלאך קראנק. נאטשאלסטווא האט געטריבן אידן אין די שולן תהלים זאגן. און מיין טאטע האט אויך דעם מאל באוויזן, ווי „גערירט" ער איז געווען פון דער סכנה פון דעם קיסר. ער האט אויסגעקליבן אין תהלים דוקא דעם קאפיטל ק"ט און זיך שטארק גע'דבקה'ט ביי די ווערטער: הפקד עליו רשע ושטן יעמוד על ימינו. בהשפטו יצא רשע ותפילתו לחטאה. יהיו ימיו מ ע ט י ם, פקודתו יקח אַחר. יהיו בניו יתומים ואשתו אלמנה. יהי אחריתו להכרית בדור אחר ימח שמם!... די לעצטע ווערטער האט ער שטארק געקוועטשט און אויף זיי באזונדער גע־שטעלט דעם טראפ...

צו יענער צייט האב איך שוין געהאט מיין אייגענעם בליק אויף דער רוסישער רעגירונג און האב זי אויך פיינט געהאט אבער ניט דוקא צוליב אירע רדיפות נאר אויף אידן. אבער אינטערעסאנט איז געווען צו הערן דעם טאטנ'ס פירוש: „די רוסישע מלוכה, — האט ער מיר געגעבן צו פארשטיין, — איז א ממשלת זדון, א גלגול פון די אמת'ע עמלקים. זי האט פיינט אידן בתכלית השנאה און איז זיי רודף עד חרמה. ניקאלאיקע, ימח שמו וזכרו, איז געווען אדום, דער נחש הקדמוני... און זיינע זרע מרעים זיינען אויך ניט בעסער, ווארים משורש נחש יצא צפע... און מוטב שבהם השכם והרגנו!"

אז מען האט געדארפט שווערן „טריישאפט" אין שול צו אלעקסאנדער דעם דריטן, איז דער טאטע ארומגעגאנגען אין גאס, כדי אויסמיידן א פאלשע שבועה חלילה. ער איז א מינוט אין שטוב ניט געזעסן — און האט זיך טאקע אויסגעדרייט.

א שיינע מעשה האט ביי דער געלעגנהייט פאסירט מיט אונ־זערן אן אלטן, זייער אלטן, באקאנטן גוי, וועלכער איז יענעם זונטאג גראד געקומען אין שטאט זיינע סחורה פארקויפן און עפעס איינ־

קויפן. ער איז געזעסן אין שיינק, און אויסטרינקנדיק א פּאָר גלעזלאך, האָט ער פאַרביסן מיט א הייכינקן טאַראַן מיט יויך. דער פּריסטאַוו איז אַריינגעלאָפן און האָט אָנגעהויבן טרייבן די גוים אין קלויסטער אַריין — שווערן. כוועדאָס אָבער רירט זיך ניט פון אָרט און עסט זיך ווייטער זיין טאַראַן. ענדלאך איז דער פּריסטאַוו צוגעלאָפן צו אים און א געשריי געטאָן: „דיר זאָגט מען, צי ניין? וואָס זיצסטו און פרעסט? גיי שווערן!" כווע־דאָס ווישט זיך קאַלטבלוטיק אַרום מיט דעם אַרבל די מאָרדע און ווענדט זיך צום פּריסטאַוו: „וואָס האָסטו אַזוי קיין צייט ניט? וואָס איז די איילעניש? שווערן איז עפּעס א ביסן ברויט אויפ־צועסן, וואָס? אָט, זאָל ער פריער זיין א ווייַלער קיסר; אַז ער וועט זיין א גוטער, א גאָטספאָרכטיקער, וועל איך שווערן... אודאי וועל איך שווערן! אָבער איצט, כּל זמן מען ווייס אים ניט און מען קען אים ניט — זאָל גאָט היטן! ווער וועט דאָס גיין שווערן? א י ך — ניט! אָהאָ, א שבועה, עפּעס א קלייניקייט, מיר נישט, דיר נישט, גיי שווערן. משוגע, חסר דעה בין איך — ניין, איך גיי ניט!"

וואָס עס וואָלט געווען, אַז א איד וואָלט אָוועקגעלייגט אַזא דרשה, ווייס איך ניט. מסתמא וואָלט ער, אַז גוט, פאַרשיקט גע־וואָרן קיין סיביר, אויב ניט אויף קאַטאָרגע. אָבער כוועדאָס'ן האָט מען נאָר געשלעפּט אין פּאָליציי, געסטראַשעט מיט שמיץ, מיט האַלטן אין טורמע. אבער דער געוויסנהאַפטער ערל האָט זיך בשום אופן ניט אונטערגעגעבן... און אַזוי ווי ער איז געווען אין דאָרף א סטאַראָסטאַ, באַוואוסט פאַר זייער אַן אָרנטלאַכן באַלאַ־באָס, האָט אים דער איספּראַווניק עטלאַכע מאָל גערופן „דוראַק" און אים אָפּגעלאָזן.

ביי מיין טאַטן איז כוועדאָס געוואָרן א גרויסער חשוב. מיין טאַטע האָט זיך גאָרניט געקענט פון אים אָפּלויבן, און זיי זיינען געוואָרן גרויסע גוטע־פריינט. דעם טאַטן האָט ער דערציילט, אַז ער וואָלט ניט שווערן, ווען מען זאָל אים אפילו אין קרויט צוהאַקן. „און טאָמער וועט די פּיינע ברית צוריק פּאַנטשטשינע איינפירן,

הא ? וועל איך אים שווערן טריישאפט ? וואו, ווער, וועמען, פאר קיין געלט ניט ! אָ, איך האָב זיך גענוג אנגעליטן, וועל מיינע אייניקלאך פארזאָרגן"...

איך בין אָבער פארלאָפן אפריער. דאָס איז פאָרגעקומען, ווען איך בין שוין געווען א היבשער בחור און האָב אויף דער מעשה מיט כוועדאָס'ן גאָר אנדערש געקוקט. אָבער יענעם שמחת־תורה, ווען דער טאטע האָט אזוי היציק געקלאפט אויף דעם טיש און דערציילט די מעשה מיט דער אידענע'ס קאָפקע, האָב איך שטארק הנאה געהאט און געלאכט אויף וואָס די וועלט שטייט...

דער טאטע האָט, אויף צו להכעים דער מאמען, נאָך א פאָר קוילישקעלאך אריינגעגאָסן און מיר האָבן אלע ווידער געטאנצט און געהוליעט...

נאָך וואָרמעס, ווען דער טאטע האָט זיך נאָר וואָס צוגעלייגט אויף א וויילעטשקע (ווי ער האָט געזאָגט : „ער קען גאָר די קאָפ ניט האלטן"), זיינען אָנגעקומען עטלאכע געסט, אידן פון איטוליעס שול, וואו מיר האָבן געדאווענט.

מיין טאטע האָט פון דעם רוב דאווענער אין איטוליעס שול ניט שטארק געהאלטן. זיי זיינען געגאנגען אין קורצע זופּעצעס, פאנטאלאָנעס איבער די שטיוול און פילע פון זיי האָבן געטראָגן ווייסע מאנישקעס, וואָס עס איז געווען מיין טאטן גאָר ניט ליב ; און ווען ניט די חזקה, וואָס זיינע אבות אבותיו האָבן דאָרטן גע־דאווענט, וואָלט ער זי שוין לאנג איבערגעביטן אויף דער פאריצער שול, וואו עס האָבן געדאווענט די אמת'ע פארברענטע ליבאוועטשער חסידים, די גאָר גרויסע און אָנגעזעענסטע אין שטאָט. אָבער ער האָט אין איטוליעס שול אויך געהאט א פאָר מקורבים און אָט זיי זיינען דאָס איצט געקומען „גוט יום־טוב ביטן".

איין איד, אן עלטערער, ר' קארפל, וועלכער האָט געהאנדלט מיט מעל און א גאנצע וואָך איז ער געווען פון קאָפ ביז די פיס, אפילו באָרד און פאות פארשאָטן מיט מעל, אז מען האָט ניט גע־קענט צורירן זיך צו אים ניט ווערנדיק ווייס, איז געווען א גרויסער למדן און א „גוטער" חסיד, פלעגט דער טאטע זאָגן. דער טאטע

פלעגט זיך מיט אים שטענדיק האמפערן, קיינמאָל האָבן זיי ניט מסכים געווען איינער מיט דעם אנדערן. אָבער זיי האָבן געהאַט דרך־ארץ איינער פאַר דעם אנדערן און האָבן דוקא האָלד געהאַט צו פארברענגען אינאיינעם.

יאָשקע, אסתר דער מויד'ס צווייטער מאַן (אזוי פלעגט מען אים רופן אין שטאָט), איז געווען דער צווייטער אורח. ער איז געווען זייער א הויכער איד, האָט שטענדיק, זומער און ווינטער, געטראָגן א גראָבע רויטע פאַטשיילע אויפ'ן האַלז, א היטל אָן א בריליק און די אויערן פארשטאָפּט מיט וואַטע. ער איז ניט געווען קיין למדן, אָבער זייער פרום. אין שול פלעגט ער קומען טאָג־איין, טאָג־אויס, ארום דריי א זייגער באַגינען. און ארייגגייענדיק אין שול פלעגט ער מיט זיין גאַנצער הויך א נייג טאָן זיך צום אָרון קודש און זאָגן:

— א גוט מאָרגן דיר, גאָטעניו, א גוטינקער מאָרגען, האַר־ציקער פאָטער, דאָס איז דיין קנעכט יוסף,—און רייבן זיך די הענט פון פארגעניגן.

דער טאַטע פלעגט אויף אים זאָגן, אז ער איז א איש תמים וישר — ירבו כמותו בישראל.

דער דריטער אורח איז געווען א לייביקער איד, לייבקע דער שול־קלאַפּער. עס איז געווען זיין חזקה מכמה יאָרן, ערב שבת פאַר־נאַכט גיין איבער די קראָמען און מיט א גרויסן הילצערנעם האַמער קלאַפּן אין טיר, דאָס הייסט, אז עס איז שוין צייט פארמאַכן די קראָמען און חלילה ניט מחלל שבת זיין. איך געדענק שוין ניט אַלע זיינע פרנסות, פון וועלכע ער איז געשוואָלן געוואָרן דריי מאָל א טאָג פון הונגער. איך געדענק אָבער איינע — די וויכטיגסטע — און דאָס איז געווען: רייבן שמעק־טאַבאַק. אז ער פלעגט קומען אין שול אינדערוואָכן (שבת האָט ער געטראָגן זיין אטלאַסענע זופּעצע), פלעגט דער גאַנצער עולם ארום אים אָנהויבן ניסן, הוסטן און ניסן — אויף וואָס די וועלט שטייט. ער פלעגט אָפּזיצן אין שול כמעט דעם גאַנצן ערשטן האַלבן טאָג: דאַווגען, לערנען און זאָגן גיך־גיך און נאָר איבעררייסן מיט א נעשמאַקן „האַפּטשי"...

עס זיינען נאָך אונטערגעקומען אַ פּאָר פארשפּעטיקטע קרובים און מען האָט פארבראַכט אין זינגען און הוליען ביז שפּעט, שפּעט אין דער נאַכט אריין. דעם טאַטן איז געווען גוט דעמאָלט, ווי גאָר דער וועלט. ער האָט זיך באמת געפרייט מיט שמחת־תורה און איז געווען גאָר אין זיבעטן הימל. אָבער מיר איז געווען נאָך אַ סך בעסער איידער אים אפילו. איך בין ממש זאַט געווען פון גליק און צו מיין הנאה פון יענעם יום־טובים איז גאָר קיין שיעור און קיין סוף ניט געווען! איך האָב דעמאָלט אינגאַנצן פארגעסן אָן דעם חדר מיט דעם רבי'ן עס זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן די קלעפּ, פּעטש און קולאַקעס און גאָר אויפ'ן זינען ניט ארויף די גמרא מיט דעם קאָפּ־ברעכערשן „מגוי", דעם „בשלמא", „מה מצינו", אָדער דעם „ואם תמצא לאמר"; האָב קיין טראַכט ניט געטאָן ניט פון דעם ביטערן „עבר" און ניט פון דעם נאָך מער פינסטערן „להבא". בין געווען פארטאָן, אינגאַנצן פארטאָן, מיט אַלע אברים און חושים פארטאָן אין דעם זיסן, ליבן יום־טוב און האָב געפּרעגלט זיך פון גדולה...

אי, אַן עבירה, וואָס יענע טעג זיינען שוין אזוי לאַנג, לאַנג פארביי!...

טז.

# אוים יום טוב

אוועק איז דער ליבער זומער, אוים סוף הזמן און די טייערינקע יום־טובים זיינען שוין אויך פארביי! דער „לעצטער שטרויעלע", דער „שבת בראשית", איז שוין אויך אריבער... די מאמע האט שוין אפגעזאגט „גאט פון אברהם" און „דער ליבער שבת קודש גייט אהין" און דער טאטע איז געקומען מיט „א גוט וואך!"... די ארימע, אומעטיקע „הבדלה" האט אנגעטראגן א מרה־שחורה — אי, וואס פאר א ביטערע מרה־שחורה! דער מלאך, דער גזלן שרייט און רופט שוין: „שובו רשעים לשאולה!" און פאר אונז בלודנע, ארימע חדר־אינגלאך, עפנט זיך שוין דער גיהינום. דאס הארץ ציטערט, קלאפט ווי מיט א האמער; עס נאגט און ציט אינווע־ניק, ציט ווי עס רייסט א באק־צאן!... עס ווילט זיך מיר וויינען, גוט־גוט אויסוויינען זיך, אויסגיסן דאס הארץ, באקלאגן זיך אויף מיין ביטערן גורל... אבער פאר וועמען? קען איך דען דעם טאטן דערציילן מיין ביטער הארץ, זאגן אים, אז דער חדר איז מיר ערגער ווי ווערים־קרויט, אז ער שטייט מיר ווי א ביין אין האלז און איז מיאוס ומאוס?... אדער זאל איך ארויספאלן מיין גוטער מאמען אויפ'ן האלז און בעטן זי, זי זאל מיך מציל זיין פון חדר, וואוהין איך וויל ניט גיין, אזוי ווי מען וויל ניט שטארבן? — איך וועל זיך דאך נאר מיאוס מאכן, פארלירן דעם גאנצן חן, וועל פאררעכנט ווערן פאר א לאבוס, א באד־יונג, א באכמאט, וואס וויל אין חדר ניט גיין און העלפן וועט דאך דאס מיר סיי ווי ניט. אי, עס איז שלעכט, עס איז ביטער. מאין יבוא עזרי?!

איבער'ן שטוב האָט זיך ווי אַ כמאַרע פאַרצויגן; אַ שווערע, פינסטערע כמאַרע! דער מאַמע'ס פּנים, וועלכער האָט זיך איבער די יום־טובים אויסגעגלייכט, האָט זיך איצטער ווידער פאַרקרימט, צוקאַרטשעט געוואָרן און אַלט. זי זיצט און שאָקלט מיט דעם קאָפּ און זאָגט איר פּזמון, די אַלטע טענות אירע:

— אין קראָם איז ניטאָ קיין קאָפּ סחורה, חובות איבער'ן קאָפּ, וואָס ענטפערט מען, וואָס זאָגט מען יענעם? — אַ מרדכי־לייבן, אַ נאַשע מוניעס, אָדער דער אָרימער, וויסטער אַלמנה, ביילקע דער חלפ'נערין? אַריינפּאַלן אין איר מויל — אַי, בעסער ניט צו דערלעבן! אַזוי פיל זיך אויסגעבראַכט אויף די יום־טובים. עפּעס אַ קליינינקייט, ווי אויסגעבראַכט זיך! וואָס פאַר אַ גוטס קען אַרויסקומען, אַז אַ אידענע דאַרף זיין דער מפרנס? אַ שטוב, קיין עין־הרע, מען דאַרף און מען דאַרף: אַ שוך, אַ קלייד, שכר־למוד, דירה־געלט, און גאָרניט! אַ מאַנסביל זאָל דאָס אָרן פון דאַנען אַהער, — גאָר ניט זיין זאַך! אַי, אַ מערכה האָב איך! בעסער אויסגערונען און אויסגעשוואומען זאָל מען ווערן, איידער האָבן אַזאַ מערכה!

דער טאַטע לויפט אַרום איבער'ן שטוב הין און צוריק אַ צו־רייצטער און וואַרפט אונטער, פון צייט צו צייט, אַ וואָרט, מאַכט אַ ניט אַנגענעמע תנועה, ברומט און הומקעט:

— אַהאַ, די אשת־חיל מיינע האָט זיך שוין פאַנאַנדערגע־שאָקלט. אירע פּרנסות!... אַז דאָס הערט ניט און פאָלגט ניט דעם מאַן; וואָס איר מאַן, ווען איר מאַן — אַלץ ווייסט דאָס בעסער, קען בעסער, באַנעמט מיט איר קעצישער קאָפּ בעסער — און זי רעדט נאָך! זי איז נאָך גערעכט! הם, הם, עפּעס אַן אַנשיקעניש רחמנא ליצלן!...

מיר זיינען זייערע רייד אין דעם לינקן אויער ניט אַריין. די זייטיקע רייד, וואָס זיינען מיר אַ ברעקל ניט נוגע געווען, האָבן מיך נאָר צורייצט און ווי מיט שפּיזלאַך געשטאָכן. זייער גלייכגיל־טיקייט צו מיר און צו דאָס, וואָס מיר שטייט פאַר מאָרגן און דאָס, וואָס זיי פאַרנעמען זיך גאָר מיט עפּעס פּוסטע זאַכן, האָט מיך טיף

געקרענקט. מיר איז געוואָרן ענג, האָב קיין אָרט ניט געפונען און בין אַנטלאָפן צו זיך אויפ'ן געלעגער.

איך דריי זיך פון איין זייט אויף דעם אַנדערן, איך קלער, טראַכט און זוך עצות און תחבולות: גוואַלד, ווי ווערט מען פּטור פון חדר? ניט חלילה אויף שטענדיק — דאָס איז מיר אויפ'ן זינען גאָרניט אַרויף, — נאָר ווי שטופּט אָפּ מען אָפּ די צרה כאָטש אויף נאָך אַ ווײַלע, ווי ווערט מען אַנטרונען פון דעם אומגליק כאָטש מאָרגן, כאָטש נאָך איין טאָג זיין פריי, איין איינציקן טאָג?

לאַנג, לאַנג האָב איך זיך אַזוי אַרומגעדרייט. מיין גאַנצער פּנים האָט געפלאַמט ווי פייער, דער קאָפּ האָט מיר ווייגעטאָן און איך בין געווען שטאַרק אין כעס אויף גאָר דער וועלט. אַלעמען, אַלעמען האָב איך דעמאָלט פיינט געהאַט, אפילו דעם טאַטן און מאַמען פיינט געהאַט.

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. די מאַמע איז מיד געוואָרן שאָקלענדיק זיך. „און וואָס איז די פּעולה פון די רייד?“ האָט זיך געלייגט שלאָפן. די איבעריקע הויז־געזינד האָט שוין לאַנג געשלאָפן. געבליבן איז נאָר דער טאַטע, זיצנדיק איבער אַ ספר, אין וועלכן ער האָט געפונען אַ טרייסט און אַ מקום מקלט אין אַלע צייטן.

דערהערנדיק, מסתמא, אַז איך שלאָף נאָך ניט, פרעגט ער מיך מיט אַ באַזאָרגטן קול:

— וואָס איז די מעשה, ישראל'יק, פאַרוואָס שלאָפסטו עפּעס נים? — און ניט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער איז ער ווייטער מאַריך: — ביסטו אפשר ניט איינגאַנצן, חלילה? אודאי אַן איי־בעריקן בימן געכאַפּט, וואָס? — און גייט שוין צו מיר צו און טאַפּט מיר דעם קאָפּ: — הם, הם, גאַנץ וואַרים, — טענה'ט ער צו זיך אַליין. — הער נאָר, — ווענדט ער זיך צו מיר, — אויב מאָרגן פרי וועט דיר דער קאָפּ נאָך אַלץ ווי טאָן, זאָלסטו זיך ניט דערוועגן גיין אין חדר... שלאָף אַזוי שפּעט ווי דו ווילסט. נישקשה, אויף מיינע אחריות!...

ניט איין מאָל פריער שוין האָב איך נאָט געבעטן, אַז איך זאָל

קראַנק ווערן און פטור ווערן פון חדר אויף א ווײַלע. איך האָב אויך פּרובירט, פון מײַן צד, אונטערהעלפן דעם רבונו של עולם און בין אין א ברענענדיקן פראָסט מוטער־נאַקעט אין דרויסן גע־לאָפן, כדי צו פאַרקילן זיך; איך האָב עטלאַכע מאָל געפּרואווט איבערעסן זיך; איך האָב ביז בלוט דעם נאָז געקאַלופּעט. אָבער אומזיסט! גאָט איז א צו להכעיס'ניק. אָט דווקא די, וועלכע ווילן געזונט זײַן, מאַכט ער קראַנק. און ניט מײַנע תפילות און ניט מײַנע מיטלען האָבן מיר אפילו א האָר געהאָלפן — איך בין געזונט געווען ווי א שטיין און אין חדר געמוזט גיין. און איצט קומט דער טאַטע אליין און פירט מיך אַרויף אויף גאָר א נײַעם פּלאַן — מאַכן זיך קראַנק! אי, וואָס פאַר א גוטער פּלאַן; אי, וואָס פאַר א טײַערן טאַטן איך האָב! ווי ליב איך האָב אים איצט, וואָס פאַר א חכם ער איז, מײַן מלאך מושיע!...

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און אינגאַנצן ווערנדיק באַרו־איקט, בין איך, פאַרשטייט זיך, געשמאַק אַנשלאָפן געוואָרן.

אז איך בין אויפגעשטאַנען א ביסל שפּעטער איידער אַלע טאָג, איז דער טאַטע שוין לאַנג געווען אַוועק אין שול און האָט אָנגעזאָגט דער שוועסטער, אַז אויב איך וועל זײַן ניט מיט אַלעמען, זאָל איך למען השם ניט גיין אין חדר און אויך קיין אָנבײַסן ניט עסן... די לעצטע העלפט פון דער בשורה איז געווען גאָר אומ־דערוואַרטעט — אויף אַזא מפלה האָב איך זיך בשום אופן ניט גערעכנט, און האָב אַליין ניט געוואוסט, וואָס איך זאָל טאָן? איך האָב זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה. די גרויסע נעבעכטיקע שנאה צום חדר האָט איצט עפּעס פאַרלאָרן איר גאַנצע שאַרפקייט, דער חדר האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט מער אַזוי שוואַרץ און שלעכט, אַגב איז אין דרויסן געגאַנגען אַן אומעטיקער, פאַמעלאַכדיקער רעגנדל, וואָס האָט געמאַכט אוממעגלאַך צו שפּילן זיך און אַרומ־לויפן, און אַז איך בין געוואָרן גוט הונגעריק, האָט דער יצר הרע און אַפּעטיט צום עסן גובר געווען...

א חבר פון חדר, אַ שליח מיוחד פון דעם רבי, איז געקומען

געוואָר וערן, פאַרוואָס איך בין אין חדר ניט געקומען. און ניט לאַנג טראַכטנדיק בין איך מיט אים אוועק אין חדר.

ביידע, אי דער טאַטע, אי דער רבי, האָבן זיך גאָר ניט גע־קענט אָפּ׳חידוש׳ן פון מיין גרויסן חשק צום לערנען. האָבן מיך שטאַרק געלויבט דערפאַר. „אפילו קראַנקע־הייט איז ער אין חדר געלאָפן", — האָבן זיי איבערגערעדט. זיי האָבן מיך אַרויסגע־שטעלט ווי אַ מוסטער פאַר די אַנדערע חדר־אינגלאַך, זיי זאָלן זיך אָפּלערנען אַ מוסר פון מיר. מיין טאַטע איז געווען גאָר גע־הויבן ביי זיך מיט זיין וואויל אינגל. און דער רבי האָט אויך דאָס פאַררעכנט אויף מיין חשבון צו גוטן און עס איז געווען ביי אים זייער אָנגעלייגט.

יז.

## ווינטער אין חדר

ווי שווער דער חדר איז ניט געווען ווינטער, איז בייטאָג נאָך אָבער געווען אַ האַלבע צרה — מען איז פּאַרט אַרויסגעלאָפן אין דרויסן! דאָס איז מען געלאָפן צו כיענע דער בלינצע בעקערין נאָך הייסע בלינעס, דאָס איז מען געלאָפן אין קרעמל נאָך פּוטער, קעז, אָדער צום טישל אויפ׳ן ראָג נאָך אַן עפּל; הכלל, מען איז געלאָפן געגנוג אויף אָפּצופרישן זיך און איבערצוצורייסן די לאַנג־ווייליקייט. ווער שמועסט בין מנחה למעריב — איז גאָר געווען חי געלעבט! דער רבי האָט קוים אַריבערגעטראָטן דעם שוועל — גיין אין שול צו מנחה און מעריב — האָבן מיר זיך מיט אַן אימפּעט אַ לאָז געטאָן אַלע צום גליטש. אינאיינעם מיט אַנדערע אינגלאַך פון די דערבייאיקע חדרים האָבן מיר אויסגעטאָקט און אויסגע־שאַרפט אַ גליטש, אַז דער קיסר האָט אונז געקענט מקנא זיין. מיר האָבן זיך געגליטשט אַ „קאָזאַצקע״, געלאָזן זיך אויף איין פוס, געגאַנגען אויף אים „שמונה־עשרה״ (מיטביידע פיס אינאיינעם) און האָבן געוויזן אַלערליי קונצן און בריה׳שקייט. מיר האָבן זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאָד אויף דעם גליטש און אַ גאַנצע כאָפּטע *) געלאָפן „בעגאָם־מאַרש״...

און טאָמער איז אימיצער געפאַלן און האָט צובראָכן רוק און לענד, אַבי עס זיינען קיין סימנים ניט געווען און ניט אַרויסגערופן ביים רבי׳ן אַ חשד, איז גאָר קיין מאַליער ניט געווען. מיר האָבן

*) קאָמפּאַניע.

די יסורים מקבל באהבה געווען און קיינמאָל זיך ניט באַקלאָגט. איינמאָל איז טאַקע פּיישע מאשע פאַלטעס געפאַלן און האָט אַזוי צוקלאַפּט די פּאַטילנעצע, אַז ער האָט זיך ניט געקענט אויפהויבן. מיר האָבן אים אַ גע׳חלש׳טן אַוועקגעטראָגן אַהיים. ער איז אָפּ־געלעגן צווישן לעבן און טויט אַ גאַנצן חודש, אָבער אַזוי ווי, אויף אונזער גליק, האָט אים אָפּגענומען דאָס לשון, האָט קיינער ניט געוואוסט פון דער סיבה און די גאַנצע זאַך איז אונז אָפּגעלאָפן גלאַט.

דעם שניי האָבן מיר אויך ניט פאַרקוקט — מען האָט געמאַכט מענטשעלאַך אין און פון דעם שניי; מיר האָבן געבויט גאַנצע טורעמס, פּאַלאַצן מיט טרעפּ און מיט אַ יון מיט אַ ביקס ביי דער טיר; אינוועניק האָבן מיר אַריינגעשטעלט אַן אָנגעצונדענע ליכט און גערופן דאָס „דער נר תמיד״.

מיר פלעגן אויך לקח׳ענען ערגעץ אַ שליטל און שליטלען זיך ביז די כחות האָבן געטראָגן. איינמאָל אַפילו האָט דער קרעמער, דער נגזל, דעם רבי׳ן גע׳מסר׳ט. עס האָט געהאַלטן גאַנץ שמאָל, עס האָט געשוועבט די סכנה, אַז מען זאָל אונז אַלעמען שמייסן... האָט אָבער אונז אונזער אַחדות מציל געווען. מיר האָבן אַלע אין איין קול געלייקנט שטיין און ביין און געשריען: „זנאַט ניע זנאַיו״. עס מוז זיין אַ טעות, מיר זיינען דאָרטן גאָר נאָענט ניט געווען. געזאָגט האָבן מיר דאָס מיט דער חוצפּה פון יאוש און אַריינגעוואָרפן דעם רבי׳ן אין אַ ספק. ער האָט אָנגעהויבן ביי דעם קרעמער חוקר ודורש זיין, אויב ער איז זיכער, בלתי ספק, אַז דאָס זיינען געווען מיר און ניט אינגלאַך פון אַן אַנדער חדר? וועט ער געבן זיין „הן״ דערויף? איז ער ניט מוציא אַ שם־רע אויף גמרא־אינגלאַך? יענער האָט עפּעס געשטאַמלט ניט זיכער און הינטערוויל אַרויסגערוקט זיך פון חדר. מיר זיינען אָפּגעקומען נאָר מיט דער שרעק און פּטור.

מיר פלעגן אַריינלויפן צוריק אין שטוב צופראָרענע, צוקאַ־לעיעטע, מיט צושפּאָלטענע הענט, מיט אָנגעריבענע נעזלאַך, אַ פּאָר מינוט איידער דער רבי איז פון שול געקומען. מיר פלעגן

זיך אויף גיך אַלע צוזעצן אויף דער ליעזשאַנקע, מעשה „סטאַ־טעטשנע"*) אינגלאַך, דערציילן מעשות, ווער עס האָט נאָך גע־כאַפּט א ביסן אין מויל פון דעם פאָר־מיטאָג, געווישט זיך דעם שוויים פון פּנים מיט דער פאָלע און געוואַרט אויף דעם רבי'ן. איין גאָט ווייס, מיט וואָס פאַר א געמיט מיר האָבן אויף אים געוואַרט.

דאַוונען מנחה, מעריב, איז קיינעם אונז קיינמאָל אפילו אויפ'ן זינען ניט אַרויף. ביי זיך אין הארצן זיינען מיר געווען לגמרי פּטור פון אַזעלכע זאכן. די תורה איז אונז שוין אַזוי גע־קראָכן פון האַלז, אַז ביי אונז איז געווען א קרן א ברכה ניט מאַכן, „אשר יצר" ניט זאָגן, ריזיקירנדיק אפילו כאַפּן פּעטש, אויב דער רבי זאָל דאָס באַמערקן. טאָמער איז על פּי הכרח אמאָל אויס־געקומען שוין דאַוונען, פלעגט מען איבערהיפּן גאַנצע שטיקער, מפסיק זיין גראַד וואו מען טאָר ניט און גרויס האַלטן זיך דערמיט.

אָבער ניט תמיד איז דער אריינלויפן אין שטוב אָפּגעגאַנגען גלאַט. עס פלעגט פּאַסירן, אַז פון גרויס איילעניש פלעגט אימע־צער, אין דער פינסטער, פאַרטשעפּן דעם עמער וואַסער און אַראָפּ־וואַרפן, אָדער גאָר די פּאָמאַיניצע איבערקערן — קיין בעסערן גאָט האָבן מיר שוין ניט געדאַרפט. א חורבן, די גאַנצע תוכחה האָט זיך דעמאָלט אויף אונז אויסגעגאָסן!

דער רבי, אריינטאָפּטשענדיק אין דער פינסטער אין דער לוזשע וואַסער, איז געוואָרן מלא חימה. אָנצינדנדיק די ליכט, וועלכע איטלאַכער אינגל האָט וואָכנווייז געדאַרפט צושטעלן, האָט ער אָנגעהויבן דעם אַלט־באַקאַנטן מזמור:

— אהא, די באַנדע שקצים האָבן שוין דאָ די וועלט איבער־געקערט! וואַרט נאָר, וואַרט, באָר־יונגען, איך וועל אייך שוין איבערקערן... מען טאָר דאָך אויף איין מינוט זיי ניט איבערלאָזן, די בנים משחיתים! די קעפּ דרייען זיי אראָפּ, קיין אָקטשע**) איז ניט צו קליין פאַר אַזעלכע באַנדיטן!...

---

*) סאָליד, אָנשטענדיק.

**) אָקט, ווילדער אויפטו.

די באַלאַבאָסטע, וועלכע איז אויך ערשט גראד אָנגעקומען פון קראָם וועטשערע קאָכן און האָט קיין זאך אויפ'ן אָרט ניט געפונען, האָטשקעט נאָך אונטער דעם רבי און גיסט אויל אויפ'ן פייער:

— וואָס דען, גוטס וועט ארויסקומען פון אזעלכע היידאַמאַ־קעס? זיי האָבן עפּעס זאָרג, דאגות, וואָס? אָט, בויאַנעווען, אויף די ווענט קריכן! קינדער זיינען דאָס? שדים זיינען זיי דאָך, דער ניט־גוטער זאָל זיי נעמען! חזירים צולאָזענע, באַכמאַ־טעס, די הויט האָט מען זיי געדארפט אראָפּשינדן! — אזוי לאָזט אוים די באַלאבאָסטע אויף אַ הויכער אָקטאַווע און ווינקט בשעת מעשה מיט איין אויג צום רבי'ן.

ס'הויבן זיך אָן „דאָפּראָסן", ווער האָט דאָס געטאָן?

אָפּלייקענען איז דאָך ניט שייך. די לוזשעס וואסער פון בריק טייטלען אויף אונז און זאָגן עדות אויף דעם פארברעכן. און דער רבי טענה'ט טאקע: אליין איז דאָך דער עמער ניט אראָפּגע־שפּרונגען, הא? וואָס שטומט איר, וואָס? זע נאָר, זע, קענען נעבאך קיין צוויי ניט ציילן. איך וועל אייך באלד עפענען די מיילער, נישקשה, איר וועט שוין ביי מיר ריידן, און נאָך ווי!

און עס ווערט א געשריי, א ליארם: איין אינגל שרייט איבער דעם אנדערן, דער שווערט מיט זיין אידישקייט, אז עס איז ניט ער, אָן אנדערער כאַפּט א ציצה און שווערט, אז ער ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן, א דריטער זאָגט, אז ער וואָלט אודאי אויס־געזאָגט דעם רבי'ן, אָבער אין דער פינסטער האָט ער ניט געזען, ווער דאָס האָט געטאָן.

דער סוף אָבער איז געוויינלאך געווען א סך א בעסערער, ווי מיר האָבן זיך געריכט. אָדער דער רבי קומט אָפּ מיט דעם מוסר־זאָגן און מיט דעם שרעק, אָדער ער פאטשט אָן, ס'רוב דווקא דעם שטילערן אינגל, און זאָגט:

— איך וועל זיך מיט אייך שוין אָפּרעכענען. „ביום פּקדי פּקדתי".

## יח.

# אין חדר ביינאכט

די ערגסטע צייט אין חדר איז — די ווינטערדיקע נעכט. פון אן ערך א זייגער פינף אין אָוונט ביז ארום האלב צען האָבן מיר זאלבאזעקסט — א חוץ דעם רבי'ן און דער באלאבאָסטע, וועלכע האָט געצירעוועט א זאָק, געדארפט זיצן צונויפגערוקט ארום דעם איין ליכטל און אָן אָן איבערריים לערנען און לערנען... אך, ווי שווער און ביטער, ווי משונה'דיק לאנג די אָוונטן האָבן זיך געצויגן! די ערשטע שעה, די אנדערע האָט זיך געלערנט נאָך גאָר נישקשה. דער בין השמשות'דיקער שפּילן אין דרויסן האָט משמעות אונז אָפּגעפרישט און גוט געווירקט אויף אונז, אָבער דערנאָך זיינען מיר געוואָרן מיד און פארמאטערט. דער קאָפּ איז געווען דול, די גלידער פארגליווערט, אלע וויילע געגענעצט און דער לערנען איז אין קאָפּ ניט געקראָכן. עס האָט ניט געהאָלפן דעם רבינ'ס געשריי און בייזערן זיך, עס האָבן אויך ניט געהאָלפן די כפול שמונה'דיקע פּעטש, קולאקעס און דער דרייען פאר די אויערן. דער לערנען האָט זיך ניט געקלעפּט. פארקערט, וואָס מער דער רבי האָט געשלאָגן, אלץ ווייניקער האָט מען זיך ארייננגעלייגט. די אויגן, וועלכע האָבן זיך נאָך פריער געקלעפּט, זיינען איצט פארלאָפן געוואָרן מיט טרערן און מען האָט שוין פארלאָרן אפילו וואו מען האלט — א חטא, פאר וועלכן דער רבי זבולון פלעגט ווערן מורא'דיק אויפּגעבראכט. ער האָט פאר כעס אזש מיט די ציין געקריצט, געקניפּן די באקן, געריסן און געביסן...

אָבער קיין סגולה צו דערוועקן ביי אונז מער חשק צו דער

גמרא איז דאָס ניט געווען. מיר האָבן געלערנט — אודאי האָבן מיר געלערנט, מיר האָבן דען אַן אַנדער ברירה געהאַט? — אָבער דער לערנען איז געווען אָן אַ טעם און אָן אַ ריח. אָט, ווי אַ בהמה קייט קלייען... עס פאַלט מער אויף די זייטן, איידער עס קומט אָן איר אין מויל אַריין. ניין, די לעצטע פּאָר שעה לערנען איז געווען נאָר אַן אָפּקומעניש!

אָבער ווי שלעכט און ביטער עס איז ניט געווען די גאַנצע וואָך, איז דאָס לגבי דאָנערשטאָג געווען נאָר אַ פאַרשפּיל. אינ־מיטן וואָך פלעגט נאָך פּאַסירן, אַז אַמאָל איז דער רבי געווען בעסער אויפגעלייגט, אַמאָל האָבן מיר זיך אָנגעטאָן אַ כח און „אַריינגעלייגט זיך" און אַמאָל פלעגט געשען אַ נס מן השמים און ר' אברהם, דער באַלאַבאָס פון חדר, פלעגט זיך אַריינמישן — צי גופא אין דעם ענין, וואָס מען האָט געלערנט, צי גאָר וועגן אַ זייטיקער זאַך, כאַפּן אַ שמועס מיט דעם רבי'ן אין הלכות פּאָלי־טיקע, למשל, אָבער די איין־טאָניקייט, די לאַנגווייליקייט איז געווען איבערגעריסן און מיר האָבן זיך גאָר מחיה געווען. מיר פלעגן שטענדיק גאָט בעטן, אַז ר' אברהם זאָל זיך אַריינמישן. מיר האָבן געוואַרט אויף דעם, ווי אויף משיח'ן און האָבן ר' אברהמ'ען מיט זיין ציגן־בערדל האַלט געקראַגן, אַ גרויל ווי האָלד! אינמיטן דער וואָך האָבן מיר געהאַט כאָטש האָפנונגען, אַלע ווײַלע געוואַרט אויף אַ דערלייזונג — אָט־אָט וועט ר' אברהם עפּעס פאַרבינדן מיט דעם רבי'ן אַ שמועס, אָבער ניט דאָנערשטאָג. דאָנערשטאָג איז געווען כלו כל הקצים! אי, דער דאָנערשטאָג, דער דאָנערשטאָג, — דאָס איז געווען אונזער יום הדין, ערגער ווי צו אַן אָפּעראַציע גיין! מיר האָבן געדאַרפט דאָנערשטאָג אָפּגעבן דין וחשבון פון אַלע למודים פאַר דער גאַנצער וואָך. און ניט עפּעס אַבי ווי זאָגן, נאָר גוט און קלאָר; ווי אַ וואַסער האָבן אַלע שיעורים געמוזט פליסן און רינען, גיך און גרינג, ניט „ספּאָטיקן" זיך און ניט פאַרזאַאיקן זיך, חלילה. מען האָט געמוזט לערנען הויך, אויפ'ן קול, מיט חשק און ברען שאָקלען זיך איבער דער גמרא. דאָנערש־טאָג האָט דער רבי פון חדר ניט אַרויסגעלאָזן. און אַ חוץ דעם

איז סיי ווי ניט געווען וואוהין צו גיין. כיענע די בלינצע־בעקערין האָט דאָנערשטאָג נאָך האַלבן טאָג פאַרנומען זיך מיט חלות באַקן; אין די קרעמלאַך האָט מען זיך אויך אויף אונז ניט אומגעקוקט, צוליב די ווייבער, וואָס האָבן איינגעקויפט אויף שבת. אין דרויסן איז געווען קאַלט, פינסטער און ניטאָ קיינער. איז געווען לית ברירה — זיצן אין חדר, הינען דאָרטן און קוקן כסדר אויף די ווייזערס פון זייגער, וועלכע האָבן געמאַכט יד אחת מיט׳ן רבי׳ן און גע־קראָכן אויף צו להכעיס פּאַמעלאַכקע. קוים־קוים פון אָרט גערירט זיך.

דאָנערשטאָג אויף דער נאַכט האָט דער רבי קיין ברעקל איינ־זען ניט געהאַט מיט אונז, האָט די קלענסטע קלייניקייט ניט מוחל געווען, פון קיין ברעקל רחמנות ניט געוואוסט. ווי אַ קאַלטער גזלן איז ער געשטאַנען איבער אונז מיט דעם פּאַס אין האַנט און האָט אים מיט כונה און לשמה, אַז עס זאָל גוט ווי טאָן, אַראָפּגעלאָזן אויף אונזערע פּלייצעס, גאַנץ אָפּט און ניט געזשאַלעוועט. מיר זיינען געזעסן אין געהאַקטע וואונדן, אָן אַ ברעקל האָפנונג, פול מיט יאוש און צער און געווען מוכן ומזומן מקבל זיין דעם רבי׳ס שטראָף און פורעניות ביז צום סאַמע סוף...

נאָר איינמאָל, געדענק איך, האָט גאָט אַליין אויף אונז רחמנות געהאַט: אין רעכטן מיטן פון אַ הארבן תוספות, וועלכן איך און מיין חבר יודל האָבן זיך געקוועטשט גלאַט מאַכן פאַר דעם רבי׳ן און פאַר וועלכן מיר האָבן שוין אַ גוטע „פּאָרציע" באַקומען אַן אויפגאָב און אַ צוזאָג פון דעם רבי׳ן אויף מער נאָך שפּעטער, — פּונקט ווען דער רבי האָט „אויסגעטאַראַשטשעט"*) אויף אונז זיינע גזלנ׳ישע אויגן און אויפגעהויבן מיט אימפּעט דעם פּאַס, האָט זיך געעפנט די טיר און ר׳ אברהם איז אַריינגעלאָפן, ניט קענענדיק כאַפּן דעם אָטעם, האָט מיט ביידע הענט אַ מאַך געטאָן און געזאָגט מיט אַ ציטערדיקן קול:

*) אויסגעשטעלט, ברייט פאַנאַנדערגעעפנט.

— שאַ, שטיל, שרעקט זיך ניט, עס „נעצט”... אין שטאָט „נעצט”...

— עס ברענט, עס ברענט, אַ שריפה... — האָט זיך גיך גע־מראָגן פון מויל צו מויל און תוך כדי דבור זיינען אַלע געשפרונגען, געלאָפן איינער איבער דעם אַנדערן. וואָס מיר רבי, ווען מיר גמרות — אַלע זיינען צולאָפן.

יט.

# שריפות

שריפות זיינען ביי אונז ניט געווען קיין „נאָווינע". אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג פלעגן זיי זיך מאַכן, אָבער דאָס רוב, ווי אונז אויף להכעיס, פלעגן זיי זיך דוקא מאַכן זומער, און דוקא גראד אין מיטן נאַכט, ווען עס האָט זיך אַזוי געשמאַק געשלאָפן און דער רבי מיט דעם חדר האָבן זיך גאָרניט געחלום'ט אפילו. עס איז גאָר קיין נפקא מינה ניט, וואו די שריפה איז געווען, עס האָט גע־מעגט זיין אין דער אַנדער עק שטאָט, האָט מען די ערשטע זאַך אויפגעוועקט די קינדער, אָנגעטאָן זיי און ניכער געפּאַקט די בעבעכעס... די קינדער וויינען, די פּנים'ער בלייכע, עס פאַלט פון די הענט, מען איילט זיך, מען ברעכט און שטעכט די ביסל אָרעמ־קייט און מען טוט זיך אַליין אָן מעהר היזק ווי די גאַנצע שריפה. עס האָט ביי אונז געטראָפן, אַז ערגעץ וואו האָט אַ שטאָל אָפּגע־ברענט און באַלעבאַטים האָבן גוטע כלים צובראָכן, דעם גאַנצן מעבל חרוב געמאַכט און אַ סך האָב און גוטס פאַרלאָרן. אונזער עולם איז געווען זייער אָנגעשראָקן. די שריפות זיינען געווען ביי אונז אַ מין מגפה. אַ שטאָט פון הילצערנע הייזער — מויערן האָט מען צוליב דעם קרעפּאָסט *) ניט דערלויבט, און אַז עס פלעגט זיך אָנצינדן איין הויז, פלעגן זיך גלייך אָנכאַפּן אַנדערע, בפרט זימער, ווען די דעכער זיינען געווען טרוקן ווי ביין. און פלעגט זיך נאָך מאַכן אַ ווינט דערצו, איז טאַקע געווען סכנות נפשות. קוואַרטאַלן

*) פעסטונג.

נאָך קוואַרטאַלן פלעגן אויפפלאַקערן; דער מאַרק, די שולן, אַ האַלבע שטאָט פלעגט אין אַ שעה, צוויי אַוועקגיין מיט׳ן פייער. מיר האָבן אפילו געהאַט אַ „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע"*), אָבער זי איז באַשטאַנען פון זעקס אַלטע קליאַטשעס, איינגעשפּאַנט אין זעקס וועגעלאַך; אויף איטלאַכן איז געשטאַנען אַ צוטרינקנטע פעסל, און די אויסגעדינטע „דעסיאַטניקעס"**), איינגעהויקערטע פון עלטער אין דינסט, האָבן געדאַרפט דאָס פליען ביי אַן ערך אַ צוויי וויאָרסט צו דער „באַברויקע" נאָך וואַסער; האָט דערווייל די גאַנצע שטאָט געקענט אָפּברענען. ניט זעלטן האָט פּאַסירט, אַז די וואַסער איז אויסגערונען פון פעסל איידער ס׳איז געבראַכט געוואָרן צו דער שריפה. די קליאַטשעס האָבן אפילו גענוג שמיץ געקראָגן, אָבער זיי האָבן זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק און קוים גערירט זיך. דער דעסיאַטניק אויף דער קעלנע האָט זיך שטאַרק געהאָטשקעט, געשריען: „וויו, וויו", די דיישקע וואַסער האָט זיך געטרייסלט און געפּליוכעט***) אויף אַלע זייטן, אָבער דעם פייער האָט דאָס ניט געלאָשן. און אַ שטאָט מיט אידן זיינען געוואָרן נשרפים...

דער געשריי און דער געוויין פון די קינדערלאַך, דער יאָמער און קלאָג פון די ווייבער און דער אָכצן און קרעכצן פון די מאַנסביל האָבן זיך אויסגעמישט אין דער לופט מיט דעם קנאַקן פון דעם פייער, מיט די טראַסקעס פון די אַראָפּגעפאַלענע באַלקנס און מיט דעם פּלאַצן פון גלעזערנע און פאַרצעלייענע כלים. די פייער־צונגען און דער געדיכטער רויך האָבן ווי ווילדע חיות פאַנדערגע־בושעוועט זיך און אויף טויט געשראָקן די אַרומיקע. די טאַטעס זיינען אַרומגעלאָפן ווי פאַר׳סמ׳טע, די מאַמעס האָבן געהאַלטן די קינדערלאַך אויף די הענט, ביים פאַרטוך, און געריסן זיך די האָר פון קאָפּ... איינער לויפט אַרום אין דער רעכטער "סומאַטאָכע"‡)

*) אַ פייער־רעטונגס קאָמפּאַניע.

**) אַ מין פּאָליציאַנט.

***) שטאַרק געגאָסן.

‡) טומל, פאַרווירונג.

און פרעגט ביי איטלאַכן, וואָס פאַר אַ דאַטע איז היינט? און אַז ער ווערט געוואָר, פאַלט ער אין חלשות — גראַד נעכטן איז אויס־געגאַנגען זיין „סטראַכאַווקע"*) אויףביידע הייזער מיט דער קראָם, מיט דעם מעבל, האַק און פאַק — און איז געבליבן אַן אביון.

אויף מאָרגן — די איבערגעבליבענע קוימענס האָבן, ווי מצבות, עדות געזאָגט: פה נקבר — איז מען געקומען זוכן, ראָיען**) אין די חורבות, טאָמער איז עפּעס גאַנץ פאַרבליבן, און די ווייבער האָבן אַזוי ביטער געוויינט, ווי אויף קבר אָבות. עס פלעגט זיך באַלד דערפילן אַ גרויסער דוחק אין שפּייז, אָבער אַ דעפּעשע קיין מינסק פלעגט באַלד ברענגען הילף.

וואָכן לאַנג און אָפטמאָל חדשים, פלעגן אידן באַלעבאַטים וואַלגערן זיך אויפ'ן פּאָליעגאָן"***), עסן טרוקנס, שלאָפן אויף די פּעק בעט־געוואַנט, וואָס מען האָט אַרויסגעכאַפּט, און ניט אויס־טאָן זיך אָדער אַ העמד איבערבייטן.

שבת האָט מען אויף דעם פּאָליעגאָן געדאַווענט בצבור, כדת וכדין, מיט אַלע קליפּערלאַך. טשאָלנט האָבן געקאָכט און געבראַכט די גליקלאַכערע, וועלכע זיינען ניצול געוואָרן. זיי האָבן אָנגעגרייט געננוג פאַר אַלעמען. איינמאָל האָט געטראָפן אַ נייער אומגליק... דער עירוב האָט זיך גראָד שבת איבערגעריסן און די ווייבער, בחורים און מיידלאַך, וועלכע האָבן געטראָגן די טעפּ געקעכץ צו די נשרפים, זיינען געבליבן שטיין אויף איין אָרט — ניט אַהער און ניט אַהין. האָט אָבער אונזער קלוגער רב תיכף ומיד מתיר געמאַכט צו טראָגן דעם עסן צו די הונגעריקע און פאַרשפּאָרט אַ שבת'דיקן תענית.

ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז קומט דער עולם צו זיך. ווער פריער, ווער שפּעטער — און עס הויבט זיך אָן בויען אַ נייע שטאָט. די אָרימע שטעלן אויף שאַלאַשן, אַ קלייטל, אַ קרעמל און אַ „כאַ־

---

*) פאַרזיכערונג.

**) גראָבן זיך.

***) אַ גרויס ליידיק פּלאַץ, וואו מען פלעגט מושטירן סאָלדאַטן.

לופּקע". די רייכערע בויען אוים נאָך שענערע הייזער ווי די פריערדיקע. און דער לעבן גייט אוועק אויף דעם אַלטן שטייגער. מען הויבט אָן דעם אָטעם אָפּכאַפּן, צוריק זיך איינשטעלן — אָבער אהאַ, אַ נייע שריפה... ווידער געוויין, צרות, יאָמער און טרויער...

יאָרן און יאָרן איז דאָס אזוי געגאַנגען. דעם ערשטן אומגליק נאָך ניט פאַרגעסן, איז שוין געקומען אַ נייער און אַ גרעסערער, ביז — ביז אידישע יונגע לייט האָבן געגרינדעט אַ פרייוויליקע „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע".

הונדערטער־ווייז פלעגן זיי קומען צולויפן, בייטאָג אָדער אין מיטן נאַכט, מיט העק און עמערס און פלעגן אַרבעטן ווי בינען. אַ חוץ דעם איז געווען אַ רעטונגס אָפּטיילונג, וואָס פלעגט אין די דערבייאיקע הייזער און קראָמען פּאַקן די זאַכן ווי געניטע מענטשן, שלעפּן די מעבל און דערהויפּט ניט דערלאָזן, אַז די געביידע זאָל זיך אָנכאַפּן.

אָבער דאָס איז שוין געווען מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב זיך אויך באַטייליקט אין דער „קאָמאַנדע". ווען איך בין אָבער נאָך אין חדר געגאַנגען, זיינען נאָך קיין פרייוויליקע פייערלעשער ניט געווען און שריפות זיינען געווען גאָר אַ סך, אָבער זייער זעלטן אין ווינטער, און נאָך זעלטענער — זיבן אַזייגער אין אָוונט אין אַ דאָנערשטאָג! מיר זיינען זיכער געווען, און די חדר־אינגלאך פון די אַנדערע חדרים האָבן אויך מסכים געווען, אַז דאָס מאָל האָט זיך דער אויבערשטער אַליין אויף אונז מרחם געווען. ממש, אצבע אלהים! מיר האָבן געהאַט גוטע ראיות דערצו אויך: סך הכל איין קליין שטיבעלע, וואָס עס איז אינגאַנצן ווערט אפשר ח"י ק"ק סערעבראָס, האָט אָפּגעברענט. אי דאָס איז זי געשטאַנען ערגעץ אין עק וועלט און געהערט צו עפּעס אַ לאַטוטניק *).

אַז מיר פלעגן אַרויסגיין דאָנערשטאָג פון חדר, זיינען מיר געווען ווי נאַסע הינדעלאך... מיר האָבן ניט געזונגען, ווי אַלע אַנדערע נעכט, ניט געוואָרפן זיך מיט „סניעזשקעס", ניט געדרייט

*) אַ שוסטער, וואָס לייגט נאָר לאַטעס.

מיט די פּאַפּירענע לאַמטערנעס א ראָד און האָבן אפילו די געוויינ־לאַכע אילומינאַציע ניט געמאַכט — גוט אויסשמירנדיק מיט חלב א לאַמטערנע און אָנצינדן זי. ניין, דאָנערשטאָג איז דאָס אונז אין קאָפּ ניט געלעגן. מיר זיינען געגאַנגען אהיים אומעטיקע, מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּלאַך און אינגאַנצן צובראָכענע.

די צורות זיינען געווען פאַרשמירטע פון די אָפּגעווישטע טרערן, די אויערן זיינען רויט געווען ווי צונטער; די באַקן האָבן געפלאַמט, די נעזער אָנגעבראַקניעט*) פון דעם ווישן נאָכאַנאַנד און רייבן מיט דער פּאָלע, און דער קאָפּ האָט געטרעשטשעט**), ממש ווי מיט א האַמער האָט געקלאַפּט אין די שלייפן...

אונזער באַלאַבאָסטע, די גרויסע אשת חיל, וואָס האָט א קאָץ אַן עק ניט געקענט פאַרבינדן און אין שטוב־מלאכות גאָרניט פאַר־שטאַנען, האָט קומענדיק פון קראָם דאָנערשטאָג אָוונט באַלד אָו־געהייצט און „אָנגעפּאַליעט" די אויוון ווי א גיהינום. „אַז די חלה זאָל אויפגיין, — האָט זי געזאָגט, — מוז גוט וואַרים זיין". און עס איז געוואָרן אין שטוב ערגער ווי אין א באָד. א דוכאָטאַ מיט א טשאַד***), אַז עס האָט פּשוט געגנודיעט, ממש צו חלשות האָט געשלאָגן...

עס האָט גאַנץ אָפט געטראָפן, אַז דאָנערשטאָג האָט דער רבי אַליין געמוזט אָפּפירן די אינגלאַך איינציקווייז אהיים, — ער האָט מורא געהאַט פּשוט, אַז דער אָדער יענער זאָל ניט פאַלן אויפ'ן וועג... דאָס גופא איז געווען, אגב אורחא, פאַר אונז א שטיקל באַפרידיגונג — א נקמה אָן דעם רבי'ן! אָט זאָל ער זיך אַרומ־שלעפּן אין ארבע פּנות העולם מיט יעדן אינגל באַזונדער.

און אַז מען איז געקומען אהיים א פאַרטשאַדעטער, פלעגט זיך ערשט אָנהויבן א גאַנצע סדרה: וואַשן דעם קאָפּ מיט הייסע וואַסער, זיצן מיט'ן היילען... אויף דעם קאַלטן שניי, און נאָך אַזעל־

---

*) אָ ביסל געשוואָלן.

**) געשפּאַלטן.

***) א היץ מיט א גערוך פון קוילן־גאַז.

כע גוטע סגולות, וואס זיינען געווען בדוק ומנוסה און וואָס מען פלעגט דאָס רוב פון זיי אָפּשניידן מיט אַ שטאַרקער פאַרקילונג.

און אפילו אַז מען איז דורך אַ נס געקומען אהיים דאַנערשטאָג ניט פאַרטשאַדעט, האָט מען אויסגעזען אַזוי, אַז „אַ שענערען, ווי די מאַמע פלעגט זאָגן, לייגט מען אין קבר אריין".

דער טאַטע פלעגט פאַר'גנב'עטערהייט אַ קוק טאָן אויף מיין פאַר'חושכ'טן פנים און קרימען זיך, מורמלען עפּעס פאַר זיך אין באָרד אריין, מאַכן אַ זויערע מינע און הומ'קען:

— הם, הם, אָט איז עפּעס אַ שוטה, אַ פּתי... הם, הם, אַ ניעסטשאַסטנער *) מתנגד וואָס דאָס איז! אַז דאָס פאַרשטייט ניט פון דאַנען אהער, גאָרניט תופס דעם עיקר, נאָר פון אויבן־אויף, אַלע וועַרכאָוואַטקע**), דער פּרא־אָדם איינער!

אויף מיר פלעגט ער אַלע ווייַלע וואַרפן בליקן, אָבער נאָר מן הצד, פלעגט אַלע ווייַלע צוגיין צו מיר; דאָס די היטעלע „פּאָ־פּראַוועןָ***), דאָס די פּאות'לאַך ארויסשאַרן און דאָס דעם קאָלנער פון זופּעצקע אויסגלייכן. ער האָט זיך געדרייט אַרום מיר, גע־שאַרט זיך אַרום מיר שווייגנדיק, אַ וואָרט ניט זאָגנדיק. אָבער איך האָב דערפילט אַ וואַרעמקייט, זיין ליבשאַפט האָט זיך צוגאָסן אין מיר און מיר איז געוואָרן גרינגער און פרייַלאַכער אויפ'ן האַרצן.

איך האָב טיף אָפּגעאָטעמט, און דער טאַטע פלעגט כאַפּן די מינוט, אַ קוק טאָן מיר גלייך אין די אויגן אריין שמייכלנדיק און אַ פרעג טאָן:

— וואָס, ישראל'יק, דיינע שיפן זיינען אונטערגעגאַנגען?...

איך פלעג אָנהויבן לאַכן. דעמאָלט האָט מיך דער טאַטע ערשט אָנגעהויבן גלעטן איבער'ן קאָפּ, אַ קלאַפּ טאָן אין פלייצקע, דער־ציילן מיר עפּעס אַ טשיקאַווע זאַך און מיך גאָר פרייַלאַך מאַכן. ווען אָבער דער טאַטע האָט אַ טאַפּ געטאָן מיר דעם קאָפּ און ער

---

*) אומגליקלאַכער.
**) פון אויבן־אויף.
***) צורעכט מאַכן.

איז היים געווען, האָט ער שוין מיט כעס געאָכקעט און געקוועטשט מיט די פּלייצעס, איז גיך אַרומגעלאָפן איבער'ן שטוב הין און צוריק און אַלע ווײַלע אַרויסגעזייט פון די ציינער: „אַן אכזר, צו אַלע שוואַרץ־יאָר, ניט געדאַכט זאָל ער ווערן!" ער פלעגט שוין אַרומטאַנצן אַרום מיר און פרעגן, צי איך וויל עפּעס, צולויפן אַן אויפגערעגטער צו דער מאַמע'ס בעט און אומרואיק ריידן מיט איר. ער פלעגט מיך אַריינלייגן אין בעט און אָנזאָגן, אַז איך זאָל מאָרגן שלאָפן אַזוי לאַנג ווי איך וויל און גאָר קיין מורא ניט האָבן... געלייגט מיר אַ האַנטוך צום קאָפּ, געהייסן דעם צונג ווייזן זיך, נאָך אַמאָל געפרעגט צי וואָלט איך ניט וועלן עפּעס עסן און ווידער געלאָפן צו דער מאַמען. תרעומות'דיק און ברוגז'דיק פלעג איך אים הערן שעפּטשען צו איר. זי פלעגט אים ענטפערן אַ סך געלאַסענער:

— נו, נו, אם ירצה השם מאָרגן וועט ער געזונט זיין.

די מאַמע, וועלכע האָט איר ליבשאַפט מיר אַרויסגעוויזן שוין נאָר אויף אַן אַנדער שטייגער — פאַרציען, „קאַכאַיען" און „האַ־לובען" — האָט אָנגעהויבן מיט אַ קול פון געבעט, לאַסטשען און רופן מיך צו זיך:

— קום צו מיר, זונעניו, קום, קינדעלע מיינס, קום צו דיין מאַמען, קרוין מיינער. — און אַרומכאַפּנדיק מיך, פלעגט זי מיך אַריינגעמען אין בעט, אָפּשיטן מיך מיט קושן, גלעטן, מיט צוויי פינגער שאַרן צאַרט און איידל איבער די האָר פון מיין קאָפּ, און מיר פלעגט פון גוטסקייט אָנהויבן זיך דרעמלען...

— יע, אַ אינגעלע מוז נעבאַך טראָגן דעם יאָך פון חדר, דעם עול פון דער הייליקער תורה, אָבער דערפאַר לעבן מיר אַלע מיט דעם זכות פון די אינגעלאַך! ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, וועלן זיי האָבן אַלדאָס גוטס, און אויף יענער וועלט וועלן זיי האָבן אַ סך עולם־הבא, זיי וועלן זיצן מיט גילדערנע עטרות לעבן כסא הכבוד... מאָרגן אם ירצה השם וועל איך דיר געבן גוטע זאַכן: פיינן, באָקסער און צוקערקעס.

די לעצטע ווערטער, מוז איך זיך מודה זיין, האָבן ניט דער

ערך מער נושא חן געווען ביי מיר איידער אירע פריערדיקע רייד, וועלכע איך האָב גאָרניט פאַרשטאַנען. אָבער איך האָב מורא גע־האַט, אַז זי וועט זיי ניט מקיים זיין, ווי איר שטייגער איז געווען. פּונקט דער היפּוך פון דעם טאָטן, פּלעגט זי מיך שטענדיק אָפּנאַרן און איך האָב ווייניק אמונה געהאַט אין אירע הבטחות. אָבער איך האָב זיך דורך אירע רייד אינגאַנצן באַרואיקט. אויפ׳ן הארצן איז געוואָרן פריילאַך און זייער אַנגענעם און איך בין געשמאַק אַנ־שלאָפן געוואָרן ביי איר אין בעט.

כ.

# פרייטאָג און שבת

אויף מאָרגן, פרייטאָג, איז פון דעם גאַנצן נעכטן אפילו קיין זכר ניט געבליבן, אַזוי ווי עס איז גאָרניט געווען. גאָר אַ נייע הויט פלעגט זיך פרייטאָג אַרויפציען. דער דרויסן גופא איז געווען גאָר אַן אַנדערער, אַ סך אַ פריינטלאַכער. עס איז געווען גרינג און גוט, אַ מחיה!

דער נעכטיקער „סטראָגער" רבי מיט זיין מיאוס'ן גלאַנצנדיקן שטערן איז היינט געווען ווייכער און אַ סך חנ'עוודיקער. פריי־טאָג און שבת איז ער געווען צו אונז מער צוגעלאָזט, ער האָט אַמאָל אַ שמייכל געטאָן, אַ פריינטלאַך וואָרט צוגעוואָרפן און אָפטמאָל אפילו אין פלייצקע פריינטלאַך אַ קלאַפּ געטאָן. איצט דאַכט זיך מיר, אַז ער האָט עס געזוכט צו פאַרגלעטן זיין נעכטיקע שטרענג־קייט, געזוכט אַ כפרה אויף זיינע נעכטיקע חטאים און אַכזריות...

געקומען אין חדר זיינען מיר פרייטאָג גאַנץ שפּעט — אַרום צען אַזייגער, און אַרום איינס זיינען מיר שוין פריי געווען.

די פרייטאָגדיקע למודים זיינען געווען גאָר אַנדערע און במילא שוין גרינגערע. מיר האָבן מעביר סדרה געווען און דער רבי האָט אונז געלערנט ווי צו זינגען דעם טראָפּ, ווי אויסצוציען און דרייען אים. אָפטמאָל פלעגן מיר דערביי אַ סך שפּאַס האָבן: אויס־זינגנדיק דעם „רביעי", „גרשיים" אָדער דעם „פּזר", פלעגן מיר מיט די קעפּ ציען און בויגן נאָך דעם טאַקט־נאָך פון דעם טראָפּ; דער רבי פלעגט אונז איבערקרימען, און נאָכמאַכן אונז און מיר פלעגן לאַכן און קוועלן דערפון. בעת דער הפטרה פלעגט אַמאָל

טרעפן, אַז דער רבי פּלעגט זיך פאַרפּלאָנטערן און מאַכן אַ טעות, כאַפּן זיך און וועלנדיק פאַרריכטן און פאַרגלעטן, אַריינפאַלן אין אַ נייעם טעות. ער פּלעגט זיך פאַרשעמען, אָדער גאָר רויט ווערן, און מיר האָבן זיך געשטיקט פון געלעכטער... דער רבי האָט זיך געמאַכט כלא ידע.

מיר האָבן אויך שיר השירים געלערנט — דאָס הייסט, מיר האָבן געזונגען די שיינע ווערטער מיט זייער אַ שיינעם ניגון, אָבער פאַרשטיין אַקוראַט דעם מיין, דעם פּשט דערפון — דאָס ניט. איך וואָלט געקענט שווערן, אַז דער רבי אַליין האָט ווייניק וואָס פאַרשטאַנען פון דער שיינער שיר השירים פּאָעזיע. ער פּלעגט אַ סך ווערטער דורכלאָזן גאָר ניט פאַרטייטשט, פּלעגט ביי אַנדערע — קרימען זיך און האָט שטאַרק מקפּיד געווען אויף דעם ניגון. ביי „קרוטע" *) ווערטער, ווי למשל: שני שדיך כשני עפרים... האָט ער גאָר עטלאַכע ווערטער דערשלונגען און דערפאַר די לעצטע — אַרויסגעזונגען הויך און לעבעדיק. מיר האָבן אַלע געוואוסט, אַז שיר השירים געפעלט ניט שטאַרק דעם רבי'ן, און דאָס אַליין איז שוין געווען גענוג גורם צו זיין, אַז אונז זאָל דאָס גאָר באַזונדער געפעלן, און מיר שקצים האָבן דוקא אויפ'ן קול געזונגען און גע־חזר'ט אויף אויסווייניק.

דאָס פּלעגט שוין דעם רבי'ן פאַרדריסן, און כדי דערמאָנען אונז אויף דעם „מה אָנו ומה חיינו", פּלעגט ער אַ זאָג טאָן:

— נו, מיר וועלן פאַרבייסן מיט אַ פּרשה חומש...

אונז האָט דאָס אַ ברעקל ניט געשמעקט. ניט דערפאַר, ווייל דער ענין איז געווען אַ האַרבער, ניין, אין מיטן וואָך וואָלט אַ פּרשה חומש מיט רש"י געווען פאַר אונז אַן אבן טוב, אָבער פרייטאָג — פאַר פרייטאָג איז דאָס געווען צו וואָכעדיק און צו־ווידער...

דער רבי פּלעגט בשעת מעשה כאַפּן אַ גנבה'שן קוק אויף אונז מן הצד, אַ שמייכל טאָן און מיט אַ נצחון זאָגן, אַז מיר זיינען

*) איינגע, ניט פּאַסיקע.

גרויסע שקצים, וואָס ווילן ניט לערנען. דעם חומש האָט ער אָבער מקצר געווען.

שבת איז געווען נאָך גרינגער דער חדר, אָבער גיין אין חדר האָט זיך נאָך ווייניקער געוואָלט.

ווינטער איז דער גאַנצער שבת'דיקער חדר געווען נאָר אויף „נאַראָקום" *), גלאַט אבי געגאַנגען. וואָרים נאָכ'ן שלאָף האָט דער רבי שוין קוים צייט געהאַט אפילו א פּאָר קאַפּיטאַלאך תנ"ך לערנען, אָדער אָפּכאַפּן „ברכי נפשי" פּסוק נאָך פּסוק. עס פלעגט ווערן צייט אין שול גיין מנחה און מעריב דאַווענען. ווער רעדט, אַז דער רבי האָט זיך פאַרשלאָפן א ביסל — און דאָס האָט גע־טראָפן גאַנץ אָפט — פלעגט ער נאָר אריינשמעקן אין חדר און א זאָג טאָן:

— נו, נו, אייער מזל, גייט שוין אַהיים.

מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, לאַנג ניט געלאָזט בעטן זיך, און ווי אונטערגעשאָסענע געלאָזט זיך לויפן. אָבער אַנשטאָט אַהיים — צום גליטש, וואו א גאַנצע כאַליאַסטרע האָט שוין געוואַרט אויף אונז.

זומער איז אפילו די צייט פון למוד אין חדר געווען לענגער, דערפאַר אָבער האָבן מיר פון דער פרייער צייט מער הנאה געהאַט.

עס איז געווען גאָר אַן אנדער שפּילן, אַן אנדער רחבות! זומער האָט מען געשפּילט דערהויפּט אין חברות און געהאַלטן מלחמות. איטלאַכער אינגל האָט געהאָפט דערדינען זיך צו א הויכן טשין**) און ווערן א שני למלך... עס איז ניט אזוי שווער אָנגעקומען, אבי עס איז נאָר געווען אויבסט אָדער אנדערע גוטע זאַכן, האָט מען שוין גרינג דערדינט זיך צו דער העכסטער מדרגה... דער טיטולירטער חברה־מאַן איז געווען אפילו אין א גרעסערער סכנה איידער א פּראָסטער „חי וקים". אַז דער רבי פלעגט זיך פון אזא איינעם דערוויסן, איז אים שוין פאַרשפּאַרט געווען חבוט

*) אויף צו־כלומרש'ט.
**) ראַנג.

הקבר צו ליידן... א חוץ די שמיץ, סאַמע ברענענדיקע און גאָר א סך. פלעגט דער רבי אלע ווײַלע דערמאָנען אים זיין טיטול, מאַכן פון אים חוזק חזקות און לומען זיך איבער אים גאָר אָן רחמנות. אָבער ווען מען איז דאָס אין זינען געלעגן דער רבי, אַז עס איז געגאַנגען אום דעם אייגענעם כבוד, אום דעם כבוד פון א מלוכה, אָדער אַז א גאַנצע ארמיי איז געווען אין סכנות אין פלען *) אריינ־פאַלן?... מיר האָבן געשפּילט מיט אמת'ע מסירת נפש, מיר האָבן זיך פאַרלאָזן אויף קידוש השם און געשפּילט מיט'ן גאַנצן לייב און לעבן.

מיר פלעגן זיך אָפּט אויך פאַרקלייבן אין א שטאַל ערגעץ ביי א חבר און חברה פלעגן שפּילן „מכירת יוסף", „יצחק צו דער עקידה", „שאול און דוד". פון לעש־פּאַפּיר פלעגט מען מאַכן א פאַנצער, פון רויטן אונטערשלאַק — היטלען, די שווערדלאַך זיינען געווען הילצערנע, אָבער מען האָט געשפּילט געשמאַק און לאַנג און גאַנץ אָפּט אריינגעלעבט זיך אין די ראָלן ביז צום פאַרגעסן זיך...

אַז ניט טריאַטער**) שפּילן, פלעגן מיר זיך הושקען***) — אריבערוואַרפן א שטריק הויך איבער'ן באַלקן, אוועקלייגן א ברעט און אויף יעדן ברעג ברעט פלעגט זיך שטעלן א אינגל און פאַנאַנ־דערלאָזן זיך מיט חשק און גרויס אימפּעט פלעגט מען שרייען: פאָדאַוואַי פאַרו!"‡)

שומר פתאים ה'! — ווי אַזוי מען האָט ניט געבראָכן האַלז און נאַקן, איז נאָר געווען א נס מן השמים. וואָרים מען האָט זיך ממש געשפּילט מיט דעם מלאך המות... אָבער קיינער האָט אפילו ניט א טראַכט געטאָן וועגן דער סכנה. איינמאָל זיינען צוויי אינג־לאַך טאַקע אראָפּגעפאַלן פון א גאַנץ הויכער הויכעניש, האָבן זיך אָבער זכות אָבות דערוועקט — די אינגלאַך זיינען אַרויפגעפאַלן אויף א הויכער קופּע פרישע בהמה'שע... און זיינען אָפּגעקומען

*) געפאַנגענשאַפט.
**) טעאַטער.
***) וויגן זיך.
‡) דערלאַנג דאַמף, ד. ה. מיט גרויס חשק.

מיט דערשרעקעניש און מיט פאַרפּאַסקודעטע צורות, וועלכע זיי האָבן דערנאָך אָפּגעוואַשן. אָבער פאַר די זופּעצקעס, וואָס זיינען געבליבן פול מיט געלע פּליאַמעס, האָבן זיי געקראָגן זייער לוין אין דער היים. דער רבי אין חדר האָט פון דער גאַנצער מעשה געוואוסט אַ פייג...

נאָך אַ גרויסע מעלה האָבן די זומערדיקע שבתים געהאַט — כמעט אַלע טאַטעס פלעגן שבת בייטאָג פאַרהערן זייערע אינגלאָך. דאָס רוב טאַטעס פלעגן אַרויספאָדערן דעם רבי'ן אַהיים צו זיך אויף שבת נאָכ'ן שלאָף — און פּטור, ·מיר זיינען שוין פריי געווען. מיר האָבן שוין אַזוי אויסגעמאַרקירט, אַז כמעט איטלאָכן שבת האָט דער רבי געדאַרפט אַן אַנדער אינגל גיין פאַרהערן. דער אינגל פלעגט זיך בעטן ביי זיין פאָטער, ער זאָל אים דעם שבת פאַר־הערן. און וועלכער טאַטע וועט זיך דאָס אָפּזאָגן פון אַזאַ תענוג?

אַ יוצא מן הכלל איז געווען מיין טאַטע. ער האָט מיך קיינ־מאָל ניט פאַרהערט, אַז דער רבי זאָל זיין דערביי. פאַרהערן פלעגט ער מיך דווקא גאַנץ אָפט, אָבער אָן הכנות. האָט ניט געהייסן ברענגען די גמרא און אפילו קיין באַשטימטע צייט ניט אָפּגע־שטעלט. פלעגט אַזוי זיך, ווי אַגב אורחא'דיק, שבת ביים וואַרמעס, אָדער נאָכ'ן שלאָף, אַ פרעג טאָן מיך, וועלכן ענין איך האָב די וואָך געלערנט, הייסן מיר מסביר זיין דעם ענין, פרעגן אַ קשיא, אָדער אָפּפרעגן דעם תירוץ, און איז געווען צופרידן.

איינמאָל האָט ער מיר געהייסן זאָגן דעם רבי'ן אין זיין נאָמען, אַז ער האָפט צו גאָט דאָס איך וועל קענען גוט לערענען אַ סך בעסער אפילו פאַר דעם רבי'ן אַליין... דער רבי מיינער איז געוואָרן גאָר צוטומלט האָט ניט געוואוסט ווי אָנצונעמען די ווערטער. ער האָט געקעוועטשט מיט די פּלייצעס און האָט געזאָגט:

— אַ מאָדנער איד איז דיין טאַטע, ער איז טאַקע אַ איד אַ מופלג אַ צנא מלא ספרא הלואי ירבו כמותו בישראל אָבער ניט קיין פאַרגינער, פאַרגינט מיר קיינאָל ניט דעם נחת, צו זיין דער־ביי, ווען ער פאַרהערט דיך... אַ מאָדנער איד!

אַז איך האָב דעם טאַטן איבערגעגעבן דאָס, וואָס עס האָט

פּאַסירט אין חדר און אַז דער רבי האָט זיך מצער געווען, האָט ער מיר געהייסן ווידער זאָגן דעם רבי'ן, אַז עס פאַרדריסט אים גרייַ־לאַך, וואָס דער רבי פאַרטייטשט שלעכט דעם פּשט. עס מיינט חלילה ניט דער רבי זאָל דערפון האָבן שברת לב, פאַרקערט, ער האָט געוואָלט פאַרהיטן אים פון אַן איבעריקער טרחה און פון צורייבן צייט, וועלכע דער רבי קען פאַרנוצן אויף בילכערע זאַכן, אָבער אַז ער איז זייער צופרידן פון דעם תלמיד מיט דעם רבי'ן.

געזאָגט האָב איך דאָס דעם רבי'ן פאַר אַלעמען אין די אויגן, און דער רבי איז געווען אויפ'ן זיבעטן הימל, גאָר מלא שמחה — אַ גאַנצע וואָך מיך אַ ריר ניט געטאָן.

אָבער דאָס רוב פאָטערס פלעגן מאַכן אַ גאַנצן פאַראַד פון דעם „פאַרהערן", שטעלן כיבוד דעם רבי'ן — און עס איז געווען אַ מין יום־טוב. עס זיינען אויך געווען אַזעלכע טאַטעס, וואָס פלעגן דווקא קומען אַליין אין חדר פאַרהערן זייערע אינגלאַך. זיי זיינען גראָד געווען גאַנץ שטילע לומדים, אָבער גרויסע בעלי גאוה, און זיי האָט געפּאַסט צום רומל קומען אין חדר דעם אינגל פאַרהערן. וואָס דען, זיי וועלן אַן אַנדערן בעטן ?...

אויף אַזעלכע „סוחרים" האָבן מיר, חברה, געוואַרט ווי אויף משיח'ן. דער איד פלעגט שטאַרק שוויצן, אַלע ווײַלע ווישן דעם פּנים מיט דער רויטער פאַטשיילקע, וואָס ער האָט געטראָגן אויפ'ן האַלז אָדער אַרומגעגאַרטלט. ער פלעגט בעקען, מעקען און שטאַמ־לען מיט אַ פאַרפראָרענעם צונג און מיר פלעגן קישקעס פון געַ־לעכטער. אַ ביטערער רחמנות איז נעבאַך געווען אויף דעם אינגל. ער פלעגט רויט ווערן פון בושה און ניט וויסן וואָס צו טאָן. דער רבי פלעגט בייסן די ליפּן, ניט געוואָלט זיין באַלאַבאָס מביש זיין, אָבער אויך ניט געוואָלט אַראָפּפאַלן אין אונזערע אויגן, פלעגט ער זיך שטאַרק מאַטערן, פּרובירן געבן צו פאַרשטיין דעם טאַטן, אָבער ער האָט גיך געפונען, אַז קנעלן מיט די טאַטעס איז ניט אַן ערך שווערער איידער מיט די קינדער — און ער פלעגט אונז אויף גיך אַרויסשיקן פון חדר...

אַמאָל האָט אַ אינגל הויך צואַווײנט זיך אויפ'ן קול, ווען זיין

טאַטע איז געקומען פאַרהערן אים. און אַז מען האָט זיך ביי אים נאָכגעפרעגט: סטייטש, מה רעש, וואָס איז דער געוויין? האָט ער מורא, אַז ער וויים ניט? — האָט ער בתמימות געענטפערט, אַז ער האָט מורא דער טאַטע וויים ניט, און אַז ער וועט האָבן חרפות און בזיונות פון די חברים...

איינמאָל האָט אַ אינגל, דוקא אַ גאַנץ וואוילער, אַזוי זיך צופודזשעט*) ביים פאַרהערן, אַז ער האָט קיין איין וואָרט ניט געוואוסט, אויף קיין איין שאלה ניט געהאַט קיין תשובה. דער רבי איז געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט, האָט גערדרייט דעם אינגל אַהער, אַהין, פּרובירט מיט האַלבע ווערטער דערמאָנען אים, אָבער יענער — ניט פון אָרט! אַזוי ווי אַ ליידיק בלאַט איז דעם אינגל'ס זכרון געוואָרן. דער רבי, וועלנדיק באַווייזן, אַז דאָס איז ניט זיין שולד, האָט ביי אַנדערע חברים געפרעגט דעם זעלבן ענין און יענע האָבן גראַד געזאָגט ווי אַ וואַסער. איז ער איצט שוין געוואָרן געהויבן ביי זיך, האָט ער געהייסן דעם לעצטן געפרעגטן אינגל, ער זאָל אָנפּאַטשן דעם „גוי", דעם „חמור". ביים פּאָטער איז דאָס רעכט געווען. אָבער דער אינגל האָט ניט געוואָלט פאָלגן, בשום אופן ניט געוואָלט פּאַטשן זיין חבר... דער רבי איז געוואָרן מלא חמה שוין אויף דעם אינגל פאַר דער העזה, ניט פאָלגן אַ רבי'ן, און ער האָט געהייסן דעם פאַרהערטן אינגל צוריק יענעם פּאַטשן. און דער חברה־מאַן האָט גאָר אָן שהיות געכאַפּט און אַראָפּגעלאָזן יענעם עטליכע פּעטש... מיר האָבן דערנאָך דעם בחור פאַר'הרג'עט, ניט גערעדט מיט אים, אין זיינע ד' אַמות ניט געוואָלט שטיין. מיר האָבן אים אַזוי „פּאַרטיזקעט", אַז ער איז קראַנק געוואָרן און מען האָט אים צוגענומען פון אונזער חדר. מיר האָבן אים אָבער אויך דערנאָך גע'רודפ'ט, אָנגערעדט זיינע חברים פון דעם אַנדער חדר. און אויך זיי האָבן זיך געריצט מיט אים און אים געשלאָגן... ביז ער איז מיט זיין טאַטן געקומען צו אונז אין חדר, געבעטן מחילה מיט טרערן ביי דעם אינגל, וועלכן ער האָט געפּאַטשט, געמאַכט

*) צושראָקן, צומישט.

אַ סעודה, געטיילט גוטע זאַכן, און דער רבי האָט גוזר געווען, מען זאָל אים מער ניט טשעפּן.

אָן אַנדערש מאָל האָט ביים פאַרהערן אַ אינגל פּאַסירט אַזאַ זאַך: דער אינגל האָט זייער גוט גע׳דרשנ׳ט. דער פּאָטער האָט געקליבן נחת און דער רבי האָט גאָר אָנגעקוואָלן. דער אינגל האָט, ווי דער שטייגער איז, געקוקט אויף דער טיר און געוואַרט אויף דער רגע, ווען מען וועט אים אָפּלאָזן... טוט אָבער פּלוצלונג זיין טאַטע דער חכם אַ פרעג: פאַר וועמען דאַרף ער, משה׳קע, מער מורא האָבן — פאַר אים, צי פאַר דעם רבי׳ן? און עס האָבן זיך גענומען שיטן שאלות פון דעם טאַטן און פון דעם רבי׳ן, אַלץ אויף איין און דעם זעלביקן נוסח: וועמען דאַרף ער אָפּגעבן מער כבוד, פאַר וועמען דאַרף ער האָבן מער דרך־ארץ, וועמען האָט ער העל־טער? משה׳קע האָט זיך געדרייט אהין און אהער: פאַרביידן גלייך דאַרף מען מורא האָבן, ביידן האָלד האָבן און אַזוי ווייטער. דאָס האָט אָבער ניט צופרידנגעשטעלט ניט דעם פאָטער און ניט דעם רבי׳ן. זיי האָבן איבער־אַ־נייעם גענומען אים מוטשען. ניין, ער מוז זאָגן דעם אמת, דעם ריינעם אמת, מען וועט אים גאָרניט טאָן, אַבי ער זאָל זאָגן דעם אמת. האָט זיי משה׳קע געגלויבט און אויסגעשריען:

— מורא האָב איך פאַר אייך ביידן גלייך, און האָלד האָב איך אייך ביידן ניט, הלמאי איר האַלט מיך דאָ אַזוי לאַנג!

אָרעמער משה׳קע, מען האָט אים גלייך אויפ׳ן אָרט אריינ־געקאַטעוועט כהנה וכהנה פאַר דער גוטער דרשה און פאַר זאָגן דעם אמת.

איין אינגל, ווידער, האָט באַשטעלט דעם רבי׳ן אויף שבת קומען פאַרהערן אים, האָט אָבער פאַרגעסן זאָגן פריער דעם טאַטן זיינעם און אויך די גמרא ניט געבראַכט — האָט מען אים דערפאַר מקיים פסק געווען ביי אים אין שטוב און אין דעם עסק האָבן זיך באַטייליקט אי דער טאַטע, אי דער רבי...

די מאָדע ביי זבולונ׳ען איז געווען, אַז אויב ער פלעגט פאַר־הערן אַ אינגל און יענער האָט גוט אויסגענומען, פלעגט ער אַ וואָך

נאָכאַנאַנד דעם אינגל שאַנעווען, פאַרקוקן זיינע עולות און מטיב זיין מיט אים. פאַרקערט אָבער, איז ער אים יורד לחייו געווען. דער אינגל איז אויסגעריסן געוואָרן פאַר דער קלענסטער קלייניקייט. און פאַר רווחים האָט ער אויך געהאַט בזיונות פון די חברים, וואָס וועלנדיק זיך אונטער׳חנפה׳נען צום רבי׳ן, פלעגן זיי אים אויפ־ וואַרפן, אַז ער איז אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ, אַ חמור און אַ פויער!

כא.

# חברים

דאָס רוב חברים האָבן געלעבט גוט צווישן זיך און סימפּאַ־טיזירט איינער מיט דעם אַנדערן. אָבער עס זיינען אויך געווען מוסרים, חנפה'שניקעס, וועלכע פלעגן זוכן געפעלן ווערן דעם רבי און מקריב זיין די חדר־אחדות: דער רבי פלעגט יענע תלמידים צוגעבן מוט און קוראַזש, אָבער פון אונז, איינגלאַך, האָבן זיי גע־האַט געבראָטענע צרות. מיר פלעגן זיי אַרויסשטופּן פון אונזערע שפּילן, ניט ריידן מיט זיי און זיין ברוגז ביז זיי פלעגן שווערן, אַז זיי וועלן דאָס מער ניט טאָן. אָבער אויף לאַנג האָבן זיי זייער וואָרט ניט געהאַלטן.

אויף דעם רבי'ן האָבן מיר אַלע מאָל געהאַט אַ האַרץ. מיר זיינען אַלע געווען אין כעס אויף אים און האָבן, ווי מיט ליכט, געזוכט עפּעס אַ וועג, אַ מיטל, ווי אָפּצורעכענען זיך מיט אים. אָבער אומזיסט, ער האָט געטאָן זיינס און מיר זיינען ביים כעס געבליבן...

אָבער אָט איז ער איינמאָל געקומען פון אַ ברית מילה שפּעט נאָך ווארמעס גוט אָנגעשנאָשקעט, קוים אויף די פיס געהאַלטן זיך. ער האָט געהייסן אָנצינדן די ליכט און אַליין, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף ביידע הענט אויף דער גמרא, איז ער אַנשלאָפן געוואָרן ווי אַ גע'הרג'עטער. חברה האָבן זיך איבערגעוואונקען און איינציקווייז אַרויסגעגאַנגען אין פּי־הויז. נאָך אַ קורצן ישוב הדעת איז געבליבן, אַז מען דאַרף צו'חתמ'ענען דעם רבינ'ס באָרד צו דער גמרא. (צום גליק איז דער באַלאַבאָס און די באַלאַבאָסטע פון חדר אוועקגע־

גאַנגען צו דער באַבען אויף וועטשערע). געזאָגט — און געטאָן. מען האָט געקויפט טריוואַקס, און פאַרשווערנדיק זיך פריער מיט כל'ערליי שבועות, מיט ציצית, מיט תקיעת כפ'ן (אויף דער אייגע־נער און דעם טאַטנ'ס עולם הבא) קיינמאָל דעם סוד ניט אַנט־פּלעקן, האָבן מיר געוואָרפן גורל — מי ומי ההולכים.

צוויי אינגלאַך, פון וועלכע איינער בין איך געווען דער גליק־לאַכער „זכה בגורל", האָבן מיט בלייכע, ווי קאַלך, פּנימער און מיט הענט, וואָס האָבן זיך געטרייסלט ווי אין אַ קדחת, דורכגע־פירט די אָפּעראַציע.

דער רבי האָט געשלאָפן געשמאַק און לאַנג. עס איז געקומען די צייט אַהיים גיין — און מיר זיינען זיך אַלע צוגאַנגען, איבער־לאָזנדיק דעם רבי אין חדר אין דער פינסטער.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט יודל אויף אונז געוואַרט אין דרויסן און איבערגעגעבן אונז, וואָס עס האָט נעכטן פּאַסירט: זיין מאַמע איז אַ זייגער עלף די ערשטע אריין אין שטוב, האָט זי באַלד אָנגעצונדן אַ ליכט, אָבער דערזעענדיק אימיצן אָנגעשפּאַרט מיט דעם פּנים אַראָפּ אויפ'ן טיש, האָט זי זיך אַזוי דערשראָקן, אַז זי האָט אַראָפּגעוואָרפן די ליכט אויף דער ערד און אַ קוויטש געטאָן און אַ פּאַטש געטאָן מיטביידע הענט. דער טאַטע האָט צוריק אָנגעצונדן די ליכט. שרייענדיק דערוויל: וואָס איז? וואָס איז? אָבער ער האָט תיכף דערקענט דעם מלמד און גענומען אים וועקן. יענער האָט זיך לאַנג געלאָזט בעטן. און אַז ער האָט צום סוף אָנגעהויבן זיך „אויסטשוכען"*) און אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ, האָט זיך אויפגעהויבן דער בלאַט אינאיינעם מיט דער גאַנ־צער גמרא... דער רבי האָט ווידער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. אים איז שווער געווען, ווייזט אויס, צו זעגענען זיך מיט דעם עולם הדמיון און אומקערן זיך צוריק צום וואָר... דער טאַטע, די מאַמע און די שוועסטערל האָבן געקוקט צושראָקענע. זיי האָבן ניט פאַר־שטאַנען, וואָס דאָס זאָל באַדייטן. דער רבי האָט זיך אָבער פּאָרט

*) פאַנאַנדערוועקן זיך.

אויפגעכאפט און גענומען רייסן די גמרא, רייסן די האָר פון באָרד און זיך באַפרייט.

די שטוביקע ארום זיינען געווען געשטאַנען צוטומלטע און פאַרוואונדערטע. ניט דער רבי און ניט זיי האָבן דעם קלענסטן באַגריף געהאַט, ווי אַזוי איז דאָס געשען, און בכלל, ווי קומט ער, דער רבי, אַזוי שפּעט ביינאַכט נאָך אין חדר?

יודל׳ס מאַמע איז געווען זיכער, אַז ניט אַנדערש, דאָס איז אַ באַקאַנטע שטיקל מלאכה פון די בת־לצנים, וועלכע האָבן נאָך ערגערע זאַכן אָפּגעטאָן. אָט דאָ ניט ווייט האָט זיך אַ לץ פאַר־שטעלט פאַר אַ יון, איז געקראָכן צו דער דינסטמויד און זי איבער־געשראָקן אויף טויט...

דער רבי און ר׳ אברהם האָבן, הערנדיק די מעשה, געשאָקלט מיט די קעפּ און זיינען געווען מסופק. אָבער פּלוצלונג איז אַריינ־געלאָפן די רבי׳צין מיט אַ געשריי און אַ געוויין — זי האָט שוין גאָרניט געוואוסט וואָס איבערצוטראַכטן. זי האָט גיך געשלעפּט דעם רבי׳ן אַהיים:

— די קינדער זיינען נעבאַך אַליין געבליבן און גאָט ווייס, וואָס עס קען זיך מאַכן!...

מיר האָבן אָפּגערעדט: מיר ווייסן פון קיין זאַך ניט, מיר האָבן געלערנט ווי אַלע מאָל ביז ניין און צוגאַנגען זיך אַהיים. וואָס דערנאָך איז געווען, ווייסן מיר ניט.

דער רבי איז אין חדר אַריינגעקומען אַ בלייכער, מיט אַ צו־פּליקטער באָרד. תחילת האָט ער זיך געמאַכט כלא ידע און איז אָנגעגאַנגען מיט דעם למוד כדרכו, אָבער שפּעטער, באַמערקנדיס אונזערע מאָדנע בליקן און ווי מיר לויפן אָפּ אַרויס, האָט ער אָנ־געהויבן, אַזוי זיך, הינטערוויילאַכס, כלומר׳שט גאָרניט, נאָכפרעגן זיך: ווי שפּעט האָבן מיר נעכטן געלערנט, וואָס האָט מען גע־לערנט און וואו, ביי וועלכן ענין האָט מען געלאָזן?... עס וואָלט געווען זייער מיאוס, מיר זיינען אַלע בלייך געוואָרן ווי קאַלך.

װען ניט דער קלוגער און „סמעלער"*) גרשונ'קע װאָלט זיך באַלד ניט געפונען און זאָגן: װאָס הײסט, װאו האַלטן מיר? — טאַקע דאָרטן, װאו מיר האָבן הײנט אָנגעהױבן! דער רבי איז געװאָרן מטושטש. װיסנדיק, אַז ער האָט נעכטן אַ גוטן קידוש געמאַכט, האָט ער מורא געהאַט אַרײנלאָזן זיך אין װײטערדיקע דרישות. ער האָט אָבער אונז פון חשד ניט אַרױסגעלאָזן און אױף אַלע אופנים געזוכט, געניששטערט אױסצוגעפינען, װאָס און װי עס איז פאָר־געקומען יענעם אָװנט. ער האָט מקרב געװען אַ פּאָר אײנגלאַך, דערהױפּט אײנעם, װעלכער איז שױן אַ פּאָר מאָל פריער געװען אַ מסור און — כך הוה! יענער האָט אים דערצײלט אַלץ מיט אַנאַנדער מתחילה ועד סוף...

מיר האָבן, פאַרשטײט זיך, אַלץ אָפּגעלײקנט, גע'טענה'ט, אַז דער מסור טראַכט דאָס פון קאָפּ אױס, װײל ער װיל זיך אײנקױפן אין דעם רבינ'ס לאַסקע, און אַז מיר װעלן בשום אופן ניט לערנען מער אין אײן חדר מיט אַזאַ „פּראָכװאָסט"...**)

צי דער סטראַשונאַק האָט געװירקט, צי װײל עס האָט זיך אונטערגערוקט דערװײל שױן דער פּורים מיט דעם סוף הזמן — דער רבי האָט על כל פּנים אונז אָפּגעלזט. אָבער מיר, דעם מסור — האָבן שױן גאָרניט אָפּגעלאָזן. מיר האָבן אים פּשוט גע'ממית'ט, דאָקוטשעט, מיר האָבן אים אַנדערש ניט גערופן, װי „מסור", און דער נאָמען האָט זיך צוגעקלעפּט צו אים אױף אײביק... ער איז דערנאָך שױן געװאָרן אַן אמת'ער מסור אױף אידן און איז באַקאַנט געװען אין שטאָט אונטער דעם נאָמען: מיכעלע מסור.

צװישן מײנע חברים זײנען געװען אַלערלײ אײנגלאַך: עס זײנען געװען אַזעלכע, װאָס האָבן געהאַט גוטע, טײערע קעפּ מיט אױסגעצײכנטע זכרונות און תפיסות, און אױך אַזעלכע, װאָס האָבן געהאַט גראָבע, פאַרשטאָפּטע קעפּ (אײנעם האָבן מיר גערופן: הילצערנע קאָפּ), געבאָרענע עם־הארצים און ניט־װעלערס דערצו.

---

*) מוטיקער.

**) נידעריקער מענטש.

איך האָב געהאַט חברים רייכע, באַלעבאַטישע קינדער און גאָר אָרעמע. אַנדערע זיינען געווען שיינע, קלוגע, גאָר מזיקים, און אַנדערע — טפשים, שוטים און „ני בע, ני מע" *)... צווישן די אינגלאַך אין חדר זיינען געווען ריינע, ציכטיקע, גאַנצע שטשאָ־גאָלם **) און אויך ברודנע, קרעציקע, ניט געוואַשענע, מיט קאָל־טונעס אויף די קעפ און „חיה'לאַך" פלעגן אַרומקריכן פון אויבן־אויף אויף זייערע בגדים...

ניט אַ קליין ביסל קנאה־שנאה איז געווען צווישן די חברים. יאָשקע ישראל פאַלטעס פלעגט עסן פאָד־אַנבייסן אַ פערוועָ***) בולקע מיט פּוטער, אַן איי, אַן עפּל, און אַ צוקערקע נאָך דערצו, און אהרן־בער לייזער דעם כהנ'ס, אַ האָרבאַטשינקער און אַ פאַר־חושכ'טער אינגל, פלעגט ברייננגען אַ פאָר פאַרשימלטע „אַקראַי־ציקעס"‡) פון שוואַרצן, קאָרענעם ברויט, מיט אַ ציבעלקע. ער האָט שטאַרק מקנא געווען יאָשקען און פלעגט בעטן, מאַנטשלען‡) ביי יענעם אַ שטיקעלע בולקע, אָדער אַ ברעקל פון אַנדערע גוטע זאַכן. דאָס רוב פלעגט יאָשקע אים צוואַרפן אַ שטיקל, אָבער אָפטמאָל פלעגט ער אָנשרייען אויף אים, פאַרוואָס ער מאַנטשלט און געסטראַשעט — דערציילן דעם רבי, פאַר וואָס ער וואָלט גוטע פעטש געקראָגן.

די רייכערע חברים פלעגן זיך גרויס האַלטן און כסדר באַרימען זיך מיט דעם, וואָס זייערע טאַטעס זיינען געווען „גילדע קופּע־צעס§). די אָרימע זיינען געווען אונטערטעניק, האָבן אָנערקענט זייער יחוס און געגלייבט יענע קאָמאַנדעווען איבער זיך. די געראָ־טענערע אינגלאַך זיינען גראַד געווען די אָרימערע. פלעגן זיי נעמען נקמה פון די רייכערע דערמיט, וואָס זיי האָבן געוואוסט דעם „שיעור"

*) ניט אַהער און ניט אַהין.
**) פּראַנטן.
***) ערשטער סאָרט.
‡) דער עק פון אַ ברויט, חלה.
‡) אַרויסקריגן.
§) סוחרים־פּריווילעגיעס, אַרויסגעגעבן פון דער רעגירונג.

און יענע — ניט, פאַרוואָס זיי פלעגן קריגן אָנגעפּאַשט פון רבי׳ן. נאָר אַ יום־טוב איז געווען ביי די אָרימע אינגלאַך, ווען דער רבי פלעגט אָפּשמייסן איינעם פון די רייכע, וואָס האָט, אגב אורחא, געטראָפן איין מאָל אין אַ שמיטה, וואָרים דער רבי האָט אויך מער דרך־ארץ געהאַט פאַר די רייכע קינדער. עטלאַכע טעג נאָכאַנאַנד פלעגט דער געשמיסענער אינגל זיין געפאַלן ביי זיך און מקרב זיין זיך צו די אָרימע חברים.

חבר־לאַפּ זיינען מיר געווען נאָר ביי אַ סעודה, אָדער ביי אַ שפּיל, דערהויפּט אָבער אין אַן עת צרה. אויף אַ סעודה איז געווען איינגעפירט, אַז אַלע האָבן געדאַרפט געבן גלייך — צו דריי קאָפּיקעס איטלאַכער.

אהרן־בער האָט איין מאָל די דריי קאָפּיקעס ניט געהאַט, איז ער אינגאַנצן אין חדר ניט געקומען. דער רבי האָט געשיקט נאָך אים און אים אָנגעבאָטן אנטלייען אים די נויטיקע סומע, האָט אָבער דער האַרבאַטער ניט געוואָלט הערן און זען. עס האָט ניט געהאָלפן דעם רבי׳ס איינריידן, די חברים׳ס. ער איז בשום אופן ניט מרוצה געוואָרן אָפּשטעלן זיך אין חדר איבער דער סעודה, און איז אַנטלאָפן אַהיים. אהרן־בער׳ס עקשנות האָט גע־מאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף אַ פּאָר פון אונז. עס האָט דאָס האַרץ ווי געטאָן אויף אים: סטייטש, סטייטש, גאָר אפילו פון אַ סעודה קיין הנאה ניט האָבן?! נעבאַך, אהרן־בער! און מיר האָבן אַ סך גוטע זאַכן באַהאַלטן אין די קעשענעס פאַר אים. אויף מאָרגן, אַז ער איז געקומען, האָבן מיר מיט שמחה אויס־געליידיקט פאַר אים אונזערע קעשענעס און נאָך מיט אַ גרעסערער שמחה האָט ער אַלץ געכאַפּט און געשלונגען.

אַז איך האָב דאָס דערציילט דעם טאַטן, האָט ער מיך גע־לויבט אין הימל אריין און געזאָגט, אַז איך האָב אַ אידיש האַרץ, האָט געהייסן ברענגען אהרן־בער׳ן צו אונז אַהיים ווען עס איז.

„ברוגז" ווערן איז געווען אַן אָפּטע זאַך צווישן חברים. די „ברוגז׳דיקע" האָבן ניט גערעדט צווישן זיך, גאָר קיין מגע ומשא ניט געהאַט. אָנהאַלטן פלעגט דאָס, געוויינלאַך, נאָר אַ פּאָר טעג.

דערנאָך פלעגט מען זיך איבערבעטן און ווערן גוט־פריינט. אז מען איז געוואָרן גוט־פריינט, איז מען געוואָרן גאנצע ר׳ שמעלקעס, חלה מיט האָניק, נענטער איידער מיט די איבעריקע חברים, אָבער די פריינטשאַפט פלעגט זיך באַלד אויסטראָגן, מען איז ווידער געוואָרן גלייכגילטיק, אויב ניט נאָך אַמאָל ברוגז.

און אַזוי איז דאָס כסדר געגאַנגען: היינט מיט דעם ברוגז, מאָרגן מיט אַן אַנדערן. גוט־פריינט ווערן און ווידער ברוגז. זעלטן, זייער זעלטן זיינען אַלע חברים געווען גוט־פריינט. סיידן אַז עס האָט געטראָפן אַ צרה... דעמאָלט איז, ווי דורך אַ כשוף, געוואָרן אמת׳ע אחדות!

חניפה, ליגן זאָגן און באַרימעריי זיינען געווען אין פולן גאַנג... קיינער האָט דאָס ניט געשטערט, ניט באַמערקט עס אפילו. אדרבא, פאַרקערט, נאָך צוגעגעבן מוט דערצו...

מיין חבר יודל׳ס מאַמע, די באַלעבאָסטע פון חדר, האָט זיך אַמאָל שטאַרק צעבייזערט און צעשריען אויף יודלען. האָט אים געשאָלטן מיט טויטע, ביטערע קללות און געזאָגט:

— פאַר אַ בעל מלאכה דאַרף מען אַזאַ באַכמאַט אָפּגעבן. פאַרוואָס לערנסטו זיך ניט אָפּ, אָפּ פון דיין חבר ישראל׳קען. ער איז אַ וואויל אינגל, אַ מזל און ברכה אַזאַ קינד!

אָבער תוך כדי דבור האָט זי זיך אַ קער געטאָן האַסטיק צו מיר און אַ געשריי געטאָן:

— וואָס האָסטו אויסגעלופּעט *) דיינע אויגן? וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר? דערקענסט מיך ניט, פּרא אָדם איינער?... ניש־קשה, פונדעסטוועגן וועט מיין יודעלע קריגן, אם־ירצה־השם, אַ נייעם גאַרניטערל אויף פסח, מיט שטיוועלאַך און קאַלאָשן, און דו, — אָט זעסטו, — אַ פייג אונטער דער נאָז.

אירע רייד און בענעמען זיך האָבן מיר געמאַכט אַ לאָך אין האַרצן און איך האָב מיט טרערן אין די אויגן דערציילט דער

*) אויסגעגלאָצט.

מאַמען, וועלכע האָט אַרויסגעשאָטן אַ גוטע פּאָרציע קללות אויף דער „אומפאַרשעמטער חצופה"...

אַ נייער בגד'ל, אַ נייע פּאָר שיכעלאַך איז געווען ביי אונז אַ אידעאַל... אַן עולם ומלואו! און ווי גרויס עס איז געווען די שמחה ביי די אינגלאַך, וועלכע זיינען געקומען אין חדר אין נייע בגדים, אַזוי גרויס איז געווען דער צער און יאוש ביי די אָרימע, וועלכע זיינען געקומען נאָך אַ יום טוב אין די זעלביקע שמאַטעס און טראַנטעס... ווי אָפּגעשמיסענע האָבן זיי זיך געפילט!

דער חכם, דער רבי, פלעגט ערנסט טאַפּן און באַטראַכטן די מאַטעריע פון די זשופּיצקעס און זאָגן מבינות, שמוצערנדיק מיט די ליפּן פון התפעלות און אַ קניפּ טוענדיק דעם גליקלאַכן אינגל פאַר'ן בעקל, אַזוי ווי ער האָט עפּעס גוט גע'דרשנ'ט. אויף אונז, ווידער, פלעגט ער אַ קוק טאָן, מיט רחמנות אפילו, אָבער פון אויבן אַראָפּ, וואָס עס פלעגט שטעכן אין האַרצן... אַי, אַי, אַי, אַ קלויסטער וואָלט איך געווען גערן אויס'גנב'ענען, אַבי אַ נייעם גאַרניטערל צו מאַכן זיך! עס איז געווען אַזוי ביטער אויפ'ן האַרצן, די יסורים — אַזוי גרויס, אַז טרערן פלעגן שטיקן און וואַרגן!...

וועלן לערנען, האָט קיין איינער פון אונז ניט געוואָלט. איטלאַכער האָט מיט אַלע מיטלען געזוכט אַרויסצודרייען זיך פון חדר, אָבער די בעסערע און פעאיקערע אינגלאַך האָבן נאָך מער ניט געוואָלט לערנען איידער די פּראָסטערע.

דורך דער צייט פון מיינע חדר־יאָרן האָב איך געהאַט חברים, וועלכע זיינען געווען ממש עלוים, מיט בריליאַנטענע תפיסות און זעלטענע זכרונ'ס; אַזעלכע, וואָס אפילו דער רבי האָט זיי געשאַנעוועט און געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר זיי. און גראַד אָט די וואוילע אינגלאַך האָבן אַנגעווענדט זייער גאַנצן כח און ממזיר'שן קאָפּ אויף צורייבן די צייט — אַבי ניט לערנען.

דאָס רוב מלמדים — ניט די ראשי ישיבות — האָבן פיינט געהאַט, אַז מען פלעגט ביי זיי צופיל קשיות פרעגן... די מערסטע

האָבן, במחילה, טאַקע ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן, און אויב זיי האָבן דעם תירוץ געוואוסט, האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען מסביר צו זיין אזוי, אז דער תלמיד זאָל בלייבן צופרידן; דער אינגל פלעגט, געוויינלאך, צושאָקלען מיט'ן קאָפּ אויף יאָ, אז דער רבי פלעגט ענטפערן און פרעגן: „פאַרשטייסטו?“ — אָבער דאָס איז נאָר געווען פאַר מורא: ווער ווייסט דאָס וועלן איינרייסן מיט דעם רבי? איך געדענק, איין מאָל, לערנענדיק אין פרק בעל כרחך אתה נולד, בעל כרחך אתה חי ובעל כרחך אתה מת, האָב איך געפרעגט דעם רבי'ן, פאַרוואָס איז דאָס בעל כרחך אתה חי? לעבן איז דאָך גוט און מען וויל לעבן? אלא, איינעם האָט דערעסן דאָס לעבן, קען ער דאָך טאָן, ווי נחמן געצלס האָט געטאָן — אויפהענגען זיך. (אָט דעם נחמן געצלען האָט זיין ברודער געפונען אין שטאָל אָן אויפגעהאנגענעם, און די ערשטע זאך וואס ער האָט געטאָן איז געווען דאָס, וואָס ער האָט איהם דערלאַנגט צוויי קלינגענדיקע פּעטש... די גאַנצע שטאָט האָט גערעדט דערפון). הייסט, אז מען טוט דאָס ניט, איז דאָך דער לעבן ניחא, טאָ ווי קומט אהער דער בעל כרחך? דער רבי האָט זיך געמאַטערט, ווי אויף הינערשע פּעדערן*), דערציילט מיר, אז מען טאָר ניט מעבד את עצמו זיין לדעת, שטאַרק געדרייט מיט'ן פינגער, געוואָרן בייזלאך, אָבער מיר האָט זיך ניט געקלעפּט זיין תירוץ... איך בין אוועקגעגאנגען מיט מיין קשיה צום טאַטן, וועלכער האָט דוקא האָלט געהאט, איך זאָל אים פרעגן קשיות, און וועלכער האָט געקענט די הארבסטע קשיה מיר אזוי גרינג פאַרענטפערן, צעגלידערן און אין מויל מיר אריינלעגן, אז עס איז געוואָרן פּשוט און גלאַט. אגב, פלעגט ער מיר פאַר א געראָטענער קשיה נאָך צוצאָלן א פּאָר קאָפּיקעס. אזוי צופרידן איז ער געווען.

אָבער די אינגלאך, וואָס האָבן ניט געהאט קיין טאַטעס

---

*) ביי אונז פלעגט מען זאָגן, אַז אויב מען שטאַרבט אויף הינערשע פּעדערן איז די גסיסה שווערער.

לומדים, פלעגן אננעמען פאר גוט—א ברירה האבן זיי געהאט ? — וואס דער רבי פלעגט זאגן. זעלטן ווען פלעגט א אינגל אוועק־גיין אין שול און אנכאפן א אידן, א למדן, און פרעגן ביי אים זיין קשיה.

אז דער רבי פלעגט זיך דערוויסן דערפון, פלעגט ער צופלאצט ווערן פאר כעס און נעמען נקמה פון דעם אינגל, פאר דעם בזיון, וואס ער האט אים אנגעטאן.

אבער צרות אויפ'ן פוד האט אונזער רבי געהאט פון מיינעם א חבר, גרשון...

גרשון איז געווען א בייגל־בעקערקעס א אינגל. גרשונ'ס טאטע האט איבערגעלאזן זיין פרוי אן עגונה, ווען גרשון איז געווען קנאפע צוויי יאר אלט. דער איד איז געווען א למדן און איז אוועקגעפארן ערגעץ לערנען, געווארן א פרוש... זי איז אויס־געפארן די גאנצע וועלט זוכן אים: געווען ביי אלע גוטע אידן, ביי מכשפים, להבדיל, אבער עס האט ניט געהאלפן. זי האט זיך גענומען פאר א פרנסה — באקן בייגל, און עס האט איר מצליח געווען. דערהויפט האט מען ביי איר געקויפט די בייגל דערפאר, ווייל זי האט זיי אליין צוטראגן צו אלע באלעבאסטעס און אין אין אכסניה'ס מיט דעם קליינעם גרשונ'ען ביי איר פארטוך.

ער איז געווען א ווילדער אינגל — „אויפגעהאדעוועט זיך אויפ'ן וואלד", ווי דער רבי פלעגט זאגן, — ער האט פאר קיינעם קיין ברעקל דרך ארץ ניט געהאט, איז געווען א גרויסער עקשן, א קאפריזנער, אבער א גאנץ קלוגער, מיט א טייערן קאפ אויף זיך און א זכרון — אן אויסנאם.

און אט דער חברה־מאן פלעגט מאכן דעם רבי'ן אויסצור־דרייען. זייענדיק אן עזות פנים, האט ער זיך ניט געלאזן, אז דער רבי זאל אים אפ'פטר'ן מיט שיהור־פיהו...*) ער פלעגט זאגן דעם רבי'ן, פשוט, אז זיין תירוץ אויף דער קשיה טויג אויף כפרות

---

*) מיט גאר נישט.

און אז ער וועט גיין אין דער מתנגדישער שול — גראד וואו דער רבי האָט געדאַוונט — פרעגן די קשיה ביי אנדערע לומדים. נישקשה, ער שעמט זיך ניט... אפילו צום רב באדאי, וועט ער אָנשפּאַרן — פלעגט ער אויסשרייען און א טופּע טאָן מיט'ן פוס.

ער איז געווען א שטיפער, א ברען, האָט געהאַט די גאַנצע דעה אין חדר, אלע חברים האָבן אים האָלד געהאַט, אים געפאָלגט און ער האָט די וועלט איבערקערט...

איך האָב גרשונ'ען געטראָפן מיט עטלאַכע יאָר שפּעטער, ווען ער איז געקומען פון דער וואָלאָזשינער ישיבה, וואו ער האָט א פּאָר יאָר געלערנט. ער האָט מיר געזאָגט, אז ער פּאַרפּערטיקט זיך איצט צום פינפטן קלאַס גימנאַזיע.

— סטייטש, היתכן, וואו האָסטו געלערנט, ווען, וואָס?

— טאַקע דאָרטן גופא, — האָט ער געענטפערט — אין וואָלאָזשין. א יונגערמאַן, ביי וועמען איך האָב געגעסן א „טאָג" האָט מיך איינגערעדט און מיך געלערנט.

אין צוויי און א האַלב יאָר שפּעטער איז גרשון, אין א שיינעם פּרימאָרגן געקומען צו מיר אין א מונדיר מיט מעשענע קנעפּלאַך, מיט א „פוראַזשקע"*). ער האָט מיר דערציילט א סך זאַכן פון דער גימנאַזיע און געזאָגט, אז איצט וועט ער האַלטן עקזאַמען אויף „אַטעסטאַט זרעלאָסטי"**) — און פּטור.

ער האָט מיך שטאַרק איינגערעדט, אז איך זאָל זיך אויך נעמען דערצו. ער האָט געשוואָרן, אז עס איז גרינג — „קודא גרינגער איידער תוספות און מהרש"א. פּשש. אויך מיר א באַטרעף! די גאַנצע „היסטאָריע" איז ווי א פּרשה חומש, „געאָגראַפיע" — ווי א שטיקל אגדתא, גראַמאַטיקע — פּשוט'ער דקדוק און אפילו מאַטעמאַטיק איז גאָר ניט שבגאָרניש לגבי דעם תוספות פון תגרי לוד אין „בבא בתרא". ער האָט גע'טענה'ט

*) א היטל, וואָס סטודענטן און רעגירונגס-באַאַמטע פלעגן טראָגן.
**) א צייגניס, אז מ'האָט געענדיקט גימנאַזיע.

מיט מיר ווענן עפּעס אַ תכלית, האָט מיר אָנגעבאָטן צו געבן אוראָקן*) אומזיסט, כאָטש ער קריגט פינף קארבן אַ חודש פאַר איטלאכן אוראָק. ער האָט מיר צוגעזאגט הרים און גבעות, אז מיר וועלן ווערן דאָקטוירים — „פאָלקאָוועיע וראטשעס"**) און אונז וועט זיין גוט ווי גאר דער וועלט. איך האָב אָבער ניט געקענט אפילו אַ טראכט טאָן ווענן אזא זאך. וואָס הייסט? און וואָס וועט דער טאטע, די מאמע זאָגן? משוגע, מיינע שונאים, וואָס?

מיט אַ פינף יאָר שפּעטער איז גרשון פון לעצטן קורס אין אוניווערזיטעט געקומען געוואָר ווערן זיין מוטער. דאמאָלסט בין איך שוין געלאָפן צו אים און געבעטן זיך, ער זאָל מיר העלפן ארויסשלעפן זיך פון דעם זומפּ. ער האָט אָבער גע'טענה'ט, אז עס איז שוין צו־שפּעט... „צו שפּעט, מיין פריינט!" אגב, איז ער געווען פארנומען מיט גאנץ וויכטיקע ענינים... ער האָט מיר כל־ערליי עצות געגעבן, און פאר'ן אוועקפאָרן איבערגעלאָזט אַ רעוואָלוציאָנערן ביכל...

איך בין אָבער פארלאָפן אַ פריער. אין דער צייט פון מיינע חדר יאָרן איז ניט מיר און ניט גרשונ'ען אין זינען געלעגן רוסיש... אונזער השגה פון וועלטלאכע למודים איז באשטאנען אין אַ שיינער האנטשריפט און אין אויסצירקלען אַ פיינעם „לכבוד אהובי"...

דער רבי האָט אונז אָנגעהויבן לערנען שרייבן. קיין מי יודע „גוטע האנט" האָט דער רבי ניט פארמאָגט, אָבער אין אונזערע אויגן איז ער געווען אַ „כתבא רבא", גאר פלאי פלאים!

תחילת האָבן מיר זיך גענומען צום שרייבן מיט חשק און מיט אַ ברען. אַ קלייניקייט עפּעס, ניט לערנען! אָבער שפּעטער האָט דאָס אונז דערעסן. און אז דער רבי האָט אָנגעהויבן קלאַפּן מיט דער ווירע איבער די הענט, פארוואָס זיי זיינען פארשמירט,

*) לעקציעס.

*) מיליטער־דאָקטוירים.

און פֿאָדערן פֿון אונז מאַכן אליין אַ פּענע, אַ טראַקסטע*) און נאָך אַזעלכע שלעק, איז דער שרייבן געוואָרן אַ „נאַזאָלע"**), עפּעס אַ נייע אָנשיקעניש און מיר האָבן שוין לחלוטין מער קיין ברעקל חשק ניט געהאַט דערצו.

דערפֿאַר אָבער ביים חשבונ'ען איז שוין געווען גאָר אַנדערש. ביים חשבונ'ען האָבן מיר זיך געפֿלייסט, געוואָלט אַריבעריאָגן איינער דעם אַנדערן. ביים חשבונ'ען האָט גרשונ'קע אַרויסגעוויזן אמת'ע גאונות. איידער מיר פֿלעגן צייט האָבן צונויפּצורעכענען, דעם עמוד חבור, פֿלעגט גרשון אים צונויפּציען, צעטיילן אויף צוויי, אַראָפּנעמען איין האַלב פֿון דער אַנדערער, כּפֿל'ען דאָס און שוין מאַכן דערפֿון אַ חילוק.

ביים חילוק פֿלעגט גרשונ'קע מאַכן פֿון רבי'ן אַן אמת'ע „פּענדזשע"***). ער פֿלעגט פֿאַרגעבן דעם רבי'ן אַזעלכע חשבונות, אַז יענער פֿלעגט אויסטאַלאַפּעטשן‡) די אויגן און מיט אַן אָפּענעם מויל קוקן. גרשונ'קע, ווידער, פֿלעגט די גרעסטע און שווערסטע אויפֿגאַבע מאַכן כּהרף עין, ממש ווי אַ בליץ!

דער רבי האָט שוין אַפֿילו ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן מער די בזיונות און איז געפֿאַלן אויף דער המצאה, אַז חילוק איז אין גאַנצן אַן איבעריקע זאַך... זאָל ער דאָס פֿאַרמאָגן, — האָט ער געזאָגט, — וואָס ער וואָלט קענען צעטיילן אָן חילוק. עס איז גלאַט אוועקגעבן צייט לאיבוד. עס איז ניט קיין משא ומתן פֿאַר אַ אידן צו פֿאַרנעמען זיך מיט אַ דבר שאינה מצויה — ניט געשטויגן און ניט געפֿלויגן... ניין, עט, מען דאַרף דאָס ניט! עס האָט ניט געהאָלפֿן אונזערע טענות און בעטן זיך. דער רבי האָט גוזר געווען און פֿאַרפֿאַלן... „זאָלן די גוים לערנען חילוק, מיר קענען זיך באַגיין אָן דעם" — פֿלעגט ער זאָגן.

*) דיקע שורות, וועלכע מען לייגט אונטער שרייב־פּאַפּיר, כּדי צו שרייבן גלייך.

**) אַ צרה.

***) לעכערלאַך, נאַריש

‡) נאַריש אויסגלאָצן.

אָבער, אָט דער חכם, מיין רבי, האָט געפונען פאַר נויטיק פונדעסטוועגן איינמאָל ערב פסח, אפשערן ביי דער ציג די באָרד, ווייל זי איז געווען איינגעטונקט אין חמץ'דיקע פאילע...*) חמץ איז במה שהוא, האָט ער גע'דרשנ'ט, און אזוי ווי די ציג איז דאָך מיינע, בין איך עובר אויף כל יראה וכל ימצא... אלע אין שטאָט האָבן געמאכט פון אים חוכא וטלולא...

*) א געמיש פאַר ציגן און בחמות.

כב.

# סך־הכל פון די חדר־יאָרן

פון די אַלע פינף מלמדים, וועלכע האָבן געקנעלט מיט מיר אין משך פון מיינע זיבן־אַכט יאָר אין חדר, האָב איך קיין איין איינציקן מאָל ניט געזען, אַז דער רבי זאָל נאָכגעבן דעם תלמיד, זאָל מודה זיין על האמת און זאָגן דעם אינגל, אַז ער איז גערעכט. נאָכגעבן אַ אינגל האָט מען גלאַט ניט געטאָרט. אפילו דער בעסערער און קליגערער מלמד האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב, ניט אַרויסווייזן אַ ווייכקייט צו די קינדער. מיר האָבן פאַר די רבי'ס מורא געהאַט, געציטערט פאַר זייער דוך, אָבער ניט האָלט געהאַט און ניט געאַכטעט זיי ביי זיך אין הארצן. אָפט, גאַנץ אָפט, זיינען מיר זיי געווען גאָר דם שונאים און געבעטן אויף זיי די מפּלה.

דעם רבי'ס טרוקנקייט צו אונז האָט זיך אָפּגערופן אויך אויף אונזער אויפפירונג צווישן זיך. די קינדערשע אָפּנהאַרציקייט און די נאַאיווע צוגעבונדענקייט פון חברים האָט אין חדר להלוטין געפעלט. דעם רבי'ס אומגעלומפּערטע פירונג האָט פאַר'סמ'ט אונזערע קינדערשע ריינע הערצלאַך און מיר האָבן זיך אָפּגעלערנט פון אים. אונזערע בעסערע מדות זיינען גיך פאַר־וויאַנעט געוואָרן און די ערגערע האָבן זיך פאַנאַנדערגעבליט און געוואַקסן...

איך קען ניט ריידן פון מיינע חדר יאָרן אָן ביטערקייט און טיפן צער. איך וואונדער זיך עד היום, וואָס ניט קוקנדיק אויף די מעשים תעתועים פון אונזערע אמאָליקע מלמדים, ניט קוקנדיק

וואס זיי האָבן קאַליעטשעט, געריסן און געבראָכן די בעסטע כחות אונזערע, זיינען דאָך אויסגעוואקסן פון יענע דורות פיל פיינע, געזונטע, שטאָלצע, דימענטענע אידן. א נס מן השמים!

---

איבער פיר יאָר בין איך אלט געווען, ווען איך בין אריין אין חדר און ביי קנאפע צוועלף — האָב איך אים פארלאָזן. איך האָב גוט פארשטאַנען א בלאט גמרא מיט תוספות און מהרש"א, האָב אויך ארייגעקוקט אין „שיטה מקובצת" און „פני יהושע" און מען האָט מיך געהאלטן פאר א גאנצן למדן. א שטיקל צייט האָב איך זיך ארומגעדרייט: געלערנט פאר זיך, געלערנט אין דער מתנגדישער שול, וועלכע מיין טאטע פלעגט מיט שפּאָט רופן: „די פאבריקע", און דערנאָך געלערנט אין דער שניידערשער שול, טאַקע אנטקעגן דעם זיידענס שטוב, וואו מיר האָבן געוואוינט דאמאָלסט.

דער ראש ישיבה אין דער שניידערשער שול איז געווען מיכאל לעבעוויטשער. ער פלעגט א גאנצן טאָג גיין אין די רבנו תם'ס תפילין, האָט געקענט גוט לערנען, אָבער מער אָפּגעגעבען זיך צום גראָשן פארדינען איידער צו דער ישיבה. ער פלעגט כסדר מאכן „געשעפטן" — אפקויפן, למשל, ביי דער אידענע, וואס פלעגט טראָגן געקאָכטע בולבעס, אָדער באָב, דעם גאנצן טאָפּ אין הורט**) און דאָס אויספארקויפט צו די ישיבה בחורים גראָשנ־ווייז, דערהביי געבן זיי א קלענרע מאָס, איידער די אידענע און אויף אזא אופן — אָדער בלייבן מיט א ביסל באָב פרנסה, אָדער מיט א פּאָר בולבעס, העכסטנס, מיט צוויי קאָפּיקעס — און ער איז געווען גאָר גליקלאך!

די ישיבה־בחורים זיינען געווען אין כעס אויף אים פאר זיין אָפּנארן זיי אין מאָס און זיי האָבן אים פיינט געהאט. זיי פלעגן אים אָפּטאָן אלערליי שפּיצלאך פון וועלכע ער האָט קיין האָניק ניט געלעקט... איין מאָל האָבן אלע געהאט נקמה אָן אים

---

*) מיט אַמאָל.

און זיך גוט אָנגעלאכט. די ווייב האָט אים געבראכט וואַרמעס: אַ שטשאַוויע*) מיט ברויט און אַ לאַדישאַק**) מיט קרופּניק***). און אזוי ווי דער טיש איז געווען פול אנגעשמאָלצן מיט חלב און דער וואַרמעס — אַ הייס־זודיקער, האָט ער פארשפּרייט די פּאָלע פון זיין זופּיצע, אנידערגעשטעלט די שיסעלע מיט שטשאַוו, דעם לאַדישאַק מיט קרופּניק און אוועקגעלייגט דעם ברויט, דאָס ביסעלע זאַלץ אין אַ פּאַפּירל און... איז אוועקגעגאנגען וואַשן זיך. עס פארשטייט זיך, אז ער האָט אַלץ אַראָפּגעשלעפּט, צעבראָכן די כלים און אויסגעגאָסן בכול מכל אשר לכל...

די ישיבה בחורים האָבן זיך ניט געקענט איינהאַלטן און ארויסגעפּלאַצט אין אַ הילכיקן געלעכטער. דער ראש־ישיבה איז משוגע וואָרן פאר כעס און פאר צער איבער דעם וואַרמעס, און איז טאַקע געבליבן אַ הונגעריקער.

מיכאל לעבעוויטשער איז געווען אַ פּוילישער חסיד, האָט ליב געהאַט אַ „קאַפּעלע" און גוט אָנעסן זיך, אָבער איך האָב מורא, אז דערביי איז דאָס געבליבן. ער איז געווען אַן אביון, אַ מחוסר־לחם און זיינע צוויי אייגענע אינגלאַך האָבן געגעסן „טעג" און ניט אַלע „טעג" האָבן זיי געהאַט.

ער איז געווען שטענדיק פארזאָרגט און פארצאָקט, בייז און צורייצט, און קיין גרויסע פּעולה האָט מען ביי אים אין לערנען ניט געקענט האָבן.

איך האָב אים אין מיטן זמן אוועקגעוואָרפן. איך בין אריין אין דער ישיבה פון דער חברה־לויה'שער שול, וואו חיים קברות־מאַן איז געווען דער ראש־ישיבה און איך האָב דאָרטן דערלערנט דעם זמן ביז פּסח.

---

*) אַזאַ גראָז.
**) אַ קרוג.
***) זופּ, יויך.

כג.

# אין דאָרף

נאָך פסח בין איך אוועקגעפאָרן אין דאָרף, וואו דער טאַטע איז אויך גראד געווען, און ער האָט מיט מיר אנגעהויבן לערנען.

מיר האָבן מכמה יאָרן געהאַלטן א קרעטשמע אין דאָרף טאַזי־לעוויטש, און געצאָלט דרייסיק רובל ארענדע. מיינע עלטערע צוויי שוועסטער, מיידלאך, האָבן געפירט די גאַנצע באַלעבאַטישקייט דאָרטן און אויך דעם שיינק.

עס פלעגן זיך אראָפּכאַפּן אויף א פּאָר טעג, ווען עס איז, אַמאָל דער טאַטע און אַמאָל די מאַמע זיי געוואָר ווערן. פאַר־לאָזן האָט מען זיך אינגאַנצן אויף די מיידלאך, וועלכע זיינען געווען גרויסע בריות.

עס איז געווען עפּעס צרות מיט א אידל, בערעלע וואַוואָ־ליטשער, וועלכער האָט געהאַט אויסגעדונגען אונזער „חזקה". מיר זיינען דערנאָך געוואָרן מיט אים שותפים, אָבער דער טאַטע האָט אַזוי לאַנג מיט אים גע'דין־תורה'ט זיך, ביז מען איז פון אים פּטור געוואָרן...

צי דערפאַר ווייל באַלד נאָך פסח איז אין שטאָט גאַנץ שטיל דער מסחר, צי ווייל אין דאָרף האָבן די שוועסטער ניט געקענט אליין איספּראַווען*) זיך — דער טאַטע איז געווען דאָרטן און די מאַמע האָט מיך אויך אוועקגעשיקט אהין.

די קרעטשמע, נאָך גאָר ניט קיין גאַנץ אַלטע שטוב, מיט

*) פאַרטיק ווערן.

גרעסערע פענסטער, איידער אין די גוי׳אישקע הייזער, איז באַ־שטאַנען פון איין גאַנץ גרויסן צימער, ווי א שאַליע. לאַנגע און ברייטע שטאַרקע בענק אַרום און אַרום, און אויבן־אָן, א פעסטער גרויסער טיש. דאָס איז געווען די גאַנצע מעבל, אפילו קיין שטול האָט זיך אין דעם צימער נישט געפונען, נאָר אַן אויוון צו קאָכן און א קאַמינאַק אויף באַלייכטן. לעבן אויוון איז געווען אפגעצאַמט א קאַמער מיט א קליין פענסטערל אין דער הויך. אין קאַמער זיינען געשטאַנען צוויי בעטן, א קאַמאָד און די פעסל בראַנפן מיט דעם פאַרביימן, ווי: א פּאָר קרענץ בייגל, הערינג, טאַראַנעס וכדומה.

די קרעטשמע האָט זיך גערעכנט פאַר א רשות הרבים ביי די גוים, אָדער ווי א קהל׳שע אינסטיטוציע. דאָרט פלעגט מען זיך צונויפקלייבן ביי אַלע געלעגנהייטן, וויכטיקע, אָדער ניט. אהין פלעגן די פּויערים קומען גלאַט זיצן, ווען און וועמען עס האָט זיך פאַרגלוסט. אָפטמאָל פלעגט א פּויער אָנקלאַפּן אין פענסטער נאָך א שטיק פאַרטאָג. די שוועסטער פלעגט זיך אראָפּכאַפּן אין איין ספּאָדניצע, און שפּעטער, אז זי האָט חתונה געהאַט פלעגט איר מאַן אַראָפּלויפן — סיי זומער, סיי ווינטער, א באָרוועסער אין פאַדסטאַניקעס, — עפענען די טיר, אָנצינדן א פאַר „קינעלקעס״*) אויף דעם קאַמינאַק און וואַרטן צו באַדינען דעם ערל. יענער פלעגט זיך, גאָר ניט איילנדיק, פאַררויכערן די ליולקע, זעצן זיך, רויכערן און שפּייען א גאַנץ היפּשע ווײַלע, און צום סוף פלעגט ער, אָדער אויסטרינקען א קוואַרטירל בראַנפן, אויף באָרג, געוויינלאַך, אָדער דאָס אויך ניט...

אין פרימאָרגן פלעגן זיך אַלע מאָל אָנזאַמלען א היפּשע ביסל גוים, פלעגן רויכערן, באַלאַקען**), שרייען, שילטען, קריגן זיך און אָפטמאָל, שיכור׳הייט, מאַכן א דראַקע***) און שלאָגן זיך...

זונטאָג פלעגט די קרעטשמע אין דער פרי און אויף דער

---

*) דינע שטיקלאַך האָלץ.

**) שמועסן.

***) א געשלעג.

נאַכט זיין ענג געפּאַקט. אַ חוץ די מאַנסביל, פלעגן אויך קומען זייערע „ווייבערס", מיט די „ממזרים'לאַך". עס איז געוואָרן דער טומל נאָך גרעסער. די געשרייען — העכער און אין שטוב — פינסטער פון די דיקע וואָלקנס מאַכאָרקע־רויך. דאָס האָט גע־דויערט ביז האַלבן טאָג כמעט.

דער טאַטע איז מיט מיר געזעסן אין קאַמער און האָט מיט מיר געלערנט די מסכתא חולין מיט דעם „ראָש" און „אַלפס", זייער אַ שווערע שיטה. אָבער איך האָב קיינמאָל פריער ניט געלערנט מיט אַזאַ חשק און אמת'ער התלהבות, און קיין מאָל פריער ניט געהאַט אַזאַ הנאה פון דעם לערנען גופא. מיין טאַטע, וועלכער איז געווען שטענדיק אַן אויפגערעגטער, אַ כעס'ניק, האָט זיך געפירט ביים לערנען מיט מיר ניט ווי אַ טאַטע, אויך ניט ווי אַ רבי, נאָר ווי מיין גלייכן, פּשוט ווי צוויי חברים.

און די רבותא איז נאָך מער, וואָס ער האָט זיך ניט אָנ־געשטרענגט, אָדער געמאַכט זיך אַזוי צו זיין, נאָר דאָס איז גע־ווען ביי אים אַזוי פּשוט און נאַטירלאַך, אַז מיר האָבןביידע באמת געמיינט, דאָס מיר זיינען צוויי חברים, וואָס האָבן נאָר וואָס פאַרלאָזן דעם חדר און לערנען פאַר זיך.

דאָס, וואָס איך האָב דעמאָלט געלערנט, איז פאַרבליבן ביי מיר עד היום. ניט די פילע יאָרן און ניט די פאַרשיידנאַרטיקע איבערלעבונגען האָבן געהאַט דעם כח אָפּצומעקן פון מיין זכרון די תורה, וואָס דער טאַטע האָט מיט מיר דעמאָלט געלערנט! און געלערנט האָבן מיר דוקא אַ סך. דאָס רוב גאַנץ פרי, באַגינען, כדי די גוים זאָלן אונז ניט שטערן. אָדער מיר פלעגן אָוועק־שפּאַצירן צווישן די פעלדער, אין אַ וועלדל, און גייענדיק פלעגט ער מיט מיר איבער'חזר'ן דעם ענין, וועלכן מיר האָבן דורכגעלערנט נעכטן.

אַ באַזונדער חשק האָט דער טאַטע דערוועקט אין מיר צום תנ"ך. אָנהויבנדיק פון ראשונים, האָט ער אויסגערעכנט אַלע שופטים כסדר, דערנאָך די מלכים — די מלכי יהודה און די מלכי ישראל; ווער — ווי לאַנג ער האָט געקעניגט, ווער עס

איז געוועזן אַ צדיק און ווער — אַ רשע; ביז די נביאים, זייערע נסים און זייער גרויסקייט. ישעיהו׳ן האָט דער טאַטע האָלט גע־האַט בכל לב ונפש. ער האָט געזאָגט, אַז נאָך משה רבינו איז ישעיה דער גרעסטער פון אַלע נביאים, כאָטש ער האָט כמעט גאָר קיין נסים ניט געטאָן.

— קיינעם פון די נביאים,— האָט ער געזאָגט, — האָט זיך אַזוי ניט איינגעגעבן אַזוי שאַרף און ביטער צו שטראָפן און בייזערן זיך אויף די אידן, מיט אַזוי פיל צער און יאוש ווי ישעיה׳ן. אָבער קיינער האָט ניט אויסגעדריקט אַזוי פיל טרייסט און נחמות, האָט ניט אַזוי געגלעט און געלאַשטשעט, געבענטשט און באַזונגען דעם אידן, ווי ער. אין ישעיה׳ס רייד הערט מען די שטים פון גאָט אַזוי נאָענט, אַז מען פילט דעם כביכול אַליין. אין זיי ליגט פאַרבאָרגן תלי, תלי סודות און ישועות ונחמות אויף אידן. מען זעט באַשיינפערלאָך ווי דעם אויבערשטנ׳ס מדת רחמים איז גובר די מדת הדין און אַז זיין פאָטערלאַכע ליבשאַפט און טריישאַפט איז ווי פון אַן אָב הרחמן צו זיינע פאַרבלאָנדזשעטע קינדער! לערן, מיין זונעלע, ישעיה. פאַר איטלאַכן קאַפּיטל, וואָס דו וועסט אויסלערנען אויסוועניק גיב איך דיר אַ פּאָר קאָפּיקעס...

דער טאַטע האָט זיין גאַנצע צייט מיר ניט אָפּגעגעבן. ער האָט געהאַט נאָך זיינע אייגענע זאַכן. ער האָט זיך געמישט אין שיינק, געקריגט זיך מיט די גוים, וואָס דאָס רוב פון זיי האָט ער שטאַרק פיינט געהאַט און גערופן: „עם הדומה לחמור״, אָדער „די גנבים״. ער האָט אָנגעטאָן גרויסע צרות די שוועסטער, די פירערינס פון שיינק, צעטריבן קונים און געמאַכט שונאים. אָבער די גוים פון דאָרף האָבן פונדעסטוועגן געהאַלטן פון אים, געזאָגט, אַז ער איז זייער אַ קלוגער און אַן ערלאַכער מאַן; פאַרטרויט זייערע סודות אים, געפרעגט ביי אים עצות און ביים אויסוויילן אַ „סטאַראָסטע״ *) אָדער אַ „סטאַרשינא״ האָט מען זיך פיל גערעכנט מיט דעם טאַטנ׳ס מיינונג.

*) אַן עלטערן.

דער טאַטע האָט אויך פיל צייט פאַרבראַכט אויף דעם „לקוטי-תורה״, וועלכער איז ביי אים געלעגן אין טלית-זעקל, אָן וועלכן ער האָט זיך קיין מאָל פון אָרט ניט גערירט; ער פלעגט גאַנצע שעה'ן ארומשפאַצירן אויף זייטיקע וועגעלאַך ערגעץ אונטער די שייערס אַ פאַרטראַכטער, און מיר הייסן גיין שפּילן זיך מיט די שקצים'לאַך...

ניט קוקנדיק, וואָס מיר — די שקצים און איך — האָבן איינע די אַנדערע ניט פאַרשטאַנען, האָבן מיר פונדעסטוועגן זיך גוט פאַרטראָגן. איך פלעג זיי געבן צו שטיקלאַך בויגל, און זיי מיר — ביקסלאַך, פייפלאַך און גרויסע „זמעיעם״.*)

די דערוואַקסענע פּויערים האָב איך זייער ניט האָלט געהאַט, אָבער די קליינע חברה איז מיר דוקא געפעלן געווען. עס איז מיר נאָר געווען אַ רחמנות אויף זיי, וואָס זיי זיינען נעבאַך גוים, „בורדזשוקעס״, אָנגעטאָן אין גראָבע לייווענטענע העמדער איבער די פּלודערן, אין לאַפּטשעס און עסן ברויט מיט אָסשצעס...**) זיי פלעגן מוזן גאַנץ שווער האָרעווען, און אַבי נאָר עפּעס ניט אַזוי געטאָן, פלעגן זיי קריגן גע'הרג'עט, געשלאָגן, נאָך ערגער ווי מיר פון דעם רבי.

געשלעגן אין דאָרף פלעגן פאָרקומען גאַנץ אָפט, דערהויפּט פלעגן די מענער שלאָגן די ווייבער; שלאָגן מכות-רצח, מיט אַ שטריק שמייסן אָן רחמנות. אז איך האָב דעם ערשטן מאָל דערזען אין קרעטשמע, ווי אַ מוזשיק, וועמען די ווייב איז געקומען רופן וואַרמעס עסן, האָט אַ צווישעטער געכאַפּט זי פאַד די האָר און נעוואָרפן אָן דער ערד, האָב איך אָנגעהויבן שרייען און וויינען. דער ערל האָט אויך מיר דערלאַנגט אַ פּאָר לאַפּעטשקעס — דעם טעם געדענק איך נאָך היינט. אָבער די שוועסטער האָבן אים געגעבן אַ גאָב און ער איז אַוועק אַהיים מיט זיין צובלוטיקטער „באַלאַבאָסטע״.

*) אַ פאַפּירענער שלאַנג, וועלכן מען לאָזט פליען אין דער לופטן.
**) שטיקלאַך האָלץ, מעקענע.

עס איז געווען איינער א טשיכאַן מאַרטינס — א גוי א גבור. ער איז געווען אַן אמת'ער גזלן און א רוצח. צו אַלע גוים פלעגט ער זיך בינדן און שלאָגן און הרג'ענען. ער האָט דעם גאַנצן דאָרף געהאַלטן אין דער מורא און אויך אונזערע פאַרביטערט דעם לעבן. פלעגט זיך אוועקזעצן אויף שעה'ן לאַנג און דערנאָך הייסן זיך אָנגיסן „אויסטרינקן", און אז מען פלעגט פרעגן, צי האָט ער געלט, פלעגט ער אויסשטשירן זיינע פערדישע ציינער, א קלאַפּ טאָן אין טיש, אז די שטוב און פענסטער פלעגן זיך טרייסלען, און זאָגן, אז אויב מ'וועט אים ניט געבן מיט גוטן, וועט ער אין שטוב צעברעכן אַלץ מיט אַנאַנדער און די גאַנצע פעסל בראַנפן אוועקטראָגן, — א זאַך, וואָס מען האָט אים געמעגט גלויבן.

די שוועסטער פלעגן זיך פּרואוון שטעלן אים אַנטקעגן, „סטראַ־שען" אים, אז זיי וועלן מסר'ן דעם „סטאַרשינאַ", אָבער מורא האָבנדיק, אז ביז וואָס, ווער, וועמען, וועט טשיכאַנקע טאָן זיינס — און גאָט ווייס, וואָס פאַר א הזיקות ער קען נאָך אָנטאָן, פלעגט מען אים געבן דעם טרונק בראַנפן און בשעת מעשה בענטשן אים, אז בלוט זאָל אַזוי פיל אויסרינען פון דעם „סווינטוך", דעם מערדער, פון וואָס טשיכאַן פלעגט זיך פאַנאַנדערהירזשען.

איין מאָל איז דער „סטאַרשינאַ" אָנגעקומען. די קרעטשמע איז געוואָרן פול, געפּאַקט, נאָר טשיכאַן האָט זיך ניט באַוויזן. די שוועסטער האָבן זיך באַקלאָגט, אז זיי שטייען זיך אויס גרויסע צרות פון טשיכאַנען, און דערלאַנגט, אגב, א שטיק פיש מיט א בולקע דעם אָדון. יענער האָט געשיקט רופן טשיכאַנען, און איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט אריבערטרעטן דעם שוועל, האָט אים דער סטאַרשינאַ גענומען געבן פּעטש און אים באַ'דמ'ט. טשיכאַן איז געשטאַנען אָן א היטל, געשוויגן און נאָר געווישט מיט'ן ארבל די בלוט פון פּנים און פון מויל, וואָס האָט גערונען. מיינע שוועס־טער זיינען בלייך געוואָרן, און איך האָב זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

דער סטאַרשינאַ האָט אויסגעוויילט „פּאָניעטיע"*) און אָנ־

*) א סאָרט געריכט אָדער עדות.

געהויבן אויספרעגן די פּויערים אויף די עולות, וועלכע טשיכאַן האָט אָפּגעטאָן — ער וועט אים דאָ אויפ׳ן אָרט „אריינשיטן”, דעם „בויאַן”*), אַ גוטע פּאָרציע שמיץ. אָבער קיינער האָט אַ וואָרט ניט געזאָגט. אַן עלטערער גוי, אונזערער אַ גוטער פריינט, האָט אָפּגערופן אַ שוועסטער מיינע אָן אַ זייט און איינגערוימט איר אַ סוד, אַז זי זאָל חלילה וחלילה ניט מסר׳ן אויף טשיכאַנען. ער קען נאָך די שטוב אונטערצינדן, אָדער אַלעמען אויס׳הרג׳ענען ביינאַכט.

די מיידלאַך האָבן זיך גוט דערשראָקן און געבעטן דעם סטאַרשינאַ, ער זאָל היינטיקן מאָל טשיכאַנען מוחל זיין און זאָגן אים נאָר, אַז ער זאָל ניט אַריינשמעקן מער אין קרעטשמע. דער אָדון האָט גוט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן עסק און טייטלענדיק מיט׳ן פינגער טשיכאַנען אין פּנים, האָט ער געזאָגט:

— דיין גליק, וואָס די אידישע מיידלאַך בעטן פאַר דיר. אָבער דו זאָלסט וויכן אויף ווייטער פון קרעטשמע, אַז ניט וועל איך דיך נאָך פאַר אַ סאָלדאַט אָפּגעבן!

אין קרעטשמע האָט טשיכאַן נישט אויפגעהערט צו קומען, אָבער ער איז געוואָרן גאָר אַנדערש. האָט ניט געפּאָדערט „אויס־טרינקען” אומזיסט, נאָר האָט כשר פאַרדינט דעם טרונק בראַנפן. ער פלעגט אויף די פּלייצעס ברענגען צו טראָגן אַ פּאָר מעסטלאַך קאַרטאָפל, וועלכע די שוועסטער האָבן איינגעהאַנדלט אין צווייטן עק דאָרף, אָדער אַ זעקל קאָרן, האָבער, גריקע.

ער פלעגט זיך נוצלאַך מאַכן נאָך אויף אַנדערע אופנים: אַרויסוואַרפן אַ שיכור׳ן גוי פון שטוב, אָנברעכן די ביינער אַ „האַר־ליוק**), אויף וועמען די שוועסטער פלעגן האָבן האַרץ און אָפּ־רייניקן די קרעטשמע פרייטאָג צו נאַכט, ווען עס פלעגט זיך וועלן מאַכן קידוש און עסן די שבת׳דיקע וועטשערע אַליין, ריין און שיין, עס זאָל ניט זיין דערביי אַ האַרמאַדע מוזשיקעס וואָס שרייען, ליאַרמען, רויכערן און שפּייען...

*) איינער וואָס פירט זיך ניט אויף גוט.
**) אַן איינגעשפּאַרטער, האַרטער מענטש.

אין דאָרף האָט מען שוין דערנאָך געוואוסט, אז טשיכאן מארטינס האלט מיט דער קרעטשמע און מען האָט באקומען א ביסל דרך־ארץ פאר די אידישע מיידלאך.

די פויערים האָבן בכלל געלעבט גאנץ פריינטלאך מיט די אידן אין יענער צייט, און איבערהויפּט מיט די אידישע שכנים ביי זיך אין דאָרף. מען האָט געהאנדלט אינאיינעם. דער איד האָט ביי זיי געקויפט אלערליי תבואות און פארקויפט זיי שנאַפּס, הערינג, טאראנעס וכדומה. די פויערים האָבן געהאנדלט ליבערשט מיט זייער „אייגענעם" אידן, איידער מיט א פרעמדן. דער פויער האָט צום אידן מער צוטרוי געהאט און איז טרייער געווען דעם אידן איידער דעם פריץ, דעם גלח, אָדער א מלוכה טשינאָווניק; פלעגט א אידן אָן א „פּאטענט"*) פארהיטן פון דעם אקציזניק, שווערן תלוי'ם געביין**), אז דער איד האלט ניט קיין בראנפן — מען קען ביי אים קיין טראָפּן ניט קריגן! אלע ישוב'ניקעס האָבן געוואוסט, אז קיין גוי וועט זיי ניט מסור'ן. הלואי וואָלטן שוין די אידעלאך אזוי ריין זיין דערפון...

עס האָט אויך פּאסירט, אז פויערים און פויערטעס פלעגן קומען צו לויפן מיט שטעקנס, גראָב־אייזנס און העק אָפּשלאָגן און פארטרייבן די „כאפּערס", וועלכע פלעגן כאפּן דעם ישוב'ניקס זונדל, אָדער א קרוב, וואָס האָט זיך ביי אים באהאלטן פון „נאַ־באָר***). זיי פלעגן דעם באהאלטענעם איבערטאָן און אוועקפירן ערגעץ אין אן אנדער זיכערן אָרט, ניט קארקענדיק קיין מי און טרחה.

דער חסרון מיט אונזערע גוים אין מיינע צייטן איז געווען נאָר דער חסרון כיס. דאָס רוב פון זיי איז געווען זייער ארים. זיי האָבן ניט געהאט געגוג ערד און נאָך ווייניקער פּי. זיי פלעגן האָרעווען שווער און ביטער, ממש מיט שוויס און בלוט פראצעווען

---

**) דערלויבעניש.
**) ביי יעזוס'ן.
***) רעקרוטן.

ביז זיי פלעגן אַרויסקריגן אויף זייערע אייגענע נויטיקע באַדערפ־נישן און אויף די „נאַלאָגן" *).

אַי, וואָס פאַר אַ „כאַשינקעס" עס פלעגן זיך אָפּשפּילן, ווען מען פלעגט קומען פון „וואָלאָסט**) אָפּשרייבן ביי אַ פּויער זיין „כודאָבע"***) פאַר הינטערשטעליקע „נאַלאָגן"!

דער פּויער האָט נאָך ערגער ניט געוואָלט זיך שיידן מיט זיין פערדל, עקסל, אָדער בהמה'לע, איידער מיט זיינס אַ קינד. די יללות, דער געוויין און יאָמער זייערע האָט געשניטן ביים האַרצן. עס פלעגן דערביי פאָרקומען געשלעגן, שמיץ און אָפטמאָל פלעגט מען אַוועקשלעפּן דעם פּויער מיט זיין ווייב אין „וואָלאָסט" פאַר שטעלן זיך אַנטקעגן נאַטשאַלסטוואָ.

ניט איין מאָל פלעגט דער ישוב'ניק אויסהעלפן דעם פּויער אין אַזאַ עת צרה, און דער גוי האָט דאָס ניט פאַרגעסן, שטענדיק מכיר טובה געווען, ניין, געוואָרן דעם אידנ'ס פּרייוויליקער עבד כנעני, פאַרטיק געווען צו גיין פאַר דעם אידן אין וואַסער און אין פייער. דער איד האָט סוף כל סוף גאַרנישט צוגעלעגט פאַר זיין גוטסקייט. אָבער עס זיינען אויך געווען יוצאים מן הכלל. עס זיינען געווען פּויערים האַדעס, „בעזסאָוועסטניקעס"‡), וועלכע פלעגן זיך מאַכן כלא ידע און ניט אומקערן דעם אידן אפילו דעם קרן, שוין אָפּגערעדט פון רוחים. אָבער אַזעלכע זיינען געווען ווינציק. די „האַרמאַדע", דער פּויערשער קהל, האָט אַזעלכע „סווינױוקעס"‡) כמעט מחרים געווען, אַ לא יבוא בקהל איז ער געוואָרן!

אין אונזער דאָרף טאַזילעוויטש איז מען געקומען אַמאָל פון „וואָלאָסט" צונעמען ביי אַ פּויער זיין לעצטע בהמה. דער פּויערטע,

---

*) אָפּצאָלונגען.
**) באַצירק.
***) אייגנטום.
‡) געוויסנלאָזע.
‡) שווינען.

וועלכע האָט זיך געפּרואווט שטעלן אנטקעגן, האָט מען געשלאָגן מכות־רצח און צובלוטיקט. דעם מאָן האָט דאָס שרעקלאַך אויפ־געבראַכט און אין גרויס אויפרעגונג האָט ער דערלאַנגט מיט עפּעס איבער'ן קאָפּ דעם סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו. עס איז געוואָרן אַ גרויס טומל און געפּילדער. אַ קלייניקייט, שלאָגן נאַטשאַלסטוואָ ביים אויספירן דעם געזעץ!... דאָס מיינט דאָך „קאַטאָרגע"*), די פרוי מיט פיר קינדער פאַר'משפּט'ן צו הונגער טויט! מיין שוואָגער שמעון, אונזער שותף צו דער קרעטשמע דעמאָלט, האָט ביי זיך ניט געקענט פּועל'ן אַזאַ זאַך צו לאָזן, האָט ער פון זיין אייגענער קעשענע באַצאָלט זעכצן קאַרבן דעם נאַלאָג, מכבד געווען דעם „סטאַנאָוואָי" מיט משקה, טיי און מיט אַנדערע זאַכן און געבעטן אים רחמים, ער זאָל דעם שוין געמאַכטן „אַקט" צוררייסן. יענער איז גראָד מרוצה געוואָרן און האָט געזאָגט דעם פּויער, פאַר אַלעמען אין די אויגן, אַז ער דאַרף דאַנקען און לויבן דעם אידל כל זמן ער וועט לעבן און אויך זיינע קינדער און קינדס־קינדער פאַרזאָגן, זיי זאָלן געדענקען דעם חסד פון דעם אידן... וואָרים ווען ניט דער איד, וואָלט ער דאָך אין אָסטראָג פאַרפוילט געוואָרן, אַ חוץ די הייסע שמיץ וואָס ער וואָלט געקראָגן.

דער גוי'עץ איז אָבער געווען אַזאַ בעזסאָוועסטניק, אַז ער האָט שמעונ'ען אַ גראָשן ניט געוואָלט אומקערן. — „האָסטו ניט געזאָלט זיין קיין גוטער נאַר", פלעגט ער כסדר ענטפערן, ווען שמעון פלעגט אים מוסר'ן, בעטנדיק זיין געלט.

דער דאָרף איז אָבער געוויאָרן מלא חימה, און איינמאָל אַ זונטאָג האָט מען אין קרעטשמע אָפּגעמאַכט, אַז קיין גוי זאָל אין יענעם פּויער'ס ד' אמות ניט שטיין, קיין מגע ומשא מיט אים ניט האָבן און קיינער אין דאָרף זאָל זיין „קום"**) אָדער „קומושקא" ביי טשערעסקע כוועדאָסעס ניט זיין! אַן אַלטער פּויער, וועלכער

*) פאַרשיקט ווערן אויף שווערער אַרבעט.

**) אַ מין קוואַטער ביים צלמ'ען אַ ניי־געבאָרן קינד.

האָט אויף זיינע פּלייצעס דורכגעטראָגן די יאָרן פון פּאַנשטשינע *) און פאַר וועלכן די פּויערים האָבן דורך־ארץ געהאַט, האָט מיט האַרץ אויסגעשריען, אַז ניכאַי וואָלט טשערעסקע ליבערשט געגאַנגען ערגעץ גנב'ענען, אָבער שמעונ'קען גענדאַרפט באַצאָלן! עס איז דאָך אַ פּלעק, אַ בושה און אַ חרפּה פאַר דעם גאַנצן דאָרף!

אַלע האָבן מיט דעם אַלטן מסכים געווען. טשערעסקען איז ענג געוואָרן און ער האָט שמעונ'ען אויסגעצאָלט ביז אַ גראָשן.

אין אַסיען פּלעגט כמעט קיין פּויער ניט אָפּזאָגן דעם ישוב'ניק צי דעם קרעמער, מיט וועלכן ער האָט שטענדיק געהאַנדלט, און געבן „אַסיעניניע" — אַ מתנה פון זיינע תבואות, ווען מען פלעגט קומען צו אים אין שייער, בעת ער האָט געדראָשן. ער פלעגט געבן דעם אידן מער גערן איידער דעם „באַטיושקאַ", דעם גלח, און גע־געבן אַזוי פיל, וויפיל „גאָט האָט אים געהאָלפן"...

די ישוב'ניקעס אין אונזער געגנט זיינען געווען דאָס רוב גרויסע אָרימע לייט. זיי פלעגן דעם פויער מקנא זיין — מקנא זיין אים דאָס אייגענע שטיבל, אייגן שטיקל ערד, די „כודאָבע" און אויך דאָס, וואָס דער פויער דאַרף גאָרניט.

— וואָס, פלעגן זיי טענה'ן צווישן זיך, דאַרף ער? ניט קיין מלמד, ניט קיין שכר לימוד, דאַרף אפילו קיין שטיוול ניט! ער דאַרף אפשר, ווי מיר, אין שטאָט פאָרן צו אַ יאָרצייט, צי צו קריאת התורה אַמאָל? אַז עס קומט די ימים נוראים, רייסט מען דאָך פּשוט פון אונזערע ברידער די פעל אראָפּ, אַז מען קומט אין שטאָט. נאָר גיב און גיב! קומט מען צו אונז אין דאָרף, דאַרפן מיר פאַר דער זכיה מכבד זיין, שטעלן זיך פיין, ברייט און געבן מיט אַ פולער האַנט, אַז ניט וועט מען באַריידן. זאָגן: „חזירים אַ ביסל זיינען דאָס די ישוב'ניקעס!" קומען מיר אין שטאָט, רייסט מען פון אַלע זייטן, דאָס אויף דער שול, אויף דעם רב, דאָס אויף מעות חטים, אויף דער באָד, אויפ'ן הקדש. פּשש... ביי וועמען זאָל מען רייסן

**) לייב־אייגנטום.

אַ פּאַס, אַז ניט ביי די ישוב'ניקעס ? נישקשה, נישקשה, זיי האָבן, זאָגט מען, געװנוג און מעגן זיך לאָזן געפינען ! היינט גיי עפּן פאַר יענעם דאָס הארץ, דערציייל יענעם אַ מעשה, אַז מען דאַרף האָרע־װען, פארשוואַרצט ווערן פאַר דעם שטיקל ברויט און פאַר רוחים זיין אָפּגעריסן פון גאָט און פון לייטן, אַליין פארגרעבט ווערן און די קינדער צווישן די שקצים און שיקסעס אויפברענגען. אַך, אַך, אַך, וואָס פאַר אַן אומגערעכטע וועלט ! — פלעגן זיי אויסלאָזן מיט אַ טיפן זיפץ. און פילע ישוב'ניקעס פלעגן טאַקע דעריבער וויכן פון שטאָט און ניט ליב האָבן דעם שטאָט־אידן פאַר זיין האַלטן זיך גרעסער און מער מיוחס פאַר זיי, סיידן ווען זיי האָבן נויטיק געדאַרפט : צו יאָרצייט, למשל, אָדער אַז עס איז געבאָרן געוואָרן אַ מיידל — קומען אין שטאָט אַ נאָמען געבן, — אַלץ אין אַזעלכע צייטן ווען מען דאַרף אַ מנין און עולה תורה זיין.

פרומערע און רייכערע פלעגן זיך אַמאָל אַראָפּכאַפּן אין שטאָט אויך שבת־ראש־חודש בענטשן, אָבער אויף ימים נוראים פלעגן אַלע אָן אויסנאַם קומען אין שטאָט. אין די שולן פלעגט ענג ווערן פון זיי. איינשטיין פלעגט מען געוויינלאַך ביי אַ קרוב, און דאָס רוב דוקא ביי אַן אָרימען קרוב, וואָרים, ערשטנס, פילט מען זיך ביי אַן אָרימאַן היימישער, און דער עיקר, ווייל נאָר דער אָרימאַן איז מרוצה געוואָרן אריינלאָזן צו זיך אַ גאַנצע „כאַליאַסטרע", אַ גאַנצע געזינד — אָפּטמאָל אַ גאַנץ גרויסע. דעם ישוב'ניק האָט דאָס געקאָסט טאַקע אַ גראָבע אַפּותיקא, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט העלפן.

אין שול פלעגן זיי קויפן די בעסטע עליות, באַפריידיקן שיין דעם שמש און אַנדערע כלי־קודש, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט די אויגן אויף די ימים נוראים מיט די ישוב'ניקעס.

צו קריאת התורה פלעגן חברה־לייט מאַכן שפּאַס פון דעם אָדער יענעם ישוב'ניק און ניט זעלטן גראָב אָנטרעטן, אָבער אָפט האָבן זיי גאַנץ שלעכט אָפּגעשניטן פאַר אַ מיאוס'ער הלצה. דער ישוב'ניק האָט געקענט אַראָפּלאָזן אַ מתנת יד, אַז מען זאָל האָבן

צו געדענקען. איינמאָל האָט א ישוב'ניק, וועלכער האָט געהאט יאָרצייט און געדאַרפט עולה תורה זיין, געהאט דעם אומגליק אויפ־גערופן ווערן צו מפטיר. מילא, די ברכות פון דער הפטורה זיינען נאָך ווי עס איז אַרויסגעקראָכן פון מויל — האַרטע ווי קלעצער, צוקאַליעטשעטע און מיט „סוקעס", אָבער ביי דער הפטורה גופא איז געווען גרויסע צרות: אַנשטאָט „הם כל בשר" האָט ער גע־זאָגט „האָם כל בשר", און דער עולם האָט אַרויסגעפּלאַצט אין א געלעכטער. דער איד האָט נעבאָך געהאט גרויסע שפיכות־דמים, האָט פאַרזאָגט א צענטן עולה תורה זיין צו מפטיר און אפילו קומען אין שטאָט. האָט אָבער איבערגעלאָזן אויף משקה מיט א ברייטער האַנט און געבעטן מען זאָל פון זיינע גרייזן ניט מאַכן קיין וועזן. העלפן האָט דאָס אָבער ניט געהאָלפן. פון דעמאָלט אָן האָט מען אים גערופן: „מאָטקע האָם", און שונאים האָבן דאָס איבערגעדרייט אויף „מאָטקע כאָם". איינעם האָט מען גערופן: „זלמן דער גוי". ער איז געגאַנגען צום רב, געוויינט מיט טרערן, אַז ער דאַרף קינדער חתונה מאַכן, עס וועט אים שאַדן צו א שידוך, און ער גיט, האָט ער געזאָגט, א פוד ליכט אויף די שולן. דער רב האָט געלאָזט אויסרופן אַן אזהרה אין אַלע שולן, און פון דעמאָלט אָן האָט מען אים שוין גערופן „זלמן דער איד".

דאָס רוב ישוב'ניקעס זיינען געווען זייער פרומע אידן, א סך פרומערע איידער די שטאָט־אידן, אָבער זיי זיינען געווען עם־הארצים און האָבן ביי זיך אין הארצן — חלילה ניט אַרויסזאָגנדיק — ניט ליב געהאט די „כניאָקלאָך", די „כאַלעמייזניקעס" — די לערנערס.

דער מלמד'ל, וועלכן זיי פלעגן נעמען פאַר זייערע אינגלאַך צו זיך אין דאָרף, פלעגט אויסגעריסן ווערן אויפ'ן פוד: פלעגט דאַרפן אַרויסטראָגן די פּאָמאָיניצע, אַריינטראָגן האָלץ און אויך אָנהאַקן א ביסל האָלץ, און פאַר רוחים פלעגן אַלע פּויערים לאַכן פון אים, מאַכן חוזק פון זיין ריידן גוי'איש. קיינער האָט זיך ניט נעקוואָפּעט אויף אַזא שטעלע, ווי פאַרן אין דאָרף קנעלן, סיידן נאָר א ישיבה־

בחור — א צרה, א פארהונגערטער, וואס פלעגט זוכן אבי אנעסן זיך זאט!

די שכירות איז געווען צען־צוועלף קארבן א זמן אויף אלעם פארטיקן, דאס הייסט — שלאפן אויפ׳ן אויוון, דריי מאל א טאג עסן און אלע פרייטאג א ריינע העמד. עס זיינען געווען אויך יוצאים מן הכלל, אבער גאנץ ווייניק און זעלטן.

כד.

# הכנסת אורחים

א חוץ די אָרימע זיינען געווען אויך תקיפ'ע ישוב'ניקעס. דאָס זיינען געווען ניט די שיינקערס און אַרענדאַטאָרס, נאָר די האָליץ און וואַלד הענדלער, וועלכע פלעגן מאַכן פּליטן *), בויען אייגענע בער־לינעס**) און לאָזן זיי „אויפ'ן ניז"***); די אָקסן־הענדלער, וועלכע פלעגן טרייבן „טאַבונעס" קיין ליבאַווע אָדער ריגע; די תבואה־הענדלער, סוחרים פון פלאַקס און ליינזוימען, וועלכע האָבן זיך דערום באַזעצט אין די דערפער, כדי נעענטער צו זיין צום גוי און פאַרהיטן זיך פון דער שאַרפער קאָנקורענץ. אַזעלכע אידן האָבן טאַקע געמאַכט אַ גראָבן קערבל, אַליין געלעבט בהרחבה און גע־געבן מיט אַ פולער האַנט.

צווישן אָט דעם קלאַס ישוב'ניקעס האָט מען אָנגעטראָפן זייער חשוב'ע מענטשן, גרויסע מנדבים און מכניסי אורחים, אידן לומדים און גרויסע חסידים.

איינעם אַזאַ אידן האָב איך געטראָפן אויף דעם שליאַך פון מאָזיר קיין פּעטריקאָוו. זיין שטוב איז געווען אַ פרייע אכסניא ממש פאַר כל דכפין. מען האָט געגעבן פון כל טוב, סיי אידן, סיי גוים, און מען האָט קיינמאָל אַ קאָפּיקע ניט גענומען אפילו ניט פאַר היי און האָבער די פערד צו פיטערן. דעם ערל פלעגט מען אָוועק־

*) אַ פּאַרטיע האָליץ.

*) הילצערנע שיפן אויף פירן פראַכט.

***) אין שטעט, וואָס שטייען אַרונטער, ביים וואַסער.

זעצן, געווײנלאך, אין א זייטיקן חדר, לעבן קיך — א קשיא אויף א מעשה, ער קען דאך נאך ארויסשלעפן אן אייגענע שטיק קאל־באסע און טריף מאכן אלע כלים, אבער „פרעסן” האט מען אים געגעבן.

ארום און ארום אין דער גאנצער געגנט האט געקלונגען מיט דער שטוב, און פויערים האבן זי נאך מער געליבט איידער די אידן.

פיר מאל איז מיר אויסגעקומען דורכצופארן דארטן, אין פארשידענע צייטן פון יאר און פון טאג, און שטענדיק האב איך געזען די זעלביקע גאסטפריינטשאפט, שטענדיק איז געווען א פולע שטוב מיט מענטשן צוזעצט ארום די לאנגע טישן — פליישיקע און מילכיקע עסערם אויף באזונדערע טישן.

צוגעגאנגען איז דאס אזוי פשוט, אז דעם ערשטן מאל האב איך גערעכנט נישט נאר, אז מען וועט דארפן צאלן, נאר אז מען וועט הייסן גוט באצאלן.

אן אלטשינקע פרוי איז צוגעגאנגען, ווי איינע וואס זוכט זיך אונטערצו׳חנפה׳נען כדי וואס מער צו לייזן, און האט געזאגט:

— ברוך הבא, שלום־לייכעם, פון ווייט? וואס וועט איר עפעס עסן, הא? — און אנגעהויבן אויסרעכענען א צעטל פליי־שיקס: רעטאך מיט גענזענע שמאלץ, לעבערלאך, א גוטע גרי־קענע קאשע איינגעפרייעט מיט גריבענעס און אונטערגעגאסן מיט פאסאליעס, א ראסל־פלייש, אויב איך וויל; אויב ניט, איז א שטיקעלע געבראטנס מיט כריין און בוריקעס ראסל און צו פאר־בייסן — א צימעסל, ניט צו פארזינדיקן, מערן און פלוימען און קארטאפל מיט האניג און ברוסט־פלייש...

דער מילכיקער צעטל איז געווען נאך מער אפעטיטנע: קעז מיט סמעטענע, פיש געבראטן אין פוטער, זייער געראטענע קנייד־לאך אין מילך, א פאר אויער, צי א פיינקוכן און גאר פרישינקע בלינצעס מיט קעז, א מאכל!

גערעדט האט זי מיט אזא טעם, אז דער אפעטיט האט זיך שטארק פאנאנדערגעשפילט, און פון דעם זולל וסובא וועגן וואלט רעכט געווען, כאטש נעם און עס ביידע צעטלאך...

— נו, גוט, זייט מוחל, וואַשט זיך און זעצט זיך ביים מיל-כיקן טיש. איך עצה אייך, צו דערנאָכט-צו, גלייכער עסט מילכיקס.

איך האָב, פאַרשטייט זיך, ניט געלאָזן זיך בעטן, כ'האָב אָנ-גענומען דער אַלטשינקערס עצה צוליב אַן אַנדער טעם — ניט געוואָלט פליישיק ווערן, טאָמער וועט מען אין פעטריקאָוו ביים פעטער אָנבאָטן אין אַ פיר שעה אַרום אַ מילכיקן מאָלצייט, וועלכן מען טאָר ניט עסן נאָך פליישיקס סיידן אין זעקס שעה. האָב זיך גוט אונטערגע'אכל'ט, גאָר כדבעי, אָנגעטרונקען זיך מיט טיי (מען גיט אַ שנאַפּס אויך, ווער עס וויל) און אַז עס איז צייט געווען פאָרן, האָב איך געפרעגט דער אַלטשינקער, וואָס קומט פון מיר.

זי האָט שטאַרק צופרידן געשמייכלט און געזאָגט:

— אפנים אַ „נאָוואָטנער", אַ פרעמדער, האַ, ניט פון דער געגנט? נו, געבענטשט האָט איר דאָך, דעם אויבערשטן האָט איר באַדאַנקט שוין פאַר זיין חסד, טאַ וואָס קען מען פון אייך נאָך פאַרלאַנגען? געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, מיין אייִדים, זאָל געזונט זיין, קען נאָך באַשטיין געבן אַ אידן אָפּעסן... אַבי איר האָט הנאה געהאַט. זאָל אייך נאָר וואויל באַקומען! אונזער שכר וועלן מיר שוין באַקומען פון אונזער אַלעמענס בעל-מפרנס, ער איז אַ קאָפּעטשקע רייכער פון אייך און איז אַ גוטער בטוח ביי אונז; אי, איז ער אַ בטוח!

דעם צווייטן מאָל האָב איך שוין ניט געהאַט די חוצפה, און אַז די אַלטשינקע האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען אירע צעטלען, האָב איך איר געזאָגט, אַז איך פאַרלאָז זיך אויף איר.

— ניין, ניין, חלילה, — האָט זי געענטפערט. — גלויבט מיר, אַז מיר קריגן כפל כפלים פאַר איטלאַכן אורח'ס סעודה. איר טוט אונז אַ סך אַ גרעסערע טובה איידער מיר אייך. עסט געזונטערהייט וואָס אייך געפעלט... איך רעכן נאָר, אַז פאַר אַ יונגן מענטשן איז אַ שטיקעלע פלייש קרעפטיקער, בפרט אַז איר האָט נאָך צו פאָרן אַ שטיק וועג.

די אַלטשינקע איז אַרומגעגאַנגען פון טיש צו טיש, האָט אַרומ-געפּאַדעט פון איין אורח צום אַנדערן, גערופן די דינסטן, געהייסן

דעם אורח דערלאנגען דאס, יענעם — עפעס אנדערש, צו איטלאכן געשמייכלט, געזאגט א גוט ווארט, אונטערגעגעבן חשק און אפעטיט צום עסן — און איז געווען גליקלאך פון דער שפע...

— היינט א גוטן טאג געהאט, געלויבט איז דער אויבערשטער, קיין עין־הרע א סך אורחים געווען. הלואי ווייטער! — האט זי פארענדיקט.

איינמאל איז אנגעפארן מיט „פאטשטאווע" *) א פרעמדער יונגערמאן, א גאנצער פראנט, אין א קורצן רעקל, גאר אן פאות און מיט א סך העזה, קענטיק א רייכער חברה־מאן.

ער האט א „קאמאנדעווע"**) געטאן:

— שנעל, עסן. ניטא קיין צייט!

די אלטשינקע, ווי איר שטייגער איז, האט געזאגט:

— נו, גוט, גייט זיך וואשן. וואס וועט איר עסן, מילכיקס, אדער פליישיקס?

דער יונגערמאן האט דערלאנגט אויף איר א שפאטישן בליק און מיט א בייזלאכן טאן א זאג געטאן:

— וואס איז אייער עסק, באבע, צי איך וועל מיך וואשן, צי ניט; צי איך וועל עסן פליישיקס, מילכיקס, אדער ביידע זאכן אינאיינעם? וואסי, אנדערש גיט איר ניט עסן?

די באבעניו האט א שמייכל געטאן און דערקלערט דעם יונגן־מאן, אז אירע טישן זיינען ביי איר א מזבח, אויף וועלכן זי איז מקריב קרבנות צו זיין ליבן נאמען, וועט זי ניט לאזן מיט אומריינע הענט פאראומווירדיקן איר טיש. קיין פליישיקס אינאיינעם מיט מילכיקס גיט זי ניט, אירע כלים וויל זי ניט טריף מאכן און זי וויל ניט העלפן א אידן זינדיקן. אבער עסן קען ער קריגן, ער זאל מוחל זיין אריינגיין אין דעם חדר'ל דערביי, לעבן קיך, וואו עס עסן די גוים...

דער חברה־מאן איז מרוצה געווארן בעסער וואשן זיך און עסן

*) פערד, מיט וועלכען מען פירט די פאסט.
**) געהייסן.

פלײשיקס אַלײן, אײדער זיצן מיט די מוזשיקעס דאָרטן לעבן קיך. אַז ער האָט אָפּגעגעסן און ניט געבענטשט — דער אַלטער אויף להכעיס — האָט ער אַ פרעג געטאָן מיט גדלות, האַלטנדיק דעם פּאָרטמאַנע אין האַנט:

— וואָס קומט?

— מיר קומט טאַקע גאָרנישט, אָבער אימיצן קומט דאָך פאָרט צו באַדאַנקען פאַר די שפּײַז, וואָס מיר עסן. נאָר אַזוי ווי אײַך פּאַסט אָפּנים ניט, צי עס שטײט ניט אָן, גוטער יאָר ווײס אײַך, לױבן און דאַנקען דעם, וואָס שפּײַזט אונז אַלעמען, וועט איר אַזוי גוט זײַן און אַרײַנוואַרפן פאַר דעם מאַלצײַט אַזוי פיל און אַזוי פיל אין אײנער פון די דרײַ פּושקעס, וואָס זײַנען צוגעשלאָגן אָט דאָ צום וואַנט.

אויף די פּושקעס זײַנען געווען צוגעקלעפּט צעטלאַך: אויף אײנער „תלמוד תורה", אויף דער צווײטער — „מלביש ערומים", אויף דער דריטער — „ר' מאיר בעל נס". דער יונגערמאַן האָט דאָס געלט אַ וואָרף געטאָן, ווי אַ באַלײדיקטער, אויפ'ן טיש, אַ מורמל געטאָן צו זיך: „עפּעס ווילדע ברואים, פאַנאַטיקער" — און איז אַרויסגעלאָפן.

די אַלטשינקע האָט גענומען דאָס געלט און צוטײלט צווישן אַלע דרײַ פּושקעס, באַמערקנדיק:

— זאָל אים זײַער זכות בײַשטײן. אַ רחמנות, אַ פאַרפאַלע־נער, נעבאַך!

אגב אורחא, האָבן די פּושקעס דאָרטן גאַנץ גוט געלײזט. די אַלטשינקע האָט שוין געזאָרגט, אַז איטלעכער אורח זאָל עפּעס אַרײַנוואַרפן, און זי האָט זיך געפרעגלט פון נחת, ווען עס איז געווען אַ געראָטענער חודש.

ניט אַלע ישוב'ניקעס, פאַרשטײט זיך, האָבן זיך געפירט אויף אַזאַ ברײטן שטײגער, ווי אָט די הויז מיט דער אַלטשינקער, אָבער כמעט אומעטום, אין יעדן דאָרף, האָט אַ איד געקענט קריגן אָפּ־עסן און איבערנעכטיקן בחנם.

חנוכה־צײַט פלעגן אָנקומען די שטאָטישע כלי־קודש נאָך

חנוכה־געלט און זיי פלעגן ליידיק ניט אװעקגיין. צו די חשוב׳ערע און רייכערע ישוב׳ניקעס פלעגט זיך אראכאפן אמאל דער רב פון שטעטל, דער חזן, דער גבאי, און אמאל אפילו דער רבי! דעם מכנים אורח האט אזא באזוך אפגעקאסט א שלל מיט געלט. ער האט געדארפט, א חוץ די נדבות צו די באזוכער, געבן אויך אויף אלע קהל׳שע הצטרכות׳ן.

עס זיינען געװען אזעלכע דארפ׳ס־לייט, װעלכע האבן באזארגט די שול אין שטאט מיט האלץ איבער װינטער; דעם הקדש, מיט בולבעס און אויער, אדער מיט מילך, קעז און פוטער. און אויף פסח פלעגן זיי געבן ביד רחבה מעות חטים, ארײנשיקן א גאנצן װעגל עופות און גענזענע שמאלץ פאר די ארימע לייט און די געפאלענע באלעבאטים.

די ארימע לייט פון שטאט פלעגן גאט בעטן און װארטן אויף א שמחה׳לע ביי די רייכערע ישוב׳ניקעס. קיין שטאטישער גביר פלעגט זיך קיינמאל ניט לאזן קאסטן אזויפיל געלט און ניט אזוי מהנה זיין די ארימערע מענטשן, װי אט־די דארפ׳ס־לייט. א חוץ דעם שיינעם רח״ש וקל״ס*), פלעגן זיי א סך טאקע צעטיילן — װעמען מזומן, װעמען לייװנט אויף העמדער, צי גאר צוביסלאך פעדערן אויף קישעלאך, האלץ, בולבעס און שאר ירקות. קורץ, דער ארימער עולם און קהל האט אפגעלעגט א ביינדל.

דאס רוב חתונות זיינען געמאכט געװארן אין די דערפער גופא. מען פלעגט אראפברענגען דעם רב, דעם חזן און שמש, די בעסטע כלי־זמר, היינט װער רעדט די מחותנים, אויף טייערע „ברידזשקעס״**), מיט טייערע שפאנען, פלעגט מען איבער׳ן מארק פארן מיט א קנאק און גרויס פוריע, גאר א גרויל, אז אלע פלעגן מקנא זיין!...

א, װי גליקלאך איז געװען יענער אינגל, װעלכער האט זוכה

*) רב, חזן, שמש; קהילות, לומדים, סופרים.

**) שיינע װאגנס.

געווען אונטערהענגען זיך אָן איינעם פון די חתונה־וואָגנס! אַ סך גליקלאַכער אפילו פאר דעם חתן אליין!

אַ חתונה ביי אַ ישוב'ניק האָט אָנגעהאַלטן כמעט אַ גאַנצע וואָך. מען האָט געפראַוועט די שבעת ימי המשתה כדת וכדין און עס איז געווען ששון ושמחה — אויף אַלע צרות פאַרגעסן!

די פּויערים פון דאָרף האָבן גרויס אפּשיי געהאַט און געהאַלטן זיך מיט אַ יראת הכבוד. זיי האָבן באַשיינפּערלאַך געזען דעם חילוק פון זייערע „באַשלעירעס" און די אידישע חתונות, און עס האָט געמאַכט אויף זיי אַן איינדרוק. גאָר ניטאָ קיין געשלעג, קיין „דראַקעס" און קיין שיכורים...

די צערעמאָניע אונטער דער חופּה, ווי די כלת דרייט זיך זיבן מאָל ארום דעם חתן; ווי מען בענטש חתן כלה אונטער דער חופּה; די ברכות, וואָס דער רב מאַכט; ווי חתן־כלה פאַר־זוכן, קוים נאָר צו די ליפּן, פון דעם בעכער וויין; היינט די כלי־זמר, די טענץ, דער גאַנצער „פּאָריאַדאָק", וואָס איז אַזוי אַנדערש ווי ביי זיי, און איז אַ סך שענער און געהויבענער, — האָט געווירקט אויף די פּויערים און זיי האָבן געקראָגן גרויס דרך־ארץ פאַר די אידן און געפילט זיך ווי פאַרשעמטע אביסל.

דאָס רוב פּויערים האָבן געבראַכט מתנות: עופות, אויער, „נאָמעטקעס" און האָניק איז געווען לרוב. דער בעל־שמחה האָט, פאַרשייט זיך, געשטעלט פאַר זיי אַן עמער שנאַפּס מיט פאַרבייסן, און ביידע צדדים זיינען געווען זייער קאָנטעט.

אָבער עס האָבן אויך געטראָפן געהויבענע חתונות, וועלכע מען פלעגט דווקא אין שטאָט אריינפירן, און ביי שטאָט איז דאָס געווען זייער אָנגעלייגט. די חתונות אין שטאָט פלעגן דעם ישוב־מאַן קאָסטן נאָך טייערער און ער האָט ווינציקער הנאה געהאַט פון זיי. דערפאַר האָט מען אים אָבער כבוד געגעבן אויפ'ן פול...

כח.

# פון שטאָטישן לעבן

א חתונה ביי אידן, אין מיינע חדר־יאָרן, איז געווען די גרעסטע געשעעניש, ניט נאָר ביי די פּאָר־פאָלק, נאָר נאָך מער, ביי טאַטע־מאַמען! עס איז געווען אַן ענין אויף יאָרן און יאָרן צו ריידן, דערציילן און געדענקען. דעם געמיינעם באַלעבאָס איז די שמחה אָנגעקומען שווער, ווי קריעת ים־סוף. עס האָט זיך געוואָלט טאָן דעם ריכטיקן שידוך, געבן נדן און א גאַרדעראָבע לייטן גלייך און מאַכן א חופּה־וועטשערע, אז מען זאָל, חלילה, ניט פאַרשעמט ווערן. מען האָט געמוזט אָנהאַלטן דעם שטאַט נאָך מכמה אנדערע טעמים: עס זאָל ניט שאַדן צו קרעדיט און צו ווייטערע שידוכים... אנדערע באַלעבאַטים האָבן זיך פון העמד אויסגעטאָן, געבליבן אביונים, קבצנים, ממש ממית געווען זיך, אבי א שיינע חתונה אויסצופירן! מען האָט פאַר'משכנ'ט הייזער, קראָמען, געליען געלט ביי וואָכערניקעס, געקניפּן זיך אין די באַקן, אבי די פאַרב זאָל שטיין!

עס האָט גאַנץ אָפט געטראָפן, אז נאָך א געהויבענער חתונה, האָט דער חשוב'ער באַלעבאָס אנגעזעצט, פאַרנומען געלט ביי יתומים און אַלמנות, און ער האָט געקראָגן מער קללות, איידער די ברכות צו דער חתונה. ניט זעלטן פלעגט טרעפן, אז א בן־תורה, אַן אנגעזעעענער מענטש פלעגט ניט קענען אריבער־טראָגן דעם עגמת־נפש און פאַלן א קרבן: די גאַל פלעגט אין אים פּלוצלינג פּלאַצן און ער פלעגט מיט דעם לעבן באַצאָלן!

יחוס, כבוד, „זיין לייטן גלייך", איז געווען די הוויון אין

דעם טויג, פון וועלכן דאָס אידישע לעבן אין מיינע צייטן, אין אונזער שטאָט איז געווען געקנאָטן. ביי חתונות, ברית'ן, אין שול, — ביי צדקה־זאכן, ביי אפּגעבן א אינגל אין חדר — אלעמאָל האָט מען געהאט נאָר איין איינציקע זאך אין זינען — אויס־פיינען זיך!

אויף קליידן זיך — ארויסגיין צווישן מענטשן — האָט מען זיך געלאָזט קאָסטן ביז דעם לעצטן גראָשן: זאָלן זיך שונאים נים פרייען, חלילה! ביי זיך אין דער היים, ווען קיינער האָט ניט געזען, האָט מען געדארט און געקווארט און אָפּגעקומען מיט אַבי וואָס... קיין וויים־ברויט, א בולקע, האָט מען אין די אויגן ניט אָנגעזען, א חוץ משבת לשבת. א שיטערער קרופּניק, א בולבע, אַן אוגערקע מיט ברויט, אביסל זויער מילך און א שטיקל הערינג — זיינען געווען די הויפּט מאכלים אפילו אין גאנץ חשוב'ע באַלע־באַטישע הייזער, און עס איז גאָר קיין רבותא ניט, וואָס אונזערע ליטווישע אידן זיינען געווען בלייכע, אויסגעדארטע, אויסגע־קווארטע — ממש, פארהונגערטע!

אַז עס פלעגט קומען צו א „נאבאָר", איז געווען צרות צרורות — עס איז ניט געווען, פּשוט, ווער מען אָפּצוגעבן! די רייכע און געזונטע, האָט מען ניט געטמייעט נעמען, און די קבצנים — האָט מען פארבראקירט: טויגן ניט, „ניע גאָדיען!", פלעגן די דאָקטוירים זאָגן.

אַנטקעגן אונזער הויז איז געווען די „סבאָרניע"*). באַלד נאָך סוכות פלעגט זיך אָנהייבן די „כאפּעריי", און די „געכאַפּטע" פלעגט מען האלטן אין „איסבאָרניע" פארשפּארט ביז צום „פּריאָם"**), ארום ניי־יאָר. די עובדא פון קהל איז איצט געווען — „פּאפּראווען***) די קאנדידאטן, זיי זאָלן טויגן פאר סאָלדאטן, אָבער דאָס האָט זיך זעלטן ווען איינגעגעבן... אַן

*) דער פּלאַץ, וואו מען האָט געהאַלטן ביז דעם אָפּגעבן.
**) אָפיציעל צונעמען פון דער רעגירונג.
***) פאַרריכטן.

אָרימער שניידער אינגל, אַז אויסגעמאָגערטער וואסער־טרעגער'ס בנ'אָקל, אַ פארזינדיקטער, אויסגעמאטערטער ישיבה־בחור — אַזעלכע פארשוינען האָבן זיך בשום אופן ניט געלאָזט „פּאפּראַ־ווען". גאַנצע טעג האָבן זיי געזאָגט תהילים, נאָך צוביסלאָך אונטערגעפאסט, געוויינט און געקלאָגט און תפילה געטאָן, אַז דער אויבערשטער זאָל זיך מרחם זיין און אויסלייזן זיי פון גוי'אישקע הענט. קהל האָט דאָך ניט געקענט פארווערן אידן פאסטן און וויינען אין אַן עת־צרה ? ! איז דער „פּריאָם" געווען יגון ואבל פאַר קהל און שמחה וששון פאַר די קאַנדידאטן, וועלכע האָבן, אַנב אורחא, יאָרן־לאַנג דערנאָך געהאט צו זינגען און צו זאָגן — זיי פלעגן בלייבן טויט־קראַנקע פון דעם מאָרן*) זיך.

קהל פלעגט מוזן קויפן „קוויטאַנציעס"**), אָדער „אכוואָט־ניקעס", חברה־לייט, וועלכע פלעגן זיך פארקויפן פאַר אַ פּאָר הונדערט רובל און גיין דינען. חברה אכוואַטניקעס פלעגן זיך שוין לאָזן וואויל־גיין : פרעסן דאָס שענסטע און בעסטע, הייסן ברענגען כלי־זמר, הוליען און טאנצן אויף וואָס די וועלט שטייט און עס איז געווען חי געלעבט !

איינמאָל האָט זיך אין „אכוואָטניקעס" פארקויפט עפּעס אַן אָרים בחור, אַ דערשלאָגענער און אַ פארשטויסענער. אַז מען האָט אים געפרעגט, פאר'ן „פּריאָם", ווי די מאָדע איז געווען, וואָס פארלאַנגט ער, האָט ער מיט גרויס עקסטאַז אויסגעשריען :

— פאַר פערציק קאָפּיקעס באָב מיט ברויט ! ...

די השגה פון דעם אכוואָטניק איז געבליבן אין שטאָט פאַר אַ גלייכווערטל לדור דורות.

אַמאָל, אין אַ יומא דפגרא — מיר דאַכט, אַז דאָס איז געווען י"ט כסלו, איך בין געווען פריי פון חדר, דער טאַטע איז געווען

*) דאַרן.

**) אויסקויף־שיין.

לעילא ולעילא פון שמחה, וואָס אין דעם טאָג האָט מען דעם אַלטן רב, ר' זלמן ליאַדיער באַפרייט פון תפיסה, האָט ער גענומען דערציילן שיינע מעשיות וועגן רבי'ן. ער האָט דערציילט, אַז ווען דער אַלטער רבי, זיצנדיק אין תפיסה, האָט דעם ערשטן מאָל דורכ'ן פענסטער דערזען דעם קייסער פּאַוולען פאַרבייפאָרנדיק, האָט ער געזאָגט: „אָט דאָס איז פּאַוול? טפפוי, דאָס איז דאָך גאָר א פּאַווליוק..." און ער האָט א שטאַרקן שפּיי געטאָן. דעם קייסער איז דער שפּיי שוין גאָר ניט גלאַט אפּגעלאָפן.

איך האָב אָנגעשטעלט ביידע אויערן און מיט אָן אָפענעם מויל געשלונגען איטלאַכן וואָרט. איך בין זייער נתפעל געווען פון דער מעשה, אין מיטן דערינען איז אריינגעלאָפן א יונגערמאַן, בלייך ווי קאַלך, און האָט קוים כח געהאַט ארויסזשיפּען פון מויל:

— אידן, ראַטעוועט! שנעל, גיך, די כאַפּערס לויפן נאָך מיר!

דער טאַטע איז אויך בלייך געוואָרן און האַלב צומישט האָט ער זיך ארומגעקוקט אהער, אהין, און כהרף עין האָט ער אָנגעוויזן דעם יונגענמאַן, ער זאָל ארונטערקריכן אונטער דער „קראָנאַלינע" פון מיין עלטסטער שוועסטער, א מיידל פון א יאָר זעכצן-זיבעצן, וועלכע איז געשטאַנען און געקוקט אין פענסטער...

קוים האָט דער טאַטע נאָר צייט געהאַט פאָרזאָגן איר, אַז זי זאָל, חלילה, ניט א ריר טאָן זיך פון אָרט און ניט דערוועגן זיך צו עפענען איר מויל, ווי עס זיינען אָנגעלאָפן די „כאַפּערס" מיט דעסיאַטניקעס (אונזער דאַמאָלסטיקע נאַטשאַלסטווע). זיי האָבן זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט אויף דעם יונגענמאַן. זיי זיינען זיכער, האָבן זיי געזאָגט, אַז ער איז אריינגעלאָפן אהער אין שטוב. דער טאַטע האָט נאָר א לאַך געטאָן. געזאָגט, אַז ביי אים אין קעשענע איז ער ניטאָ, און ווייטער — זוכט אייך...

זיי האָבן געזוכט אין „פּאָדפּיעץ", אויף דער אויוון, אין שטאַל, און נישט געפונען.

— המ... המ... אַז אַקט אויף טשיקאַוועס, ווי אין דער ערד

איז ער אריין מיר האָבן דאָך אליין געזען, ווי ער איז אהער אריינ־געלאָפן ! ...

מיט גרויס עגמת נפש האָבן זיי פארלאָזן אונזער הויף.

דעם יונגנמאן האָט דער טאטע, ביז שפעט אין דער נאכט, ניט ארויסגעלאָזט פון קאמערל, וואוהין ער האָט אים אוועקגעפירט נאָכדעם, ווי ער איז ארויסגעקראָכן פון אונטער מיין שוועסטער'ס קראנאלינע.

דער איבערגעשראקענער ביז צום טויט יונגערמאנטשיק האָט געכאפט דעם טאטן קושן, לאנג גערעדט און דערציילט עפעס דעם טאטן. דער טאטע האָט געזיפצט, געקרעכצט און שטארק גע'אי'קעט. ער האָט איהם איבערגעטאָן אין ווייבערשע קליידער, געגעבן אים א פאָר קאָפיקעס מיט א ליימענעם קריגל אין האנט. עס זאָל אויסזען ווי א דינסט־מיידל גייט אין קראָם קויפן עפעס. אונז אלעמען האָט דער טאטע פארזאָגט, אז למע"ש, און חלילה וחלילה, מיר זאָלן א וואָרט וועגן דעם ניט דערמאָנען — א פיפס זאָלן מיר ניט טאָן...

## כו.

# צוריק אין שטאָט

איך בין פארבליבן אין דאָרף ביז שבועות. אויף שבועות איז דער טאַטע געפאָרן אין שטאָט און גענומען מיך מיט זיך. פאר דעם קליינעם משך צייט אין דאָרף, האָב איך ניט נאָר א שטאַרקע פעולה געהאַט אין לערנען, נאָר איך בין אויך געזינטער און קליגער געוואָרן. דער לעבן פון די פויערים, מיט וועלכן איך בין געקומען אין נאָענטער בארירונג און פון וועלכן איך האָב פריער די מינדעסטע פאָרשטעלונג ניט געהאַט, האָט אין מיר אויפגעוועקט גאָר שפּאָגל נייע געפילן און רייכער געמאכט מיין פאָרשטעלונגס־קראַפט.

ביינאַכט, ווען איך בין געגאַנגען שלאָפן, פלעגן דורכגיין פארביי מיר די איבערלעבונגען פון טאָג. די תורה, וואָס איך האָב געלערנט מיט דעם טאַטן, האָט זיך צומישט מיט דעם פייפן פון דעם שייגעץ, וועלכער האָט „געפּאַשעט" די „סקאָט"*), מיט דעם „הו, הו", וואָס א קליין שיקסעלע האָט געשריען פיטערנדיק די גענז, מיט דעם אומעטיקן, האַרץ־רייסנדיקן נגון פון די גוי'עם וועלכע פלעגן „האלאשען"**) אומקערנדיק זיך פון פעלד און מיט דעם געוויין און געשריי פון אנדרושקען, ווען זיין „פאָקערלע" האָט אים געשמיסן מיט א בייטש, דערפאר, וואָס ביי אים האָט געפעלט צוויי קליינע הינדעלאך...

*) געפּיטערט.

**) אַ וויינענדיקער קול.

מיר האָט זיך שטארק געוואָלט קענען אזוי גוט לערנען, ווי דער טאטע, אָבער כ'האָב זייער מקנא געווען וואסילטשיק'ן, וואָס ער כאפט זיך אזוי לייכט ארויף אויף א פערד און פאָרט רייטנדיק.

איך האָב צום ערשטן מאָל דאמאָלסט פארשטאנען דעם טייטש פון דעם פסוק: „בזעת אפיך תאכל לחם", כ'האָב געקראָגן מיטלייד מיט דער מאמען, וואָס האָט, נעבאך, אזוי שווער געהאָרעוועט, און געוואָרן איר דאנקבאר, באמת דאנקבאר, פאר די שטיוועלאך און דעם גארניטער, וואס זי האָט מיר געמאכט אויף יום־טוב.

דעם איבעריקן טייל פון יענעם זומער האָב איך צעריבן — פארטאכלעוועט. איך האָב אפילו געלערנט א שטיקל צייט אין דער מתנגדישער שול, — דער טאטע פלעגט זי רופן, ווי שוין דערמאָנט — „פאבריקע", וואָס פאבריצירט לומדים, אָבער „טאנ־דעטנע"*) סחורה, — נאָר ס'איז געווען אָן טעם; איך האָב אויך געלערנט אין דער פאריצער שול, וואו ר'ישראל, א איד א מופלג, האָט געזאגט א „שיעור" אין דער הארבער מסכתא שבועות, אָבער איך געדענק ניט פארוואס און וואָרום, נאָר עס האָט זיך ניט געקלעפט... אָנשטאָט לערנען פלעגט איך זיך צוהערן צו די געשפרעכן פון די גרויסע בחורים. זיי פלעגן דערציילן מעשות, ריידן גבול־פה, אָפשאצן די רייכקייט פון די באלעבאטים או אָפמעסטן די לומדות פון דעם אָדער יענעם. מיר פלעגן אָפזיצן גאנצע נעכט, דערהויפט נאָך חמישה־עשר באב, ווען „מן דמוסיף יוסיף ומן דלא מוסיף יסיף", און גיין אין די סאָדן קויפן, אָדער גנב'ענען אויבסן.

אין דער פאריצער שול האָב איך אָבער דערקענט די אמת'ע חסידים און געקראָגן א ידיעה, וואָס עס באדייט די פרומקייט פון א גרויסן חסיד.

איך האָב געהיט און געצאצקעוועט יעדן איינעם פון די

*) ניט סטאַביל.

חסידים, ווי זיי דאווגען, פארגייען זיך שטילינקערהייט אין זיסע ניגונים און ווערן היילע רוחניות. אויף מיר האָט דאָס געמאכט א טיפן רושם און איך בין אליין אויך געוואָרן זייער פרום. איך האָב אָנגעהויבן דאווגען לאַנג און מיט כונה, האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף איטלאכן וואָרט באזונדער, האָב געגאָסן ביטערע טרערן ביים דאווגען, האָב אפילו געפּרואווט פאסטן בסתר, געזאָגט א סך תהילים און האָב געלערנט תורה לשמה.

אויף ווינטער בין איך אָנגעקומען אין נחום־בינעס שול, אין דער ישיבה, און האָב אין יענעם ווינטער אָפּגעלערנט מיט גרויס התמדה. איך בין באלד פארערעכנט געוואָרן ביי דעם ראש־ישיבה פון די ערשטע און בעסטע תלמידים. מיר איז אויסגעקומען ארויסהעלפן אין דעם „שיעור" א פּאָר ישיבה־בחורים, מער ווי צוויי מאָל עלטער פאר מיר. מיין טאטע האָט גאר אָנגעקוואָלן פון נחת און איך בין געווארן ביי זיך זייער תכיף און געהויבן. איך האָב פעסט באשלאָסן אוועקפאָרן לערנען אין דער פרעמד דעם קומענדיקן זומער און האָב זיך דערצו מכין געווען.

כז.

## ווי איך אנטלויף פון דער הײם

דאָס איז געווען באַלד נאָך פּסח. דער חשק אָוועקצופאָרן לערנען אין דער פרעמד ערגעץ, האָט געברענט אין מיר שוין אַ לאַנגע צייט, איצט האָט ער זיך נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעפלאַקערט. אָבער פועל'ן ביי דעם טאַטן, אָדער וועד רעדט נאָך ביי דער מאַמען, זיי זאָלן מיך אויסריכטן אין דער פרעמד, האָב איך קיין האָפנונג ניט געהאַט. איך האָב אַמאָל עפּעס יאָ אַ שמועס געטאָן וועגן אַזאַ ענין, האָבן זיי ניט געוואָלט, ניט הערן און ניט זען.

— וויים איך וואָס! — האָט די מאַמע מיט כעס געזאָגט. — משוגע מיינע שונאים, צי חסר דעה. אַ אינגל פון צוועלף יאָר אַוועקלאָזן אין דער פרעמד וואַלגערן זיך?

און דער טאַטע האָט צוגעלעגט:

— נישקשה, נישקשה, דו וועסט נאָך „אויספעיען"!

האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט דעם ישיבה־בחור'ל, אַ אינגל פון אַ יאָר פופצן, וואָס האָט געגעסן ביי אונז פרייטאָג און שבת שוין העכער אַ יאָר צייט, אַז מיר זאָלן אַוועקלאָזן זיךביידע בשתיקה.

פון די צוויי גרויסע שטעט, אויף וועלכע מיר האָבן געוואָרפן אַן אויג, סלוצק און מאָליוו, וואָס זיינען ביידע געווען גלייך ווייט און וואָס צו ביידע גלייך האָט געפירט אַ גלייכער וועג — אַ שאָסיי, און עס איז ניט געווען קיין מורא פאַר פאַרבלאָנדזשען, — האָבן מיר אויסגעוויילט בעסער מאָליוו. סלוצק האָט אפילו מער געשמ'ט פאַר אַ מקום תורה, האָט געהאַט באַרימטע ישיבות, אָבער

אזוי ווי סלוצק איז געווען אַ מתנגד'ישע שטאָט און מירביידע זיינען געווען פאַרברענטע חסידים זיינען מיר אוועק קיין מאָליוו.

אין אַ שיינעם ווערסנע־טאָג, ווען די זון האָט ליבלאך געלויכטן און געוואַרימט, מיט פּופּצן קאָפּיקעס, וואָס איך האָב געהאַט אָפּ־געשפּאָרט, און מיט אַ האַלבן לעבל ברויט, וואָס עס האָט זיך מיר איינגעגעבן אָפּ'גנב'ענען פון מיין שוועסטער'ס שאַרפער אויג, זיינען מיר אוועקגעלאָפן...

מיר זיינען טאַקע ממש געלאָפן, מיט אַלע כחות געלאָפן. ערשטנס, האָבן מיר מורא געהאַט, טאָמער יאָגט מען אונז נאָך, און אַגב האָבן מיר געוואָלט גיכער אָפּ'פּטר'ן דעם מהלך פון די הונדערט און צען וויאָרסט, אָפּזופן זיי בנשימה אחת, ווי די עשרת בני המן. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען גיך מיד געוואָרן און ביי דער ערשטער קרעטשמע האָבן מיר זיך געזעצט אָפּרוען. מיר האָבן גערוט לאַנג, געקייקלט זיך אויף דעם גראָז, דערציילט זיך מעשות און שטאַרק הנאה געהאַט — פון אונזערע יונגע יאָרן, מסתמא, און פון דעם זייער פיינעם פרילינג־טאָג. מיר האָבן ווענן קיין זאַך ניט געזאָרגט, ניט געטראַכט און ניט געקימערט זיך. אַ פּאָר קינדער פון דער קרעטשמע זיינען אַרויסגעלאָפן און צו־געשטאַנען צו אונזערער אַ שפּיל. מיר האָבן אינאיינעם געשטיפט, געטאַנצט און געשפּרונגען ווי פריייע פייגעלאך.

מיר האָבן אויף אַזאַ אופן פאַרבראַכט שיינע עטלאַכע שעה, ביז די קינדער האָבן אונז פאַרשלעפּט אין שטוב אריין. אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פו'ן פאַרהערן אונז, וואָס האָט זיך אונז גאָר ניט גע'חלומ'ט. די עלטערן אין שטוב, דערהויפּט די מוטער פון די קינדער, האָט אונז גענומען אויפ'ן צימבל: פון וואַנען גייען דאָס אינגלאך, וואוהין, וואו זיינען אונזערע פּעקעלאך, מען דאַרף דאָך האָבן אַ העמדל, אַ פּאָר זאָקן, האָבן מיר כאַרטש *) מיט זיך? האָבן מיר געלט און וואו, רעכענען מיר, די נאַכט איבערנעכטיקן?

*) עכנוואָרג.

אירע שאלות, וועלכע זיינען מיר גאָר אויף דעם זינען ניט ארויף פריער, און איר קוקן אויף אונז מיט פריינטלאכקייט, און איר אָפּזיפצן זיך צום סוף, האָט אָנגעטריבן אויף מיר א מרה־שחורה און מיר איז געוואָרן זייער קאַלעמוטנע אויפ'ן הארצן. איך האָב געקוקט אויף מיין חבר, ער אויף מיר, געזוכט א טרייסט, אַן ענטפער אויף די אַלע שאלות. מיין חבר האָט זיך א קראַץ געטאָן אין קאָפּ און געזאָגט:

— ווייסטו וואָס, אָט לאָמיר אויפעסן דעם ברויט, וואָס מיר האָבן.

געזאָגט — און געטאָן. מיר האָבן זיך גענומען, פון גרויס עגמת־נפש, צו דער אכילה. די באַלאַבאָסטע האָט אונז מכבד געווען מיט שטיקלאך הערינג, מיר האָבן פארטרונקען מיט בעראָזעווען קוואַס, אויפ'ן הארצן איז געוואָרן ווידער פריילאכער און מיר האָבן ווידער געלאָזט זיך אין וועג. מיר זיינען אָפּגעגאַנגען נאָך א פּאָר שעה, אָבער שוין ניט אזוי געשווינט ווי פריער — די פיס האָבן אָנגעהויבן ווייטאָן.

אין דרויסן איז געוואָרן טונקעלער און טונקעלער. די זון האָט זיך שוין געזעצט. די גרויסע שאָטנס פון די בוימער האָבן זיך צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועג און עס איז געוואָרן אומהיימלאך. דער געדאַנק וועגן וואו נעכטיקט מען איבער, האָט זיך אוועקגע־שטעלט ווי א יון אויף „זאקוטשע״ *) און ניט געוואָלט אָפּטרעטן. איך האָב געמאָנט ביי מיין חבר, געעגבערט אים מיט דער שאלה: וואו וועלן מיר נעכטיקן? אקוראט ווי ער וואָלט געווען דער מחויב, אָדער אזוי ווי אָן אים וואָלט זיך דאָס געוועגדט. ער האָט פּרובירט טרייסטן, איינריידן מיך, אז עס איז ניט קיין סכנה אפילו, אז עס זאָל אויסקומען איבערנעכטיקן אין דרויסן. „פשש, א טייערער באַטרעף, מען מאַכט א פייער און מען פאַרברענגט אזוי א נאַכט!״ אָבער ניט איך און ניט ער אַליין האָבן געגלויבט אין די ממשות פון זיינע רייד און מיר האָבן זיך ווידער גענומען איילן, כדי אָנ־

*) שטראָף־עקספּעדיציע.

שפּאָרן ערגעץ צו אַן אכסניא. די פיס זיינען אָבער געווען שוין ווי אָפּגעהאַקטע, קוים־קוים געשלעפּט זיי... עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, עס איז געוואָרן פינסטער און איך האָב זיך אָנגעהויבן אויף אַן אמת שרעקן.

דער וואַלד פון ביידע זייטן שאָסיי, דער איבערפליען פון א נאַכט־פויגל, די וויאָרסטן, די טעלעגראַף־סלופּעס, — אַלץ האָט אָנגענומען עפּעס אַזאַ מאָדנע געשטאַלט, אַזאַ פינסטערע און אור־מעטיקע! איך האָב זיך דערמאָנט אויף דער מאַמען, דעם טאַטן, ווי זיי זאָרגן זיך אַוודאי, ווייסן ניט וואָס איבערצוקלערן. דער־מאָנט זיך אָן דעם קלענערן ברודער, וועמען איך האָב איבערגעלאָזן אין א היץ־קרענק, און מיר האָט זיך מי יודע ווי געבענקט נאָך זיי. מיר האָט אַזש נאָר דאָס הארץ פאַרקלעמט און איך האָב אָנגעהויבן וויינען... מיין חבר האָט מיך געבעטן איך זאָל אויפהערן, אַז ניט, האָט ער מיך געסטראַשעט, וועט ער אויך אָנהייבן וויינען. איך האָב זיך מיט מיינע אַלע כחות געוואָלט איינהאַלטן, האָב אָבער געכליפּעט נאָך שטאַרקער. א פּאָר שעה זיינען מיר אַזוי געגאַנגען, ביז מיר האָבן זיך דערשלעפּט צו א קרעטשמע. עס איז שוין געווען א זייגער ניין אין אָוונט און פון דער היים זיינען מיר געווען אַן ערך פינף און צוואַנציג וויאָרסט.

אין קרעטשמע האָבן מיר געטראָפן א בחור פון א יאָר אַכצן, וואָס פאָרט אויך קיין מאָליוו אין דער ישיבה. ער פאָרט מיט אַט דעם ערל, וועלכער האָט זיך שוין פאַרטיק געמאַכט צו גיין שפּאַנען די פערד. ער האָט געהאַנדלט א ווילדע מציאה. עס קאָסט אים אינגאַנצן פון באַברויסק קיין מאָליוו איין קערבל. ער רעכנט, אַז ווען מיר זאָלן אים געבן א קערבל, קענען מיר מאַכן די גאַנצע יאַזדע*) פון דאַנען קיין מאָליוו! אָבער וואו נעמט מען א קערבל? נאָך קיינמאָל האָב איך אַזוי ניט געגאַרט האָבן א קערבל ווי דעמאָלט.

מיר האָבן אויסגעדערציילט דעם ישיבה־בחור אונזער גאַנצע

*) דעם פאָרן.

ביטערע הארץ, אז א חוץ די פופצן קאָפּיקעס האָבן מיר גאָר, גאָר־נישט. דער בחור האָט אפילו געמאַכט א זויערע מינע, אפנים ניט געפעלן געווען אים אזעלכע מיטפאָרער, האָט אָבער פונדעסטוועגן אָנגעהויבן איבערשמועסן מיט דעם גוי'עץ, טענה'ן מיט אים, אז ער פארלירט גאָרניט דערביי, ער פאָרט דאָך סיי ווי אהין, און פאָרט מיט ליידיקן. יענער איז אָבער נאָר אין כעס געוואָרן, א שפיי געטאָן און האָט זיך צוביזערט:

— וואס, פאר פופצן קאָפּיקעס וועט ער צוויי „פארשוינען" פירן העכער אכציק ווערסט? — האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „היינטיקס מאָל האָסטו ניט געטראָפן דעם ריכטיקן אָרט" — און איז אוועקגעלאָפן די פערד שפּאַנען.

מיאוש זייענדיק זיך פון דעם גרויסן גליק, וואָס האָט אזוי פלוצלינג א בלישטשע געטאָן און איז אויך אזוי פלוצלינג פאר־שוואונדן, זיינען מיר אָבל וחפוי ראש געבליבן זיצן, דאָס הייסט — אָפּרוען. מיר זיינען געווען מיד, צובראָכן און עס האָט זיך זייער געוואָלט עסן. די באַלאַבאָסטע האָט אפילו א פרעג געטאָן:

— קינדער, וועט איר עסן וועטשערע?

אָבער מיין חבר האָט גלייך געענטפערט, אז מיר האָבן ניט לאַנג געגעסן און מיר זיינען נישט הונגעריק. דערפאַר אָבער, אז זי האָט א פרעג געטאָן, צי ווילן מיר טרינקען טיי? — האָב איך שוין ניט געוואַרט אויף מיין חבר און האָב אייליק געענטפערט, אז יע, און נאָך צוגעלעגט: „מיט ברויט און פוטער".

איך האָב אָבער נאָך קיין צייט ניט געהאַט אראָפּשלינגען דעם ערשטן ביסן, ווי מיר האָבן דערהערט, אז מען רופט אונז פון דרויסן. דער ערל פייפט, דער בחור שרייט:

—העי, חברה, גיכער אהער־צו!

מיט דער לוסטע ברויט אין האַנט בין איך שנעל ארויסגעלאָפן, דער חבר — נאָך מיר; דער גוי'עץ האָט צוגענומען ביי מיר די פופצן קאָפּיקעס, אריינגעוואָרפן אונז אין וואָגן כלאחר יד, אָט ווי מען וואַרפט אריין א ליידיקן זאַק — און היידאַ!...

דער וואָגן איז געווען א ליידיקער, א פוסטער און עס איז

אויסגעקומען צו זיצן, אָדער אָנשפּארן זיך אָן די היילע סוקאָוואטע קלעצלאך און ברעטער, פון וועלכע דער וואָגן איז צונויפגעקלאפּט געווארן, אויף צו פירן גרויסע פעסער דזשעגאכץ. די פערד זיינען געלאָפן ווי די ניט־גוטע, איילנדיק זיך אהיים, ווי דער גוי האָט געזאָגט, געוואָרפן אונז אהין און אהער אָן רחמנות און צוקלאפּט אונז ווי א נוס. אָבער ניט די זייער אומבאקוועמע פּאָזיציע אין וואָגן, ניט דער הונגער, וואָס האָט אונז שטארק געמוטשעט — ווארים די לוסטעצקע ברויט, וואָס איך האָב פארכאפּט, האָט אויף איין צאָן ניט געסטייעט אויף אונז ביידן — און ניט די קעלט, וואָס האָט אונז דורכגענומען ביז די ביינער, האָט אונז ניט געשטערט געשמאַק אנשלאָפן ווערן...

אז דער גוי האָט זיך מיט באַגינען אָפּגעשטעלט אין א קרעטשמע פיטערן זיך און די פערד, האָב איך זיך קוים געקענט פון אָרט רירן, לייב און לעבן האָט מיר וויי געטאָן, קוים אין שטוב זיך אריינגעשלעפּט. דער ישיבה־בחור האָט אויף גיך אָפּגעדאווענט, אויסגעבאָרגט זיינע תפילין מיין חבר, וועלכער האָט אין גרוים איילעניש פארגעסן זיינע, האָט זיך אוועקגעזעצט עסן אָנבייסן מיט גרויס חשק און התמדה. א פולע שיסעלע קעז מיט סמעטענע, א גרויסער גוטער פיינקאָכן, דערצו נאָך א הייסע גלאָז צוקאָריע מיט געבריטע מילך איז געשטאנען פאר אים אויפ'ן טיש. זיצנדיק אנטקעגן, האָט מיר דער ריח פון די אלע גוטע זאכן א קלאפּ געטאָן אין נאָז און איך האָב מיט די אויגן געשלונגען יעדן ביסן, וואָס יענער האָט גענומען אין מויל. עס ציט מיר אונטער דער לעפעלע. ציט, ווי א וואָרם וואָלט געזויגן. איטלאכע מינוט, איטלאכע רגע, ריכטנדיק זיך, אז אָט־אָט וועט ער מיך מיט עפּעס מכבד זיין, האָט זיך ווי א יאָר אויסגעצויגן. איך קוק אים גלייך אין די אויגן אריין. וואָלט ער כאָטש א שטיקל גאָמעלקע *) געגעבן, כאָטש א שטיקל בולקע, לכל הפחות אַן המוציא'לע ברויט — א הונט וואַרפט מען דאָך אויך צו עפּעס ווען מען עסט. אָבער ניין! איך פיל, ווי דער

*) טרוקענער קעז.

פנים איז ביי מיר פארפלאמט, דאס הארץ קלאפט, ווי מיט א האמער, פון מויל לויפט מיר די סלינע! אין בויך דרייען זיך די געדערים אזוי מאדנע און ווערן אויסגעצויגן און תוך כדי דבור איינגעשרומפט... איך ווייס ניט וואס צו טאן, איך קען זיך קיין ארט ניט געפינען, איך רוק זיך נעענטער און נעענטער צום בחור, שטיי הארט ביי זיין זייט און עס רופעט *) מיך א כאפ טאן עפעס ביי אים... אבער די האנט פאלגט ניט. ניין, מען טאר דאך ניט! יענער, ווידער, קוקט גאר אין מיין זייט ניט אפילו, עסט און שוויצט, שוויצט און כראמזשקעט ווי א „הלעיטני"! רויטע פינטעלאך, פייערדיקע האלבע רעדלאך דרייען זיך מיר פאר די אויגן, זיי לעשן זיך אויס, עס ווערט שווארץ און שטארק מוטנע. א געדיכטע, געלבלאכע פליסיקייט קומט צו צום האלז, עס ווערט מיר נודנע, טאשנע, ניט גוט ווערט מיר...

אז איך האב זיך אויפגעכאפט, איז איטשיק געשטאנען לעבן מיר א פארוויינטער און האט מיט ספירט געריבן מיר די שלייפן. א פאר טראפנס האבן זיך אריינגעקייקלט אין מויל צו מיר, וועלכע איך האב גערן דערשלונגען און זיך דערשפירט געקרעפטיקט. לעבן מיר איז געשטאנען א ווארימע גלאז מילך און מיין חבר האט מיר געגעבן אלע ווייל א זופ טאן. איך בין אנשלאפן געווארן. אין א פאר שעה ארום, ווען עס איז געווען צייט שוין ווידער פארן, בין איך אויפגעשטאנען כמעט גאר א פרישער און א געזונטער. איטשיק האט געהאט פאר מיר ווידער א גלאז מילך און נאך א האלבע בולקע דערצו, איך בין אבער באשטאנען, אז ער זאל מיט מיר זיך טיילן חלק כחלק. ער האט אפילו גע'טענה'ט, אז ווען איך בין געשלאפן האט ער אפגעגעסן, אבער זיין בלייכע צורה און זיינע טרייסלענדיקע הענט, האבן אפגעלייקנט זיינע רייד. ער האט אבער מיר צוליב אפגעבראכן נאר א שטיקעלע פון דער בולקע און א פאר מאל א זופ געטאן פון די מילך. דער גוי האט דער־ווייל איינגעשפאנט די פערד און מיר זיינען ווידער אריינגעקראכן

*) ווילט זיך זייער.

אין וואָגן. מיר האָט ווי געטאָן אביסל דער קאָפּ, עס האָט מיר גענודיעט אויפ'ן הארצן, אָבער אפּגעלעגן א שטיקל צייט אין וואָגן, אריינגעאָטעמט די ריינע, פרישע פרילינג לופט און אויסגע־וואָרימט פון דער מחיה'דיקער זון, האָב איך אויף אלע צרות פאר־געסן, א חוץ איינער — איך האָב ווידער פארוואָלט עסן! איך האָב דעם סוד פארטרויט מיין חבר. געגן מיינע דערוואַרטונגען, איז ער געווען שטארק צופרידן.

— אבי איך האָב געמיינט, דו וועסט, חלילה, קראַנק ווערן, א דאנק גאָט, וואָס דו ווילסט עסן, עס איז א גוטער סימן! ...

דערפאר האָט ער מיר פארטרויט, אז א חוץ די פּאָר זופּן מילך פון מיין גלאָז מיט דעם ברעקל בולקע, האָט ער נאָך גאר נישט אין מויל געהאט פאר דעם גאנצן מעת־לעת, אָבער, נישקשה, האַלט ער זיך שטייף, „מיר איז דאָס ניט דאָס ערשטע מאָל, איך האָב אמאָל שוין צוויי מעת־לעת ניט געגעסן און גאר נישט, עס האָט גאר ניט געשאדט. איך רעכן, אז מען קען זיך צוגעוואוינען צו הונגער אויך."

איך האָב ניט געקענט משיג זיין זיין העלדישקייט, האָב געקוקט אויף אים, ווי איך וואָלט אים נאָר־וואָס דערקענט און געקראָגן פאר אים א מין יראת הכבוד.

אונזער מיט־פאָרער, דער ישיבה־בחור, איז געזעסן ווייטער פון אונז אין וואָגן, לעבן דעם אנטרייבער אויף א בינטל היי, וואָס דער גוי האָט גענומען אין קרעטשמע פאר די פערד, אפּנים, א רואיקער, — און האָט פארגעניגענדיק געדרעמלט. ער האָט מיט אונז קיין מגע ומשא ניט געהאט און געמאכט זיך כלא ידע פון דער גאנצער מעשה, פון דעם, וואָס איך האָב בפועל ממש גע־חלש'ט, און וואָס אויך איצטער גייען מיר אוים פאר הונגער, דערהויפּט מיין חבר'ל.

מיין איטשיק האָט מיר אָפּט צוגעוואונקען, אָנווייזנדיק אויף יענעם חברה־מאן און מיר ארייגעשעפטשעט אין אויער, אז אין מאָהליוו ... וואָרט, נאָר, וואָרט, ער וועט זיך שוין מיט אים אָפּרעכענען! ...

עס זיינען אוועקגעגאנגען נאָך עטלאכע שעה, דער בחור האָט זיך אויפגעכאפּט, אויסגעטשוכעט זיך, פאנאנדערגעבונדן זיין קלומיק*) און גענומען זיך ווידער צו דער אכילה. איטשיק האָט אָנגעהויבן אים מוסר׳ן:

— סטייטש, אַליין אַן אָרים בחור, ווי האָט ער דאָס קיין רחמנות ניט! ער זעט דאָך, אַז מיר האָבן גאָר ניט און זיינען הונגעריק. נאָך לאנגען טענה׳ן און ריידן, קליאנטשענען און בעטן זיך, פון וואָס מיר האָבן זיך טרערן געשטעלט אין די אויגן, האָט דער נפש אראפּגענומען די האנט פון הארצן און אפּגעשניטן פון זיין שיטניצע**) צוויי פּענעצלאך***) ברויט, פאר יעדן פון אונז, איינס. מיר האָבן זיך געקריקט צווישן זיך: איך האָב געזאָגט, איטשיק זאָל אויפעסן בײדע שטיקלאך ברויט, וואָרים איך האָב דאָך אין דער פרי געגעסן, און ער האָט געשוואָרן, אָסור חזיר, אויב ער וועט זיך צורירן צום ברויט, סיידן איך וועל עסן מיין חלק. מיר האָבן געגעסן ביסן פאר ביסן, בײדע גלייכע שטיקעלאך אָפּגעבראָכן, בײדע גלייך אין מויל אריינגעלייגט, בײדע געקייט לאנג, לאנג ביז עס איז כמעט אין מויל פון דעם גאר ניט געווארן. און בײדע גלייך דערנאָך אראפּגעשלונגען. אונז האָט די געשיכטע פאראינטערעסירט און געפעלן געווארן — און מיר האָבן דעם ערשטן מאָל זיך פאנאנדערגעלאכט.

אז דער גוי האָט א קער געטאָן דעם קאָפּ אהינטער צו זען דעם חידוש, האָט ער עפּעס א זאג געטאָן דעם בחור, דער בחור האָט געענטפערט און דער גאָיעץ האָט אונז א וואָרף געטאָן איין עפּל און נאָך איינס... ביי אונז איז געוואָרן ליהודים און גאר פריילאך. אין בויך האָט אפילו מיר ווייי געטאָן, עס האָט גע־קרעמפּט, אָבער וואס פאר א באטרעף האָט דאָס? אבי ניט הונגעריק!

---

*) פּעקל.

**) קאָרענער, אָבער ווייסלאכער **ברויט**.

***) שטיקלאך.

אין אָוונט, ווען עס איז שוין געווארן גאר פינסטער, זיינען מיר אריינגעפאָרן אין שטאָט.

— אָט, האָט איר אייך מאָליוו, אראָפּ פון וואָגן! — האָט א קאָמאַנדעווע געטאָן דער ערל.

א ברירה האָבן מיר געהאט! מיר האָבן געפאָלגט און אראפּגעקראָכן. איטשיק האָט נאָך אויספּעיעט, איידער ער האָט פארלאָזן דעם וואָגן, דערלאנגען דעם בחור א געזונטן קלאפּ איבער דער „דיענקע"*), אויסזינגענדיק מיט דעם ניגון פון כהנים דוכענען: „יברכך!" דער גאָיעץ האָט אָבער דעם בחור אויך אראפּגעטריבן פון וואָגן, און יענער האָט גענומען שרייען, רופן צו אונז, מיר זאָלן ווארטן אויף אים. איטשיק האָט אָבער בשום אופן ניט געוואלט, און מיר זיינען אוועקגעגאנגען. דער בחור האָט אונז אָנגעיאָגט און אונז פאָרגעלייגט, מיר זאָלן זיך זעצן אין א זייט פון גאס און פריער אָפּעסן וועטשערע. מיין איטשיקל איז געווארן גאָר אן אנגעצונדענער:

— אך, דו כלב־דו, דו מיאוס'ע בריאה! איצטער באַטסטי אונז אָן עסן? און אז ער (אָנווייזנדיק אויף מיר), האָט גע'חלש'ט צום טויט פאר א ביסן, האָסטו געהאט אזא טריפה'נע הארץ און ניט געגעבן גאָר נישט, אוועק פון אונז, דו פאסקודניק! מיט א שטיין וועל איך דיר די קאָפּ צו קלאפּן.

ניט פיל טראכטענדיק האָט ער זיך איינגעבויגן נאָך א שטיין, יענער האָט אָבער ניט געווארט און געמאכט א ויברח... מיר האָבן זיך ביידע שטארק צולאכט.

אונזער גוטער הומאָר האָט ניט לאנג אָנגעהאלטן. ביינאכט, אין א פרעמדער שטאָט, אין אן אומבאקאנטער סביבה, מידע, הונגעריקע און דערצו די שאלה — וואו נעכטיקט מען? מיר האָבן זיך לאנג, לאנג ארומגעשלעפט אין די גאסן; קוים מיט צרות דערשלעפּט זיך ערגעץ צו א שול, אריינגעגאנגען אין חדר

*) דעק פון היטל.

שני און טאקע באלד, לעבן ספרים־אלמער, האבן מיר זיך א ווארף געטאן אויף דעם הוילן בריק און אנשלאפן געווארן.

מאכט זיך אבער גראד, אז א למדן, א באלעבאס, האט גע־דארפט א ספר פון אלמער און ער האט אויפגעהויבן א גאנצע טרעוואגע,*) גערופן דעם שמש און אנגעהויבן שרייען:

— וואס איז דאס, א באליינגם?... פון וואנען קומען אהער די אינגלאך? ווער זיינען זיי? לעבן די ספרים גאר — אויף א הוילן בריק!...

נאך א פאר באלעבאטים, וואס האבן געלערנט אין שול, זיינען צוגעקומען; עס האבן זיך אנגעהויבן נייע חקירות ודרישות —וואו אנגעקומען, פון וואנען, צוליב וואס און צי האבן מיר גע־געסן וועטשערע? ביי דער לעצטער שאלה האבן מיר זיך ביידע פאנאנדערגעוויינט... די אידן האבן איבערגעשמועסט צווישן זיך — „קענטיק, באלעבאטישע קינדער”, — האבן זיי געזאגט. מען האט זיך צונויפגעלעגט צו פאר קאפיקעס און דער שמש האט אונז געבראכט עסן. מען האט אונז דערנאך צעלייגט אויף בא־זונדערע בענק, עפעס אונטערגעבעט, מיט עפעס צוגעדעקט און געזאגט אונז, אז מיר וועלן מוזן אויפשטיין גאנץ פרי — צו ותיקין אויפשטיין.

געשלאפן האבן מיר גאנץ געשמאק און דוקא שפעט. קיינער האט אונז ניט געוועקט, און געשטערט האט אונז אויך קיין זאך ניט, אפילו ניט די געשרייען פון „אחד;” אז מיר זיינען אויפ־געשטאנען, אזייגער אכט ערשט, האט דער שמש, א פול־פנים'דיקער און גוטער, ערנסט גענומען זיך אויף א פאטערלאכן אופן אויס־פרעגן זיך ביי אונז אלע קלייניקייטן וועגן אונזער נסיעה. אז ער איז געוואר געווארן, אפנים, דאס מיין טאטע און מאמע זיינען ניט קיין ארימע לייט, און אז איך בין אוועקגעגאנגען בלא יודעים גאר, האט ער אונז געגעבן זיין גוטע עצה: מיר זאלן אפזוכן די אכסניה, וואוהין עס פארפארן די באברויסקער בעלי עגלות און

---

*) א סיגנאל פון אומרו.

דאַרטן וועלן מיר שוין קריגן אַ פּאָר קערבלאַך אויף טאַטע־מאַמעס חשבון.

— נישקשה, נישקשה, דו וועסט קריגן. זיי וועלן דיר געבן.

— האָט ער זיך געווענדעט צו מיר.

די עצה האָט שטאַרק אויסגענומען ביי מיין חבר איטשיק׳ן נאָך מער ווי ביי מיר, און מיר האָבן זיך אוועקגעלאָזט זוכן די באַברויסקער בעלי עגלות. דערווייל האָבן מיר באַקוקט די שטאָט, פון וועלכער איך בין גאָר נתפּעל געוואָרן: סטייטש, געברוקירטע גאַסן, באַזונדערע טראָטוארן פאַר פוס־גייער, מויערן, כסדר נאָר מויערן — אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס זיינען געווען פאַר מיר ניי און אַ וואונדער. מיין חבר האָט אפילו גע׳טענה׳ט, אַז זיין שטאָט מינסק איז אי גרעסער, אי שענער, האָט פיינע בולוואַרן און אַ פּראַנציסקאַנער גאַס — גאָר אַן אויסנאַם. אָבער מיינע התפּעלות האָט דאָס אויף אַ האָר ניט פאַרקלענערט. ביי מיר איז שוין רעכט געוואָרן אַלע צרות וואָס איך האָב געליטן, און וואָלט ביי זיך גע׳פּועל׳ט בלייבן שוין דאָ, ווען אָבער — ווען איך זאָל לכל הפּחות האָבן אָפּגעגעסן אָנבייסן! — —

מיר האָבן נאָך קיין צייט ניט געהאַט אַריבערגיין דעם שוועל פון דער אכסניה, ווי מיך האָט באַגריסט אַן אויסגעשריי פון אַ היזיקן בעל עגלה, וועמען מען האָט גערופן, בלשון סגי נהור, „שלמה מאַלי״.

— אָט איז ער דאָך! המ, המ, ערשט גערעדט וועגן דעם. הער נאָר, — האָט ער זיך געווענדעט צו מיר, — ביסטו ניט רבקה קאָפּעל אייזיק טעמעס אינגל? וואו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן, דו שייגאַץ איינער? די מאַמע האָט דאָך, שונאי ישראל, דעם קאָפּ פאַרלאָרן, אירע אויגן אויסגעוויינט; דער קדיש׳ל, איר תכשיט איז פאַרלאָרן געוואָרן. אַך דו, עכברוש איינער, נעם שוין און קריך אין בוכטע, דו הערסט, אַז ניט וועל איך דיר דאָ די הויט אַראָפּשינדן!...

איך האָב פּרובירט פּראָטעסטירן, וויינען, שרייען; וואָס פאַר אַ באַלעבאָס איז ער אויף מיר? אָבער, אַז איך האָב דער־

זען, ווי ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן מיט כעס און רציחה, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיין גורל איז פאַר'חתמ'עט און איך מוז פאָרן צוריק אַהיים. איך האָב אָנגעהויבן טענה'ן, אַז ער מוז מיין חבר אויך נעמען צוריק, אַז מיר זיינען זייער הונגעריק — שוין אַ פּאָר טעג ניט געגעסן... ער האָט אויף גיך געהייסן אונז געבן עסן, און האָט אַ זאָג געטאָן:

— נאָר אָן שהיות; די פערד זיינען שוין געשפּאַנט, מען מוז אוספּייען נאָך אויף שבת אַהיים!

אונז האָט מען דערלאַנגט אַ שיסל ברינדזע*), פּיינקוכן, קעז און פּוטער און פרישע ווייסע בולקעס און כל טוב פון דעם זעלביקן מין, און מיר האָבן זיך פאַרנומען פראַווען אַ גאַנצע סעודה, גאָר כדבעי. אָבער דער שלמה מאַלי האָט אונז אַלע ווייִלע, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן געווען זיינע פערדלאַך, צוגענוקעט:

— נו, נו, גיכער, מאַרודעט ניט, דער טאָג שטייט ניט; עסט, אָבער מאַכט עס איינס־צוויי! ס'וועט נאָך, חלילה, אויסקומען מחלל שבת זיין מאָרגן! פאַר איין וועגס, קינדערלאַך, — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ ווייכן, אומעטיקלאַכן קול, — וועט איר זיך מוזן צוזעגענען... אויף אַ קורצער צייט נאָר, אויף אַ וואָך אָן ערך. אין קען אים, דיין חבר'ל, היינט ניט נעמען. בשום אופן ניט. עס איז אַזוי אויך אַ פולע בויד, קיין עין הרע. איך ווייס אפילו ניט, וואו איך וועל דיך פּאַמעסטיען**). נאָר דיך, חכם־עתיק מיינער, מוז איך גאָר אָן אַ תירוץ ברענגען. איך וועל אַ מצוה פאַר־דינען. אַ קלייניקייט, די אידענע גייט דאָרטן אויס!...

מיר האָבן ביידע אויפגעהערט עסן, פאַרוואונדערט אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן און פאַנאַנדערגעוויינט זיך מיט ביטערע טרערן.

— נו, נו, נו, ניט וויינט קינדערלאַך. ניט וויין זונעלע, — האָט ער זיך געווענדעט צו מיין חבר, געבנדיק אים דערוויילֿ אַ

*) אַ געמיש פון זויערמילך און פרישע קעז.

**) אהינטאָן, אריינזעצן.

זילבערנעם צוואנציק־קאָפּיקענעם. — קום אהער איבערמאָרגן, וועל איך דיך, אם־ירצה־השם, נעמען קיין באברויסק.

אַ קלאַפּ־טאָנדיק אים אין פּלייצע, און אַ כאַפּ־טאָנדיק מיך ווי אַ זעקל מעל און אריינוואַרפנדיק מיך אין בויד, האָט ער אַ „ריר" געטאָן זיינע „לייבן", נאָך אמאָל אויסגעדרייט די קאָפּ אויף הינטן, וואו מיין חבר איז געבליבן שטיין אַ וויינענדיקער, און צוגעשריען, ער זאָל למען־השם קומען איבערמאָרגן, וועט עם וועט אים בלי נדר נעמען; אַ „וויאָ" געטאָן צו די פערדלאך, אָנגערופן זיי „מיינע לאָשיקלאך", און היידא אויף שבת אהיים!

ער האָט געזאָרגט, אַז איך זאָל האָבן אַ גוטן פּלאַץ אין בויד, דערציילט די „פאַרשוינען" ווער איך בין און וואָס איך האָב אָפּגעטאָן — „אַן אקט, אַ מעשה"; געקיבלט מיך די גאַנצע וועג מיט כל טוב און מיך גוט, אמת גוט צוגעזען.

אין בויד איז מיר געווען ווייך און וואַרים. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך מיט מיר משמח געווען, און עס איז געווען פריילאך. מיר פלעגט אפילו אַ „טיאַכקע" *) טאָן פון צייט צו צייט אין האַרצן דאָס, וואָס מיין חבר איז נעבאך איצטער געבליבן אליין. אויך האָט אַן עלטערער איד, אַ סוחר מיט אַ הדרת פּנים, געגרייצט זיך מיט מיר און געסטראַשעט: „וואַרט, וואַרט, דער טאַטע וועט דיך שוין גוט מכבד זיין!" אָבער דאָס האָט ווייניק וואָס געווירקט אויף מיר. אָפּעסנדיק אַ געשמאַקן מאָלצייט, און גוט אויסשלאָפנדיק זיך, בין איך פריש און פריילאַכער געוואָרן; און שפּרינגענדיק בין איך אריינגעלאָפן אין שטוב פרייטאָג, נאָך העט, אַ שטיק פאַר ליכט־בענטשן.

דעם ברודערל האָב איך געפונען פיל געבעסערט, און פון מיין שוועסטער'ס דערפרייען זיך פון מיין קומען האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מען וועט מיך ניט קעפּן און ניט הענגען. אָבער אַז איך וועל דאַרפן אָפּגעבן דין וחשבון, האָב איך אויך פאַרשטאַנען. טאַקע באַלד איז אָנגעקומען דער טאַטע פון בעדל. אָפּ־

*) אַ קלאַפּ טאָן.

געבנדיק מיר א ברייטן שלום עליכם, ווי מען טוט מיט גאר א חשוב'ן גאסט, האט ער אנגעהויבן נאכפרעגן זיך, וואו איז מען דאס אויסן געווען, וואס הערט זיך עפעס אין די מרחקים און וואס פאר א נסיעה איך האב געהאט ? און כאטש איך האב גאנץ קלאר געזען, אז ער איז שטארק צופרידן, וואס איך בין געקומען, האב איך פארט מורא געהאט, אז סוף כל סוף וועל איך פון דער געשיכטע אפשניידן א וויינענדיקער... אבער אט איז פלוצלינג ארייגעלאפן אין שטוב, כמעט אן אן אטעם, די מאמע. (דער בעל עגלה האט איר אנגעזאגט אין קראם, אז ער האט מיך געבראכט.) א כאפ געטאן מיך צו זיך, גענומען האלזן און קושן, גלעטן און האלובען גאר אן א שיעור און מיך מכבד געווען מיט א שטיק שבת'דיקן טארט...

דער שבת איז געווען זייער א פריילאכער. אלע זיינען געווען גוט אויפגעלעגט, מען האט זיך געוויצלט; דער טאטע האט געזאגט, אז מאכן א נסיעה הין און צוריק קיין מאליוו, אין סך־הכל דריי טעג, איז א גרויסע בריהשקייט, אפילו מיט פאטש־טאווע !... ער האט אבער אויף אן אמת מיך געזידלט, פאר איבער־לאזן דארטן מיין חבר.

— פע, דאס איז מעשה פאדלעץ ! אינאיינעם אוועקגעגאנגען, דארף מען אינאיינעם קומען, ויעבור עלי מה !... — האט ער גע־טענה'ט. אבער, אז ער האט מיך שטארק דערנומען און איך האב זיך צעוויינט פון גאנצן הארצן, האט ער געזאגט:

— נו, איצטער וועט דיר דער רבונו של עולם מוחל זיין; תשובה און חרטה מעמקי דליבא וועט מכפר זיין. אבער זע, זאלסט אזא עולה מער קיין מאל ניט טאן, דו הערסט ?

איך האב הייליק פארשפראכן און ער האט מיר געגעבן א קניפ אין בעקל...

מיין איציק איז איבערנאכטאג געקומען. ר' שלמה מאלי האט געהאלטן ווארט. און דער מאמען האט געקאסט צוויי קארבן פאר מיך ברענגען און א רובל און א האלב פאר איציק'ן.

א פאר וואכן זיינען אריבער. מיין חשק פארן ערגעץ לערנען

האָט זיך ווידער אויפגעוועקט. איך האָב אָנגעהויבן טענה'ן און מאַטערן מיין טאַטן און מאַמען זיי זאָלן מיך בעסער אַליין אויס־ריכטן אין וועג. אויב ניט, — האָב איך געזאָגט, — וועל איך ווידער אַנטלויפן. און דאָס מאָל האָט מיין סטראַשונאָק געווירקט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען מיך מיט מיין פריערדיקן חבר יודל'ען אויסגעריכט קיין סלוצק, וואו יודל האָט געהאַט אַ באָבען און נאָך משפּחה; און מיר זיינען געוואָרן פאָלנע ישיבה־בחורים, לכל פּרטים ודקדוקים — געגעסן „טעג", געשלאָפן אויף דער הארטער באַנק אין שול, אָפּט אונטערגעהונגערט, פאַר־מיאוס'ט געוואָרן און דערוואוסט זיך פון אַזעלכע סודות, וואָס אין דער עלטער וואָלט גלייכער געווען, ווען מיר וואָלטן פון זיי ניט וויסן. געלערנט האָבן מיר ביי ר' הירש־נעכעס איידעם, אַ ראש־ישיבה מיט זייער אַ גרויסן נאָמען, אָבער מיט זייער ווינציק שכל און נאָך מיט ווייניקער טאַקט און יושר.

## כח.

# סלוצק

סלוצק איז געווען א מתנגד'ישע שטאָט. מען האָט געזאָגט, אז ווען אין סלוצק וועט זיין אַ חסידישער מנין וועט משיח קומען. אָבער אין דער ישיבה, פון עטלאַכע און זיבעציק בחורים, צונויפ־געפאָרענע פון אַלע געגנטן, זיינען געווען מער חסידים איידער מתנגדים, און עס איז געווען אַן עסק — קריגערייען וועגן חסידים און מתנגדים!

אַ קיידענאָווער מתנגד'ישער אינגל האָט זיך געקריגט מיט אַ פינסקער חסידישן בחור'ל און האָט געמאַכט א תל פון די חסידים מיט דער חסידות אינאיינעם מיט אַלע גוטע אידן... ער האָט גע־קראָגן ערגעץ דעם „תניא" און דאָס אָנגעטאָן אַ חזיר אויפ'ן האַלז. (חזירים האָבן ארומגעשפאַצירט פראַנק און פריי אויף דעם שול־הויף לרוב) און ער איז אַרומגעגאַנגען און גע'טענה'ט:

תלה תניא בדלא תניא, בתמיה? אלא, הא והא לא תניא!

דער פינסקער האָט דאָס ניט געקענט פאַרטראָגן און זיך געכאַפּט שלאָגן צום קיידענאָווער. עס זיינען אונטערגעשפּרונגען העלפער צו ביידע צדדים. עס איז געוואָרן אַ מורא'דיקער גע־שלעג; איין העלפט ישיבה־בחורים האָט זיך געשלאָגן מיט דער אנדער העלפט. עס איז געקומען צו לויפן דער משגיח, דער ראש־ישיבה אַליין איז געקומען פאַנאַנדערנעמען און איינשטילן דעם צעקאָכטן עולם; אָבער דער פינסקער איז געווען אזוי צעהיצט, אז ער האָט קיינעם ניט געזען און ניט געהערט. ער האָט שטאַרק געזידלט די מתנגדים מיט דעם ווילנער גאון בראש... פאַר דעם

האָט מען דעם פּינסקער געגעבן „קארקעס“*), און מיט דעם הסכם פון ראש ישיבה ארויסגעטריבען פון שול.

דאָס האָט זייער אויפגעבראכט די איבעריקע חסידישע בחורים, און ביי א פערציק שטיק האָבן אפּגעמאכט יד־אחת — פארלאָזן די שול. אז דער משגיח איז געוואָר געוואָרן דערפון, איז ער מרוצה געוואָרן צו גיין מיט נאָך צוויי אינגלאַך צום ראש־ישיבה בעטן פאר דעם פּינסקער.

מיר האָבן גע'טענה'ט, געמאַנט גערעכטיקייט, געזאָגט, אז ביי אונז איז דער אדמו"ר מיט דעם „תניא“ אזוי חשוב ווי דער „גאון“, און אז דער קיידענאָווער איז מער שולדיק איידער דער פּינסקער, און אים האָט מען גאָרניט באשטראָפט; פארוואָס־זשע קומט דעם פּינסקער אזא עונש? דער ראש ישיבה איז פון די טענות ניט נתפעל געוואָרן. אָבער אזוי ווי ער האָט ניט געוואָלט פארלירן אין מיטן זמן פערציק תלמידים, האָט ער די גזירה אויף דעם פּינסקער מבטל געמאכט. אָבער דער פּינסקער האָט זיך לחלוטין אָפּגעזאָגט אומקערן זיך צוריק אין אונזער ישיבה.

— פע, — האָט ער געזאָגט, — עס איז ניט קיין ישיבה נאָר א קאַזאַרמע. מיר שטייט גאָר ניט אָן לערנען אין אזא ישיבה.

עס איז געווען נאָך א „סומאטאָכע“**) אין דער ישיבה, ווען איך האָב דאָרטן געלערנט; א סומאטאָכע גאָר פון אַן אנדער מין...

ביי אייניקע ישיבה בחורים האָט אָנגעהויבן פעלן זאכן. ביי וועמען—א העמד, ביי וועמען—א ברויטל פון קעסטל, ביי וועמען — אזוי א חפץ, א ספר. אמאָל האָט א פּאָר קאָפּיקעס מזומן פון בייטעלע איבערנאכט ניט געסטייעט***). עס איז געוואָרן צרות; אלע האָבן חושד געווען אלעמען און איטלאכער האָט געקוקט קרום אויף דעם אנדערן.

אַן אויסנאַם איז געווען דער טינקעוויטשער! דער טינ־קעוויטשער איז געווען א וואויל אינגל פון א יאָר פופצן־זעכצן;

*) אַזאַ פאָרמע פון שמייסן.

**) אַן אויפרודער, א גרויס טומל.

***) ניט געוואָרן.

א גאַנץ קלוגער, גאָר א פּקח, א גערעכטענער און א שיינער, א פריילאַכער, מיט א גוטער נאַטור. אַלע האָבן אים זייער האָלט געהאַט; און וויסנדיק, אַז ער איז א באַלעבאַטישער אינגל, האָט אויף אים קיינער קיין ברעקל חשד ניט געוואָרפן. דער טינקע־וויטשער פלעגט שלאָפן אין חדר שני מיט ר׳ הירש־נעבעס א פּלי־מעניק, ביי וועמען מען האָט גע׳גנב׳עט א נייע פּאָר קאַלאָשן. דער טינקעוויטשער האָט דאַרויף גע׳דרשנ׳ט, אַז דאָס מאָל איז דער גנב אוועקגעגאַנגען שוין בדרך עקלתון, — א גוט ווערטל, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביים עולם.

איינמאָל באַגינען — נאָר וואָס עס איז טאָג געוואָרן און עס האָט זיך אַזוי געשמאַק געשלאָפן און גע׳חלומ׳ט פון א גוטן זאַטן מאָלצייט, האָב איך דערהערט א געשריי, א ליאַרעם אין חדר שני און קולות: גנב, גנב! אהא, דו ביסט דאָס דער גנב! מיר וועלן דיר שוין ווייזן ווי צו גנב׳ענען!

אַלע ישיבה בחורים זיינען ניט טויט, ניט לעבעדיק אויפ־געשטאַנען. ווער עס האָט אַרויפגעכאַפּט די פּליודערן, און ווער עס האָט קיין צייט ניט געהאַט דאָס צו טאָן און געהאַלטן זיי אין די הענט... עס איז געוואָרן א מורא׳דיקער „ראַזרוך״.*) אַלע האָבן זיך געשטופּט צום חדר שני. ווען איך בין אַריין, האָב איך געפונען דעם טינקעוויטשער׳ס הענט פאַרבונדן אויף הינטן, די פיס געבונדן, ווי מיט א פּענטע. ער איז געשטאַנען א צו־געבונדענער לעבן פענסטער. פון מויל, פון נאָז און פון גאַנצן פּנים איז גערונען בלוט. די העמד פון לייב צעריסן אין שטיקער און די לייב איז געווען ברוין און בלוי, צעפּאַסעוועט ווי א צע־אַקערטע שטיקל ערד. מען האָט אים געשלאָגן מיט קולאַקעס אין קאָפּ, אין די זייטן און אין בויך. געפּאַטשט מיט דער גאַנצער האַנט אין פּנים, געשמיסן מיט פּאַסן פון די הויזן, מיט לאָקשן און צום סוף מיט קראַפּעווע!

ווען דער עולם איז געקומען דאַוונען, איז די גאַנצע שול

*) אומרואיקייט.

גענענאַגען „כּאָדראָם״. מען האָט זיך איבער דעם אומגליקלאַכן אינגל פּשוט געלומעט. באַלעבאַטישע אינגלאַך האָבן זיך פאַר־גונען שטעכן דעם גנב מיט אַ נאָדל אָדער שפּילקעס. אויף זיין פאַרצווייפלטן געשריי האָבן זיי הויך זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. ענד־לאַך איז דער טינקעוויטשער געבליבן אין חלשות. און אַז מען האָט אים מיט קאַלטע וואַסער אָפּגעמינטערט, האָבן זיך נאָך גע־פונען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט מען זאָל אים נאָך אַמאָל שמייסן. אָבער עס האָבן זיך אַריינגעמישט אַ פּאָר באַלעבאַטים און ניט דערלאָזן. דער ראש ישיבה איז בינתים געקומען זאָגן דעם „שיעור״. דערהערט פון דער גאַנצער מעשה און דערזען דעם שוואַרצן ווי ערד, צעקוואַשעטן *) פּנים פון דעם טינקעוויטשער, האָט ער עטלאַכע מאָל אַהין און אַהער געשאָקלט מיט׳ן קאָפּ און געהייסן אַ פּאָר געזונטע ישיבה בחורים אַרויסטראָגן אים אין דרויסן און מער ניט טשעפּען אים.

טראָגן אים האָט מען געמוזט, וואָרים אַליין גיין האָט ער קיין כח ניט געהאַט. אָבער אַרויסטראָגנדיק אים האָבן אַלע ישיבה בחורים און אַזוי חברה אין שול געשריען:

— ככה יעשה לגנב בבית הכנסת!

מען האָט אים אַוועקגעטראָגן אַ פּאָר גאַסן פון שול און אַוועקגעוואָרפן. די ישיבה בחורים, די טרעגער, האָבן זיך באַ־רימט, אַז זיי האָבן נאָך אים געגעבן אַ גוטע אָטיעזדנע״...**)

געַנוי וואָס מיט דעם טינקעוויטשער איז געוואָרן, ווייס איך ניט. עס האָבן זיך געטראָגן אַלערליי קלאַנגען: מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך דערטרונקען. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן אַהיים און דאָרטן פון די קלעפּ געשטאָרבן; אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט, אַז ער האָט זיך גאָר גע׳שמד׳ט... און נאָך אַ קלאַנג איז געווען, אַז זיין פאָטער, אַ חשוב׳ער באַלעבאָס אין טינקעוויטש, ביי וועמען דער אינגל איז געווען טייער, ווי אַן אויג

*) צעשניטן, צעהאַקט.

**) אַ מתנה פאַר׳ן אַוועקפאָר.

אין קאָפּ, האָט אַ נדר גענומען אָפּרעכענען זיך מיט דער ישיבה און נעמען נקמה פון סלוצק פאַר אַזאַ נבלה — און ער איז גע־וואָרן אַ מסור!...

מיך האָט די גאַנצע סצענע דערמאָלט ממש „אפּעטושעט"*). איך האָב ניט געקענט עסן און ניט שלאָפן, און האָב מורא גע־קראָגן פאַר דער שול, ווי פאַר אַ פּוסטקע פול מיט שדים... איך האָב קוים דערשלעפּט ביז סוף הזמן און אַנטלאָפן אהיים.

אַז איך האָב דערציילט די גאַנצע מעשה מיין טאַטן, איז ער געוואָרן אויסער זיך, געווען שטאַרק אין כעס. גע'טענה'ט: אינקוויזיציע! די מעשה פון פלגש בגבעה! ער האָט זיך שטאַרק באמת מצער געווען. ער האָט געזאָגט, אַז מער ווי ביי פאַר־טריקנטע, קאַלטע, חיצונות'דיקע מתנגדים קענען אַזעלכע אכזריות ביי אידן ניט פאָרקומען! אַי, אַי, אַי, אידן זאָלן זיך אויפפירן, ווי די מוזשיקעס, להבדיל, מיט אַ פערד־גנב, אַ גוואַלד, אַ גוואַלד! עס איז גאָר קיין רבותא ניט, אויב זיי האָבן דעם אינגל אין שמד אַריינגעטריבן, אָדער דעם פאָטער — צו מסירות!...

---

אין דער קאַלטער מתנגדישער ר' הירש נעכעס בית־המדרש איז געווען אַ שמש, וואָס, ווי מיר דאַכט, איז ער גאָר שוין ניט געווען קיין חציונות'דיקער. געווען איז דאָס אַ איד אַ הויכער, אַ בייזער, מיט אַ רויטער באָרד און גזל'נישע אויגן... האָט קיין אַנדער וואָרט פאַר די ישיבה־בחורים ניט געהאַט, ווי נאָר: שדים, רוחות, ניט־גוטע... ער האָט אָבער אַלע ישיבה־בחורים, ביי וועמען עס האָבן געפעלט „טעג", געשלעפּט צו זיך אהיים און געגעבן אָנבייסן — זויער־מילך מיט ברויט — און וועטשערע — קרופּניק מיט ברויט. געשטאַנען די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבן געגעסן, איבער אונז, שטרענג און אָנגעכמורעט**) און האָט מיט בייזן אונ־טערגעברומט:

*) צערודערט.
**) ברוגז'דיק.

— פּרא אדמ׳ס, עסט, פּרעסט, ברויט איז א חיזוק החברה, באַלוואנעם איינע! „וכל המרבה הרי זה משובח", געהט דאָס אויף עסן, און בפרט אין אייערע יאָרן!...

א קבצן איז ער געווען איבער די אויערן. געגאַנגען אפּגע־ריסן און אָפּגעשליסן, און די ווייב פלעגט ניט אויפהערן שילטן און שרייען, אז ער איז צוגיט אַלץ, וואס עס איז פאַראַן אין שטוב, — דעם לעצטן מאָל זאָל ער שוין געבן, טייערער פאַטער!

וואו ער האָט גענומען אזוי פיל ברויט, זויער־מילך און גאַנצע שיסלען קרופּניק, האָט קיינער ניט געוואוסט. אזוי ווי קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען ער פלעגט ברענגען צושלעפּן א העמד פאַר א ישיבה־בחור, א פּאָר שטיוול און א פּאָר הויזן. נאָר וואס ער האָט עפּעס געטאָן פאַר א ישיבה־בחור, האָט ער דאָס געטאָן מיט רוגזה און געזידלט זיך בשעת מעשה, אַקוראַט ווי ער וואָלט געווען א נגזל.

בעת דער געשיכטע מיט דעם טינקעוויטש'ן איז ער אנטלאָפן אינגאַנצן פון שול, דערנאָך איז ער געווען מלא חמה און האָט אַלע ווײַלע געבורטשעט*):

— הפּנים, די שלעגער זיינען בעסער פאַר אים? שלאָגן, אָט דאָס קאָנען זיי!...

*) געמורמלט פאַר זיך.

כט.

# שקלאָוו

פון סלוצק האָב איך א גאנץ קליינע פעולה געהאט. ווי האָט מיין טאטע געזאגט: בגפו יבוא ובגפו יצא, מער ווי טאנדעטנע סחורה קען מען פון די פאבריקעס ניט דערוואַרטן. איך בין שוין פאַרבליבן א פאָר יאָר אין דער היים. איב האָב זיך ארומגעדרייט איבער די גאסן, געלערנט כמעט אין אלע שולן פון שטאָט, אָבער עס איז געוועזן ווייניק מזל ברכה. אז איך בין אלט געוואָרן א יאָר פערצן־פופצן בין איך אוועקגעפאָרן, באלד נאָך סוכות, קיין שקלאָוו. דאָרט בין איך פארבליבן אן אן איבעררייס גאנצע צוויי יאָר.

איך בין אָנגעקומען אין דער „טייטשעסער שול", וואו ר' וואלף ראקעווער האָט געזאגט דעם „שיעור".

א יאָר נאָכאנאנד האָב איך געלערנט מיט חשק, מיט התלהבות און גרויס התמדה. מיט נאָך א אינגל, א חבר, פון בערעזין, האָבן מיר געלערנט טאָג איין, טאָג אויס; נאכט איין, נאכט אויס. ניט ווייניקער ווי אכצען שעה אין מעת־לעת. געוועזן טעג וואָס איך בין געוועזן זייער הונגעריק, קיין ביסן ברויט אין מיין מול ניט געהאט, אָבער איך בין געזעסן און געלערנט און פארגעסן אויף א געוויסער צייט דעם הונגער אפילו. געוועזן נעכט, ווען אין שול איז געוועזן שרעקלאך קאלט, די פענסטער זיינען געוואָרן פון פראָסט, ווי די בערן, אונז האָט געקלאפט א צאָן אָן א צאָן — ניט געקענט די ווערטער ארויסריידן, האָבן מיר שטייענדיק אויף דער בימה, כדי וואָס ווייטער ייין פון די פענסטער, ארומגענומען זיך

שטאַרק, כדי צו דערוואַרימען זיך, אָבער פון לערנען האָבן מיר ניט מפסיק געווען.

אָפטמאָל האָבן מיר געלערנט דורך דער גאַנצער נאַכט, אָפּגע־דאַוונט מיט דעם ערשטן מנין, אָפּגעגעסן אַ שטיקל ברויט אָנבייסן און ווידער געלערנט.

מיר האָבן מיט אונזער לערנען אָנגעטראָגן אַ חשק אויף די איבעריקע דרייסיק ישיבה־בחורים. מען האָט זיך אָן אונז מתקנא געווען. דער רבי, ר' וואָלף, האָט אונז זייער געלויבט. וועגן מיר האָט ער געזאָגט, אַז איך בין אַן אבן טוב, און געשריבן צו מיין טאַטן: „זה הוא ישראל אשר בו אתפאר". ער האָט מיך געלויבט אין און אונטער די אויגן און מיר געגעבן צו פאַר־שטיין, אַז דורך מיר איז זיין גאַנצע ישיבה דערהויבן געוואָרן, אַ שול מתמידים געוואָרן. ווייבער פלעגן זיך בענטשן מיט אונז: „אַזוי וואויל און געבענשט איז דער מאַמעס בויך, וואָס האָט אַזעלכע כשר'ע קינדערלאַך אויף דער וועלט געבראַכט!" — האָבן זיי געזאָגט.

מיר האָבן געלערנט „חולין" און „עורבין" פאַר זיך, אַ חוץ די מסכתא „בבא בתרא", אין וועלכער ר' וואָלף האָט זיין „שיעור" געזאָגט. מיר האָבן דורכגעלערנט אַלע מפרשים און אַז מיר פלעגן וועלן אַ שטיף טאָן מיט דעם גרויסן ר' וואָלף ראַקעווער, פלעגן מיר אויסזוכן אַלטע מפרשים און פאַרמאַטערן אים מיט קשיות, אויף וועלכע אַפילו אים פלעגט שווער זיין צו ענטפערן. אָבער דאָס רוב פלעגט ער טרעפן, וואו מיר האָבן די קשיות גע'גנבה'ט, אָבער ניט נאָר האָט ער קיין קרום וואָרט אונז ניט געזאָגט, נאָר פאַרקערט, געלויבט דערפאַר און צוגעגעבן אונז מוט: „גוטע אינגלאַך דאַרפן קענען אָפּשטעלן און אָפּפרעגן דעם רבי'ן" — פלעגט ער זאָגן.

ר' וואָלף האָט נאָך אויף אַן אַנדער אופן אַרויסגעוויזן זיין געהויבענע מיינונג וועגן אונז. ער האָט אויפגעהערט צו פאַרהער־ן אונז שבת נאָך וואַרמעס. זיין שטייגער איז געווען: קומען שבת נאָכ'ן שלאָף אין דער ישיבה, אַרויפגיין אויף דער בימה, עפענען די

גמרא און אויפרופן איינציקווייז די ישיבה־בחורים און פאַרהערן זיי. אז אימיצער פלעגט ניט וויסן, וואָס מען האָט געלערנט, פלעגט ער אים זאָגן דעם פסוק: „והוא רחום יכפר עון"... אין פאַטשן, ציילנדיק די ווערטער, ווי ביי שלאָגן מלקות. דערביי פלעגט ער זאָגן: „פאַרוואָס נעמסטו זיך ניט אראָפּ א מוסר פון דעם באַברויסקער און דעם בערעזינער? ברוכים המה לה' ולאנשים."

אויף דעם גוף האָבן מיר זיך גאַרניט אומגעקוקט. ניט מקפיד געווען ווען און וואָס עסן, וואו און וויפיל שלאָפן; עס איז רעכט געווען נאָר צושפּאַרן זיך ערגעץ אויף א פּאָר שעה דרעמלען און ווידער געלערנט. אין די אויגן פון די איבעריקע ישיבה־בחורים זיינען מיר געווען אפילו גאר געהויבן, אָבער האָלט האָט מען אונז דערפאַר ניט געהאַט. עפּעס האָבן זיי זיך געפילט דערנידעריקט דורך אונז און אונז אונטערגעשטעלט הינטער־פיסלאך, ווען זיי האָבן נאָר געקענט. מיר האָבן געוואוסט דערפון, אָבער געמאַכט זיך כלא ידע, וואָרים ניט נאָר האָבן מיר געלערנט א סך און קיין צייט ניט געהאַט אפּשטעלן זיך אויף קלייניקייטן, נאָר מיר זיינען דאַמאָלסט באמת פרום געווען און האָבן געהאַלטן פון „בעסער זיין פון די פאַרשעמטע, איידער צו פאַרשעמען אן אנדערן", ווי עס שטייט אין פרק: „לעולם תהיה מן הנעלבים ואינם מעליבים".

אונזער גאַנץ לעבן איז געווען נאָר א רוחניות'דיקער און מיר האָבן דערפון הנאה געהאַט. איינמאָל האָבן מיר זיך אפּגעמאַטערט אויף א תוספות כמעט א גאַנצע נאַכט און אוועקגעפאַלן שלאָפן אויף די גמרות אין מיטן דערינען. האָט זיך מיר גע'חלומ'ט די גאַנצע צייט דערזעלביקער ענין און איך האָב פאַרענטפערט אַלץ וואָס איז אונז ניט גלאַט געווען אויפ'ן וואָר. מיין חבר, דער בערעזינער, איז געווען אין גרויס התפעלות. ער האָט געמיינט, אז ניט אנדערש, ווי אליהו הנביא האָט מיר אין חלום מגלה געווען דעם סוד.

מיין גוף האָט אָבער ניט אויסגעהאַלטן, און איך בין קראַנק געוואָרן. מען האָט מיך צוגענומען אין הקדש, וואו איך בין געלעגן

אין אַ היץ־קרענק. אַז איך בין בעסער געוואָרן, האָט מען מיך גוט צוגעזען. ר׳ וואָלף ראַקעווער אַליין פֿלעגט קומען מיך אָפּט געוואָר ווערן. ער האָט אַפּנים דערציילט, אין הקדש, וואָס פֿאַר אַ וואויל לערנער איך בין, האָבן מיך אַלע באַהאַנדלט מיט גרויס אײַנ־זעעניש. אַ פֿרוי, בײַ וועלכער איך האָב געגעסן אַ „טאָג״ פֿלעגט מיך קומען געוואָר ווערן כמעט יעדן טאָג, פֿלעגט ברענגען גוטע־זאַכן, פּירות און אַזוי מאכלים, און איך האָב זיך באַלד גוט פֿאַפּראַווועט.

איינמאָל, פֿרײַטאָג נאָכמיטאָג, זײַנען געקומען צו מיר אין הקדש מיך געוואָר ווערן, צוויי גבאים, די שענסטע מענטשן פֿון שקאָלוו. זיי האָבן מיך געטרייסט, גערעדט ווייכע רייד, דערציילט מיר, אַז אַלע לויבן מיך, און צום סוף האָבן זיי געזאָגט:

— זע, זע, זונעלע, זאָלסט, חלילה, ניט זײַן ווי דער עוכר ישראל סמאָלענסקין. ער איז אויך געלעגן דאָ אין דעם חדר. זאָלסט, חלילה, ניט אַרויסגיין לתרבות רעה, ווי ער, און ניט באַשרײַבן אונז און ניט מאַכן אונז ללעג ולקלס... ימח שמו וזכרו!

דאָס איז געווען דעם ערשטן מאָל אויף מײַן לעבן, וואָס איך האָב געהערט דעם נאָמען סמאָלענסקין, און איך האָב זיך גע־חידוש׳ט, בשום אופן ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס הייסט דאָס, אַרויסגיין לתרבות רעה, און וואָס הייסט, באַשרײַבן און מאַכן ללעג ולקלס אַזעלכע טײַערע אידן און פֿיינע מענטשן? ווער איז דאָס דער סמאָלענסקין, וואָס האָט ער אַזוינס געטאָן, וואָס גע־שריבן, וואו געשריבן און וואָס מיינט דאָס באַשרײַבן?

אַז איך בין אַרויס פֿון הקדש, האָט מיר דער בערעזינער דערציילט, אַז ער פֿאָרט אַהיים אויף יום־טובים, ער איז עפּעס „ניט אין גאַנצן״. מיך האָט דאָס שטאַרק פֿאַרדראָסן: איך האָב געמיינט, אַז מיר וועלן זיך קיין מאָל ניט צושיידן. און אַז ער איז אין גיכן טאַקע אַוועקגעפֿאָרן בין איך געבליבן ווי אַ קיילעכ־דיקער יתום — פֿאַראומערט און פֿאַרלאָזן!

דער בערעזינער איז צוריק ניט געקומען. ר׳ וואָלף ראַקעווער האָט אַמאָל געשיקט נאָך מיר, איך זאָל קומען צו אים אַהיים. אַז

איך בין געקומען צו אים, האָט ער מיר געזאָגט, אַז דער בערעזינער איז געשטאָרבן און אַז זיין פאָטער בעט מען זאָל אים אָפּשיקן די תפילין, וועלכע זיין זון האָט ביי מיר איבערגעלאָזן — איך בין געפאַלן אין חלשות.

אויפגעכאַפּט זיך האָב איך זיך ביי ר׳ וואָלף ראַקעווער אין בעט אָן אויסגעטאָנענער... און די תלמידים מיט וועלכע ר׳ וואָלף האָט געקנעלט פאַר ק״ן קערבלאַך אַ זמן, ר׳ וואָלפ׳ס ווייב, זייערע אַ מיידל און ר׳ וואָלף אַליין האָבן אַרומגעפּאַדעט אַרום מיר, געלייגט מיר נאַסע האַנטיכער צום קאָפּ און געגעבן מיר וואַרימע מילך און צוביסלאַך שנאַפּס.

---

די גוטע פרוי, וועלכע איז געקומען מיך געוואר ווערן אין תקדש, האָט מיך צוגענומען צו זיך אויף פּאַפּראַווקע. אירער אַ דערוואַקסענער זון, וועלכער איז שטענדיק געזעסן מיט זיין פאָטער אין מאָסקווע, איז געקומען אויף יום־טוב אַהיים. ער האָט זיך צורעדט מיט מיר און איז געוואָרן זייער צוגעלאָזן. ער האָט געהערט, אַז איך קען גוט לערנען און לערן אַ סך. ער האָט אָנגעהויבן ריידן מיט מיר מכח אַ תכלית, צי וויל איך ווערן אַ מלמד, אַ ראש־ישיבה, אָדער אַ רב, און צום סוף האָט ער אַ פרעג געטאָן, צי קען איך לשון קודש, און צי וואָלט איך וועלן לייענען דעם „תועה בדרכי החיים” פון דעם באַרימטן מחבר פּרץ סמאָלענסקי׳ן? ...

איך האָב זיך אָנגעכאַפּט, פאַרשטייט זיך, ווי אָן אָן אוצר און ער איז מיט מיר דורכגעגאַנגען אַ פּאָר קאַפּיטלאַך. זעענדיק, אַז איך פאַרשטיי, וואָס איך לייען, האָט ער געזאָגט:

— נו, איצטער, ביסטו שוין אויף אַ דרך און אַז דו וועסט וועלן ביכער, זאָלסטו מיר זאָגן, איך וועל דיר געבן פון פויגל־מילך..

מיין חשק צו דער גמרא איז געוואָרן, ווי מיט די הענט אָפּגענומען... אָנשטאָט לערנען, האָב איך זיך מיט דער זעלביקער התמדה צוגעכאַפּט צום לייענען. איך האָב דורכגעלייענט כמעט אַלץ, וואָס עס האָט זיך געפונען ביי דעם יונגענמאַן: האָב גע־

לייענט יהודה ליב גאָרדאָן, לילייענבלום, יצחק בער לעווינזאָן, דעם מיכיילושקער און מאפו'ן. איינמאָל, שבת צו נאכט, ווען די גאנצע ישיבה האָט געלערנט מיט חשק, בין איך געזעסן אין חדר שני, לעבן א ישיבה בחור, וואָס האָט זיך שטארק געשאָקלט און געזונגען די גמרא, און האָב געלייענט דעם „אהבת ציון", איז פּלוצלינג אריין ר' וואָלף ראקעווער, וועלכן איך האָב גאר ניט באמערקט, האָט ארייגעקוקט אין מיין ספר, הינטער מיין פּלייצע, און ווענדענדיק זיך צו מיר, ווען איך בין גאר ממש מטושטש געוואָרן, זאָגט ער:

— נו, נו, לייען, לייען.. זע נאָר, אז תמר זאָל זיך ניט חלום'ען ביינאכט..

איך בין אזוי נתפּעל געוואָרן, סיי פון דעם אופן, ווי ר' וואָלף ראקעווער, דער גרעסטער ראש־ישיבה אין שקאָלוו, האָט קאַלט־בלוטיק און גלייכגילטיק אויפגענומען מיין לייענען אין שול טריף־פּסול'ס, סיי פון זיין באמערקונג, וועלכע האָט מיר קלאָר באוויזן, אז ער אליין האָט דאָס אויך געלייענט, אז איך האָב א גאנצע נאכט אָן אויג ניט צוגעמאכט דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן. איך האָב אלץ געטראכט: וואָס קען דאָס זיין?... נישיים איז ר' וואָלף אליין אן אפּיקורס?... וואס איז אפּיקורסות און פארוואס זאָל מען ניט טאָרן טראכטן און איבערטראכטן וועגן אלץ אין דער וועלט און אפילו פון דעם כביכול אליין?...

איך מוז זיך מודה זיין, אז ר' וואָלפ'ן אויף צו להכעיס, איז תמר מיר ניט ארויסגעקראָכן פון קאָפּ. זי איז געשטאַנען פאר מיינע אויגן, א לעבעדיקע, א רייצנדיקע שיינהייט, און אזא גוטע און חנ'עוודיקע, אז איך וואָלט געוועין אָפּגעגעבן כל הון דעלמא, ווען איך קען זי ארומנעמען און א קוש טאָן.

גאנץ פרי בין איך אוועקגעלאָפן צום יונגענמאַן און דערציילט אים די גאנצע מעשה. ער האָט געשמייכלט, — קענטיק, עס האָט אים הנאה געטאָן זיין ערפאָלג. און ער האָט אָנגעהויבן מיך לערנען רוסיש. דורכגעגאנגען מיט מיר א היפּשע ביסל פון דעם „רוסקאיע טשעטעניע", פארטייטש און געהייסן איינ'חזר'ן די

ווערטער. האָבנדיק אַ גוטן זכרון, האָט זיך עס מיר גרינג איינ־געגעבן און מיין נייער רבי האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף מיר.

דעם גאַנצן צווייטן יאָר פון מיין זיין אין שקלאָוו האָט מיין לערנען גאָר קיין טעם און קיין ממשות ניט געהאַט. די גמרא האָב איך געהאַלטן נאָר פאַר אַן אָנשטעל, פון יוצא וועגן, געלערנט האָב איך, אַנשטאָט גמרא, רוסיש און געלייענט, ניין, געשלונגען, די לשון־קודש'דיקע ליטעראַטור פון יענער צייט. כ'האָב זיך אינגאַנצן אָנגעזאָפּט מיט דעם השכלה־גייסט פון מיין לערער. מיין פרומקייט איז אַראָפּגעפאַלן עד שאול תחתיה און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער פּעריאָד פון ספקות און אַן אינוועניקסטער ויתרצו, וועלכער האָט מיך געקאָסט אַ סך געזונט און פאַרשאַפט מיר צער און גרויס עגמת נפש. איין טאָג איז ביי מיר רעכט געווען צו טאָן כל דבר אסור, האָב געלייקנט אין אַלץ מיט אַנאַנדער, בין זיכער געווען, אַז לית דין ולית דיין. אויף מאָרגן האָבן מיך געמאַטערט אַנדערע געדאַנקען, האָב טיף חרטה געהאַט אויף נעכטיקע זינדיקע מחשבות, האָב געפאַסט, געשלאָגן זיך על־חטא און ביטער געוויינט. דער דאָזיקער פּעריאָד האָט אָנגעהאַלטן גאַנץ לאַנג און די ספקות זיינען נאָך שאַרפער געוואָרן שפּעטער, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט חסידות און קבלה, עס איז געווען אַן אמת'ער „ויתרצו" מיט גרעסערע ווייטאָקן, איידער חבלי לדה. אינגאַנצן פּטור געוואָרן דערפון בין איך ערשט מיט אַ יאָר זעקס שפּעטער, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט דער סאָציאַליס־טישער און רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור, אָבער אין מיין צווייטן יאָר שקלאָוו בין איך געווען נאָך אין די האָניק־חדשים פון דעם ניי־אויפגעגאַנגענעם לעבן!

מיין קוק אויף דער וועלט האָט זיך לחלוטין געענדערט. איך האָב אָנגעהויבן זען זאַכן גאָר אַנדערש, ווי פריער. איך האָב אויף זיך אַליין, אויף מיינע חברים, די ישיבה־בחורים און אויף די גאַנצע כלי־קדש געקוקט איצטער ווי אויף „דאַרמאָיעדניקעס", „פּוסטאָפּאַסניקעס" און אַ ברכה לבטלה; זיי זיינען געווען אין

מיינע אויגן פאנאטיקער, וואָס זיינען ניט ווערט וואס די ערד טראָגט זיי, און די, וואס האלטן זיי אוים, האָב איך באטראכט, ווי מסעים לדבר עברה...

אפילו אויף ר׳ וואלף ראקעווער וואס איך האָב פאר אים גרויס דרך־ארץ געהאט, צוליב זיין חכמה, זיין גוט הארץ, סבלנות און זיין גוט קענען לשון־קודש — אפילו אויף אים האָב איך געקוקט מיט חשד און געמאָסטן אים מיט דער השכלה־מאָס פון יענער צייט. אויפ׳ן הארצן איז מיר געווארן טרויעריק. מיר איז געווען, ווי איינעם, וועלכער פארלירט פלוצלינג אלץ וואָס אים איז געווען ליב און טייער. איך האָב זיך דערפילט, ווי אַ פארלאָרענער און אַן איבעריקער אויף דער וועלט... איך האָב אָנגעהויבן שטארק בענקען אהיים און כאָטש איך האָב גוט געוואוסט, אז אין דער היים וועט מיר בעסער ניט ווערן, וואָרים מיין סביבה אין דער היים איז געווען נאָך פרימער, ווי אין שקלאָוו, האָב איך באשלאָסן פאָרן אַהיים.

## ל.

# מיין זעגענען זיך מיט שקלאָוו

**איך** בין געקומען זעגענען זיך מיט מיין נייעם רבי'ן, וועלכער האָט מיך פארפירט אויף די נייע וועגן. ער האָט לאַנג, לאַנג גערעדט, גע'טענה'ט, איינגעשמועסט, איבערצייגט מיך, אז איך מוז טראַכטן וועגן אַ תכלית אז מיט מיינע ידיעות פון תלמוד אליין וועל איך די וועלט ניט קענען דורכגיין, אז מען מוז ווערן א מענטש, זיין ליימן גלייך און נוצלאך זיין...

ער האָט מיר צוגעזאגט שיקן ביכער און העלפן מיר מיט ראַט און טאַט עד שידו מגעת און האָט מיר געשענקט ליליענבלום'ס „קהל רפאים", אַלס א מתנה צום אָנדענק. איך האָב דעם ביכל, אגב אורחא, זייער האַלט געקראָגן און עס איז מיר געווען טייער, ווי אן אבן טוב.

דערנאָך בין איך געגאַנגען געזעגענען זיך צו ר' וואָלף ראקעווער. ער האָט מיך זייער פריינטלאך אויפגענומען, א סך פריינטלאכער איידער ווען עס איז פריער. ער האָט גערעדט צו מיר פאָטערלאך, האָט אויפגעוויזן, אז עס קען פון מיר ווערן אַ גדול, ווען — ווען איך זאָל זיך האלטן נאָר ביי „אונזער" תורה און יראת שמים. „פון די ביכלאך לייענען, — האָט ער מיר פאַר־זיכערט, — קען קיין גוטס ניט ארויסקומען. די מחברים זיינען כמעט אלע שוטים, וואָס מיינען, אז זיי זיינען גרויסע חכמים... און וואס איז דער גאנצער מענטשעסער שכל, ווי טיף און ווי ווייט קען ער באַנעמען? דאָך ניט מער ווי א שפאַן אויף א שפאַן! אין מיט אָט־די קליינינקע קעפעלאך, אָט מיט דער קאפעטשקע שכל

ווייל מען דאַרף דערגיין דעם תכלית הבורא, דעם סוד היצרה?! היאמר חמר ליוצרו מה תעשה ופעלך אין ידים לו, ווי קען דאָס געמאָלט זיין, אז א נברא זאָל משיג זיין דעם בורא? שטות'ערייען, בנאמנות, שטוסערייען! אָט, זעסטו, אויסלערנען זיך דעם לשון המדינה, מהיכא תיתא, עס קען צוניץ קומען, מען איז דאָך ב"ה אין גלות, מען דאַרף צו זיי אָנקומען, קען גאַר ניט שאַדן, אז מען קען זיך מיט זיי צונויפריידן, אָבער ווייטער — בעט ביי מיר א שמעק טאַבאַק פאַר זייער גאַנצע חכמה! די העכסטע מדרגה, צו וועלכער מען קען ביי זיי דערגיין איז דאָך צו א פּראָ־פעסאָר, האַ? טאָ, נאַ דיר א תקיעת כף, אז דער קלענסטער פון אונזערע לומדים פארשטייט מער, ווייס גרונטאָוונער און איז העט, העט, וויאַרסטן־ווייט, ווייטער אוועק אין אמת'ע חקירות איידער זייער גרעסטער! כאַ, כאַ, כאַ, אויך מיר א באַטרעף, א לשון זיך אויסצולערנען, אָדער אפילו חשבונ'ען, צי די היסטאָריע— אָט זאָלן זיי פּרואוון א שאלת־תשובה אָנשרייבן, ווי א ר' עקיבא איגור, אדער ווי דער חתם ספר, אַי, אַי, אַי, ווען זיי זען די נפקה מינית!..

ר' וואָלף האָט גערעדט געשמאַק און מיט האַרץ, אָבער גוט־מוטיק און ווייך. און אז איך האָב אים א פרעג געטאָן:

סטייטש, רבי, עס שטייט דאָך בפירוש: „ודע את אלוהי אביך, למען דעת" און „ידע תדע", וואָס דאָס מיינט דאָך ניט אנדערש, ווי פארשטיין מיט דעם שכל און טראַכטן? און ווידער, ווי קען דאָס גאָר געמאָלט זיין, אז דער אויבערשטער האָט באַשאַפן אזוי פיל פעלקער, אזוי פיל אומות, א גאַנצע וועלט מיט ברואים. נאָר צוליב אונז, אידן — און מיר אליין זיינען אין גלות און ווערן אזוי אויסגעריסן, היתכן?...

האָט ר' וואָלף פארקנייטשט דעם שטערן און א טיפן, מעמקי דליבא, זיפץ געטאָן און געזאָגט:

— אָט, אָט, אָט דאָס איז דאָך דאָס, אָט דאָס זיינען די ביטערע קרייטעכער פון די ביכלאך, פון די כלומרשטע חקירות און חכמה. אַי, אַי, אַי, זונעלע מיינער, איך האָב מורא, אז דו ביסט

שוין נתחמץ געוואָרן, אז עס איז א גוטער ווײַן אין א כלי חרס הנשבר! וואָס הייסט, האָסטו שוין גאר פארגעסן, א בפירוש'ן פסוק: „כי ה' בחר בך להיות לו לעם סגולה מכל העמים?“ וואָס פאר א קשיות איז דאָס, אז דאָס איז דער רצון הבורא? פרעג בעסער—ווי דער מלבי"ם טייטשט—ועיר פרע—אָנשטאָט א מויל־אייזל — אדם יולד, זאָל א מענטש געבאָרן ווערן? זעסטו שוין, וואוהין די ביכלאך ר"ל פארפירן? ניין, ישראל'קע. במה שמופלא ממך אל תדרוש, מיט דעם שכל קען מען חלילה פארקריכן אין די הרי חושך אריין, אמונה, דאָס איז דער עיקר! און דײַן קשיה וועגן דעם, וואָס עס שטייט: ודע את אלוהי אביך, איז שוין פארענטפערט, דאָס מיינט, אין דעם זעלביקן סגנון הלשון, ווי „ואדם ידע את חוה אשתו“ — אינגאנצן אריינגעטאָן זיך, איבער־געבן זיך מיט לײַב און לעבן צו עבודה און הכרת הבורא!

לאַנג, גאַנץ לאַנג האָט מיך ר' וואָלף געהאַלטן און גע'טענה'ט צו מיר. צײַטנווײַז האָט זיך מיר געדאַכט, אז ר' וואָלף וועט אָנהייבן וויינען, אזוי הארציק און בנעימות האָט ער גערעדט. ער האָט זיך געווענדט מיט זײַנע רייד, א חוץ מיר, צו די איבעריקע דרײַ תלמידים זײַנע, וועלכע זײַנען געווען עלטער פון מיר, און וועלכע האָבן אויף אלץ צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, אז זיי זײַנען מסכים און האָבן אויפגעפּנט גרויסע אויגן פון פארוואונדערונג, ווען איך וואָלט עפּעס געפרעגט, אָדער מיט א תנועה פון ספק מקבל געווען ר' וואָלפ'ס אַן ענטפער.

מיט א „לך לשלום והזהר והזהר פון די לשון קודש'דיקע ביכלאך“, האָט מיך ר' וואָלף ארויסבאַגלייט פון זײַן חדר.

איך האָב נאָך אבער צײַט געהאַט צו הערן, ווי אומקערנדיק זיך, האָט ער געזאָגט:

— א שאָד, א שאָד, אזא טייערע כלי... ער איז א פארפאַ־לענער, נעבאך, „כל באיה לא ישובון“, מען וועט דארפן אָנשרײַבן זײַן פאָטער, „אולי — אולי ירחם“.

בײַנאַכט האָב איך געדאַרפט נאָך אָפּגעזעגענען זיך מיט דער ישיבה. דאָס הייסט, ווי דער שטייגער איז געווען, אלע ישיבה־

בחורים האָבן געמאַכט א סעודה — געקויפט בּאָב, ארבעס, מאָנעלאך, איינגבערלאך, עפּל, באַרן, קארשן, אַגרעסן און ווייַנ־פּערלאך, און עסנדיק האָט מען זיך געדאַרפט מודה זיין אויף די אייגענע חטאים און אויסזאָגן די חטאים אויף אנדערע. דאָס איז געווען א מין קהל'שער ודוי.

איך האָב אָבער די ישיבה אויך פריער ניט האָלט געהאַט און בפרט נאָך איצטער, מיט מיינע איצטערדיקע געדאַנקען — — —

די שקלאָווער ישיבה בחורים בדרך כלל — צי ווײַלע איך בין עלטער געוואָרן און מער תופס געווען, צי זיי זיינען טאַקע געווען אנדערש — זיינען געווען א סך ערגער און פאַרדאָרבענער איידער די סלוצקער. מיר איז נמאס געווען זייערע גנבה'שע שטיק: מיט א קליינער אויסנאַם, זיינען זיי געווען שווינדלער, ליגנער און גנבים. עס איז רעכט געווען פאַרלייקענען דער אלמנה, וועלכע האָט אריינגעטראָגן בּאָב, —א קאָפּיקע; אפּ'גנב'ענען א קיכל אָדער ארויסשלעפּן אַן עפּל פון קאָשיק ביי דעם קורצינקען אידעלע, וועלכע פלעגט בשום אופן ניט וועלן געבן אויף באָרג — און נאָך באַרימען זיך מיט דעם אויפטו!

נבול פּה האָט מען גערעדט אין דער ישיבה פראַנק און פריי— וכל המרבה הרי זה משובח. איינער דעם אַנדערן פלעגט מען אריי־בערטשעגאָלאַיען אין די מיאוס'טע, גרעבסטע אויסדריקן. עס האָט אַזש געעקלט. איך וויים ניט, אויב יונים אין קאַזאַרמע וואָלטן זיך ניט געשעמט פאַר אַזעלכע רייד. אָבער מען איז ניט אָפּגעקומען מיט רייד אַליין. דאָס רוב פון די ישיבה בחורים זיינען געגאַנגען אין די וועגן פון פעטער אונן... די עלטערע האָבן געפּראַוועט משכב זכר. אַלע איבעריקע האָבן עס געוואוסט, אָבער געהאַלטן מויל. אויך פּשוט'ע און אמת'ע זנות האָט ניט געפעלט! איינמאָל א שבת־צו־נאַכט, אַז איך בין נאָך וועטשערע צוריק געקומען אין שול, האָב איך דערזען, אַז איך בין איינער אַליין אין דער גאַנצער שול, קיין אַנדער ילוד אשה איז ניטאָ, און איך האָב געציטערט פון שרעק. דער נר תמיד אויף דעם עמוד האָט געוואָרפן א שוואַ־כינקן שיין אויף דעם פּרוכת. ער איז אָבער בטל געוואָרן בששים

פאַר דער לבנה, וועלכע האָט געכאַפּט אַ קוק מן הצד דורך דער פאַרפרוירענער פענסטער. אַרום און אַרום איז געווען שאַ, שטיל. קיין דוך פון אַ לעבעדיקן מענטשן האָט מען ניט געהערט. איך בין געווען אין איין פּחד און מורא. די האָר אויפ'ן קאָפּ האָבן מיך ווי מיט שפּיזלאַך געשטאָכן. איך בין געלאָפן הין און צוריק אַלע ווײַלע אין דרויסן און צוריק צו דער גוט „אַנגעפּאַליעטער הרובע", לעבן וועלכער איך האָב געהאָפט צו קענען איבערנעכטיקן, אַ דאַנק דעם, וואָס דער בעל חזקה אויף דעם אָרט איז ניט געקומען היינט. איך בין מיד און פאַרמאַטערט געוואָרן אַרומטאָפּטשנדיק און זיך אין אַנגסטן אַ וואָרף געטאָן אויפ'ן באַנק. איך געדענק שוין ניט, ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, אָבער באַלד האָב איך דערהערט אַ גערויש, אַ שאַרן זיך אויבן אין דער ווייבערשער שול, אַזוי ווי מען וואָלט זיך דאָרטן געשושקעט. — זיינען דאָס מתים געקומען דאַווענען?... אָדער זיינען דאָס גנבים, גזלנים?... דאָס בלוט איז מיר פאַרגליווערט געוואָרן. און פּלוצלונג — טראַך, טראַך! אַ סטענדער איז געפאַלן. איך האָב אָנגעהויבן שרייען „שמע ישראל", „קאַראַאול" און אַרויסגעלאָפן אין גאַס. דאָ האָב איך דערזען, ווי אַוודאָטיאַ, אַ געזונטע שיקסע, וואָס האָט געדינט ביי דעם גביר אידלסאָן אַנטקעגן שול, לויפט פון דער ווייבערשער שול און נאָך איר דער טאָלטשינער, איינער פון די עלטסטע ישיבה בחורים, אַ מגושמ'דיקער, מיאוס'ער בחור...

אין שקלאָוו האָט צו יענער צייט כמעט ביי איטלאַכן באַלאַבאָס געדינט אַ גוי'ע. דאָרטן, וואו איך האָב געגעסן פרייטאָג און שבת, איז געווען אַן עלטערע גוי'ע. ערשט אין אַ צייט אַרום האָב איך אויסגעפונען, אַז זי איז אַ גוי'ע. זי איז געגאַנגען מיט אַ קנופּ אויפ'ן קאָפּ, ווי די פאַרצייטיקע כשר'ע צנועות, גערעדט אַ ריינעם, געשמאַקן, לויפיקן אידיש, געזאָגט מיט די קינדער ברכה און אָפט געשריען אויף אַ קינד: גוי איינער, וואָס טוסטו, עס איז דאָך שבת! אַוודאָטיאַ איז ניט געווען אַזאַ מלומדת ווי יענע, האָט אָבער גערעדט אידיש גאַנץ גוט, אין הלכות אישות איז זי געווען גאָר אַ מאדים; זי איז געווען אַ גאַנצע מחותנת'טע מיט

די ישיבה בחורים... זי איז געלאָפן פון דער ווייבערשער שול אהיים, און דער טאָלטשינער איז אַריין אין שול שמייכלנדיק, און מיר מזהיר געווען, אַז איך זאָל זיך ניט דערוועקן דערציילן אימיצן אַ וואָרט... חלילה, ניט אַ פּיפּס טאָן.

די גאַנצע צייט, אַריבער אַ יאָר, האָב איך געהאַלטן דעם סוד. אָבער די נאַכט פון מיין אָװעקפאָרן, ביי דעם ווידוי, האָב איך אויפגעוואָרפן דעם טאָלטשינער, אַז ער איז זיך פאַלש מתודה, און אַרויסגעלעגט פאַר אַלעמען די גאַנצע מעשה פון יענער שבת׳דיקער נאַכט.

צו מיין גרויסער פאַרוואונדערונג האָט דער עולם דאָס אויפ־גענומען מיט אַ גרויס געלעכטער, און דער געלעכטער איז געווען דווקא אויף מיין חשבון. דעם טאָלטשינער האָט מען אַ קרום וואָרט ניט געזאָגט; ער איז, דאַכט זיך, נאָך חשוב׳ער געוואָרן ביי דאָס רוב ישיבה בחורים און מען האָט אים מקנא געווען...

אַכזריות האָב איך אין דער שקלאָווער ישיבה אויך געזען: אַן אייביקע מלחמה איז געפירט געוואָרן צווישן די ישיבה בחורים און דעם שמש פון שול, פריידוס. אַ קורצער רויטער איד, מיט אַ געזונטן קאַרק און פוקעוואַטע הענטלאַך, האָט ער פיינט געהאַט די ישיבה בחורים שנאת מות. פלעגט אָנטאָן כל־ערליי צרות, ווען און וועמען ער האָט נאָר געקענט. די ישיבה בחורים, פון זייער זייט, האָבן אים ניט געשאָנעוועט. זיי פלעגן אים אָפּטאָן בשתיקה נאָך מער איידער ער פלעגט טאָן בפרהסיא. מען פלעגט אַרויס׳גנב׳ענען די ליכט און גראָד ערב שבת, אָנשיטן מיסט אויף די גביר׳ישע ערטער אין מזרח־וואַנט, פאַר וואָס פריידוס פלעגט קריגן אַ גאָב פון די באַלאַבאַטים, מען פלעגט אויפעפענען דעם קוימען פרייטאָג שוין נאָך ליכט בענטשן און אין שול איז געווען אַ גאַנץ שבת קאַלט ווי אין אַ „פאַליעדנע" און דער שמש האָט געהאַט דערפאַר קאַלט און וואָרים... ער פלעגט אָנווענדן אַלע מיטלען אויסצוגעפינען דעם „מחבר", פלעגט צוזאָגן קריגן „גוטע טעג" פאַר דעם ישיבה בחור, וואָס וועט אים מגלה זיין די משחיתים, פלעגט אָנבאָטן זיין התקרבות, צוזאָגן מאַכן פאַר אַ פאָר־שמש,

פאר א משגיח, אָבער עס איז ניט געגאנגען. ויהי היום און עס האָט זיך געפונען אזא מסור, וועלכער האָט איבערגעגעבן פריידוס'ן אלע סימנים... האָט חברה גוזר געווען דעם בחור צו „פעקלען"...

אז ער איז אריין פון דרויסן איינמאָל בין מנחה למעריב אין קהל־שטיבל, האָט איינער ארויפגעוואָרפן אויף אים פון הינטן א פלאשטש און חברה האָבן גענומען ווארפן אין אים קלעפּ אָן א שיעור. מען האָט אין אים געוואָרפן שווערע פעקלאך. מען האָט ארייגעדרייט אין אָן אלטער העמד א שטיין, א ציגל, אַן אייזן, א קלעצל און דערמיט געוואָרפן אין אים. מען האָט אים צובלוטיקט, צו'ממית'ט. און ער איז ניט געווען דער איינציקער. מען האָט אויך אנדערע געפּעקלט. נאָך אזא פעקלען פלעגט מען שוין לאנג ניט געדויערן. אין בעסטן פאל פלעגט מען בלייבן א קראנקער, א יאדישלעווער, אָדער א קאליקע. און עס איז געווען פארפאלען — לית דין ולית דיין!

אין שקלאָווער ישיבה בין איך עטלאכע מאָל אָן עדות געווען פון אזא שרעקלאכער אכזריות, און אין מיין צווייטן יאָר, ווען איך בין געווען שוין אָנגעלייענט מיט די השכלה ביכלאך און געהאלטן פאר מיין היילי־קן חוב צו מענטשלען זיך אליין און אנדערע, האָב איך געפּרובירט אויפווייזן די פירערס און די עלטערע ישיבה בחורים די גרויסע עולה און נבלה פון דעם אכזריות'דיקן „פעקלען", האָט מען מיר געגעבן צו פארשטיין, אז וואָס ווייניקער איך וועל ריידן וועגן דעם, אלץ געזונטער וועט זיין פאר מיר... מען האָט מיר געגעבן אָן אָנצוהערעניש, אז פאר צופיל ריידן וועגן דעם ענין האָט מען אמאָל, אויך אזא מפונק ווי איך בין, דערפאר גופא געפּעקלט. פעקלען איז געווען א חוק אין אלע ליטווישע ישיבות — האָט מען מיר מסביר געווען, און אז אזוי מוז און וועט בלייבן לדור דורות!

ביי א געלעגנהייט, ווען ר' וואָלף ראקאָווער איז געווען שטארק צוגעלאָזט צו מיר און גאָר גוט אויפגעלעגט (שלעכט אויפגעלעגט האָב איך אים קיינמאָל ניט געזען), האָב איך פּרובירט א שמועס טאָן מיט אים מכח די שלעכטע מנהגים אין די ישיבות און פון

דעם ערגסטן מנהג—דעם „פּעקלען”. ער האָט אָבער נאָר אַ שמייכל געטאָן (כאָטש ער האָט בשעת מעשה אויך אַ זיפץ געטאָן) און געזאָגט:

— עס איז ניט אַזאַ סכנה ווי דו מאַכסט דאָס אָפּ. קיינער איז דערפון נאָך ניט געשטאָרבן. אגב, איז דאָך דאָס די איינציקע כלי־זין, וואָס די ישיבה פאַרמאָגט מיט וואָס זיך צו באַשיצן אַנט־קעגן שונאים און שפּיאָנען...

די נאַכט פון מיין אַוועקפאָרן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אַלע זיינען געווען זייער פריילאַך און זייער גוטמוטיק, ניט קוקנדיק אויף דעם שטענדיקן מנהג מוחל צו זיין דעם אַוועקפאָרנדיקן אַלע זיינע חטאים, צו ווערן מיט אים פאַניע־בראַט, צו זאָגן אים שבחים און אויסצודריקן פאַרדראָס, וואָס מען דאַרף זיך מיט אים שיידן, — ניט קוקנדיק אויף אַלע דאָס, איז, ווען איך האָב אָפּגעפּטר'ט מיין איינגענעם וידוי כלומר'שט מיט עטלאַכע ווערטער און זיך פאַרנומען אַרויסלעגן די שווערע זינד פון מיינע חברים, האָט דער טאָלטשינער אַ קלאַפּ געטאָן מיט'ן קולאַק אין טיש און אַ געשריי געטאָן:

— גענוג דיר דרשה'נען! מעגסט זיין צופרידן, וואָס דו גייסט אַרויס אַ טרוקענער פון אונזערע הענט... „אַל תפרוש מן הצבור”, איז ביי אונז דער כלל, און דו האָסט שטענדיק געמאַכט שבת פאַר זיך, געבלאָזן זיך, אַ גאַנצער יאַ טיעביע דאָם! נאָר מילא, האָסט אונז ניט געטשעפּעט, האָבן מיר דיך אויך ניט געטשעפּעט, אָבער דיין מוסר קענסטו האַלטן פאַר זיך... מיר פרעגן ביי דיר קיין עצות ניט און דערציילן אונז בעסער ניט דיינע מעשות. נישקשה, מיר ווייסן שוין אַליין, מיר האָבן אויך געגעסן פון דעם עץ הדעת... אַלע האָבן זיך גיפטיק פאַנאַנדערגעלאַכט. דער טאָלטשינער איז אָבער נאָך ניט געווען צופרידן און האָט צוגעגעבן:

— וואָס אַרט דאָס דיך? וואָס דערלעגסטו, אַז מיר זיינען פאַרזינדיקטע און בעלי עולות? דו פאָרסט דאָך שוין סיי ווי אַוועק, טאָ פאָלג בעסער מיך און שוויג... פאָר בעסער געזונטער־הייט אהין פון וואַנען דו ביזט געקומען און מאַך ניט קיין איבעריקע מחזוקות, וואָרים דו קענסט נאָך קריגן אַ גוטע „אַטיעזדנע”!...

דער עולם האָט זיך ווידער צולאַכט, אָבער געקוקט שטאַרק קרום אין מיין זייט. איך ווייס ניט, ווי די געשיכטע וואָלט זיך ענדיקן, ווען מיין בעל־עגלה וואָלט ניט אַריינקומען. ער האָט גע־כאַפּט מיין קעסטל און אַ זאָג געטאָן:

— קום שנעל, אַ בוכטע מיט פאַרשוינגען וואַרטן!

מיר האָבן פאַרלאָזן די שול און דער עולם האָט מיר נאָכגע־שריען: צאתך לשלום, ברעך די קאָפּ אויפ׳ן וועג!

אין מאָליוו האָב איך געדאַרפט וואַרטן אַ פּאָר טעג אויף אַ באַברויסקער בעל־עגלה, האָב איך זיך אַרויסגעלאָזן באַקוקן די שטאָט, וועגן וועלכער מען האָט אַזוי פיל גערעדט אין דער ישיבה וועגן איר גרויסקייט, שיינקייט און אַז זי איז אַ כרך גדול. איך האָב קיין איין מוטער־מענטשן אין מאָליוו ניט געקענט. אויפ׳ן האַרצן איז מיר געווען אומעטיק, אפילו שפּאַצירנדיק אין די רעש־דיקע גאַסן. און ווי גרויס דעריבער איז געווען מיין פרייד, ווען איך האָב פּלוצלונג באַגעגנט דעם מינסקער, אַ חבר פון דער ישיבה, וועלכער איז מיט אַ פּאָר וואָכן פריער אַוועקגעפאָרן אהיים.

דער מינסקער איז געווען זייער פיין אויסגעשטשאָגלט, גאָר־ניט צו דערקענען! אַ נייער גאַרניטער, אויסגעגלאַנצטע שטי־וועלאַך, אַ ווייסע מאַנישקע גאָר, מיט אַ שיינעם האַלזטוך, די פּאַנטאַלאָנעס איבער די כאַליאַוועס און די פּאות׳ן פאַרקאַשערט הינטער די אויערן. איך בין נשתומם געוואָרן. האָב פאַרוואָרפן אים מיט שאלות: וואָס טוסטו דאָ? ער איז דאָך געפאָרן גאָר־אהיים, קיין מינסק, און וואו האָט ער גענומען אַזעלכע פיינע קליידער, צי לערנט ער ערגעץ דאָ, וואו ביי וועמען, קריגט ער גרויסע שבירות, צי וואָס?

אָבער מיין בחור׳ל האָט נאָר געשמייכלט און באַמערקט, אַז מען דאַרף נאָר קיין שוטה ניט זיין, קען מען שוין די שטעטל באַ־שטיין. ער האָט זיך אונטערגענומען פירן מיך איבער מאָליוו. ווי אַ גרויסער בקי, וואָס קען אַלע גאַסן און געסלאַך אין שטאָט, האָט ער מיר געוויזן די שיינע מויערן פון די גבירים, די גובערנ־סקאָיע אופּראַוולעניע, דעם גובערנאַטאָרסקן סאַד און נאָך אַזעלכע

וואונדער... ער האָט מיך געפירט אהער, אהין, שוין גאַנץ ווייט־לאַך, עק שטאָט, געדרייט זיך פון איין גאַס אין דער אַנדערער און מיר זיינען אריין אין אַ געסל, וועלכע איז געווען אָפּגעלעגט און פוסטלאַך.

די גאַנצע צייט וואָס מיר זיינען געגאַנגען, האָט ער געהאַלטן אין איין טענה'ן און ריידן קעגן די ישיבות. וואָס איז דער תכלית? צו וואָס איז דער גאַנצער זיצן און לערנען און קוועטשן די באַנק? מען מוז קענען אַ גראָשן פאַרדינען און דער עיקר — מען מוז לעבן, לעבן, הנאה האָבן פון דער וועלט! נישקשה, די וועלט איז אויך אַ וועלט! גערעדט האָט ער אי שכל'דיק, אי מיט הארץ און האָט ביי מיר שוין גאָר אויסגענומען. פּלוצלונג גיט ער זיך אָבער אַ קער צו מיר, גיט מיר אַ קלאַפּ אין פּלייצע און זאָגט:

— הער, באַברויסקער, דו ווילסט מיך פאָלגן? טאָ נאָמיר אריינגיין אהער — און ווייזט מיר אָן אויף ניט קיין גרויסער, נאָר שיינער, ווייסער הויז מיט אַ שיינינקען גאַניק. — אָט, נאָמיר אויך פארזוכן דעם טעם פון עץ־הדעת, נאָמיר אויך הנאה האָבן פון דער וועלט, עס זאָל זיין חי — געלעבט! דו האָסט דען מורא פאַר אַן עבירה'לע, וואָס?

תחילת האָב איך אַקוראַט ניט תופס געווען, וואָס ער מיינט. פאַר אַן עבירה'לע האָב איך זיך שוין ניט געשראָקן — האָב איך דאָך שוין וויפל מאָל פאַרפעלט דאַווענען, געגעסן אומגעוואַשן און אפילו פּרובירט טראָגן די פּאַטשיילקע אין קעשענע אום שבת, און איך בין גאָר גרייט געווען נאָכגיין דעם מינסקער אין הויז אריין. אָבער מיין בחור'ס צופיל און עפּעס מאָדנע שמייכלען, די מיאוס'ע תנועות, וואָס ער האָט געמאַכט, זיין וואונק מיט איין אויג — מעשה פיינער יונג, און זיין קנאַק מיט דער צונג איז מיר ניט גע־פעלן געוואָרן און מיר איז אריינגעפאַלן אַ חשד... דער מינסקער, באַמערקנדיק מיין אומבאַשלאָסנקייט, איז ארוים מיט לשון, האָט שוין אָפּן אָנגעהויבן לויבן די סחורה... מיט אַ התלהבות. ער האָט מיך איינגערעדט און איינגעשמועסט, איך זאָל מיט אים גיין. נישקשה, איך וועל קיין חרטה ניט האָבן...

איך בין אַ פּאַרציטערטער געוואָרן. אַלע דמים זיינען מיר איינגעפאַלן! דעם מינסקער'ס פּנים, זיינע אויגן און זיין גאַנצער באַנעמען זיך האָבן עפּעס אויסגעדריקט אַזוינס, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט אויף מיין לעבן ניט באַמערקט. עס האָט מיך ממש אָפּגעעקלט, איך האָב זיך דערפילט דערנידעריקט און טיף באַ־ליידיקט. איך — אַ מופקר יונג און אַן אויסוואורף? איך זאָל פאַרשווארצן די אויגן פון מיין טאַטן און מאַמען, ווערן אַ פּסול אין דער משפּחה, די ווייבער אויפ'ן מארק זאָלן אויסוואַרפן מיין מאַמען איר שיינעם בן־אָקל, זי זאָל זיך דאַרפן באַגיסן מיט בלו־טיקע טרערן פאַר חרפּה? סטייטש, סטייטש, פאַר וועמען האַלט ער מיך אָפּ דער פּאַסקודניק און מערזאַוועץ? איך האָב זיך אַרויפ־געוואָרפן אויף אים ווי אַ ווילדער טיגער, האָב אים געפּאַטשט און געשלאָגן מכות רצח. האָב אַ שפּיי געטאָן אים גלייך אין פּנים אַריין און אַנטלאָפן ווי אַן אונטערגעשאָסענער. אָן אַן אָטעם בין איך געלאָפן, געלאָפן, לאַנג־לאַנג, ניט ווויסנדיק וואו איך בין אָדער וואוהין איך לויף.

געקומען אויף מיין אכסניא בין איך אַן אויסגעמאַטערטער, אָבער איך בין געווען ביי זיך מאָדנע געהויבן. מיין נצחון אַנט־קעגן דעם יצר הרע, ביישטייענדיק אַזאַ נסיון און מיין גרויסער נצחון איבער דעם מינסקער „בייבאַק", האָט מיך אָנגעפּילט מיט אַזאַ פרייד, אַזש עס האָבן געטאַנצט אין מיר אַלע אברים, אַלע מיינע חושים האָבן אַזש געזונגען. אַזאַ טיפן און געהויבענעם נחת־רוח האָב איך דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן דערפילט!

איך האָב זיך אָפּגערוט און אַזייגער ניין ביינאַכט, ווי דער שטייגער איז געווען, אָפּגעגעסן אַ געשמאַקע און אַ זאַטע וועטשערע און מיר איז געווען אויפ'ן האַרצן גוט ווי די וועלט! איך האָב פאַרבראַכט נאָך אַ שטיקל צייט אין עס־צימער, וואו די אָנגעקומענע בעלי־עגלות מיט די סוחרים האָבן געגעסן, געשפּאַסט, געלאַכט, גע־זאָגט גלייכווערטלאַך און געהאַלטן אין איין חכמה'נען זיך.

ווען איך בין געגאַנגען שלאָפן, איז שוין געווען גאַנץ שפּעט־לאַך, אָבער עס האָט זיך מיר ניט געשלאָפן. אַלערליי מחשבות

האָבן זיך געפּלאָנטערט אין קאָפּ. עס איז אַרויפגעשוואומען די ישיבה, אַ שטיקל גמרא, אַ האַרבער תוספות'ל, די מעשה מיט דעם טאַלטשינער און מיט דער שיקסע; עס איז אַרויף אויפ'ן זינען ר' וואָלף ראַקאָווער, זיינע גוטע מינעס, זיין ליבן מיך און זיין וואַרנען מיך, ווען ער האָט מיך געכאַפּט לייענענדיק דעם „אהבת ציון": „זע נאָר, אַז תמר זאָל דיר ניט קומען ביינאַכט צו חלום". תמר, תמר, און תמר האָט זיך איצט מיר פאָרגעשטעלט גאָר אַנ־דערש ווי דעמאָלט, ווען איך האָב געלייענט אין בוך. אין פאַר־שידענע פאָרמעס, אין אַלערליי פּאָזעס איז זי איצט געשטאַנען פאַר מיר. תמר האָט זיך ווי אַ קלעק צוגעטשעפּעט — ניט פּטור צו ווערן...

די תאוה, וועלכע דער מינסקער האָט היינט מיר אַרויפגע־בראַכט אויפ'ן רעיון, איז געקראָכן אין די ביינער, געעגבערט, גע־מאָנט און גערייצט. זי האָט זיך צוגאָסן אין אַלע מיינע אברים און האָט מיר דאָס בלוט אויפגעקאָכט. וואו שלאָפן, ווען שלאָפן — מיך האָט געהויבן פון בעט, איך האָב זיך געוואָרפן פון זייט אויף זייט, האָב זיך איננאַנצן אָפּגעדעקט, ווי אין אַ היץ־קרענק וואָלט איך אַריינגעפאַלן, עס האָט מיך געמאַטערט און געצויגן... מיך האָט שוין פאַרדראָסן, וואָס איך האָב אַזאַ אָפּשניט דעם מינסקער געגעבן — אַ נאַרישקייט, אַי, וואָס פאַר אַ נאַרישקייט איך האָב באַגאַנגען! אַזאַ טייערע געלעגנהייט דורכגעלאָזן! מען לעבט דאָך נאָר איין מאָל, פאַרוואָס ניט הנאה האָבן, ווען מען קען?... ניין, מען דאַרף קיין באַלוואַן ניט זיין. מאָרגן זוך איך אָפּ דעם מינסקער און טו תשובה... אַ שיינע ריינע כפרה אַלץ מיט אַנאַנ־דער. עט, מען איז דאָך ניט מער ווי אַ לעבעדיקער מענטש. וואָס עס וועט זיין — וועט זיין, איך לויף מאָרגן צו דער ווייסער שטוב מיט דעם שיינעם גאַניקל!...

ווען איך בין אַנשלאָפן געוואָרן, ווייס איך ניט, איך ווייס, אַז איך בין אויפגעשטאַנען אַרום האַלבן טאָג ערשט און האָב זיך געשעמט פאַר די באַלאַבאַטים אין שטוב שטעלן זיך אַזוי שפּעט דאַווענען. פון אַלע מיינע ביינאַכטיגע הרהורים רעים איז אפילו

קיין זכר ניט געבליבן. עס איז מיר נאָר געווען אַ בושה, ווען איך האָב זיך דערמאָנט אויף מיין נעכטיקן הסכם און איך האָב גע־דאוונט דערפאר מיט נאָך מער כונה און באמת געבעטן דעם אויבערשטן: אל תביאנו לידי נסיון ואל תשלוט בנו יצר הרע.

מיין אָנבייסן האָב איך פארשפעטיקט. געדארפט ווארטן אויף ווארמעס ביז זייגער צוויי און איך בין ארוים דערווייל אין גאַס. איך האָב אָבער קיין צייט נאָך ניט געהאַט אָפּגיין אַ האלבן קוואר־טאל, האָב איך באמערקט דעם מינסקער. סטייטש, זאָגט ער, פאר־וואָס האָב איך אים נעכטן אָפּגעשלאָגן רוק און לענד, דאָס ער האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט אפילו שלאָפן? ניין, ער קען דאָס מיר ניט שענקען ער מוז זיך מיט מיר אָפּרעכענען. און ריידנדיק אַזוי האָט ער גענומען ווינקען און רופן אַ יונגנמאַן, וועלכער איז געשטאַנען ניט ווייט ביים ראָג און, קענטיק, נאָר געוואַרט דערויף. איך האָב קיין פיל שהיות ניט געמאַכט און געמאַכט אַ ויברח. די צוויי בחורים זיינען מיר נאָכגעלאָפן ביז אין אכסניא אריין. איך האָב געמאַכט אַ געשריי, אַ ליאַרם און מיין בעל־עגלה מיט דער בייטש אין האַנט און די באַלעבאָסטע מיט אַ קאָטשערע האָבן מיך מציל געווען פון זיי. די חברה האָבן אָבער פאַר'ן אוועקגיין גע־שוואָרן, אַז בדאַי זיי וועלן דארפן שטיין אַ גאַנצע נאַכט, מוזן זיי מיך כאַפּן און פאר אַ קאַליקע מאַכן. נישקשה, זיי האָבן גענוג חברה — אפילו צוואַנציג, אַז מען וועט דארפן!

אַז איך האָב דערנאָך אין אכסניא פאַר אַלעמען דערציילט, וואָס עס האָט געטראָפן נעכטן און וואָס דער מינסקער האָט גע־וואָלט, האָבן זיי אַלע געזאָגט, אַז דאָס איז די ביטערע חברה, וואָס פאַרנאַרן יונגעלייט און מאַכן זיי פאַר אַגענטן און מעקלערס פאַר די שאַנד־הייזלאַך. ניט אַנדערש, אַז איך האָב גרויסע זכות אָבות און בין טאַקע אַליין אויך אַ מאַלאָדיעץ אַ יונג, וואָס איך האָב זיך ניט געלאָזט פאַרפירן. זיי עצה'ן מיר, פונדעסטוועגן, אוועקפאָרן אַזוי גיך ווי מעגלאַך, אויב ניט — קען זיין גרויסע צרות...

מאַכט זיך גראַד, אַז אַ באַברויסקער סוחר, שמעון קאַהאַנאַ־

וויטש, אַ תּכיפ'ער און חשוב'ער באַלאַבאָס, איז געפאָרן אויף שבת אַהיים און האָט געדונגען אַ פור פאַר זיך אַליין. אַז ער האָט דער־הערט די מעשה, און אַז ער האָט זיך דערוואוסט ווער און וועמעס איך בין, האָט ער מיך גענומען צו זיך אין בויד און טאַקע תיכף ומיד זיינען מיר שוין האַסטיק געפאָרן איבער דעם שאָסיי אַהיים.

אין דרויסן איז געווען זעלטן שיין. די זון האָט מיט אַ פולער האַנט רחבות'דיק באַשאָטן און באַפאַרבט מיט אירע גאָלדענע פּליטערלאַך די געלבלאַך געוואָרענע בלעטער און האָט זיי באַגולט. זי האָט ליבלאַך געוואַרימט, געמינטערט די נוטה־למות'דיקע קליי־נינקע ברואים'לאַך, געקושט און געהאַלזט אירע שוואַכינקע קינ־דערלאַך. די קאַלטע הערבסט לופט איז אָנגעהויבט געוואָרן פון דער זונ'ס וואַרימען אָטעם און האָט זיך ווי שטאַרקער אַלטער וויין געלאָזט גרינג און געשמאַק שלינגען. און ווי פון וויין האָט זיך דאָס בלוט אין די אָדערן צעוואַרימט, דער פּנים האָט זיך גע־רויטלט און אַלע גלידער האָבן זיך געקרעפטיקט. איך האָב זיך נחת'דיק אויסגעצויגן, ווי אַ צופּיעסטעטע קינד בעת די ליבע מוטער כּאָליעט עס און שפּילט זיך מיט אים. אין בויד איז געווען גרוים, ווייך און וואַרים. אויפ'ן האַרצן גוט און פריילאַך, און עס איז געווען אַ תּענוג — גאָר אַ מחיה!

מיין מיטפאָרער, ר' שמעונ'ען, איז אויך, ווי עס ווייזט אויס, ניט שלעכט געווען אויפ'ן האַרצן. ער האָט פיל גערעדט, גע־חכמה'עט און געוויצלט זיך. איך האָב, קענטיק, ביי דעם חשוב'ן סוחר שטאַרק אויסגענומען. ער האָט מיך טראַקטירט מיט גוטע וואַרמעסן אין די קרעטשמעס, בעת מיר פלעגן זיך אָפּשטעלן פּוי־טערן די פערד, און אין בויד האָט ער מיך מכבד געווען מיט אויער־קיכלאַך, היימישע גאָמעלקעס און מיט גוטע זאַפטיקע פּירות.

דער איד איז געווען אַ יודע ספר. געוואָלט האָט ער, אַפּנים, גילטן פאַר אַ גרויסן למדן, האָט ער געשאָטן מיט דברי תורה און באַלד אויסגעליידיקט זיין גאַנצן באַגאַזש. דערפאַר אָבער, אַז איך האָב אָנגעהויבן, ניט מיט אַ קליין ביסל גאוה, אַרויסווייזן אים, וואָס איך קען, און האָב אָנגעהויבן זאָגן אַ קאַפּיטל נאָך

א קאפיטל פון ישעיה און איוב, געזאָגט א פאָר פרקים משניות אויסוועיניק, אי ער גאָר נתפעל געוואָרן און האָט די התפעלות ניט באהאלטן. פארקערט, ער האָט מיך שטארק געלויבט און האָט מיט א פולן מויל געזאָגט, אז ער איז מקנא מיין טאטן, וואָס ער האָט אזא בן יקיר!

מיין טאטן האָט ער פערזענלאך ניט געקענט, אָבער ער האָט געהערט פון אים. „פשש, ווער וויים דאָס ניט קאָפל אייזיק־טעמעם? אזא מופלג א איד, אזא ירא שמים, און אזא חסיד, א ברען, גאָר א גרויל!"

מיר האָט דאָס צוגעגעבן פיל מוט, האָב זיך דערפילט זייער געהויבן און האָב אין הארצן דעם אידן מכיר טובה געווען.

לא.

# צוריק אין דער היים

אין באברויסק זיינען מיר אריינגעפֿאָרן פרייטאָג נאָך גאַנץ פרי. איך האָב נאָך פארכאפט דעם פרייטאָגדיקן גוטן אָנבייסן — די הייסע ווייסע בולקע מיט׳ן געבראָנטס — נאָך וועלכן איך האָב אזוי שטארק געבענקט.

דער סבלת פנים איז געווען א ווארימער, א הארציקער. די מאמע האָט געטאנצט אזש פאר שמחה. זי האָט גאָרניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט מיר. דער טאטע איז געווען אפילו גאַנץ קאָנטעט, אָבער קיין איבעריקע התפעלות האָט ער ניט ארויסגעוויזן. מיר האָט זיך געדאכט, אז עפּעס א וואָלקן איז געווען פארצויגן איבער זיין פנים.

גייענדיק מיט אים נאָך האלבן טאָג, לכבוד שבת, אין בעדל, האָט ער די גאַנצע וועג, הין און צוריק, גערעדט וועגן אידישקייט און פרומקייט. ער האָט דערקלערט, אז א למדן מיינט ניט דער וואָס קען לערנען, נאָר דער וואָס לערנט, פונקט ווי גנב מיינט ניט דער וואָס קען גנב׳ענען, נאָר דער וואָס גנב׳עט. אָבער אפילו זיצן און לערנען איז אויך ניט ווער־ווייס וואָס. דער עיקר איז דאָס לערנען לשמה, צוליב עבודת הבורא. „רחמא ליבא בעי", האָט ער געזאָגט. „כביכול וויל דעם אידנס הארץ, זיין קאָפּ, זיין מוח, זיינע רעיונות, כונות און זיין גאַנצן געביין. כל עצמותי תאמרנה ה׳ מי כמוך!". ער האָט פיל מאריך געווען אין דעם ענין. ווי אויך וועגן דעם חילוק פון נגלה און קבלה. „אויב מען וויל זיין באמת

אַן ערלאַכער איד, — האָט ער אויסגעפירט, — מוז מען זיך פאַר־טיפן אין הכרת הבורא און באַקאַנט ווערן מיט קבלה און חסידות".

שבת נאָך וועטשערע האָט דער טאַטע פאַרפירט אַ שמועס וועגן די ספרים חיצונים, וועגן די אפּיקורסים, וועגן די היינטיקע טריף־פּסול'ס, דורך וועלכע, רחמנא ליצלן, מען קען ווערן גרינג נכשל. איטלאַכער וואָרט פון יענע ספרים טרייבט דאָך אַרויס צוויי פון דער הייליקער תורה: יום תעזביה, יומים תעזביך! די ביכלאָך זיינען סם המות פאַר דער נשמה, די גרעסטע סכנה געפאַנ־גען ווערן אין דעם נעץ פון דער סיטרא אחרא, חלילה, — האָט ער פאַרענדיקט.

וויפיל איך האָב ניט געהאַלטן פון מיין טאַטן, האָב איך אָבער קיינמאָל אים ניט גערעכנט פאַר קיין נביא, אָדער פאַר אַ יודע מחשבות. איך בין דעריבער געווען שטאַרק איבערראַשט פון זיינע רייד, אַקוראַט עפּעס ווי ער וואָלט געלייענט מיינע געדאַנקען. איך האָב באַשיינפערלאָך געזען, אַז דער טאַטע צילעוועט ערגעץ מיט זיינע רייד, אַז אים ווילט זיך אַרויסקריגן פון מיר אַ תשובה, איך זאָל אַרויסקומען מיט לשון. אָבער איך האָב עקשנות'דיג גע־האַלטן דעם צונג הינטער די ציינער און קיין איין וואָרט ניט גע־ענטפערט פון וואָס דער טאַטע איז ניט געווען גאָר צופרידן.

אויף מאָרגן, שבת, האָט מען מיך, כנהוג מיט אַן אורח הגון, אויפגערופן צו מפטיר, וועלכן איך האָב זייער פיין אויסגעזונגען, מיין מאַמע האָט זיך דערפון גאָר געפרעגלט פון נחת, אָבער דער טאַטע איז געווען אומצופרידן.

— עט, צופיל ביזטו מקפיד אויף חיצוניות, אויף דעם לבוש נאָר, — האָט ער באַמערקט ברוגז'דיק. — דער תוך פון דער מצוה איז דער עיקר, ניט די שאָלאַכץ, די הייטל, וואָס עס איז גאָר ניט לרצון דעם רבונו של עולם.

און פאַר מיר איז נאָך קלאָרער געוואָרן, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, אַז דעם טאַטן דריקט עפּעס, ער איז מיך אין עפּעס חושד, אָבער וואָס, ווער, ווען, פון וואַנען ער נעמט זיך דאָס, האָב איך ניט געקענט דערטראַכטן זיך.

נאָך וואַרמעס, ווען דער טאַטע האָט זיך געלעגט אָפּרוען, האָט מיר די מאַמע מגלה געווען דעם סוד: דער טאַטע האָט געקראָגן אַ בריוו פון ר׳ וואָלף ראַקאָווער. וואָס אין בריוו איז געשריבן, ווייס זי ניט, נאָר דער טאַטע איז געווען זייער אומרואיק, האָט געזיפצט, געקרעכצט, אַלץ גע׳טענה׳ט, אַז גאָט זאָל זיך מרחם זיין און פירן זיין ישראל׳יקן בדרך הישר.

— זאָג מיר, זונעלע, וואָס האָסטו אַזוינס געטאָן, חלילה, הא?

— האָט די מאַמע מיך געפרעגט מיט טרערן אין די אויגן.

איך האָב זי פאַרזיכערט, אַז איך האָב קיין שלעכטס ניט געטאָן און אַז איך ווייס ניט פון קיין פּותר חלום וואָס דער טאַטע איז באַזאָרגט. אָבער דאָס האַרץ אינווייניק האָט מיר פאַרקלעמט און פאַרלאָפן מיט בלוט פון רחמנות אויף מיין גוטער מאַמען, און נאָך מער — אויף מיין אמת פרומען טאַטן, ווען איך האָב שוין פאַרשאַפט אַזוי פיל עגמת נפש און ווער ווייס, וואָס עס וועט נאָך זיין להבא.

ביי דער מאַמען איז געווען דער עיקר, לייט זאָלן חלילה ניט דערמאָנען זי צום שלעכטן. „זיין לייטן גלייך און ניט פאַרשעמט ווערן", איז געווען די איינציקע פּינטעלע, אַרום וועלכער עס האָט זיך געדרייט דער גאַנצער גליק פון איר פאַמיליע. און היות, ווי לתרבות רעה בין איך דאָך ניט אַרויסגעגאַנגען, פאַרקערט, איך בין גאָר געווען פאַררעכנט פאַר אַ וואויל בחור׳ל, קען גוט לערנען, אָפּגעזאָגט אַזאַ שיינעם מפטיר, אַז „גאָט און לייט האָבן זיך גע־פרייט", האָט די מאַמע זיך אינגאַנצן באַרואיקט פון מיין ענטפער.

אָבער וואָס טוט מען דאָ מיט דעם טאַטן? ביי דעם טאַטן האָט דער גאַנצער „מה יאמרו הבריות" געהאַט אַ פּנים פון חוזק; וואָס לייט און מענטשן וועלן זאָגן האָט אים געקימערט ווי דער פאַר־אַ־יאָריקער שניי. ער פלעגט שטענדיק טענה׳ן, אַז דער עולם איז גאָר אַ גולם — דער אדון עולם איז דער עולם! ביים טאַטן, ביי וועמען דער עיקר איז געווען „דאָס האַרץ, די כונות און מחשבות", — וואָס טוט מען מיט אים? ווי קומט מען דאָ דורך מיט דעם טאַטן?

באהאלטן זיך, פארמאסקירן זיך? איז, ערשטנס, א חוץ וואס עס איז טאקע ניט שיין פאר זיך און איז קעגן דעם גייסט פון דער השכלה, איז דאך נאך א שאלה, אויב עס וועט זיך מיר גאר איינגעבן? מיין טאטע איז דאך עפעס ניט אבי ווער, אים אפ־נארן איז א גאנץ שווערע הלכה. און ווי קען מען דאס אייביק באהאלטן זיך? עס איז דאך אוממעגלאך! זאל איך אפשר גאר אפן ריידן מיט דעם טאטן? האב איך זיך געבראכן דעם קאפ. ער איז דאך א קלוגער, האט ליב דעם אמת, טא פארוואס זאל איך אים ניט אויפווייזן, אז איך האב א פולן רעכט צו מיינע ספקות, אז מען מעג און מען דארף לייענען אלץ — אלע ספרים חיצונים און אפילו טריף פסול׳ם, ווי ער רופט דאס? פארוואס זאל מען ניט טארן האמפערן זיך וועגן אמונה זאכן, ווי מען האמפערט זיך אי־בער דעם פשט פון דער גמרא, צי פון א תוספות?

יע, איך וועל בעסער ריידן מיט דעם טאטן אפענע דבורים. און איך וועל דאס טאקע טאן היינט, באלד, אט ווי נאר ער שטייט אויף פון שלאף.

אפגעמאכט ביי זיך דעם הסכם, האב איך ארויסגענומען פון ש״ס די גמרא חולין, איבערקוקן און בלעטערן — א קשיא אויף א מעשה, טאמער וועט דער טאטע מיך וועלן פארהערן.

אז דער טאטע איז אויפגעשטאנען און געזעצט זיך טיי טרינקען, האט ער ניט גענומען דעם „לקוטי תורה״, ווי זיין שטיי־נער איז געווען, נאר דעם קלייניקען „תניא״ און האט געזאגט:

— נו, אדרבא, דו האלסט דאך זיך פאר א גאנצן קענער, פאר א למדן, אנו, וועלן מיר זען, צי קענסטו אט דעם ספר׳ל פאר־שטיין?

דער „תניא״ האט מיך אבער גראד פאראינטערעסירט. דער טאטע האט זיך גאר מחיה געווען. ער האט מיר די טיפערע ענינים מסביר געווען מיט א התלהבות און פאר מיר האט זיך אנטפלעקט אזעלכע חידושים, פון וועלכע איך האב פריער קיין באגריף ניט געהאט. איך האב אויף מיין פריערדיקן הסכם — ריידן מיט׳ן

טאַטן — איננאַנצן זיך פאַרגעסן. איך האָב זיך פאַרטיפט און אַריינגעלעגט אין דעם ספר׳ל אַלע מיינע חושים און האָב פון אים גרויס הנאה געהאַט. דער טאַטע האָט זיך צואַוואַרימט, האָט מוסיף געווען נאָך אַנדערע „תורות", אַ באַרימטע חסידות פון ר׳ מענדעלען און פון דעם „מיטעלן". ער איז שוין געוואָרן בטוח, אַז חסידות איז די בעסטע סגולה צו פאַרהיטן, מען זאָל חלילה פון וועג ניט אַראָפּ און האָט גערעדט מיט היץ און ברען... אָבער אָט איז פּלוצלינג אַריינגעקומען שעפּסל דער שדכן און האָט אים איבערגעשלאָגן.

אויף שעפּסל׳ס וויזיט האָט דער טאַטע זיך געוואונדערט, אָבער איז געווען צופרידן. ער האָט אים געבעטן זיצן און איך בין אַרויסגעגאַנגען.

שדכנים זיינען ביי אונז געווען דוקא אַ רעכט היבשע ביסל. קיין קאַפּיטאַל אין דעם געשעפט אַריינלעגן האָט מיט ניט געברויכט, ריזיקירן האָט מען מיט קיין זאַך ניט ריזיקירט (סיידן אפשר מיט צוויי יונגע לעבנס — זיינען זיי דאָך געווען פרעמדע), קיין גרויסע אומנות, אַ חוץ קענען ריידן, האָט זיך אויך ניט געפאָדערט, האָבן זיך טאַקע אַ סך בעלנים דערויף געפונען. אַ חוץ אַ פּאָר צענדליק פּראָפעסיאָנעלע, ביי וועמען שדכנות איז, מישטיינס געזאָגט, געווען דער איינציקער מקור חיונה, האָט אַ ליאַדע מלמד׳ל, אַ שמש, אַ בעל תפילה און גלאַט אַזוי אַ בטלן אויך שדכנות אַרויפגעשטעלט אויף זיין לאַנגן צעטל פון זיינע עובדות.

קיין גליקלאַכע, פאַרשטייט זיך, זיינען די שדכנים ניט געוואָרן, וואָרים אויף יעדן שידוך פלעגן זיך אָנטשעפּען פיר־פינף זייערע און דער גאַנצער רח"ש וקל"ם האָט געקלעקט ווי יענע חלת קוים אויף המוציא, אָבער ביי זיי איז געווען אַ קרן איטלאַכע קאָפּיקע. אגב האָט מען זיך געקוואַפּעט אויף אַ שנאַפּס מיט דעם פאַרבייסן, אויף כאַפּן ווען עס איז אַ גוטן מאָלצייט און אויף די פּאָר קאָפּיקעס אויף מאַרקעס, אָדער גאָר אַ קערבל אויף אַ דעפּעשע כלומר׳שט.

די בחורים און מיידלאַך האָבן אפילו גאַנץ גוט געוואוסט, אַז

עס איז א ברכה לבטלה, אז זייער געלט איז ארויסגעוואָרפן. ווען מיר מאַרקעם, וואָס מיר דערפעשן?... אָבער ווי קען מען זיך איינ־רייסן מיט שדכנים, ווען מען שטייט אין שידוכים? א קאָץ קען דאָך אויך קאַליע מאכן. און מען האָט געמוזט „לאָזן זיך געפינען", כדי חלילה ניט פאַרזעסן ווערן.

וועגן די שדכנים פלעגט מען דערציילן טשיקאַווע זאכן: אויף איין שדכן האָט מען געזאָגט, אז ער איז געקומען צו אַן אויפגעקו־מענעם בעל־הבית רעדן א שידוך פאַר זיין טאָכטער. ווען יענער האָט דערהערט מיט וועמען ער רעדט אים דעם שידוך, איז ער געוואָרן מלא חימה:

— סטייטש, מיר סמייעסטו ריידן א שידוך מיט דעם און דעם. ארויס פון מיין שטוב, דו חצוף איינער!

דער שדכן שטייט און שמייכלט און זאָגט:

— אָט איצט זע איך ערשט, אז אזא יאָר זאָל איך האָבן, וואָס פאַר א גלייכער שידוך עס איז. אות באות, וואָרט פאַר וואָרט האָט דאָך דער אַנדער מחותן אויך אזוי אויף מיר געשריען און האָט מיך אויך פון שטוב געטריבן...

מען האָט דערציילט, אז דער שידוך איז גראַד געטאָן געוואָרן און דער שדכן האָט זיך שטענדיק באַרימט דערמיט.

אָבער שעפּסל דער שדכן איז געווען גאָר א יוצא מן הכלל. אים האָט מען גערופן „שעפּסל דער לאַנד־שדכן". ער איז ניט געגאַנגען אבי צו וועמען, מיט געמיינערע באַלעבאַטים האָט ער זיך ניט פאַרנומען, נאָר געפירט שידוכים צווישן די חשוב'ע און רייכע. ער האָט אויסגעפירט שדוכים פון די מרחקים, פון א מאָליעוו, א מינסק און ווילנע. עס האָט שוין אויך געטראָפן, אז ער האָט שוין אפילו צו וואַרשע דערגרייכט. שעפּסל איז געווען גאַנץ תקיף, א יודע ספר, א קלוגער און האָט געפירט זיינע עסקים גאָר געשעפטס־מעסיק. ער האָט געהאַט א ביכל מיט'ן אלף בית, האָט אויסגע־שטעלט די נעמען פון די שטעדט און פון די מחותנים, איטלאַכן אויף זיין אָרט. ער האָט געפירט א פּינקטלאַכע און גענויע באַ־שרייבונג פון דעם צושטאַנד פון די בעלי־בתים, פון זייער יחוס,

דער נדן און קעסט, און האָט געמאַכט זיין אייגענע אָפּשאַצונג פון די מעלות און חסרונות פון די חתנים און כלות.

שעפּסל'ס שטייגער איז געווען, אַליין זיך פריער באַקענען מיט דעם חתן אָדער כלה, איידער ער האָט צוגעפּאַסט דעם שידוך. ער האָט געהאַט אַ גוטע השערה און פלעגט דאָס רוב צוטרעפן דעם מלאך'ס כרוז: בת פלוני לפלוני...

שעפּסל האָט זיך געהיט פון זאָגן צופיל ליגן, אָדער צופיל מגזם זיין און דעריבער האָט דער עולם געהאַט דרך ארץ און צוטרוי צו אים.

צו אונז פלעגן קומען שדכנים — צוליב מיינע שוועסטער — אָפט און פיל. זיי פלעגן, ווי די מאַמע פלעגט זאָגן, די שוועלן אָפּשלאָגן, אָבער שעפּסלען האָבן מיר קיינמאָל די זכיה ניט געהאַט צו זען ביי אונז אין שטוב.

דערפאַר, אַז שעפּסל איז איצט, אַ שבת בייטאָג, אריינגעקומען צו אונז אין שטוב, איז דאָס ביי דעם טאַטן געווען שטאַרק אָנ־געלעגט. ער האָט עס פאַררעכנט פאַר אַ באַזונדער כבוד און האָט שעפּסלען זייער פיין אויפגענומען.

דער מנהג איז ביי אונז געווען, אַז אַ שדכן פלעגט אריינקומען אין שטוב, האָבן קיינער פון די קינדער ניט געטאָרט נאָענט זיין. טאַטע־מאַמע האָבן זיך געשושקעט מיט'ן שדכן בסודי סודות. די קלענערע קינדער פלעגט מען צוטרייבן, די גרעסערע פלעגן אַליין ארויס און דער בעל־דבר אַליין — דער, וועמען מען האָט דעם שידוך גערעדט — האָט שטענדיק געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי די גאַנצע מעשה ליגט אים אפילו אין דער לינקער פּאה ניט... און געמאַכט זיך אינגאַנצן כלא ידע.

ווי לאַנג שעפּסל איז געבליבן שמועסן מיט מיין טאַטן און מאַמען ווייס איך ניט און מיך האָט דאָס באמת ניט אינטערעסירט. בין איך דאָך געווען זיכער, אַז ער איז ניט פון מיינטוועגן געקומען. אָבער אַז איך בין אריינגעקומען אין שטוב, שוין פון מעריב, האָב איך גלייך באַמערקט, אַז די מאַמע איז גאָר מלא שמחה, גאָר אויף דעם זיבעטן הימל. זי קוקט אויף מיר מיט גרויס ליבשאַפט און

איז זייער גוט צוגעלאָזן צו מיר. אפילו דער טאַטע איז אויך עפּעס אַנדערש; ער רעדט מיט מיר מיט גאָר אַן אַנדער אָפּשיי. איך האָב געדרעכנט, אַז דאָס איז דערפֿאַר, וואָס אים איז געפֿעלן געוואָרן, וואָס איך האָב אַזוי גרינג תּופֿס געווען דעם „תּניא" און האָט דאָס מסתּמא אויך דער מאַמען דערציילט, פֿאַרלויבנדיק מיך. אָבער אַט איז די מאַמע צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיר ווידער אַנט־פּלעקט אַ סוד. „אַ אידענע בלייבט אַ אידענע". זי האָט אָפּגעמאַכט מיט דעם טאַטען — לא יזכר ולא יפּקד, אַ וואָרט מיר ניט צו דער־ציילן, זי קען זיך אָבער ניט איינהאַלטן. צופֿיל גליק — און קען לענגער ניט באַהאַלטן! זי האָט מיר קושנדיק און בענטשנדיק געזאָגט:

— דו ווייסט, זונעלע, שעפּסל איז דאָך דאָס געווען דאָ גאָר צוליב דיר! אים האָט געשיקט מיט אַ בפירוש׳ע שליחות אַהער ר׳ שמעון קאַהאַנאָוויטש, ער וויל דיך פֿאַר אַן איידעם! אַ מיידל האָט ער, איז דאָס גאָלד מיט זילבער, אַ קראַסאַוויצע, אַ חכמה, אַ וואויל־געלערנטע, אַ בריליאַנט, זאָג איך דיר. פּש... גאָר אַן אַנטיק! ר׳ שמעון גיט פֿינף טויזנט קאַרבן נדן, פֿינף יאָר קעסט מיט אַלדאָס גוטס. ער וועט דיך באַנייען און באַקליידן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. און איז פֿאַרטיק שרייבן תּנאים כאָטש מאָרגן אפילו. אַזוי געפֿעל־סטו אים, זונעלע מיינער, קרוין פֿון מיין קאָפּ!

די מאַמע האָט דאָס געזאָגט מיט אַ שיינענדיקן, פֿאַרפֿלאַמטן פּנים. זי האָט מיר אויך דערציילט, אַז שעפּסל האָט איבערגעגעבן דעם טאַטן אין ר׳ שמעונ׳ס נאָמען די גאַנצע מעשׂה, וואָס עס האָט פּאַסירט אין מאָליעוו און אַז דער טאַטע האָט אַזש געטאַנצט פֿאַר שׂמחה.

— זע אָבער, זונעלע, דו זאָלסט מיך ניט אויסגעבן פֿאַר דעם טאַטן, ער וועט זיין אויף מיר ברוגז... און חלילה וחלילה, דו זאָלסט זיך ניט אויסריידן עפּעס אַ וואָרט פֿאַר די מיידלאַך, זיי קענען נעבאַך שפּיכות דמים האָבן דערפֿון... — האָט זי אויסגעלאָזן מיט אַ זיפֿץ און אויפֿגעהויבן אירע פֿאַרטרערטע אויגן צום באַלקן.

מיך האָט די געשיכטע שטאַרק פאַראינטערעסירט און גע־מאַכט אויף מיר א דאָפּלטן איינדרוק. מיר האָט הנאה געטאָן, וואָס איך האָב אַזוי פיל נחת פאַרשאַפט מיין טאַטן און מאַמען, אָבער איך האָב זיך אַ ביסל געשראָקן — אַ קשיא אויף אַ מעשה, ווער ווייס וואָס פאַר אַ מיידל דאָרטן איז?...

איך האָב געפרעגט ביי דער מאַמען, מיט וואָס פאַר אַן ענטפער איז שעפּסל אַוועקגעגאַנגען, און זי האָט מיר געזאָגט, אַז דער טאַטע האָט אים געזאָגט, דאָס דער שידוך איז אים זייער צום האַרצן. עס געפעלט אים אַרום און אַרום, אָבער פונדעסטוועגן דאַרף ער זיך מישב זיין. ער האָט עפּעס אַ זייטיקן ענין, וועלכער האָט אפילו קיין שייכות ניט צום שידוך גופא, אָבער וואָס לאָזט אים ניט געבן אַן ענטפער איצטער. שעפּסל האָט זיך אפילו שטאַרק געקווענקלט, געפּרואווט צוקעווטשן דעם טאַטן פאַר אַן ענטפער אויפ'ן אָרט, האָט געעפנט זיין געמבע ווי אַ מיל און האָט גע'טענה'ט, אַז איר זעט דאָך אַליין, אַז עס איז אַ באַשערטע זאַך. האָט זיך גראַד געדאַרפט מאַכן, אַז דו זאָלסט קומען אין מאַליעוו אַקוראַט דעמאָלט ווען ר' שמעון קאַהאַנאָוויטש האָט זיך געקליבן אויף שבת אהיים און עס האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ מעשה מיט אַ ליידאַק, אַ שייגעץ, אַ מינסקער יונגאַטש, און ר' שמעון ווערט גאָר נתפעל, כאַפּט דעם בחור'ל צו זיך אין בויד און ווערט צו אים גאָר אַ צוגעקאָכטער. און אַז ר' שמעון איז גרייט, אַ חוץ דעם גרויסן נדן מיט דעם קעסט, מיט די שיינע מתנות, אויך ליידן די חתונה־הוצאות פאַר ביידע צדדים, און אפילו אונז צוצאָלן עטלאַכע הונדערט קערבלאַך. און אַז שעפּסל האָט נאָך לאַנג גערעדט און גע'טענה'עט, אויפגעוויזן דעם טאַטן, אַז ער טאָר ניט שטעלן זיך אין וועג... חלילה! דער טאַטע איז אָבער געבליבן ביי זיינס. ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין שעפּסלען, אַז מיט דעם שידוך איז ער זייער צופרידן, אָבער ער מוז אָפּלעגן ביז איבער יום־טוב. ער מוז זיך מישב זיין.

די מאַמע האָט ווייטער דערציילט, אַז דער טאַטע איז געווען גאָר מלא חדוה פון דער מעשה, וואָס האָט געטראָפן אין מאַליעוו און פון דאָס, וואָס ר' שמעון איז אַזוי פאַרקאָכט אין דיר.

ער האָט אָבער געזאָגט, אז ער האָט מורא, אז פון דעם וועט גאָרנישט ניט ווערן צוליב דיינע עלטערע שוועסטער. דער טאַטע האָט געזאָגט, אז אים טוט זייער באַנג. גאָט ווייס, אויב אזא וואוילער שידוך וועט זיך נאָך אַמאָל מאַכן. אָבער וואָס טוט מען? עס איז דאָך עפּעס ניט קיין קליניקייט. די מיידלאַך וועלן דאָך האָבן אַזוי פיל שפיכות דמים דערפון. ער וועט זיך נאָך פונ־דעסטוועגן מישב זיין. ער וועט איבעררעדן מיט מענדל ביניעס (ער איז דאָך מיט אים אַן אויג מיט א ברעם). ער וועט זיך נאָך עצה'ן מיט'ן רב, זאָל געזונט זיין, אפשר נאָך איבעררעדן מיט די מיידלאַך, טאָמער וועלן זיי מוחל זיין אויף זייער כבוד.

איך האָב געפרעגט דער מאַמען, וואָס איז איר מיינונג, און זי האָט מיר געענטפערט מיט א זיפץ:

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, זונעלע, אודאי איז עס א גרויסער גליק פאַר דיר. אזא שידוך מאַכט זיך ניט אַלע טאָג, אָבער עס איז דאָך א גרויסער רחמנות געבאָך אויף שרה'ן מיט יענטען. און וואָס וועלן לייט זאָגן? עס שפּאַלט זיך מיר פשוט דער מוח. דו מיינסט איך ווייס? אָט זאָל שוין זיין ווי דער טאַטע וועט זאָגן. ער איז קליגער פאַר מיר; פרימער, אודאי. זאָל ער דאָס נעמען אויף זיך. זיינע פּלייצעס זיינען ברייטערע...

---

טאָן א שידוך—האָבן אין מיינע צייטן געטאָן די טאַטעס און מאַמעס. ביים זון אָדער טאָכטער האָט מען קיינמאָל ניט געפרעגט קיין דעה און מען האָט זיך מיט זיי גאָר ניט מישב געווען. „וואָרים וואָס ווייסן די יונגע שנעקעס און וואָס פאַרשטייען זיי? קיין בעסערע גוטע פריינט ווי טאַטע און מאַמע זיינען דאָך אויף דער וועלט ניטאָ, היינט אויב זיי געפעלט און זיינען מסכים, טאָ וואָס דאַרף מען נאָך מער?” זיינען די מחותנים מסכים געווען אויפ'ן יחוס און דורכגעקומען מיט דעם נדן, מיט דעם קעסט און מיט חתן־כלה מתנות, איז דער שידוך געווען געשלאָסן. עס איז נאָך געווען איבעררעדונגען וועגן אנדערע פּרטים, אויף וועלכע מען האָט געמוזט מרוצה ווערן פאַר די תנאים, ווי: רח"ש וקל"ס,

וויפיל — ווער דאַרף צאָלן און וואו די חתונה זאָל זיין, און נאָך אַנדערע זאַכן.

ערשט, אַז מען האָט זיך שוין אויף אַלץ געאייניקט, האָט מען דערנאָך איינגעסטראָיעט דעם „זעען זיך" פון חתן־כלה.

אָדער מ'איז זיך צונויפגעפאָרן ערגעץ אויף אַ סטאַנציע אויפ'ן וועג, אָדער אויפ'ן וואָגזאַל, אויב חתן־כלה זיינען ביידע געווען פון איין שטאָט.

פרעגן ביי זיי אַ דעה האָט מען דערנאָך אויך ניט געפרעגט. ניט געפרעגט אפילו אויב זיי געפעלן זיך. „וואָס הייסט, פאַרוואָס זאָלן זיי זיך ניט געפעלן?" אי, צוליב וואָס זשע האָט מען גע־דאַרפט דעם גאַנצן טאַראַראַם מיט דער טרחה פון צונויפקומען זיך? איז דער תירוץ — די פינסטערע מאָדע! היינטיקע וועלט. וואָס זאָל מען טאָן?

דעם אמת געזאָגט, האָבן דאָס רוב חתנים און כלות טאַקע ניט געוואוסט אַליין, וואָס עס געפעלט זיי אָדער ניט. די עלטערן האָבן דאָס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, און האָבן דעריבער געהאַנדלט ווי ז י י געפעלט.

תנאים ביי אידן איז געווען דער אמת'ער קשר און פאַרבינדונג פון דעם שידוך. זעלטן, זייער זעלטן איז געווען אַ פאַל, ווען מען זאָל תנאים אָפּשיקן אָדער צורייסן. דאָס רוב — האָט תנאים שרייבן געמיינט שפּילן חתונה. עס מאַכט גאָר ניט אויס, וועלכע סכסוכים ס'זיינען געוואָרן נאָך די תנאים.

ווער שמועסט, אויב דער חתן אָדער די כלה האָט חרטה גע־קראָגן נאָך די תנאים — האָט מען זייערע טענות אפילו ניט געוואָלט אויסהערן.

„דריי ניט קיין קאָפּ!" — פלעגט דער פאָטער אַ געשריי טאָן, און די מוטער פלעגט טרייסטן: „נישקשה, נישקשה, מיין קינד, נאָך דער חתונה וועט אַלץ גוט ווערן." ער (אָדער זי) וועט קליגער ווערן. דער פעלער וועט זיך פאַרהיילן. עס וועט אַנדערש ווערן און אים ירצה השם, עס וועט זיך שוין אויסגלייכן...

אפילו אין אן ערנסטן פאַל, ווען מען האָט זיך דערוואוסט פון א גרויסן חסרון — א מום, למשל, און דער זון אָדער טאָכטער האָט געשריען קולות, געגוואַלדעוועט: סטייטש? מען מאַכט דאָך זי אָדער אים אומגליקלאַך! — האָט מען זיי דעמאָלט געטרייסט דערמיט, וואָס דערויף איז דאָך פאַראַן ביי אידן א גט. „צושיידן זיך וועסטו נאָך שפּעטער אויך אוספּייען. אָט, מיר וועלן נאָך זען!"

גט'ן זיך אין יענע צייטן איז געווען ניט אַן ערך גרינגער, איידער רייסן תנאים. אויף גט'ן זיך זיינען געווען באַוואוסטע דינים אין דער גמרא. די תורה אפילו דערמאָנט אויך: ונתן לה ספר כריתות, און עס איז ניט געווען אַזאַ האַרבע זאַך.

אמת, עס איז געווען געגנוג צרות איבערצוקומען. צרות מכח דער כתובה, מכח דער תוספות כתובה, מכח דעם סכום נדן וכדומה, אָבער דאַרויף זיינען דאָך געווען ביי אידן דיינים, רבנים, — אַהער, אַהין, און מען איז ווי ווייט עס איז דורכגעקומען.

אָבער אָפּשיקן תנאים איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך. דער בזיון, די שפיכות דמים, דער ניט מוחל זיין און די מורא, אַז מען וועט קיין אַנדער שידוך ניט קאָנען טאָן אַזוי גיך, דעריבער איז דאָס געווען שווער ווי קריעת ים סוף.

אגב, האָט טאַקע דער עסק געדאַרפט אָפּקאָסטן א שלל מיט געלט: צאָל קנס, צאָל פאַר'ן חלול הכבוד, פאַר אַרויסקריגן א מחילה—צאָל באַזונדער, און וועלכער איד איז דאָס א בעלן דאַרויף?

האָט מען שוין בעסער פאַרלאָזן זיך אויף „וואָס גאָט וועט געבן, דאָס וועט זיין" און מען האָט געשטעלט חופּה.

אפילו אין אַן ערנסטן סכסוך צווישן די מחותנים גופא, ווי ווען ניט נאָכקומען די פּרטים פון די תנאים, ניט מקיים זיין די הבטחה פון דעם נדן איינלעגן, אָדער די אָפּגערעדטע מתנות ניט געשיקט, און דערצו נאָך אַריינשרייבן א בריף מיט זלזולים, פּוגע בכבוד געווען דעם מחותן, — אפילו דעמאָלט —

האָט זיך טאַקע אָפּגעטאָן מעשים. עס איז געווען הימל, קעלב זיך!... „סטייטש, א מקח טעות, א אונאה יותר משתות. היינט אַזאַ נבלה — מיר פּוגע בכבוד זיין!...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שלעפּעניש צום רב, צו מענטשן, עס איז אַריין אין נצחון, אין „אַט וועלן מיר זען, ווער וועט אויס־פירן?" און דאָס איז דאָך ידוע, אַז קיינמאָל איז אַ איד אַזוי ניט פול מיט רוגזה און עקשנות, ווי ווען עס גייט אין נצחון. (אַקוראַט ווי אין דעם „אויספירן" איז געלעגן זיין גאַנצער יש און מהות און, פאַרקערט, — זיין געפאַלנקייט חלילה). פונדעסטוועגן האָט מען קיין שידוך אויך דעמאָלט ניט אָפּגעלאָזן. די סכנה איז נאָר ניט אַזוי גרויס געווען, ווי מען האָט געמאַכט דעם אָנשטעל. ביידע צדדים האָבן גוט געוואוסט, אַז סוף כל סוף וועט מען דורכקומען.

די מחותנים זיינען טאַקע געבליבן שונאים. פלעגן די יאָרן דערגיין דעם איידים אָדער דער שנור, וואָס איז געווען אויף קעסט. זיי פלעגן אַלע ווייַלע אויפוואַרפן: „דיין טאַטעטשקע, דער שווינד־לער, דער ליגנער, דער אַזעלכער און אַזעלכער"... און דעם טאַטנ'ס קינד פלעגט זיך טאַקע באַגיסן מיט טרערן און מיט בלוט, אָבער דערביי איז דאָס געבליבן. אַ נאָווינע, אַז שווער־שוויגער צאַפּן די דמים אויס, וואָס?

---

איך האָב זיך באַקאַנט דערווייַלע אַלץ מער און מער מיט די חסידישע ספרים, וועלכע האָבן זיך געפונען ביים טאַטן און האָב זיי געלערנט מיט חשק. די נייקייט פון דעם גאַנצן ענין, די אַב־סטראַקטע פילאָזאָפישע בילדער וועגן גאָטהייט — די ניצוצים, די עשר ספירות, די השתלשלות און ממלא כל עלמא וסובב כל עלמא האָט מיך אינגאַנצן פאַרכאַפּט מיט גרויס אינטערעס.

אַז דער טאַטע האָט דערזען, מיט וועלכער התמדה איך לערן די הייליקסטע ספרים — די בעסטע שמירה פאַר אידישקייט, נאָך זיין מיינונג נאָך, און דערצו די מעשה אין מאַליעוו, וועלכע ער האָט זיך דערוואוסט און גראַד ניט פון מיר, איז ער געוואָרן זיכער מיט מיר און האָט אינגאַנצן אַראָפּגענומען זיין שטרענגען „נאַדזאָר" (השגחה) פון מיר. ער האָט זיך באַצויגן צו מיר, ווי צו אַ גלייכן און מיט דרך־ארץ. איך האָב זיך געפילט פריי און געפרעגט אים אַזעלכע קשיות, וועלכע פריער וואָלט איך ניט געטמייעט.

עס איז געווען שבת צו נאַכט פאַר די ערשטע סליחות. מיר האָבן געפירט אַ שמועס; אַקוראַט וועגן וואָס, געדענק איך ניט. אָבער דער טאַטע איז געווען קאָנטענט מיט מיר און גוט אויפגעלעגט. מיר ביידע — די איבעריקע הויז־געזינד האָט שוין געשמאַק געשלאָפן — האָבן גענומען עפּעס צו מלוה מלכה זיין און געזעצט זיך טיי טרינקען. דער טאַטע האָט זיך עטלאַכע מאָל אָפּגעהוסט—אַ מין אַדערויף אויף זאָגן עפּעס, וואָס ס׳איז ניט גאָר אָנגענעם, — און האָט אין אָפּגעהאַקטע ווערטער אַרויסגעבראַכט, אַז ער ווייס ניט וואָס מען טוט?

— ס׳מאַכט זיך אַ שידוך פאַר דיר גאָר אַ געראָטענער, אָבער...
— און האָט זיך אָפּגעשטעלט. — איך קאָן זיך גאָר קיין עצה ניט געבן, וואָס טוט מען דאָ מיט די מיידלאַך? „וכן לא יעשה במקומנו לתת את הצעירה לפני הבכירה!” דו ווייסט דאָך, אַז די תורה ברענגט ניט אַזוי זיך גלאַט לבן הארמי׳ס רייד. ניט אַנדערש, אַז די כונה איז, מיר זאָלן זיך דערפון אָפּלערנען און אויך אַזוי טאָן. דערפאַר איז עס מיר שלעכט אַזוי צי אַזוי. דער שידוך איז גאָר אַ מהודר, אַ גרויסער שאָד פאַרלירן אים, אָבער — עס איז „אוי לי מיצרי ואוי לי מיוצרי”!

— אויב אַזוי, — האָב איך זיך אָפּגערופן, — אויב אַלץ, וואָס איז אין דער תורה דערמאָנט, אפילו ניט אַ מצוה, דאַרף מען אויך מקיים זיין, טאָ פאַרוואָס זשע איז מען ניט מקיים דעם אַנדער פּסוק, טאַקע פון דעם זעלביקן לבנ׳ען גופא? האָט ער דאָך פריער געזאָגט, נאָך ביי אליעזר׳ן: „נקרא לנערה ונשאלה את פיה”. מען דאַרף פרעגן דער מיידל, צי געפעלט איר דער שידוך? פאַרוואָס זשע איז דאָס, וואָס קיינער ניט, און אפילו ניט דו, טאַטע, היט ניט אָפּ אָט דעם פּסוק? אַלע מאַכן דאָס אַוועק גאָר כלאחר יד, פאַרוואָס, האַ?

דער טאַטע האָט אויף מיר פאַרוואונדערט אַ קוק געטאָן, האָט געריבן זיין שטערן, אַ שמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן און שאָקלענדיק די קאָפּ אהין און אהער, האָט ער געזאָגט:

— איך רעכן, אַז דו ביזט גערעכט. נצחוני, בני, נצחוני! אײ־אײ־אײ, איך פאַרשטײ גאָרניט, ווי אַזוי האָב איך דאָס פאַרזען, גאָר אויפ'ן זינען ניט אַרויף אַ בפּירוש'ער פּסוק! יע, יע, בלי נדר, אַז ס'וועט האַלטן ביי אַ שידוך פאַר די מיידלאַך, וועל איך ז י י פריער פרעגן, אויב זיי זיינען מסכים! אָבער הער נאָר, ישראל'יק,—האָט ער שמייכלענדיק צוגעגעבן,—דאָרטן רעדט זיך דאָך אָבער פון אַ נערה, מיט יצחק'ן האָט מען זיך דאָך ניט מישב געווען!

איך האָב אויפגעוויזן דעם טאַטן, אַז ווענן יצחק'ן האָט די תורה גאָרניט געדאַרפט דערציילן. וואָרים מה דאָך, אַז ביי אַ טאַכטער, וועלכע איז אינגאַנצן אין דעם טאַטנ'ס רשות, וואָס אפילו קנס פאַר איר באַליידיקטער ערע האָט מען געדאַרפט צאָלן דעם פאָטער, אפילו אויף אירע נדרים האָט ער געהאַט די גאַנצע דעה, פונדעסטוועגן, איז ביי אַ שידוך האָט מען ביי איר געדאַרפט פרעגן, היינט אַ פשיטא שוין ביי אַ זון, וועלכער איז אין רשות עצמו, איז דאָך על אחת כמה וכמה!

איך האָב געבראַכט נאָך ראיות. איך האָב געבראַכט אַ ראיה פון יצחק'ן, אַז ער האָט אַריינגענומען רבקה'ן אין זיין מוטער שרה'ס געצעלט, ערשט דערנאָך, ווען ער האָט זי ליב באַקומען; אַז רבקה'ן איז שטאַרק ניט געפעלן געווען איר עלטערן זונס ווייבער. זי האָט געזאָגט: קצתי בחיי, אָבער זי האָט ניט געקענט העלפן; אַז יצחק האָט געזאָגט זיין זון יעקב'ן, ער זאָל נעמען אַ פרוי פון לבנ'ס טעכטער, אָבער ער האָט אים ניט איינגעוויזן, וואָס, ווער, וועמען... איך האָב געבראַכט נאָך אַ ראיה פון תמר'ן, אַז ווען זי האָט זיך געבעטען ביי אמנונ'ען, ער זאָל ניט פאַרפלעקן איר ערע, וואָס וועט זיין אַ גרויסע חרפה פאַר איר, און אַז אויך ע ר וועט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ „נבל", אַ הולטיי, האָט זי גע'טענה'ט צו אים: צו וואָס דאַרפסטו אַזעלכע קרומע און מיאוס'ע וועגן, רעד בעסער איבער מיט'ן טאַטן דעם מלך און ער וועט דאָך מיך ניט פאַר־מיידן פון דיר!

איך האָב גערעדט מיט היץ און געדרייט מיט'ן פינגער, ווי ווען מען לערנט גמרא. דער טאטע האָט צוגעהערט מיט קאָפּ און צום סוף האָט ער באַמערקט:

— הם! מעגלאַך, אַז מען קאָן נאָך דיינע רייד אָפּשלאָגן, מען וועט דאַרפן אין דעם ענין אַריינקוקן, אָבער דיינע סברות זיינען גאַנץ גוטע. מהיכא תיתא. אָבער צוליב וואָס זאָלן מיר איצטער וועגן דעם מאריך זיין, אַז עס האַלט דאָך ניט דערביי, ודיה לצרה בשעתה — פריער מוז מען דאָך קלאָר ווערן, וואו מיר האַלטן מיט די מיידלאַך.

איך האָב אָנגעהויבן זאָגן דעם טאַטן, אַז איך רייד דאָ ניט צוליב מיינע אייגענע פניות, נאָר „תורה היא וללמוד אני צריך", מ'דאַרף דאָך דעם פשט פאַרשטיין! אָבער דער טאַטע האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק, האָט מיך איבערגעשלאָגן און האָט אַזוי זיך, אגב אורחה'דיק, אַ זאָג געטאָן:

— זאָג מיר, ישראל'יק, וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ מעשה אין מאָליעוו?

— וועלכע מעשה? — האָב איך זיך געמאַכט כלא ידע.

דער טאַטע האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך דאָ אַריינגעכאַפּט, און האָט מיר דערציילט, אַז מען האָט אים איבערגעגעבן די גאַנצע געשיכטע פּונקט ווי עס איז געווען. איך האָב געגעבן צו פאַרשטיין דעם טאַטן, אַז איך ווייס, ווער דער איבערגעבער איז געווען און אַז דאָס האָט אַ גרויסע שייכות מיט שעפּסל דעם שרכנ'ס ווייזיט און מיט דעם „וואוילן שידוך", וועגן וועלכן דער טאַטע האָט גערעדט. דער טאַטע האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט (שטאַרק לאַכן האָט מיין טאַטע קיינמאָל ניט, וואָרים זינט דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן, טאָר אַ איד ניט לאַכן, און ער פלעגט מיט דער האַנט, כאַפּנדיק זיך פאַר'ן מויל, ניט לאָזן די לאַך-מוסקולן פאַנאַנ-דערשפּילן זיך) און האָט גוטמוטיק באַמערקט:

— ניטאָ וואָס צו רעדן, דו ביסט אפילו אַ גרויסער שייגעץ, אָבער דו האָסט גאָר ניט קיין שלעכטע קעפּל. נו, פאַרפאַלן, הייסט עס, איך האָב זיך ווידער אַמאָל פאַפּאַדיעט!

ער האָט מיר איבערגעגעבן מיט אַלע פּרטים שעפּסל'ס רייד, האָט מיר דערקלערט דעם גרויסן גליק פון דעם שידוך, האָט נאָר צוגעגעבן:

— אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז די מיידלאַך שטייען אין וועג. אדרבה, ווייסטו אפשר אַ וועג ווי פּועל'ן ביי זיי, אַז זיי זאָלן מוחל זיין אויף זייער בכורה? טאָ פּרואוו און זאָל גאָט העלפן. דערציייל אָבער ניט דער מאַמען, אַז דו ווייסט פון עפּעס, און אַז איך בין אַזוי נאַריש אַריינגעפאַלן. זי וועט פון מיר מאַכן חוזק חזקות...

איך האָב אים געטרייסט און דערציילט אים, אַז איך האָב געוואוסט די גאַנצע געשיכטע נאָך פון פריער — פון דער מאַמען. און ער האָט אַ זייער צופרידענער אויסגעשריען:

— אהא! „לולא חרשת בעגלתי לא מצאת חידתי", וואָלט די מאַמע דיר פריער ניט דערציילט, וואָלסטו גאָר אַזאַ חכם ניט געווען!

---

שעפּסל דער שדכן האָט ניט געוואַרט ביז איבער די ימים־טובים, נאָר איז נאָך אין די עשרת ימי תשובה איין מאָל אין אַן אָוונט ווידער אַריינגעקומען צו אונז. מיינע שוועסטער האָבן באַלד פאַרלאָזן די הויז, און אַז איך האָב זיך אויך אויפגעהויבן פון אָרט, האָט שעפּסל מיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— בלייב דאָ, יונגערמאַן, מיר ווילן דאָ שמועסן וועגן אַן ענין, וועלכער איז דיר אויך אַ ביסל נוגע.

שעפּסל האָט אָנגעהויבן פון דעם, וואָס ער ווייס, וואו דער שוך קוועטשט דעם טאַטן — מסתמא, די עלטערע מיידלאַך, וואָס? אָבער עס איז אָן סכנות. מען קען מאַכן דערווייל נאָר ראשי־פּרקים, אַ קבלת קנין און ביז די תנאים שרייבן, אָדער ווער רעדט נאָך ביז דער חתונה, וועלכע מען קען אָפּלעגן אויף אַ היבשע ווייל, נעמט ער, שעפּסל, זיך אונטער אויסברענגען זיי און עס וועט זיין אָגיל ואשמח. „אי קאָזאַ סיטאַ, אי סענאָ צעלאָ", און אַלץ וועט זיין אַם בעסטן, כיד ה' הטובה עלינו.

די מאַמע האָט זיך שטאַרק דערפרייט, דער טאַטע איז אויך געוואָרן אַ ביסל מער קאָנטעט, אָבער האָט זיך אַלץ נאָך געקווייַנקלט.

איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און בין אַרויס מיט לשון:

— ר' שעפּסל, — האָב איך געזאָגט, — פאַרוואָס רעדט איר אַלץ וועגן דעם שוך קוועטשן, וועגן איילן מיט ראשי פּרקים און נאָך אַזעלכע זאַכן, איידער מען פרעגט ביי חתן־כלה, וואָס זיי האָבן צו זאָגן? מיר זיינען דאָך ניט קיין מטלטלין, מיר האָבן דאָך גופים און נשמות, אונז איז דאָך דער ענין מער נוגע איידער אייך אַלעמען, טאַ סטייטש, וואו איז דער יושר? — איך האָב די עטלאַכע ווערטער אויסגעשאָסן אין איין אָטעם, האָב זיך דער־שראָקן פאַר זיך אַליין און געבליבן זיצן ווי אַן אָפּגעשמיסענער...

מיין מאַמע איז געוואָרן גאָר האַלב טויט און האָט מיך אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם. שעפּסל האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און געקוקט אויף מיר מיט גרויס פאַרוואונדערונג, אָבער ווי אַ קלוגער איד, האָט ער מיט אַ באַהאַלטענעם האַלבן זיפץ געזאָגט:

— יאָ, יאָ! בעוונותינו הרבים, האָב איך שוין געהערט אַזעלכע רייד, ניט פון אים אליין, אָבער דאָס איז נאָר געווען אין ווילנע און פון עפּעס אַ פיינעם יונג. דאָ, ביי אונז אין שטאָט האָב איך אַזעלכע דבורים קיינמאָל ניט געהערט, און בפרט נאָך פון אַ בעל־תורה, אָבער, קיין אחריות. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך בין איצטער נאָך מער בטוח, אַז נישקשה, איר וועט זיך שוין געפעלן ווערן... כע! כע! כע! מיר דאַכט, אַז די בתולה דאַרטן איז אויך פון דעם זעלבן שניט, אויב ניט נאָך אַ שטאָפּל וויטער. די צרה איז נאָר מיט רב שמעונ'ען. חלילה וחס, ווען ער זאָל דערהערן אַזעלכע דיבורים, וואָלט געווען אַ סוף, אַן עק. אַזאַ חתן, האָב איך מורא, וואָלט ער ניט וועלן!

איך האָב גלייך אָפּגעענטפערט אַז בעסער איצטער זאָל רב שמעון ניט וועלן, איידער, חלילה שפּעטער זאָל איינער פון אונז דאַרפן חרטה האָבן.

דער ענטפער האָט דווקא געטראָפן אין פּינטל אריין און דער טאַטע, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסן און געטראַכט, האָט שטיל רואיק באַמערקט, אַז ער מוז מודה זיין על האמת און זאָגן, אַז ער האַלט מיט מיר. „ער איז אפשר אַביסל צופיל חוצפה'דיק, אָבער גערעכט איז ער! ...״

דער טאַטע האָט דערנאָך איבערגעגעבן שפּעסלען מיינע פריערדיקע רייד, האָט איבערגע'חזר'ט דעם פּסוק: „נקרא לנערה ונשאלה את פיה״, אויף וועלכן איך האָב אַזוי שטאַרק מקפּיד געווען. און ער האָט געזאָגט, אַז ער זעט, חלילה אין דעם קיין ברעקל אויסגעלאַסנקייט ניט. מען האָט דערנאָך געשמועסט וועגן זייטיקע זאַכן. שפּעסל האָט זיך געסטאַרעט אַרויסווייזן זיין „וועלטלאַכקייט״, האָט זיך באַמיט זיין זייער פריינטלאַך צו מיר, געקלאַפּט מיר אין פּלייצע און האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין אים שטאַרק געפעלן. און בין ווערט די פיינע כלה, וועלכע ער וויל מיר געבן. ער האָפט, אַז ווען דער טאַטע וועט אים געבן אַ צופרידענע תשובה מכח דער הויפּט מניעה — וועגן די מיידלאַך — וועט ער שוין איינסטראָיען אַזוי, אַז מיר זאָלן זיך זען מיט מזל...

## קאפיטל ל״ב.

# מיין ערשטער ראָמאַן

עס איז געווען מוצאי יום־כפור.

דער טאָג איז געווען אן אומגעווייניטלאך הייסער. אפשטיין אין שול א גאנצן טאָג, וואו דער טשאד פון די פילע וועקסענע ליכט האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם גערידכטן שטויב פון די צעריבענע היי דורך דעם כורעים פאלן, איז כמעט געווען אומ־דערטרעגלאך און געמאכט דעם תענית פאר זייער א שווערן. דער טאטע, וועלכער האָט געפאסט די גאנצע „צען טעג", און איז געווען אויסגעדארט און אויסגעקוואַרט נאָך פאר יום כפור, האָט זיך ניט געקאָנט איצטער אויף די פיס האלטן און קוים נאָר האָט ער זיך אָפּגעפאסט, איז ער אריינגעפאלן אין בעט. די מאמע — אן אויסגעמוטשעטע פון אייביקער האָרעוואניע האָט קוים כח געהאט נעמען עפעס אין מויל און אויך אריינגעוואָרפן זיך אין בעט.

די איבעריקע הויז־געזינד האָבן געפונען א גוטע געלעגנהייט נאָך אמאָל גוט זיך אויסשלאָפן און האָבן זיך באַנוצט מיט דעם. איך מיט מיין עלטערער שוועסטער, שרה, ביי וועמען, ווי זי האָט געזאָגט, האָבן זיך שוין די אויגן געקלעפּט, האָבן באשלאָסן פונדעסטוועגן „דורכגיין זיך נאָכ'ן עסן" — נאָך דער מאָדע פון יענער צייט — מאכן „א מאציאָן"...

אין דרויסן איז געווען שיין, ליכטיק און קלאָר.

די קאַלטע בלייכע לבנה האָט אין איר גאנצער פולקייט געשיינט און האָט מיט אירע שטראַלן, ווי מיט פענזילס אָפּגע־

ווייסט און אָפּגעבלייכט די אַזוי אויך פון תענית בלייך געוואָרענע פּנים'ער.

א קילער נאכט־ווינטל האָט זיך אריינגע'גנב'עט אין די ארבל, אונטער'ן קאָלנער און האָט ליבלאך געגלעט און אפּגעפרישט.

אויף דער נשמה — אָן אָפּגערייניקטע פון אלע עבירות, איז געוואָרן גרינג; אויפ'ן הארצן — ווערנדיק זיכער, אַז דער „אב הרחמן" האָט אָנגע'חתמ'עט א גוט יאָר — איז געווארן גוט, גאָר א דערקוויקעניש!

דער געשמאַקער און זאַטער אָפּפּאַסטן זיך מיט די נעכטיקע כפּרות, „לייטערס" און אנדערע גוטע מאכלים, וואס איך האָב געגעסן מיט גאָר א היפּשן אפּעטיט, האָט מיך גאָר אָפּגעלעבט און געמאַכט מיך זייער גוט אויפגעלייגט.

ווי א געגעזונטער נאָך א קרענק, האָב איך דערפילט איצטער א צופלוס פון פרישע כחות, וועלכע האָבן געשטאַרקט און געקרעפּ־טיקט מיך.

מיר האָבן זיך ארויסגעלאָזט אויף אונזער הויפּט שפּאציר־גאס — אויפ'ן שאָסיי.

גאנצע כאַפּטעס מיידלאך, ווייבלאך מיט קינדער אויף די הענט און לעבן פּארטוך; כאַליאַסטרעס בחורים, יונגע לייט און, וואו ניט וואו, א יונגע פּאָר פּאָלק, קעסט־קינדער, וועלכע האָבן זיך ארויסגע'גנב'עט פון שטוב, האָבן ארומגעשפּאַצירט און געכאַפּט פרישע לופט..

פון צייט צו צייט האָט ווער אונטערגעברומט א ניגון. ווער עס האָט איינגע'חזר'ט דעם חזנ'ס געראָטענעם „וכל מאמינים", ווער עס האָט זיך געקוויקט מיט דעם זיס־זויערן און יללה'דיקן „ונתנה תיקף", וואָס עס איז אריין אין הארצן און צעגאָסן זיך איבער אלע גלידער, און ווער עס האָט געציקלט זיך מיט א פריילאכן „מכלכל חיים" און האָט אים געדרייט ווי א „פּזר".

בחורים האָבן גערעדט לעבעדיק, מיידלאך האָבן געלאַכט אויפ'ן קול און אויפ'ן גאס איז געווען גאַנץ פריילאך.

אין אונזער שטאָט האָט יעדער געקענט אַלעמען, און מיין שוועסטער האָט מיר אַלע ווײַלע אָנגעוויזן — ווער איז דער, און ווער — יענער, און האָט דערציילט פון אַלע פּאַסירונגען, וואָס עס האָט מיט איטלאַכן געטראָפן.

אָבער אָט זיינען פאַרביי אונז דורכגעגאַנגען צוויי גאַנץ שיינע מיידלאַך. און בעת איך האָב אומגעדרייט דעם קאָפּ אַהינטן, נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן אויף זיי, האָט איינע פון זיי געטאָן די זעלביקע זאַך און געקוקט אויף מיר. איך האָב זיך אַביסל פאַרשעמט.

איך האָב נאָך קיין צייט ניט געהאַט אינגאַנצן קומען צו זיך, ערשט די מיידלאַך האָבן זיך אומגעקערט, אונז אָנגעיאָגט און די עלטערע האָט זיך גלייך געווענדט צו מיין שוועסטער, זאָגנדיק: „איר זייט, דאַכט זיך, קאָפּל אייזיק טעמע׳ס טאָכטער? איך בין בראָכקע שמעון קאַהאַנאָוויטשעס. איך וויל זיך מיט אייך באַקענען. אָט דאָס איז מיין חבר׳טע...” און קוקט דערווײַלע מיר גלייך אין די אויגן אַריין.

מיין שוועסטער האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, האָט זיך אַ קער געטאָן צו מיין זייט און האָט געזאָגט: „דאָס איז מיין ברודער”.

די כוואַטסקע מיידל האָט מיר אויסגעשטרעקט איר ווייסע פּוכקע הענטל, און האָט באַמערקט צו מיין שוועסטער: „איר וועט דאָך ניט זיין אַזוי שלעכט און וועט אים ניט פאַר׳מסור׳ן אין דער היים”. און אַ קער טוענדיק זיך צו מיר, האָט זי צוגעלייגט: „האָט ניט קיין מורא, מען וועט אייך ניט אויפעסן!”

איר האַנט האָב איך גענומען, אָבער אין האַרצן האָט מיר אַזוי געקלאַפּט, און דער קאָפּ האָט אַזוי געשווינדלט, אַז איך האָב געמיינט, איך חלש אויפ׳ן אָרט... זי האָט מיר די האַנט אַ פעסטן דריק געטאָן, אָבער באַלד אָפּגעלאָזן, ווי דאָס וואָלט געווען עפּעס אַ שמאַטקע — ניט נעפּעלן געוואָרן איר אַפּנים, מיין ניט קאָנען נעבן אַ מיידל די האַנט.

איך האָב זיך געפילט ווי א צוגעקוועטשטער, האָב אָבער פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

זי האָט גערעדט מיט מיין שוועסטער פון דעם שווערן תענית, וועגן דער שיינער נאַכט, האָט דערציילט, ווי זי איז א גאַנצן טאָג געלעגן אין זייער געבויטער סוכה, אין וועלכער די פליגלען זיינען שוין געווען אָפּן און האָט געלייענט, געדרעמלט און געבלאָזעט זיך, אָבער זי איז געווען זייער דאָרשטיק — א צו־ווארימער טאָג פאַר יום־כפור! זי איז געווען זייער ראַזוויאזנע, גוט אויפגעלייגט, און מיך, דאַכט זיך, האָט זי מער ניט באַמערקט אפילו.

זי איז געווען א מיידל פון א יאָר ניינצן. די האָר פאַרקאַמט אויף הינטן, וואָס עס האָט געמאַכט איר שטערן העכער אויסגע־וועלבט, און א שווערער לאַנגער צאָפּ איז איר געהאַנגען, מיט וועלכן זי האָט זיך געשפּילט. א חנ'עוודיק גריבעלע איז געווען ביי איר אויף איין באַק. אירע ברעמען זיינען געלעגן אין איין שוואַרצער שורה איבער פינקלדיקע אויגן, וועלכע האָבן עדות געזאָגט, אַז זי איז א „באַיקע" מיידל. זי האָט לאַנג און גיך גערעדט מיט מיין שוועסטער, אָבער פּלוצלינג האָט זי זיך א קער געטאָן צו מיין זייט און געפרעגט: „פאַרוואָס דערציילט איר עפּעס ניט? וואָס זייט איר אזא שעמעוודיקער? איר קאָנט ניט ריידן, וואָס?"

מיך האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, אָבער איך האָב זיך איינ־געהאַלטן און האָב כלומר'שט גלייכגילטיק, ווי צו זיך אליין גע־זאָגט:

— שווייגן איז אָפטמאָל א סך שווערער איידער ריידן, וואָס עס איז גאָר קיין קונץ ניט.

איך האָב געמיינט, אַז מיט אזא ענטפער האָב איך זי אינגאַנצן דערשלאָגן און האָב ביי זיך אין האַרצן שוין טריאומפירט, אָבער עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. די חברה'טע האָט מיט איר קוק אריינגעדרונגען מיר גלייך אין די אויגן און האָט קאַלטבלוטיק און לאַנגזאַם ארויסגעזייט צווישן די ציינער — „איר מיינט דאָך דאָס ניט מיך, וואָס?" און האָט אויסגעשאָסן מיט א הילכיקן געלעכטער.

— אויב איר פילט, אז ניט אייך האָט מען דאָס געמיינט, טאָ פארוואס זשע האָט איר זיך אָפּגערופן?

א ווײַלע האָט זי געשוויגן, אזוי ווי זי וואָלט עפּעס געטראכט, דערנאָך האָט זי געזאגט א סך ווייכער שוין:

— הערט, פאַרוואָס געפעלט אייך גראד קריגן זיך מיט מיר, קאָנט איר ניט לעבן בשלום מיט א מיידל?

— איך האָב געמיינט, אז אייך געפעלט בעסער קריגן זיך, האָב איך אייך צוליב געטאָן.

— הייסט דאָס, אז איר וואָלט וועלן מיר געפעלן ווערן, הא?

— ס'קאָן זיין, אז יאָ, אבער וועלן, אָדער ניט וועלן יענעם געפעלן צו ווערן, דארף מען דאָך אים פריער קענען און מיר קענען זיך דאָך גארניט.

— טאָ, אדרבה, לאָמיר זיך באַקענען און דערקענען איינער דעם אנדערן.

— פון מיין זייט איז קיין מניעה ניטאָ — האָב איך גע־ענטפערט.

איר חבר'טע און מיין שוועסטער האָבן דערווײַלע געשמועסט וועגן פילע קלייניקייטן, וואָס עס האָט, ווי עס ווייזט אויס, זיי באַלד דערעסן, און זיי האָבן ביידע געקלאָגט זיך, דאָס זיי זיינען מיד און עס איז צייט גיין אהיים. מיר האָבן באגלייט די חבר'טע אהיים און אומגעקערט זיך דערנאָך צו אונזער הויז. מיין שוועסטער האָט זיך אנטשולדיקט דערמיט, וואָס זי דארף מאָרגן זייער פרי אויפשטיין און אָפּזאָגנדיק די אָנגענומענע פאַר פראזן, — אז עס האָט זי זייער געפרייט צו באַקענען זיך, און אז זי בעט זי זייער אריינצוקומען, איז זי אריין אין שטוב.

מיר זיינען געבליבן זיצן ביי אונז אויפ'ן גאניק.

איך האָב געפילט אינגאנצן ווי א פארלאָרענער. דעם ערשטן מאָל זיצן בײַנאכט אליין מיט א מיידל, האָט מיך זייער געשראָקן. אָבער, צו דער זעלבער צייט געצויגן ווי א מאגנעט און האָט אויפגעהויבן א ים פון געפילן, וועלכע האָבן מיך געשטויסן און געוואָרפן אהין און אהער.

די קלוגע בראָכקע האָט, ווי עס ווייזט אויס, עפּעס באמערקט אויף מיר, און האָט זיך איבערגעזעצט אויף דער אנדער זייט פון גאניק, אנטקעגען מיר. זי האָט מיך געבעטן, איך זאָל איר דערציילן, וואָס איז דאָס א ישיבה. זי ווייס, אז איך בין ערשט געקומען פון דאָרטן. ווי לעבט מען דאָרטן, האָט זי געוואָלט וויסן, און וואָס ווערט מען, אז מען לערנט שוין אויס אלע גמרא׳ס?

— מיין טאטע זאָגט, אז איר זייט א גרויסער למדן, גאָר א גאון. ווילט איר ווערן א רב, וואָס? און פאנאנדערלאכנדיק זיך זייער, האָט זי צוגעגעבן: „פע, עס מוז זיין זייער קאָמיטשנע צו זיין א רביצין... פארוואָס זאָלט איר ניט ווערן בעסער א דאָקטאָר, הא?"

איך האָב איר דערציילט פון מיין לעבן אין דער ישיבה, און אויך, ווי איך האָב פארבראכט דאָרטן די צייט. איך האָב איר דערקלערט (געמיינט האָב איך צו זיין אן עניו, אָבער דאָס איז געווען דער ריינער אמת), אז לערנען קאָן איך אביסל, אָבער פון צו זיין א גאון, בין איך גאַנץ ווייט, און איך האָב גארניט בדעה צו ווערן א רב. ניט אזוי ווייל איך וויל ניט, נאָר עס איז גארניט אזא גרינגע זאך, ווי זי מיינט, און אז קיין דאָקטאָר זיין, וויל איך אויך ניט. איך וואָלט וועלן זיין א געלערנטער אָדער עפּעס א סוחר, און קאָנען זיצן און לייענען ביכער.

איך האָב איר אויך דערציילט, אז איך האָב זיך באקאנט אין שקלאָוו מיט א יונגן מאן פון מאָסקווע, וועלכער האָט מיר געגעבן אפּיקורסישע ביכלאך צו לייענען.

מיט מיינע לעצטע ווערטער האָט זי זיך זייער געפרייט, און האָט געפרעגט, אויב איך וואָלט א בעלן געווען לייענען רוסישע ביכלאך?

— איר קאָנט לייענען רוסיש?

איך האָב איר געענטפערט, אז איך האָב געלערנט, דעם „רוסקאָיע טשעטעניע", און ווייס א היפּשע ביסל ווערטער. דערויף האָט זי באמערקט, אז אויב איך קאָן פילע ווערטער פון דער „רוסקאָיע טשעטעניע", דאַרף איך קאָנען רוסיש זייער גוט,

אפשר נאָך בעסער פאר איר, און האָט געזאָגט, אז זי האָט א פּאָר זייער וואוילע ביכלאך, וועלכע א שוועסטער־קינד אירע, וואס שטודירט אין אויסלאנד, האָט איר פון דאָרטן צוגעשיקט. זי האָט גערעדט מיט גרויס התלהבות, וועגן יענע ביכלאך, אָבער עס טוט איר זייער לייד, וואָס דערווייל קאָן זי מיר זיי נאָך ניט געבן...

— איר וועט אין זיי גאָרנישט פארשטיין, שפּעטער אפשר, מעגלאך.

מיר האָבן גערעדט וועגן פילע פארשידענע זאכן. זי האָט גערעדט זייער פריינטלאך, כמעט אינטים, און מיר איז געווען זייער איינ־נענעם איר קול, איר רעדן, אפילן איר כאָרכלען דעם „ר" האָט ביי מיר געהאט א באזונדער חן.

גאָר באזונדער איז זי מיר געפעלן געווען, ווען זי האָט מיט האסט און מיט צאָרן גערעדט וועגן דעם, וואָס ביי אונז אידן האָבן די קינדער גאָר קיין ווערט ניט, — מען רעכנט זיך גאר ניט מיט זייער מיינונג אָדער פארלאנגען. די טאטעס און מאמעס בעל־הבית'עווען איבער די גרויסע דערוואקסענע קינדער אקוראט, ווי זיי וואָלטן נאָך געווען קליינע קינדער.

— פארוואס איז ביי די גוים ניט אזוי?

אירע בעקלאך האָבן געפלאמט, אירע אויגן האָבן געבליס־טשעט און איז אינגאנצן געווען אויפגערעקט.

איך, וועלכער האָט קיין אנדערע גוים ניט געקאָנט, א חוץ די מוזשיקעס, האָב זיך געשפּארט מיט איר און געזאָגט, אז זי האָט א טעות, וואָרים איך האָב אליין מיט מיינע אויגן געזען אין דאָרף, ווי די גויים שמייסן מיט בייטשן זייערע קינדער און מיט שטריק זייערע ווייבער. זי האָט זיך שטארק פאנאנדערגעלאכט, אזש אויפ־געשפּרונגען פון אָרט א טאנץ טאָענדיק און האָט געזאגט: „וואָס פאר א וואוילער און נאאיווער בחור איר זייט! א חוץ די דאָרף־גוים זיינען דאָך נאָך פאראן אויך אנדערע גוים, וועגן וועלכע די גרעסטע רוסישע שרייבער ריידן אין די ביכער. און סיידן ביי אַן אלטן סאמאדור — אַן אריסטאָקראט, אָדער א שיכור ליידן די דערוואקסענע קינדער אזוי ווי ביי אונז."

דעם ריכטיקן טייטש פון וואָרט „נאאיוו" האָב איך ניט געוואוסט, און בין דעריבער אינגאנצן צעגאנגען געוואָרן פון גליק, וואָס בראָכקע זאָגט, אַז איך בין אַ וואוילער בחור. איך בין אין יענער מינוט געווען מוכן ומזומן, פאַלן פאַר איר אויף די קני, און אויסגיסן פאַר איר מיין הארץ און אַלע מיינע געפילן.

איך האָב דאָס אָבער ניט געטאָן און האָב נאָר געזאָגט:
„איר ווייסט, בראָכקע, אַז אייער איין וואָרט פון לויב איז ביי מיר אַ סך חשוב'ער און פיל מער אָנגעלייגט איידער אַלע שבחים פון אייער טאַטן."

זי האָט אַ זייער צופרידענע געזאָגט: „אויב איר מיינט, וואָס איר זאָגט, פריי איך זיך זייער."

זי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און האָט געזאָגט: „עס קאָן שוין זיין זייער שפּעט, נאָך גוט, וואָס עס איז היינט מוצאי יום־כפּור און אונזערע היימישע שלאָפן גאַנץ געשמאַק נאָכ'ן תענית. איר וועט דאָך מסתמא ניט אָפּזאָגן זיך פון צו באַגלייטן מיך אהיים, קומט!" און האָט מיך אַ צי געטאָן פאַר'ן אַרבל.

דער צי פאַר'ן אַרבל איז ווי אַ בליץ דורכגעלאָפן מיין גאַנצן גוף, און איך בין געוואָרן האַלב צעמישט.

אין די גאַסן איז געווען שטיל און רואיק. קיין מוטער מענטש האָט מען אין ערגעץ ניט געזען, און אונז האָט זיך געדאַכט, אַז מיר, זאַלבענאַנד, זיינען די איינציקע, וועלכע זיינען וואָך אויף גאָט'ס וועלט. אונזערע הערצער זיינען געוואָרן פיל נעענטער. זי האָט מיט אַ בנעימות'דיקער שטימע שטיל און אַזוי מאָדנע צערט־לאָך באַקלאָגט זיך פאַר מיר אויף איר לאַגע: זי איז אַ בת־יחידה'קע. עס פעלט איר ניט פון קיין פויגל מילך. זי איז ביים טאַטן און מאַמען די אויג פון קאָפּ. איר טאַטע איז אפילו אַ גאַנץ קלוגער איד און אַ זעלטן גוטער מענטש — ער איז פּשוט אַ דימענט. אבער וואָס איז די פּעולה, ער איז אַ גרויסער דעספּאָט. ניט זי און ניט אַפילו די מאַמע קאָנען איין טראָט מאכן, אויב אים געפעלט דאָס ניט. ער איז אַ גאַנצער קייזער! אַי, אַי! וויפיל זי ליידט זיך אָן פון אים! עי, ווען זי וואָלט געווען אַ בחור, וואָלט

זי שוין לאַנג אוועקגעלאָפן פון דער היים. פאַרשאָלטענע באַשע־פעניש זיינען די פּרויענציטמער! א מיידל, וואָס קאָן א מיידל טאָן? וואוהין קאָן זי לויפן? אָבער זי איז אליין שולדיק. זי איז א שוואכלינג. וואָס זאָל זי טאָן, אז זי ווייס זיכער, אז אויב זי זאָל זיך באַשליסן און פאַרלאָזן איר היים, וועט איר טאַטע־מאַמע דאָס ניט אַריבערטראָגן. און אָט אזוי אָ, קומט אויס ליגן דאָ און פוילן.

— אייך בין איך מקנא. מיר דאכט, אז איר האָט א פעסטן כאַראַקטער און אויב כ׳האָב ניט קיין טעות, וואָלט איר קיין זאך אין דער וועלט ניט לאָזן זיך שטעלן אין וועג. אָט זעט איר דאָך. אָט האָט איר מיר דערציילט, אז נאָך קינדוויז זייט איר שוין אַנטלאָפן פון דערהיים. און אָט זייט איר געפאָרן אין דער ישיבה. מסתמא איז דאָס אייך אויך ניט גרינג אָנגעקומען, — און באַמערקנדיק, אז איך שמייכל, האָט זי צוגעגעבן,—אדרבה, זאָגט מיר, ווייזט מיר אָן אויף איין זאך, וואָס איר האָט שטאַרק געוואָלט און ניט אויס־געפירט!

די גאַנצע צייט, ווען זי האָט גערעדט, איז מיר די האַרץ צעגאַנגען. יעדער וואָרט אירער איז מיר אריין טיף אין דער נשמה. זי איז מיר געוואָרן אזוי ליב און טייער, אז איך וואָלט, דאכט זיך, מיין לעבן אוועקגעגעבן פאַר איר. און איך האָב געזאָגט:

— ניין, בראַכקע, מענטשן מאַכן אין מיר א טעות. און ניט נאָר אייער טאַטע רעכנט מיר צו מעלות, וועלכע איך האָב ניט, נאָר אפילו איר אויך.

זי האָט מיך איבערגעשלאָגן און געזאָגט: —

— ניין, ניין, דעם מאָל, דאכט מיר, האָב איך גראָד געטראָפן. און אפילו מיין טאַטע האָט ד ע ם מאָל קיין טעות ניט געמאַכט... און צו אלע אייערע אנדערע מעלות, מעג מען צורעכענען נאָך א מעלה, וואָס איר זייט אזא באַשיידענער!

אירע לעצטע ווערטער האָבן מיר צוגעגעבן פיל מוט אזש איך האָב זיך פון נחת נעפּרעגלט. און לאַכנדיק האָב איך געזאָגט:

— אַהאַ, ס'זיינען פאַראַן פילע זאַכן, וואָס איך קאָן זיי ניט אויספירן. אָט האָב איך איצטער א פאַרלאַנג, זייער א שטאַרקן, פאַר וועלכן איך וואָלט אָפּגעגעבן אַלץ אין דער וועלט, אָבער איך צווייפל אויב איך קאָן אים דערגרייכן!

זי האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און אויפגערעקט און געפרעגט:

— אפשר קאָן איך אייך באַהילפיק זיין?

— נו, און אויב יאָ?

— בין איך גרייט מיט פאַרגעניגען דאָס צו טאָן.

— איך האָף, אז איר קאָנט און אז איר וועט האלטן וואָרט.

— וואָס מיינט איר?

— בראָכקע, איר זייט מיר זייער ליב און טייער, און איך בעט אייך זייער לאָזט מיר אייך א קוש טאָן. און האָב אויס־געשטעלט די ליפּן...

אָנשטאָט אָן ענטפער, האָט זי מיט ביידע הענט ארומגעכאַפּט מיין קאָפּ און אונזערע ליפּן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין א לאַנגן הייסן קוש פון פאַרליבטע...

לאַנג, לאַנג זיינען מיר דערנאָך געזעסן ביי זיי אויפ'ן גאַניק. איצטער אָבער שוין גאַנץ נאָענט איינער לעבן דעם אַנדערן. איך האָב אירע הענט געקושט און זי האָט צערטלאַך מיין קאָפּ געגלעט. מיר האָבן הארציק געלאַכט, פאַרבראַכט, געשמועסט און געפּלאַ־נעוועט אַלערליי פּלענער...

עס איז געוואָרן גאַנץ שפּעט און עס איז געוואָרן צייט סיי פאַר בראָכקען, סיי פאַר מיר אריינגיין אין שטוב. זי האָט פאַר אונזער צעשיידן זיך צוגעזאָגט, אז זי וועט יום־טוב, אָדער שפּעטסטנס, חול־המועד סוכות זיין ביי אונז אין הויז — נישקשה, זי וועט שוין געפינען אָן אויסרייד...

צוריק אַהיים בין איך ניט געגאַנגען, נאָר געשוועבט אין דער לופטן. א נשמה יתירה איז אין מיר אריין, און א נייע הויט האָט זיך אויף מיר אָנגעטאָן.

אַלע מיינע בגדי חול זיינען פון מיר אראפגעפאלן און איך בין געוואָרן אין גאנצן יום־טוב'דיק. א שירה חדשה האָבן אין אלע מיינע חושים געזונגען. די גאנצע וועלט איז מיר געווארן ליב און טייער. א מאָדנע גוטסקייט האָט זיך צעגאָסן אין אלע מיינע גלידער, כאָטש נעם דעם טעלעגראַף סלופּ ארום, און האלז און קוש אים!... די שטיינדלאך פון דעם שאָסיי, איבער וועלכן איך בין נאָר־וואָס געגאנגען מיט בראָכקען האָבן געקוקט ליבלאך און געשמייכלט צו מיר. די ערד האָט אָנטקעגן מיר געטאנצט, און די לבנה, וואָס האָט געהאלטן ביים פארגיין, און איז איבעריק געוואָרן דורך דעם אָנברעכן פון טאָג, האָט מיר געשיקט איר ברכה און אייביקן גליק.

בראָכקעס געשטאַלט, איר יעדער קער און ווענד איז געשטאנען פאר מיר. איטלאכער וואָרט אירער האָט זיך געקלונגען אין מיינע אויערן.

שלאָפן, האָב איך געוואוסט, אז איך וועל שוין ניט קאָנען. אָבער אזוי ווי דער טאטע האָט געקאָנט שוין יעדע מינוט איצטער אויפשטיין, און ניט וועלנדיק זיך אריינלאָזן מיט אים אין שאלות און תשובות, בין איך אריין אין שטוב — אויף מיין געלעגער.

בראָכקע האָט געהאלטן וואָרט. חול־המועד סוכות איז זי געקומען — כלומר'שט באזוכן מיין שוועסטער — זי האָט געבראכט צוויי רוסישע ביכער: מיכאַילאָוו'ס, „אז מען האקט האָלץ, פאלן שפּענער" און טשערנישעווסקי'ס „וואָס טאָן?" וועלכע זיינען ביי מיר געוואָרן א הייליקטום, סיי צוליב זייער אינהאלט און נאָכמער צוליב דעם, וואָס בראָכקע האָט זיי געבראכט. איך האָב זיי באהאלטן בחדרי חדרים און געמאטערט זיך איבער זיי גאנצע נעכט. אָבער, ווי מיר דאכט, האָב איך ווייניק וואָס פארשטאנען אין זיי, וואָרים דאָס זיינען געווען די ערשטע רוסישע ביכער, וואָס זיינען געקומען מיר אין האנט נאָך דעם „רוסקאָיע משטעטעניע".

בראָכקע האָט ניט געקאָנט לאנג פארבלייבן ביי אונז, און איר גאנצער זיצן ביי אונז האָט קיין טעם ניט געהאט, מיר האָבן

ניט געקאָנט א וואָרט אויסריידן. זי האָט קוים אויספּייעט אריינ־שושקן מיר אין אויער, אז איך זאָל שבת ביינאכט באגעגענען זי לעבן „קאָני פּאָטשט".

מיין שוועסטער, שרה, איז געווען זייער א קלוגע און זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אז עפּעס קומט דאָ פאר צווישן מיר און דער שיינער רייכער בראָכקע. זי האָט זיך געמאַטערט אויף אַלע וועגן איבערלאָזן אונז מינוטנווייז אליין, אָבער ניט וועלנדיק זיך ארויס־געבן, אז זי מערקט וואָס, און צו דערזעלבער צייט זייענדיק זייער ניינעריק אויסצוגעפינען, וועגן וואָס מיר ריידן, איז זי אַלע ווײַלע צוריק אריין און האָט אונז געשטערט.

אז בראָכקע איז אוועקגעגאנגען, האָט זי, שרה, אָנגעהויבן אויספּילצעווען מיך: וואָס טוט דאָ בראָכקע, און ווי קום איך צו איר? „נארעלע איינער, אזא כלה ווי זי, איז ניט פאר דיר!" — האָט זי געזאָגט.

— און ווי איז דער דין, אז זי איז יאָ פאר מיר? — האָב איך געפרעגט — וואָלסטו געלאָזן מיך חתונה האָבן אפריער פאר דיר?

— זעסטו, אויב דו קאָנסט דערקאָזן בראָכקען פאר א כלה, וועל איך דיר ניט שטיין אין וועג. פון מיינטוועגן כאָטש מאָרגן מעגסטו מיר איר חתונה האָבן, אָבער וואָס דרייסטו זיך א קאָפּ, דו? המ... דו פּליסט צו הויך! דערצו פארגעס זיך ניט, אז דו ביסט נאָך גאר א יונגער אינגל. א סך גלייכער און געזינטער וואָלט געווען פאר דיר ארויסשלאָגן זיך דאָס פון קאָפּ. דו ועסט דאָך נאָך דארפן אויך צו א „פּריזיוו" שטיין. דאָס האָסטו גאר אינגאנצן פארגעסן, הא?

— מילא, דאָס איז אַ באַזונדער זאַך. וואָס איך וויל אָבער וויסן איז, אויב דו ביסט גרייט צו האלטן וואָרט און ניט שטיין מיר אין וועג, אויב בראָכקע וועט וועלן ווערן מיין כלה?

— געוויים ניט! פון מיינטוועגן כאָטש מאָרגן.

כ'האָב געמיינט, אז פּועל'נדיק ביי שרה'ן וועט מיר שוין לייכט אויך אָנקומען צו פּועל'ן אויך ביי יענטע'ן, און אז איך דערנענטער

זיך שוין צו מיין גרויסן גליק. אָבער, „א מענטש טראכט און גאָט לאכט". — אז יענטע האָט זיך דערוואוסט פון שרה'ן פון אונזער גאנצן געשפרעך, האָט זי אָנגעהויבן שרייען און שילטן מיט טויטע ביטערע קללות, אויף וואָס זי איז געווען א גרויסע בריה. האָט זיך געזידלט ווי א מארק־אידענע, און האָט געשווארן, אז זי וועט קיינמאָל ניט דערלאָזן. זי וועט מיט הייסע וואסער אפגיסן די „פאסקודא", אויב זי וועט סמייען קומען נאָך אמאָל אין שטוב.

ער איז געווען הושענה־רבה ביי ווארמעס. די צייט, ווען דער טאַטע האָט געדארפט געבן שעפּסלען זיין תשובה, האָט זיך דער־נענטערט, און זיצנדיק מיט מיר אין סוכה, וואו קיינע פון די ווייבער זיינען ניט געווען, האָט ער מיר געזאגט:

— ווי עס ווייזט אויס, וועט פון דעם... גאָרנישט ניט ווערן. יענטע האָט פאר מיר געוויינט מיט ביטערע טרערן און האָט געזאגט, אז אפילו ווען מען וועט איר לייגן שערבלאך אויף די אויגן, וועט זי אזא זאך קיינמאָל ניט מוחל זיין. זי וועט רופן צום רב און דיך וועט זי פארשילטן, חלילה, אז דו זאָלסט קיין תקומה ניט האָבן... ס'איז א ביטערע מעשה, ער, דער טאַטע, קאָן אויף זיך אזא חטא ניט נעמען, און אויך מיר וואָלט ער בעסער גע'עצה'ט, אז איך זאָל דעם גאנצן ענין ארויסשלאָגן זיך פון קאָפּ.

מיט דער גרעסטער אומגעדולד האָב איך געווארט אויף שבת נאָכט — זען זיך מיט בראָכקען. יעדע מינוט און רגע האָבן זיך אויסגעצויגן לאנג ווי יאָרן. יעדער טאָג איז געווען אַן אייביקייט און קאַם־קאַם דערלעבט די גליקלאכע מינוט.

באלד נאָך דער שבת'דיקער וועטשערע בין איך אוועקגעלאָפן צום דעם אָפּגערעדטן אָרט. איך האָב געוואָלט קומען אהין דער ערשטער און ליבערשט ווארטן אויף מיין טייערער בראָכקען, אָבער איידער איך בין נאָך צוגעקומען נאָענט אהין, איז זי מיר געלאָפן אנטקעגן און האָט אויסגעשריען: „אוי, ווי שווער עס איז געווען צו ווארטן, און ווי לאנגזאם די פראָקליאטע צייט האָט זיך גערירט". זי האָט אָפּגעזיפצט, ווי איר וואָלט א שווערע משא אראָפּגעפאלן פון אירע פלייצעס.

זי האָט מיט אַ שטראַלנדיקן פּנים מיר איבערגעגעבן, דאָס אין גיכן וועלן מיר זיך זען יעדן טאָג. זי האָט גע׳פּועל׳ט ביי איר טאַטן, אַז בעת זי נעמט די רוסישע און דייטשע „אוראָקן״, זאָל איך אויך קאָנען זיצן דערביי. און אויף אַזאַ אופן וועלן מיר ניט נאָר ביידע צוזאַמען זיין אַלע טאָג, נאָר, אַז איך וועל זיך מסתמא גיך אויסלערנען אי רוסיש, אי דייטש, וואָס זי וואָלט דאָס אַזוי גערן וועלן.

— ווער וויים, — האָט זי צוגעגעבן, — אפשר וועלן מיר נאָך ביידע אינאיינעם לייענען אַ ביכל; אי, וועט דאָס זיין גוט!

— הלואי, בראַכקעלע, — האָב איך געזאָגט מיט אַן אומעטיקער, כמעט געבראָכענער שטימע. — אודאי וואָלט איך דאָס זייער וועלן. אָבער איך האָב מורא, אַז איך וועל זיך מוז דערפון אָפּזאָגן.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ שאַרפן בליק, וואָס האָט מיך דורכגעדרונגען. אַ בליק פון פאַרוואונדערונג און פאַרצווייפלונג. זי האָט מיך אָפּגעשאָטן מיט פראַגעס: סטייטש, פאַרוואָס, פאַרוועץ, שעם איך זיך קומען צו זיי אין שטוב? וועט מיר מיין טאַטע פאַרווערן? הם, אַבי זי האָט געמיינט, אַז איך וועל זיך אַזוי דערפרייען מיט דער בשורה. מיט אַמאָל נאַדיר! האָט נאָר אָראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ! „וואָס איז געשען, אפשר האָסטו חרטה איינגאַנצן, וואָס דו האָסט זיך באַקאַנט מיט מיר?״... — האָט זי שטיל, כמעט שעפּטשענדיק, געפרעגט.

אירע לעצטע ווערטער זיינען געווען פול מיט יאוש און פאַרוואורף. מיר האָט אַזוי פאַרקלעמט דאָס האַרץ, אַז איך האָב אַ וואָרט ניט געקאָנט אויסרעדן. טיף־טיף, ערגעץ אין האַרצן האָט מיר הנאה געטאָן, וואָס די ליבע בראַכקע האָט מיך אַזוי ליב, האָב אָבער זייער מורא געהאַט און געשראָקן זיך פאַר דעם שלעכטן סוף... און האָב קיין האַרץ ניט געהאַט דערציילן איר די ביטערע נייס, וועלכע האָבן אָנגעמאַכט אַזאַ חורבן אין מיינע טייערע און ליבע האָפנונגען.

איך האָב געפּרובירט אויסדרייען זיך, געזאָגט: „ווער ווייס, וואָס עס שטייט אונז נאָך פאָר". איך האָב זי אַרומגענומען, גע־לאַסטשעט און שטאַרק געזיפצט. זי איז אָבער צו מיר שטאַרק צו־געשטאַנען — איך מוז איר זאָגן דעם אמת. עפּעס איז דאָך דאָ ניט גלאַט! זי באַשטייט דערויף, אַז צווישן אונז טאָרן קיינע סודות ניט זיין. איך האָב איר איבערגעגעבן מיין געשפּרעך מיט שרה'ן און אויך די רייד פון מיין טאַטן, און אויסגעלאָזן מיט אַ טראַגישער, ציטערדיקער שטימע:

— אָט זעסטו שוין, וואו מיר האַלטן אין דער וועלט. איך ציטער פאַר דער שוואַרצער כמאַרע, וואָס קלייבט זיך אויף אונזער ריינעם הימל. איך האָב מורא, אַז מיר וועלן קיינמאָל ניט ווערן חתן־כלה...

זי האָט מיך אויסגעהערט מיט גרויס ערנסט, אָבער קעגן מיינע דערוואַרטונגען, איז זי ניט איבעריק נתפּעל געוואָרן:

— נו, און וואָס האָסטו געמיינט, אַז אַ ראָמאַן פירן קומט אָן אַזוי גרינג? דו האָסט געדאַרפט לייענען ביכער, וואָלסטו געזען, וועלכע צרות די פאַרליבטע שטייען זיך אויס! עס איז גאָרניט אַזוי שרעקלאַך, און איך זאָג דיר, אַז אויב דו האָסט מיך באמת ליב, אַזוי הייס און שטאַרק, ווי איך האָב דיך ליב, און אויב דו האָסט אַ פעסטן כאַראַקטער, אַזאַ, ווי מיר דאַכט זיך, וועט ניט דיין טאַטע און ניט מיין טאַטע און קיינער אין דער וועלט ניט אונז קאָנען שטערן. בדאי אַז איך זאָל דאַרפן וואַרטן אפילו נאָך צען יאָר, בדאי אַז מיר זאָלן אפילו דאַרפן אַנטלויפן פון דאַנען, אָבער צושיידן וועלן מיר זיך ניט! נאָר ניט געזאָרגט, זיי ניט אומעטיק, נאָר כראַברע, זיי ווי אַלע העלדן אין די ראָמאַנען, און אַלץ וועט גוט זיין!...

לאַנג פאַרברענגען האָבן מיר דעמאָלט ניט געקאָנט. זי האָט אין דער היים געזאָגט, אַז זי וועט נאָר אַ ווײַלע דורכגיין זיך און באַלד צוריקקומען. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ביז וואָס, ווער, ווען, זאָל איך יאָ קומען נעמען די אוראָקן.

עס איז געווען אַ דינסטאָג נאָכמיטאָג. אין דרויסן איז גע־גאַנגען איינער פון אונזערע אַסיענדיקע רעגנדלאָך, וועלכע ציען אַרויס דעם קליאַק פון דיביינער און וואַרפן אָן אַ ביטערן אומעט. איך האָב אויפגעשטעלט מיין קאָלנער און מיט מיינע שטיוול אָן קאַלאָשן בין איך געלאָפן דורך די שמוציקע עטלאַכע קווארטאַלן צו בראָכקען אַהיים. די דינסט האָט זיך אַ קרים געטאָן און אַ בורטשע געטאָן, איך זאָל אָפּווישן די קויט פון די פיס. איך בין רויט געוואָרן איבער די אויערן. אַן עלטערע פליישיקע אידענע, מיט זייער אַ גוטן, אָבער נאַרישן פּנים, אויפ׳ן האַלז אַ סך שניר מיט פּערל, האָט שמייכלענדיק געקוקט אויף מיר און געפרעגט, וועמען וויל איך זען. אָבער איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט עפענען מיין מויל, האָט זיך אין טיר באַוויזן בראָכקע...

— נישקשה, נישקשה, — האָט זי געזאָגט, קומט אַריין! (ווען פרעמדע זיינען געווען דערביי, האָבן מיר זיך גע׳איר׳צט). דער לערער איז שוין דאָ, מיר וואַרטן אויף אייך.

אַ סטודענט, וועלכער האָט געענדיקט די סלוצקער גימנאַזיע און האָט גענעבן אוראָקן פאַר פינף רובל אַ חודש, צו דריי מאָל אַ וואָך, צו שעה, איז געווען דער לערער. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט זיין בליק פון קאָפּ ביז די פיס, אַ קוק געטאָן אויף בראָכקען און האָט געשמייכלט. מיר איז פינסטער געווען אין די אויגן פאַר בושה. איך האָב גאָרניט געוואוסט וואו אהינצוטאָן זיך. בראָכקע איז אויך געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, אָבער זי האָט מיך דערמוטיקט, דערלאַנגט אַ שטול, געמאַכט אַן אָרט פאַר מיר ביים טיש, און מיר האָבן זיך געזעצט צום ערשטן אוראָק.

מיין רוסישע אויסשפּראַך, ווי אויך מיין האַנטשריפט, האָט פאַרשאַפט מיין לערער זייער פיל שפּאַס און בראָכקען—עגמת נפש. אָבער אַז דער לערער האָט אָפּגעלייענט כמעט אַ גאַנצע זייטל און האָט מיר געהייסן דערקלערן אים דעם אינהאַלט, האָב איך, אַפּנים, זייער גוט גע׳דרשנ׳ט. דער לערער האָט אויפגעהערט צו שמייכלען און האָט געזאָגט: „גאַנץ גוט!“ ער האָט גענומען אַ שווערערע שטיקל און אויך דאָס האָב איך געזאָגט. ער האָט אַ קוק געטאָן

אויף בראָכקען מיט א פיל באַדייטנדן בליק און האָט געזאָגט אויף רוסיש: „ער האָפט, אז איך וועל זיין א גוטער שילער!“ און בראָכקע׳ס פּנים האָט זיך אינגאַנצן אויסגעלייטערט. ער האָט דער־נאָך גענומען א דייטשישן ביכל, לערנען מיך דעם א, בע, צע וואָס, פארשטייט זיך, איך האָב זייער שנעל איבערגענומען.

איך האָב אים געפרעגט, אויב עס איז פאַראַן א ביכל פון דייטש מיט לשון־קודש? און לאַכנדיק האָט ער געזאָגט, אז ער קאָן מיר געבן די ביבל. „א וואוילער איינפאַל, כלעבן, — האָט ער געזאָגט. — דאָרטן האָט איר יעדן לשון־קודש׳דיקן וואָרט איבערזעצט אויף דייטש“. איך האָב זיך דערמיט דערפרייט און געבעטן, ער זאָל דאָס מיר לייען.

מיט א פּאָר רוסישע ביכלאַך, אין וועלכע דער לערער האָט אָנגעצייכנט אַן אורח פּאַר מיר אויף אויסצולערנען, און מיט׳ן תנ״ך איבערזעצט אויף דייטש, און מיט א פּאָר „טיעטראַדקעס“ צום שרייבן, און אַן אָנזאָג, אז איך זאָל מקפּיד זיין נאָכמאַכן אַקוראַט די געשריבענע אותיות, האָט זיך אונזער ערשטער אורח פאַרענדיקט, וועלכער איז מיר אָנגעקומען שווערער ווי א בלאַט גמרא מיט תוספות און מהרש״א.

איך בין אַרויס פון שטוב מיט א שווער האַרץ. איך האָב ניט אויספּייעט אפילו קיין וואָרט אויסצורייד׳ן מיט בראָכקען.

איך האָב זיך גענומען צו די ביכער מיט גרויס התמדה און חשק. גאַנצע נעכט בין איך געזעסן איבער זיי. גרויס הנאה האָב איך געהאַט פון דעם תנ״ך. די דייטשישע שפּראַך האָט זיך מיר געלאָזט גרינג לערנען. דעם רוסישן אורח האָב איך אויך ניט שלעכט געמאַכט, אָבער דער שרייבן איז געווען פאַר מיר ערגער ווי האָלץ האַקן. איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט אַרויסברענגען אַן אות ריכטיק. עס איז געווען קאָטשערעס מיט פּאָמעלעס און איך האָב אַליין ניט געקאָנט איבערלייענען וואָס איך האָב אָנ־געשריבן.

אז איך בין געקומען פרייטאָג אינדערפרי צום צווייטן אורח, איז דער לערער נאָך ניט געווען. אין הויז האָט מען מיך אויפ־

גענומען פיל פריינטלאַכער. בראַכקע האָט געזאָגט, אַז היינט נאָך װעטשערע זאָל איך זי באַגעגענען אויף דעם זעלבן אָרט װאו לעצטן מאָל.

אין אונזערע באַגעגענישן מיט בראַכקען, האָט זי זייער „נאַר־סטאַאיװועט״, אַז איך זאָל זיך נעמען פאַר עפּעס שטודירן. קיין גענויע פּלענער האָט זי ניט געהאַט, און האָט אויך ניט געקאָנט האָבן, װאָרים אַװעקגיין שטודירן אין יענער צייט איז פאַר מיר ניט געװען די קלענסטע מעגלאַכקייט. ניט מיינע יאָרן װאָלטן מיר ערלויבט אריינקומען אין װעלכער ניט איז אינסטיטוציע, ניט עס זיינען געװען װעלכע עס איז מאַטעריעלע מיטלען ביי מיר. און דער עיקר, װאָס װאָלט מיין טאַטע זאָגן? ביי אים װאָלט עס דאָך געװען אַלץ איינס, װי איך װאָלט זיך אָפּגע׳שמד׳ט. בראַכקע׳ס פאָטער װאָלט אויך ניט געװאָלט װיסן פון אַ בחור, װאָס איז אַװעק שטודירן. בראַכקע האָט דאָס אַלץ דוקא געװאָוסט, אָבער, קענטיק, זי האָט הנאה געהאַט פון דעם רעדן אַליין, פון דער פאַנטאַזירונג, אַז איר חתן זאָל זיין אַ געשטודירטער. אַלץ אַקוראַט װי עס פּאַסט זיך פאַר די העלדן, װאָס זי האָט געלייענט אין די ראָמאַנען...

עטלאַכע װאָכן נאָכאַנאַנד איז אַלץ געגאַנגען װי צום בעסטן. דריי מאָל אַ װאָך האָב איך גענומען די אוראָקן ביי בראַכקען אין שטוב, אַ פּאָר מאָל אַ װאָך פלעגן מיר זיך זען אין דרויסן הינטער׳ן שטאָט און פלעגן נאָך איבערגעבן איינע די אַנדערע אָנגעגרייטע לאַנגע בריף. מיר זיינען געװען שטאַרק פאַרנומען מיט דעם „היינט״ — צופרידענע און גליקלאַכע — האָבן מיר מער ניט גע־טראַכט, און גאָר פאַרגעסן, װאָס עס שטייט אונז פאָר אין דער צוקונפט...

אָבער אָט האָט שעפּסל, דער שדכן, באַקומען די תשובה פון מיין טאַטן. דער מאַטע האָט מיט גרויס באַדויערן דערקלערט שעפּסלען, אַז סיידן ר׳ שמעון קאַהאַנאָװיטש איז מרוצה װאַרטן ביז, מיט גאָט׳ס הילף, ער װעט אויסברענגען די מיידלאַך פריער, װעט ער דעמאָלט מסכים זיין צום שידוך.

ער האָט אויך שעפּסלען דערמאָנט, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועט אָנקומען דער פּריזיוו (מיליטער־דינסט), און כאָטש ער האָפט צו גאָט, אַז אַלץ וועט זיין בשורה, ווייל זיין ישראל׳קע האָט אַ „פּערזענליכער ליעגאַטע" (ערשטער גראַד מיליטער באַפרייאונג), פונדעסטוועגן, מאַלע וואָס ווי אַ זאַך מאַכט זיך? צו וואָס פאַרבינדן אַ אידישע טאָכטער? ער רעכנט דערפאַר, אַז ס׳וואָלט זיין גלייכער צו לאָזן דאָס מיט דער נאַטור. און ווי גאָט וועט פירן, אַזוי וועט גוט זיין.

נאָך היבשע עטלאַכע מאָל איז שעפּסל געווען ביים טאַטן. עס האָט געהאָלפן אפילו דערביי, אַז שעפּסל זאָל צוזאַמענברענגען דעם טאַטן מיט ר׳ שמעון קאַהאַנאָוויטש. מען האָט שוין אָפּגערעדט, וואו און אין וועלכער שול זיי זאָלן זיך טרעפן בין מנחה למעריב. אָבער איך געדענקט שוין ניט, ווי אַזוי און וואָס עס האָט פּאַסירט, אָבער געטראָפן האָבן זיי זיך ניט.

ווי איך האָב אַרויסגעלייענט פון דעם טאַטנס אויגן און פון זיין גאַנצן באַנעמען זיך, בין איך געוואָרן איבערצייגט, אַז ער האָט זיך פון דעם שידוך מיאש געווען. און מיין קורס אין שטוב האָט גענומען פאַלן. דער טאַטע האָט באַמערקט, אַז איך לערן וועניק, אַז איך בין ניט אַזוי פרום, ווי ער האָט געוואָלט; איך שלעפּ זיך אַרום גאָר גאַנצע נעכט, און ער האָט אויסגעדריקט זיין אומצופרידנקייט אויף אַלע אופנים, ווי און ווען נאָר ער האָט געקאָנט.

די מאַמע איז אויך געוואָרן קעלטער צו מיר. די שוועסטער האָבן אַזוי ווי נקמה גענומען פון מיר, געגעבן מיר אַלע ווײַלע שטעכווערטלאַך, גערייצט זיך מיט מיר און באַמיט זיך מבטל זיין מיך. מיר איז אין שטוב געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער, און מיין איינציקע טרייסט, די האָפנונג, מיט וועלכער איך האָב געלעבט און געאָטעמט, איז געווען נאָר בראָכקע.

בראָכקע איז געוואָרן מיר אַלץ איבערגעגעבענער און איבערגעגעבענער, און איינמאָל, ווען מיר האָבן זיך געזען, האָט זי זיך זייער שטאַרק געבעטן ביי מיר, איך זאָל נעמען ביי איר צוואַנציק רובל, אירע אייגענע, צונויפגעקליבענע פון מתנות, און איך זאָל

זיך מאַכן אַ גאַרניטער. איך האָב זיך לחלוטין אָפּגעזאָגט, פון וואָס זי האָט זיך שטאַרק באַליידיקט.

אַז דער לערער האָט איבערגעקוקט מיינע געשריבענע „טיעטראַדקעס", האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. בראָכקע האָט אויך גוטמוטיק געשמייכלט. ביים פאַרהערן מיך דעם רוסישן אוראָק, האָט ער געזאָגט: „אָטליטשנאָ!" און אַז איך האָב גענומען לייענען דעם ערשטן קאַפּיטל אין דעם דייטשישן חומש, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג. ער האָט זיינע אייגענע אויערן ניט געגלויבט. ער האָט געזאָגט בראָכקען, אַז ווי אים דאַכט זיך, וועל איך אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער קאָנען א י ר געבן אוראָקן אין דייטש.

צום סוף פון דעם אוראָק, ווען דער לערער האָט זיך געהאַלטן ביים זעגענען זיך מיט אונז, און איך האָב שוין אָנגעטאָן מיין פּאַלטאָ, איז אַריינגעגאַנגען אין שטוב ר' שמעון קאַהאַנאָוויטש. ער האָט אָפּגעגעבן מיר אַ ברייטן שלום־עליכם, געבעטן מיך זיצן, און אַ קער־טאָנדיק זיך צו דעם לערער, האָט ער אַ פרעג געטאָן ביי אים, אויב ער מיינט, אַז איך וועל די גרויסע חכמה זיך אויסלערנען? די גוי'שקע פּאַטשערעס, זאָגט ער, מיינט ער דאָס.

דער לערער האָט געזאָגט, אַז ווי עס ווייזט אויס, האָב איך גאַנץ גוטע פייאיקייטן.

ר' שמעון האָט מיך לאַנג ניט געהאַלטן. גערעדט וועגן אַלגעמיינע זאַכן, נאָכגעפרעגט זיך וואָס דער טאַטע מאַכט, די מאַמע, און אַ קלאַפּ־טאָענדיק מיר אין פּלייצע, האָט ער געזאָגט:

— דו פאַרלאָז נאָר ניט אונזער הייליקע תורה. וועסט מסתמא קענען די איבעריקע שמאָכטעס...

איך האָב זיך מיט מיין לייב און לעבן איבערגעגעבן צו די שמאָכטעס, ווי ר' שמעון קאַהאַנאָוויטש האָט עס גערופן. די ביכלאַך, וועלכע בראָכקע האָט מיר געגעבן, האָב איך ממש געשלונגען איינע נאָך די אַנדערע. גאַנצע טעג און פילע נעכט האָב איך געהאַלטן אין איין לייענען. ווען דער טאַטע איז אין שטוב געווען, האָב איך געלייענט דעם תנ"ך אין דייטש, און אין אַ קורצער

צייט האָב איך אַ גרויסע פּעולה געהאַט. סיי דער לערער און סיי בראָכקע זיינען גאָר נתפּעל געוואָרן פון דעם פּאַרטשריט, וועלכן איך האָב געמאַכט, און האָבן מיך געלויבט.

צו מיין גרויסן באַדויערן האָט דער לערער אַ גאַנץ קליינע ידיעה געהאַט פון פּעדאַגאָגיק און האָט ניט געוואוסט פון קיין סיסטעמע. איך האָב געלייענט — וואָס עס איז אין האַנט אַריינ־געפאַלן. פון די פראַנצויזישע איבערזעצונגען פון גאַבאָריאָס און פּאָלדעקאָקס ראָמאַנען ביז טשערנישעווסקי׳ס „וואָס טאָן?" איך האָב געלייענט פּושקינ׳ס „יעווגעניע אָניעגין", גאָגאָל׳ס „טויטע נשמות" און „טאַראַס בולבאַ", און צו דער זעלבער צייט געקוויקט זיך מיט אַלטע נומערן פון „וואָסכאָד", „רוסקי יעוורייי" און „ראַז־סוועט".

אין מיין קאָפּ איז געוואָרן אַ צומישעניש, אַ מין גייסטיקע קאַשע מיט באָטשווענע.

עס האָט מיר געגוג מי און מאַטערניש אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן געקאָסט אַריינברענגען אַ שטיקל סדר און סיסטעמאַטיזירן דעם גאַנצן כלאַם — די אַלערליי שמאַטעס, וועלכע איך האָב אָנ־געכאַפּט צו יענער צייט.

אין די רעליגיעז־אידישע און העברייאישע למודים איז מיר אויך בעסער ניט געגאַנגען. איין טאָג האָב איך געלערנט חסידישע תורות, דעם אַנדערן—דעם כוזרי. אָט האָט דער טאַטע מיט מיר גע־לערנט אַ האַרבן שטיקל לקוטי תורה, און דאָ האָט מיר אַ יונגערמאַן אונטערגערוקט ליליענבלום׳ס „חטאת נעורים" און יצחק דוב־בער לעווינזאָנ׳ס „זרובבל" און „התעודה בישראל".

איך בין געווען ווי אַלע אַנדערע אידישע בחורים׳לאַך, וואויל־לערנערס, וועלכע האָבן געדורשט נאָך השכלה און בילדונג, אָבער וועלכע האָבן געהאַט דעם זעלביקן מזל, ניט וויסנדיק וואָס, ווען און ווי אַזוי צו לערנען. און דאָס רוב פון אונז זיינען אַרויסגע־קומען גייסטיק צוקאַליעטשעטע, ניט אַהער און ניט אַהין, עפּעס אַ מין עקודים, נקודים וברודים... די נשמות ביי אונז זיינען געווען צוריסענע. מיר האָבן בפּועל ממש געליטן פון דער מוטער רבקה׳ס

ויתרוצצו — עס האָט אונז געשטויסן אהער און אהין. עס האָט געצויגן אין שול און צום — אויב ניט צום קלויסטער — איז נאָך צו עפּעס ערגערס... צו גאָר גאָרנישט. און עס איז אַרויס פון אונז אַ דור פון שברי כלי'ם.

קאפיטל לג.

# א סוף צו מיין ראָמאַן

עס איז געווען א פרימאָרגן אין חנוכה, ווען די דינסט פון בראָכקע'ס הויז האָט מיר געבראַכט א צעטל, אין וועלכן בראָכע שרייבט אין רוסיש:

„מיין ליבינקער. פון דעם לעצטן שפּאַציר אונזערן האָב איך זיך שטאַרק פאַרקילט און ליג איצט א קראַנקע. קיין „אוראָקן", פאַרשטייט זיך, וועלן מיר פאַרלויפיק ניט נעמען. דער טאַטע איז עפּעס שטאַרק אויפגעבראַכט און איז ווילד אין כעס. און אונטער די אומשטענדן איז ניט ראַטזאַם, דו זאָלסט קומען מיך געוואָר ווערן. אָבער ניט געזאָרגט, טייערער! איך האָף אינגיכן געזונט ווערן און וועל דיר גלייך לאָזן וויסן. זיי געזונט. שטאַרק זיך. דיינע אויף אייביק..."

פאַר מיר איז דאָס געווען א דונער־קלאַפּ פון א ריינעם הימל. איך בין געבליבן ווי א יתום. איך האָב זיך אליין געשטאַרקט און געטרייסט זיך מיט דער האָפנונג, אז אָט־אָט וועט בראָכקע געזונט ווערן און האָב אלע ווײַלע געוואַרט אויף דער בשורה.

אָבער עס איז אריבער א וואָך פון אנגסט און אומגעדולד און אין קול ואין עונה. איך האָב קיינע מעגלאַכקייטן ניט געהאַט צו האָבן וועלכע עס איז ידיעה וועגן בראָכקע'ס צושטאַנד. אין שטאָט האָט מען געזאָגט, אז שמעון קאַהאַנאָוויטשעס מיידל האָט זיך, ארומשלעפּנדיק זיך מיט עפּעס א בחור גאַנצע נעכט (מיך האָט מען אין שטאָט ווייניק געקענט, צוליב דעם, וואָס איך בין די לעצטע צייט ניט געווען אין דער היים), האָט זיך שטאַרק פאַרקילט און

האָט געקראָגן לונגען־אָנצינדונג. און איצט שוועבט זי צווישן טויט און לעבן. די עלטערע ווייבער האָבן צוגעלעגט: — „נישקשה, נישקשה, גאָט ווייסט, וואָס ער טוט. ער באַצאָלט איר פאַר אירע חטאים".

בראָנקע'ס קרענק האָט פון מיר געמאַכט אינגאַנצן א תל. איך האָב ניט געגעסן און ניט געשלאָפן. איך האָב גאַנצע טעג און ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרומגעדרייט זיך אַרום איר שטוב. איך וואָלט געוועזן אונטערקויפן די דינסט, זי זאָל מיר געבן וועלכע עס איז ידיעות, האָב איך אָבער קיין אייגענע קאָפּיקע ניט פאַרמאָגט. איך האָב געמיינט, איך ווער משוגע פון גרויס עגמת נפש און צער.

איינמאָל, ניט קאָנענדיק מער פאַרטראָגן דעם טויב־שטומען ניט־וויסן וואָס עס טוט זיך מיט בראָכקען, בין איך האַסטיק גע־לאָפן צו איר שטוב, באַשליסנדיק אריינצוגיין אין איר שטוב און אויסגעפינען, וואָס זי מאַכט. אָבער וואָס נענטער איך בין גע־קומען צו איר הויז, אַלץ מער האָב איך פאַרלאָרן דעם מוט, און אַז איך האָב געעפנט זייער טיר און די דינסט האָט זיך אויף מיר פאַרקרימט און געזאָגט: „ניטאָ, ניטאָ קיין אוראָקן", בין איך אַנטלאָפן. איך האָב אָבער ניט גערוט און איך האָב זיך איינגע־קלינט און אַוועקגעגאַנגען צו דער שול, וואו ר' שמעון קאַהאַנאָוויטש דאַוונט. איך האָב געוואַרט א גוטע שעה ביז ער וועט אַרויסגיין מיט'ן טלית־זעקל אונטער'ן פּאַכווע. אָבער, ווי עס ווייזט אויס, איז בראָכקע געווען אַזוי קראַנק, אַז ר' שמעון, דער טרייער פאָטער, האָט ניט גע'פּועל'ט ביי זיך פאַרלאָזן די הויז אפילו צו גיין דאַוונען. און מיר איז קיין אַנדער ברירה ניט געבליבן, ווי צו באַנוגענען זיך מיט די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין שטאָט און דערגאַנגען צו מיר פון דער מאַמען אָדער דורך א שוועסטער.

זעקס וואָכן פון ענויים און יסורים האָבן זיך אויף אַזא אופן געשלעפּט, ביז איך האָב דערהערט, אַז בראָכקע איז געוואָרן בעסער.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב א סך פרייער אָפּגעאָטעמט, אָבער דער הייסער פאַרלאַנג צו זען בראָכקען, אָדער לכל הפחות

הערן פון איר אַ וואָרט, איז אַ ברעקל ניט מינדער געוואָרן, און איז נאָך אַלץ געבליבן ווי אַ שווערע משא אויף מיין געדולד.

נאָך אַ גאַנצער חודש איז פאַרבייגעגאַנגען און פון בראָכקען ניט אַ וואָרט. איך האָב שוין ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. ענדלאָך האָב איך דורך דער זעלביקער דינסט באַקומען פון איר אַ צעטעלע. אינגאַנצן צוויי שורות. זי שרייבט: ווען זי וועט אינגאַנצן שטאַרק און געזונט ווערן, קען זיין, אַז זי וועט מיך נאָך אפשר זען. עס איז שלעכט... זי איז צו־שוואַך צו שווימען געגען שטראָם.

מאָמענטאַן, אויף דער מינוט, בין איך געבליבן ווי פאַרשטיי־נערט און פאַרגליווערט. ווי אַ חרוב'ע פוסטקע בין איך געבליבן: לער און ליידיק! דערנאָך האָט אַ ראַשיקער צופלוס פון בלוט אַ שלאָג געטאָן מיר אין קאָפּ. אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן וויגן... אין די אויגן איז געוואָרן פינסטער און איך האָב זיך אָנגעהויבן וואַקלען פון שטול. מיין שוועסטער יענטע האָט דאָס באַמערקט. זי האָט אָנגעהויבן שפּריצן מיך מיט קאַלטע וואַסער, מיט די בראַנפן, וועלכע איז געווען אָנגעגרייט לכבוד שבת, און קאָם מיט צרות האָט זי, מיט דער הילף פון דער שכנה, צוגעשלעפּט מיך צום בעט, וואו איך בין געבליבן ליגן, ווי אַ פּלאַכע, באַוואוסטלאָז. מען האָט געשיקט נאָך דעם רופא, וועלכער האָט געהייסן לעגן מיר אייז צום קאָפּ און הייסע פלעשלאַך וואַסער צו די פיס, זאָגנדיק, אַז ער ווייס ניט אין וואָס דאָס קען זיך אַנטוויקלען. ער רעכנט, אַז איך האָב דעם מאָגן שטאַרק קאַליע געמאַכט. און אויב מיר וועט ביז מאָרגן ניט ווערן בעסער, זאָל מען שטעלן פיר פּיאַווקעס, צו צוויי אונטער יעדן אויער.

דריי טעג בין איך געלעגן, קיין זאַך ניט פילנדיק. מיט די אויגן האָב איך געקוקט, אָבער האָב גאָרנישט ניט געזען און האָב גאָרניט פאַרשטאַנען, וואָס מען האָט גערעדט צו מיר. אָבער אויף דעם פערטן טאָג האָט דער יונגער געזונטער קערפּער גובר געווען און געקראָגן די אויבערהאַנט. מיינע חושים האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן צוריק צו מיר.

אָבער איצט ערשט האָבן זיך געעפנט גאַנצע קוואַלן פון מיינע גייסטיקע יסורים. ווי מיט טעמפּע ציינער וואָלט מען מיר דאָס האַרץ אַרויסגעביסן. דער מאַרך אין קאָפּ האָט מיר געטריקנט פון קלימשען און טראַכטן — וואָס קאָן דאָס זיין? ניט שוין זשע איז אַלץ פאַרלאָרן און פאַרפאַלן? פאַרלאָרן בראָכקען, פאַרלאָרן מיין גליק און פאַרפאַלן מיין יונגער לעבן!... יע, פאַרלאָרן מיין לעבן, איך וועל זיך אָנטאָן אַ מעשה! אָן בראָכקען וועל איך ניט, און וויל ניט לעבן... — האָב איך אָפּגעמאַכט ביי זיך אַ שטאַרקן הסכם.

אויף דער צווייטער וואָך בין איך אַראָפּ פון בעט. איך בין געווען שוואַך, קראַפטלאָז און ווילנלאָז. ווי אַ שאָטן בין איך אַרומ־געגאַנגען, גאָרניט דער זעלביקער מענטש.

אין שטוב ביי אונז האָט מען באַמערקט די שטאַרקע ענדערונג אין מיר און מען האָט זיך געשושקעט צווישן זיך און געקוועטשט מיט די פּלייצעס. קיינער האָט מיט מיר אָבער וועגן קיין זאַך גאָר־ניט גערעדט. דער טאַטע, וועלכער האָט פאַרשטאַנען, אָדער אָנ־געשטויסן זיך אויף דער אמת'ער אורזאַך פון מיין קרענק, האָט שטרענג אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל מיך לאָזן צורו און מ'זאָל מיך גאָרניט טשעפּען. ער אַליין האָט שוין אַ ביסל שפּעטער געפּרובירט פאַרפירן מיט מיר אַ ריידעריי—ער האָט דערמאָנט מזל, אַזאַ גורל און וואָס זאָל מען טאָן? מסתמא וויל גאָט אַזוי! צו מיר האָבן זיך זיינע ווערטער גאָרניט געקלעפּט.

איינמאָל, נאָך אַ לאַנגער נאַכט פון שרעקלאַכע ענויים און מאַטערניש, בין איך אויפגעשטאַנען אינדערפרי מיט'ן פעסטן באַ־שלוס: גיין טרינקען זיך... איך בין אַוועקגעגאַנגען צו דער „בע־ריאָזע", וועלכע איז געווען לעבן קרעפּאָסט, אַ צוויי ווירסט פון שטאָט.

גייענדיק האָב איך אַלץ געטראַכט, ווי וועט בראָכקע צונעמען די נייס, ווען מען וועט מיך געפינען אַ דערטרונקענעם? וואָס פאַר אַן איינדרוק וועט עס אויף איר מאַכן? און מיר האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ פון גרויס רחמנות אויף איר... אָבער דער געפיל פון

נקמה, און נאָך מער, דער וואונטש פון ווייזן מיין שטאַרקן כאַראַק־טער, אַז איך בין אַ העלד, האָט פאַרשטאַרקט אין מיר מיין באַ־שלוס צו מאַכן אַ סוף צו מיין לעבן, און איך בין אַוועקגעגאַנגען נאָך גיכער, כמעט געלאָפן צום טייך.

איך האָב, פאַרשטייט זיך, קיינעם ניט געזען, גאָרנישט ניט געהערט און געוועזן פאַרנומען מיט מיינע געדאַנקען, וועלכע האָבן זיך געפּלאָנטערט און געדרייט, ווי אַ וויכער.

עס האָט זיך געטראַכט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. עס זיינען דורכגעלאָפן די קינדער־יאָרן, די ישיבה. עס איז אַרויף אויפ׳ן זינען דער טאַטע, די מאַמע און מיין ערשטע באַגעגעניש מיט בראָכקען. דאָס לעצטע האָט מיך פאַרכאַפּט און אָנגעפילט אַלע טיפענישן פון מיין נשמה. איך האָב זיך אַריינגעלעבט אין יענע גליקלאַכע, זיסע מינוטן. דאָס האַרץ האָט מיר שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּן, פּונקט ווי דעמאָלט, אַזוי אויך איצט, ביים איבערלעבן. איך האָב זיך אינגאַנצן פאַרגעסן אויף מיין איצטיקער לאַגע, בין געוואָרן פריילאַך און מונטער. יעדן וואָרט און איטלאַכע מינע, בראָכקע׳ס, אפילו אירע געדאַנקען, דאַכט זיך, זיינען ווי דורך אַ כשוף געשטאַנען לעבעדיקע פאַר מיר.

איך בין געגאַנגען ווייטער, אָבער האָב אינגאַנצן פאַרגעסן דעם צוועק פון מיין גיין, און אַז איך בין געווען שוין ניט ווייט פון ברעג, איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַנטקעגן מיר די מאַמע, וועלכע איז געפאָרן מיט אַ גוי פון ברעג.

זי איז כמעט אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן, צוגעלאָפן צו מיר, אָנגעהויבן פאַנאַנדערפרעגן זיך, וואָס טו איך דאָ? ווי קום איך אַהער? און „אוי וויי און ווינד איז מיר, זע ווי דו קוקסט אויס!״ „וואָט איז מיט דיר! וואוהין שלעפּסט זיך אַזוי פרי? ביסט דאָך אַ פאַר׳חלש׳טער! זע, זונעלע מיינער, אָט פאָלג אַ מאַמען, קום בעסער אַהיים. איך וועל דאָ פון דיר ניט אָפּטרעטן, קום!״ און שלעפּנדיק מיך פאַר׳ן האַנט, האָט זי מיך צוגעפירט צום וואָגן און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן צוריק אין שטאָט.

די צייט איז זיך געגאַנגען מיט איר רואיקן שטייגער. ניט קימערנדיק זיך אַ ברעקל, וואָס עס קומט פאַר אין דעם גורל פון דעם מענטשן, לעגט זי אָבער אַרויף איר קענטיקע חתימה און האָט די גרעסטע ווירקונג.

עס זיינען אַריבער נאָך עטלאַכע וואָכן. איך האָב אָנגעהויבן קומען צו זיך. דער געדאַנק פון „מאבד עצמו לדעת" האָט זיך איינגאַנצן אויסגעוועבט און פאַרשוואונדן. איך בין אַריין צוריק אין מיין געוויינלאַכן אַלטעגליכן לעבן. נאָר פון צייט צו צייט האָט זיך נאָך אַלץ געמערקט דאָ און דאָרטן אַ גרויסער ריס. איך האָב עטלאַכע מאָל בראָכקען געשריבן, אָבער געבליבן אָן ענטפער, קיין איין וואָרט ניט באַקומען. איך בין נאָך היבשע עטלאַכע מאָל אַרומגעגאַנגען אַרום זייער הויז, אָבער אומזיסט, און איך האָב אָנגעהויבן שלום מאַכן מיט דעם לעבן, ווי ער איז.

ערב פסח, נאָך ביעור חמץ, ווען איך בין געשטאַנען אין פאָרטקע פון אונזער הויף, האָט די זעלביקע אַלטע דינסט געבראַכט מיר אַ צעטעלע פון בראָכקען, אין וועלכן זי בעט מיך אַנטשולדיקן איר, און אויב איך האָב ניט דאַגעגן, טאָן איר אַ געפעליקייט און מטריח זיין זיך באַגעגענען זי היינט נאָכ'ן סדר אויף דעם אַמאָליקן פּלאַץ...

און אַ מאָדנע זאַך, איך בין גאָר אַ ברעקל ניט נתפּעל געוואָרן. דער היינטיקער צעטעלע האָט אויף מיר דעם מינדסטן איינדרוק ניט געמאַכט. איך בין געבליבן אינגאַנצן גלייכגילטיק. איך האָב זיך נאָך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך גאָר אינגאַנצן גיין זען זי. און וואָלט געווען וועלכע ס'איז מיטלען אויף איבערגעבן איר מיין באַלדיקן ענטפער, וואָלט איך זיך זיכער אָפּגעזאָגט פון דעם היינטיקן פאַרגעניגן... אָבער אַזוי ווי די דינסט איז שוין אוועק, האָב איך אַ טראַכט געטאָן: וואָס פאַר אַן אומגליק וועט זיין, אויב איך וועל זי באַגעגענען?

בראָכקע האָט אויסגעזען אַ סך עלטער. ניט מיט די פינף חדשים, וואָס איך האָב זי ניט געזען, נאָר ווי פינף יאָר' זיינען שוין אַריבערגעגאַנגען. זי איז געווען זייער בלייך, די אויגן האַלב אויס־

געלאָשן און די באַקן איינגעצויגן — גאָרניט די זעלביקע מיידל! קענטיק, אַז אַ חוץ פיזיש, האָט זי אויך גייסטיק שטאַרק געליטן. אפשר ניט וויניקער פון מיר.

מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, ווי אַ פּאַר'משפּט'ע, האָט זי אָנ־געהויבן בעטן ביי מיר מחילה און איך זאָל ניט זיין בייז אויף איר. וואָס קען זי העלפן, אַז זי האָט געמאַכט אַ טעות אין זיך און איבערגעשאַצט אירע קרעפטן? קיינער קען זיך פון דעם ניט באַ־וואָרענען. קיינער קען זיך אַליין ניט, ביז עס קומט צום האַנט דער אמת'ער נסיון... אַגב, איז זי גאָרניט שולדיק. אירע געפילן צו מיר האָבן זיך ניט געענדערט. זי ליבט מיך מיט איר גאַנצן לעבן און נשמה איצט פּונקט ווי פריער, אָבער וואָס זאָל זי טאָן, אַז איר גורל ליגט אין די הענט פון איר טאַטן? און איר טאַטע איז איצט ווילד ביז משוגעת, אין כעס אויף מיין טאַטן, פאַרוואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אפילו פון אַ תקיעת־כף מאַכן מיט אים, אַז דער שידוך איז געשלאָסן. ער איז שטאַרק דערנידעריקט געוואָרן. פילט זיך בלוטיק באַליידיקט און האָט געשוואָרן, אַז היה לא תהיה — אַ סוף, אַן עק, ער וויל מער פון מיר ניט וויסן! זי קען איר טאַטן, ער וועט ניט נאָכגעבן. בעדאַי זי זאָל שטאַרבן אפילו. זי ווייס, אַז עס וועט לאַנג ניט געדויערן און ער וועט זי מסתמא מיט אימיצן פאַרשלייערן... ביי די ווערטער האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ ביטערן געוויין און כליפּנדיק האָט זי געזאָגט: — אדרבה, ווייסטו אפשר פון אַן עצה, ווי מיר קאָנען זיך ראַטעווען?

איך בין געווען זייער גערירט, האָב אָבער קיין עצות און קיין ווערטער ניט געהאַט. איך האָב געפּרובירט פאָרשלאָגן, אַז מיט די צוואַנציק רובל, וועלכע זי האָט מיר געוואָלט געבן אויף אַ גאָר־ניטער קויפן, זאָלן מיר אַוועקפאָרן ערגעץ, און איך וועל זיין אַ מלמד, זי זאָל געבן אוראָקן און אויף אַזאַ אופן איינסטראָיען זיך, — האָט זי מיך אָבער איבערגעשלאָגן און געזאָגט, אַז זי האָט שוין אַליין געטראַכט וועגן דעם, נאָר, ערשטנס, האָט דער טאַטע אירער צוגע־נומען ביי איר ביז אַ קאָפּיקע, ווייל ער האָט חושד געווען אַזאַ זאַך, און צווייטנס, און דאָס איז דער עיקר — ער האָט איר בפירוש

געזאָגט, אַז אויב מיר וועלן אָפּטאָן אַזאַ אַקט, וועט ער ניט נאָר ברענגען אונז צוריק מיט דעם עטאַפּ, נאָר ער וועט זען, אַז מיין „פּערוועע ליעגאַטע" זאָל בטל ווערן און מען זאָל מיך אָפּגעבן אין סאָלדאַטן... „ניין, ניין, — האָט זי פאַרצווייפלט געשריען, — ער איז אַ גלאַסנער אין דומע, ער קען און וועט דאָס טאָן, און מיר טאָרן ניט ריזיקירן... פאַרפאַלן — אַלץ פאַרפאַלן !" זי איז מיר אַרויפגעפאַלן אויפ'ן האַלז, געשוואָרן, אַז זי וועט מיך קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט פאַרגעסן, און אַז כאָטש זי זעט מיך איצט און רעדט צו מיר דעם לעצטן מאָל, וועט זי אָבער ביי זיך אין האַרצן זען מיך און ריידן, רייידן נאָכאַנאַנד, — דאָס קען דאָך אפילו אַ טאַטע ביי איר ניט אָפּנעמען !...

נאָך אַ לאַנגער טרויעריקער סצענע האָבן מיר זיך צושיידט, אויף אייביק צושיידט.

אַ היבשע צייט האָב איך זיך נאָך „געמאַרדעוועט", געווען שטאַרק אויפגערעגט, געווען בייז אויף דעם טאַטן, געוואָרן אַ דם שונא מיינע שוועסטער, האָב נאָך לאַנג גע'חלומ'ט און געטראַכט וועגן בראָכקען, אָבער באַלד דערהערט, אַז מען האָט זי פאַר'קנס'ט שוין...

מיין יונגער לעבן האָט געטאָן זיינס און אָפּגערוקט אַלץ ווייטער און ווייטער מיין פריערדיקער בראָכקען צום הינטערגרונט — און איז געוואָרן אַן עפּיזאָד נאָר אין מיין פאַרגאַנגענהייט.

## קאפיטל לד.

# וכוחים מיט דעם טאַטן און זיין כאראקטעריסטיק

עס זיינען אוועק א פּאָר יאָר. די צייט האָב איך פארבראכט אין לערנען און לייענען. איך האָב געלערנט דעם „יורה־דעה", „חושן־משפּט", דעם „יד־חזקה" פון רמב"ם און שאלות ותשובות פון חת"ם סופר און ר' עקיבא איגר. געלייענט האָב איך באַגראַווס אלע ווערק, לעוואנדעס, כמעט די גאנצע העברעאישע ליטעראטור פון יענער צייט, און באקענט זיך מיט דער אידישער אָדער „זשארגאָנישער" ליטעראטור, ווי מען האָט דאָס דעמאָלט גערופן. געלייענט מענדעלע מוכר ספרים'ס „קליאטשע" און „טאַקסע", אייזיק־מאיר דיק'ס מעשות און שמ"ר'ס „העכסט־אינטערעסאנטע" ראָמאנען. דעם תנ"ך איז דייטש האָב איך דורכגעלייענט פון טאָוול ביז טאָוול עטלאכע מאָל, און האָב גאנץ גוט פארשטאנען א דייטשישן בוך, אויב מיר האָט זיך איינגעגעבן, וואו עס איז צו קריגן אזא יקר־המציאות ביי אונז אין שטאָט.

מיין אינוויינעקסטער „ויתרוצצו" האָט נאָך אָנגעהאלטן: קיין קלאָרע, פעסטע איבערצייגונגען האָב איך נאָך אלץ ניט געהאט, אָבער פאָרט געוואָרן מער אָנגעזאפּט פון דעם השכלה־גייסט און בין געוועזן שוין נאָר איין טאָג פרום און דריי — ניט פרום. דער השכלה־גייסט האָט אלץ טיפער און טיפער אונטער־געגראָבן די וואָרצלען פון מיין אמונה און האָט איינגעפלאנצט אין מיר די ערשטע צווייגעלאך פון פּראָטעסט אנטקעגן די אלטע פירונגען, אנטקעגן דעם פארשמאָלצענעם פאנאטיזם, און דער עיקר האָט ער מיך אויפגעהויבן אנטקעגן דער אל־הערשענדער מאכט און דעספּאָטיע פון די טאטעס בכלל און פון מיינעם —

בפרט. עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה פון „אָבות ובנים" צווישן מיר און מיין טאַטן אין גרויס ערנסט. עס זיינען געווען ציַיטן, ווען נאָך אַ לאַנגען און הייסן וכוח, אַז מיין טאַטע איז געווען מוכן ומזומן צערייסן מיך אין שטיקער, קורע כדג זיין, און איך — איך האָב געטראָגן אַן אמת'ע שנאה אויף אים אין האַרצן.

ער האָט מיט אַ מאָדנער ביטערקייט אָפּגעלאַכט פון אַלע שרייבער. צו קויט און בלאָטע געמאַכט זייערע געדאַנקען. „זיי זיינען טפּשים, פערד, זיי זעען אזוי פיל, וויפיל אונזערע נעכטן־געבאָרענע קעצעלאַך. זייער גאַנצער שכל איז ווי אַ מילב די גרויס, אַ זעמדעלע. אפילו זייערע גרעסטע, פאַרמאָגן ניט אין קאָפּ, וואָס אונזערע גאונים האָבן אין פּיאַטע, ווער רעדט פון אונזערע מקובלים, חכמי התלמוד, אָדער גאָר אונזערע נביאים! ניט אומזיסט איז דער נביא געווען אַ רואה און אַ חוזה — ער האָט טאַקע געזען, בפועל ממש געזען. פאַר זיינע אויגן זיינען זיי געשטאַנען. ער איז געווען אַ חלק אלוה ממעל און איז געווען פאַרבונדן — כחוט השערה — ניט אָפּגעטיילט פון גאָט. און דעם נביא'ס חכמה איז געווען נאָר אַ ניצוץ פון יענער חכמה העליונה, וואָס איין זיו, איין שטראַל אירער מאַכט פול די גאַנצע וועלט מיט חכמה — „ומלאה הארץ דעה כמים לים מכסים"!

און אַז איך האָב אים אַמאָל אַ פרעג געטאָן, אויך מיט בעס: „היינט פון וואַנען ווייסטו אינגאַנצן, אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט, אַ בורא, אויב ניט מיט דיין שכל וואָס איז דיר מחייב? מה יתרון לאדם מן הבהמה? פאַרוואָס שטייט אַלע ווייַלע אין דער תורה, „למען דעת", „למען תבין והשכל", „למען תלמד ליראה, וזכרתם", „זכור תזכור" — אַלץ אַזעלכע זאַכן צו וועלכע מען דאַרף האָבן שכל? פאַרוואָס האָסטו אַליין פיינט אַן עם־הארץ און קאָכסט זיך אזוי אין לומדים, גאונים, „אַן אָפענער מוח" דווקא? און וואָס איז די ראיה גאָר אינגאַנצן אַז גאָט האָט געגעבן די תורה, וואָס? ווייל די תורה אַליין דערציילט דאָס?... דערציילן דאָך די ספרים חצונים גאָר אַן אַנדער מעשה. היינט ווער

איז דאָ דער מכרעי, ווער איז דער שופט? און פארוואס שטעלסטו זיך איין, דו, א פשוט'ער בשר־ודם, פאר דעם כל יכול? האָט ניט דער נביא געזאָגט: „אם אלהים הוא — הוא יריב את ריבו". איז דאָס ניט א פארקלענערונג, א גאָט־לעסטערונג, וואָס די אַלע גאָט'ס סטראפּטשעס נעמען זיך אָן זיין קריוודע, אקוראט, ווי ער וואָלט געווען, נעבאך, א קיילאבדיקער יתום און איז א נויט־באדערפטיקער אין זייטיקער הילף?"

דעמאָלט האָט ער, מיט שוים אויף די ליפּן אָנגעהויבן גוואַלדעווען, אז איך זאָל אנשטומט ווערן, אז איך בין „אחר", א כופר בעיקר, אז מען טאָר אין מיינע ד' אמות ניט שטיין... און אז. וו.

וואָכן לאנג פלעגן פארביייגיין דערנאָך, און מיר פלעגן ניט מתוכח זיין זיך. מירביידע פלעגן זוכן אויסצומיידן די סקאנדאלן און סצענעס, ביז מיר פלעגן זיך פארטשעפּן, ווידער אריינגעפאָרן מיט די האלאבליעס, און ווידער — הימל עפן זיך! ...

כאראקטעריסטיש איז געווען דאָס, וואָס מיין גאָטספארכטיגע מאמע פלעגט דאָס רוב אריינמישן זיך און דווקא האלטן פאר מיר. דאָס הייסט, זי האָט טאקע ניט אָנגעהויבן וויסן אפילו, וועגן וואָס מיר שרייען און קריגן זיך, אָבער זי האָט געוואוסט, אז זי דארף האלטן — ניט אזוי פאר מיר ווי אנטקעגן דעם טאטן. „ער האָט א קרומע קאָפּ" — איז געווען איר גזר־דין און במילא איז ביי איר אויסגעקומען, אז איך האָב רעכט...

ער האָט אמאָל אויף איר א געשריי געטאָן, אז זי זאָל וויסן זיין, דאָס אָט דער בן סורר ומורה וועט אפילו קיין קדיש נאָך איר אויך ניט זאָגן... דאָס איז געווען זיין לעצטע טרומף־קאָרט אנטקעגן דער מאמען, דאָס איז געווען א גרויסע אכזריות פון אים, ווייסנדיק, אז ער רויבט דערמיט פון איר אוועק אירע בעסטע האָפענונגען, איר לעצטן אָנשפּאר, אויף וועלכן זי דופעט, אבער אים האָט דאָס א ברעקל ניט אפּגעהאלטן. ער האָט נאָר געזוכט, ווי אַם שטארקסטן ווייטאָן דער מאמען און שאַדן מיר.

זי פלעגט אָבער גאנץ קאלטבלוטיק ענטפערן מיט א זיכערקייט: „נישקשה, נישקשה, איך ווייס ניט אויב נאָך דיר —

אָבער נאָך מיר וועט ישראל'קע אי קדיש זאָגן, אי נאָך א פּרק משניות לערנען, ניט אמת, ישראל'קע?" — פלעגט זי מיך א פרעג טאָן און איך האָב זי פאַרזיכערט, אַז געוויס, יאָ; געוויס, געוויס, מאַלע וואס דעם טאַטן ווילט זיך אויף מיר אויס־טראַכטן! ...

מיין פאָטער איז געווען א איד א חכם, א פּקח און אַן אויפגעוועקטער, לעבעדיקער מענטש. ער האָט זייער ליב געהאַט א גלייך־ווערטל, גאָר אויס די וועלט. ער פלעגט קאָנען אריינזאָגן יענעם א בייסיקן ווערטל, אַז ס'זאָל דורכנעמען ביז דער צענטער־ריפּ, אבער — אויך צונעמען א תשובה פון דעם זעלביקן מין און ניט א קרים טאָן זיך. פאַרקערט — אָנהויבן לאַכן און זאָגן: „מאַלאַדיעץ, גוט געזאָגט!"

אין רעכטן מיטן גרויס כעס אויף מיר אמאל, פאַר עפּעס א גרויסן חטא, ווען ער האָט זיך צעשריען, אַז ער וועט מיך לאָזן פאַר א יון אָפּגעבן, האָב איך אים געענטפערט: „זאָל דיר וואויל באַקומען...". האָט ער זיך צולאַכט און דער גאַנצער כעס איז פאַר־שוואונדן.

איינמאָל אין אַן אָוונט האָט ער מיך געטראָפן גייענדיק מיט א מיידל. קומענדיק אהיים האָב איך שוין באַמערקט, ווי אנגע־כמורעט ער איז.... ביי וועטשערע גיט ער א זאָג: „הפּנים, אַז דו האָסט די יפה־פיה גאַר ניט פיינט..." „פאַרוואָס זאָל איך איר פיינט האָבן" — ענטפער איך — „עס וואָלט דאָך געווען שנאת חנם, חלילה!..." ער האָט געלאַכט און דערמיט האָט זיך געענדיקט.

איינמאָל, פּסח, צו וואַרמעס, איז אַריינגעלאָפן אונזער גויאישן באַלעבאָס הונט „ליסקע" און איך האָב אים דערלאַנגט א שטיקל פון דעם טאַטנ'ס מצה־שמורה. דער טאַטע פרעגט ברוגז'דיק: „און פראַסטע מצה וואָלט ליסקע ניט אויפגעפרעסן?" „ווער ווייס — ענטפער איך — אפשר איז ער א שמורה'ניק..." אַלע האָבן אויסגעפּלאַצט אין א געלעכטער און דער טאַטע האָט מיטגעהאַלטן, באַמערקנדיק דערביי: „אַי, איז דאָס א שייגעץ!"

ער איז געווען א גרויסער אוהב את האמת, האָט זייער פיינט געהאט א ליגנער און פלעגט אָפטמאָל, ווען ער איז געווען גוט אויפגעלייגט, זאָגן צו מיר: „דיר האָב איך ליב פאַר דיין אמת. דו ביסט אַן אמת׳ער יונגאטש!" און דאָס האָט געמיינט תרתי משמע.

ביי אונז אין שול האָט געדאַווענט א שיינקער, יעקב שאכנע, האָט ער געהייסן, איז ער געווען א באַרימער און א ליגנער. מיין טאַטע האָט אים ניט ליב געהאט. איינמאָל זיצנדיק בין מנחה למעריב, ביי דער שול אויפ׳ן גאַניק, וואו דער עולם פלעגט שמועסן, דערציילן אַלע נייס, האַמפּערן זיך וועגן פּאָליטיקע און דאָס גלייכן, איז דער עולם דאָס מאָל געזעסן שטיל גאָר אָן א שטאָך מלאכה. רופט זיך אָפּ דער טאַטע: „יעקב שאכנע, דער־ צייל עפּעס א ליגן!..." אַלע אויפ׳ן גאַניק האָבן זיך הויך פאַנאַנדערגעלאַכט.

נאָך אמאָל האָט געטראָפן, אז דערזעלביקער יעקב שאכנע האָט זיך עפּעס כלומר׳שט געקלאָגט אויף די שלעכטע צייטן, אָבער ער האָט אויסגעבראַכט וועגן רוב גדלו ורוב עשרו, האָט מיין טאַטע זיך א זאָג געטאָן „וואָס איז די רבותא, א שיינקער, אז עס ווערט אים גאָר ענג, קריכט ער אַריין צו יענעם אין קעשענע..."

רעדנדיק וועגן מיין טאַטנס אהבה צום אמת, מוז איך דאָ דערציילן אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע:

צוויי סוחרים האָבן ביי אים איינגעלעגט וועקסלען אויף מקיים זיין א געוויסן מדובר, א קשר (קאָנטראַקט). ווי אזוי און אַקוראַט וואָס עס איז געווען, ווייס איך ניט. איך ווייס אָבער, אז דער טאַטע האָט אַרויסגעגעבן די וועקסלען צו איינעם פון זיי און אז דער אַנדערער האָט אָנגעגעבן אין געריכט אויף יענעם און געמאָנט די וועקסלען, טענה׳נדיק, אז די וועקסלען זיינען געווען איינגע־ לעגטע ביי א שליש נאָר, אָבער קיין געלט האָט ער אויף זיי ניט געקראָגן. די „דיעלאָ" איז געקומען אין מיראָוואָי סיעזד. מען האָט דעם טאַטן גערופן פאַר אַן עדות און מען האָט אים געדאַרפט געבן א שבועה מדאוריתא מיט א ספר־תורה אין האַנט. זאָגן דעם

אמת — וואָלט געהייסן אומגליקלאַך מאַכן דעם אַנדער אידן. שווערן ווידער אויף אַ ליגן — איז דאָך אודאי ניטאָ וואָס צו רעדן! דער טאַטע האָט זיך געפונען אין אַ ביטערער דילעמע און עס איז געווען חושך. ער האָט געפאַסט עטלאַכע טעג נאָכאַנאַנד פאַר דעם משפט, האָט געוויינט, געקלאָגט, געהאַלטן זיך עצות מיט דעם רב, מיט גוטע פריינט און קיין וועג האָט מען ניט געפונען. ער איז באמת קראַנק געוואָרן, דעם סוד אָבער האָט מען אָפּגעלעגט ביז ער וועט געזונט ווערן. שלעכט, ביטער! געשיקט רופן איינעם, דעם אַנדערן פון די בעלי־דינים, געפּרואווט אהער, אהין, עס גייט ניט.

דער טאַטע איז געקומען אין געריכט, און אַז מען האָט אים געוואָלט איינשווערן, האָט ער געזאָגט דעם „פּרעדסעדאַטל״ (פאָר־זיצענדער), אַז ער קאָן ניט שווערן, וואָרים ער וועט אויף די שאלות קיין תשובה ניט געבן! דער פּרעדסעדאַטעל האָט אים געזאָגט, אַז ער וועט אים אַרעסטירן, אַז אים וועט קומען אַ גרויסע שטראָף פאַר ווידערשפּעניקן קעגן דעם געריכט. דערויף האָט דער טאַטע געענטפערט: טוט, וואָס איר ווילט. איך בין אויף אַלץ גרייט. אַנטקעגן מיין געוויסן און אַנטקעגן מיין רעליגיאָן וועל איך בשום אופן ניט גיין. מען האָט דעם טאַטן אַרעסטירט, אָבער מען האָט אים אַרויסגעלאָזן אויף „פּאָרוקע״ (ערבות).

אין שטאָט האָט געקאָכט, דער רב האָט געשיקט רופן די בעלי־דינים, עס האָבן זיך אַריינגעלעגט אין דעם די חשוב׳סטע בעלי־בתים און דער סוף איז געווען, אַז מען האָט זיך צונויפגעלעגט און באַצאָלט יענעם אַ העלפט פאַר די וועקסלען און צוריבן דעם פּראָצעס. עס האָט אויך געקאָסט געלט צורייבן דעם פּראָצעס קעגן דעם טאַטן, וואָס איז גאָרניט אַזוי גרינג אָנגעקומען.

דער טאַטע האָט פון דעמאָלט אָן אָפּגעזאָגט זיך פון וועלכער עס איז בוררות, אָדער צו זיין אַ שליש. בשום אופן האָט ער אַזאַ זאַך ניט אָנגענומען מער.

ביי אונז אין שול איז געווען אַ נגיד׳ס אַן איידים, וועלכער האָט געקענט אַ טראָפּעלע לערנען, אָבער געהאַט דערפאַר אַ ים

חוצפּה און מיין טאַטע פלעגט אים רופן: דער „הדיוט קופץ בראש". איינמאָל האָט דער חברה־מאַן געשפּאַרט זיך אין עפּעס מיט דעם טאַטן און דער טאַטע האָט אים א פרעג געטאָן:

— זאָג מיר נאָר, דו ווייסט, ווער עס האָט גע'הרג'עט זכריה הנביא? אַ למדן? — קען ניט זיין. אַ למדן ווייס דאָך, ווער זכריה איז געווען און וואָס פאַר אַ חטא עס איז הרג'ענען אַ מענטשן. אַ למדן ווייס דאָך די גרויסע באַדייטונג פון יום כפור, די הייליקייט פון דעם קדשי־קדשים. ניין, ניט אַ בעל תורה וואָלט זיך אונטער־שטעלן הרג'ענען זכריה הנביא אום יום כפור אין קדשי־קדשים! וואָס זשע דען, אַן עם־הארץ? — חלילה! אַן עם־הארץ וואָלט מורא האָבן נאָענט אפילו שטיין לעבן זכריה הנביא. עפּעס אַ קליינינקייט איז זכריה הנביא געווען אין די אויגן פון אַן עם־הארץ! בשום אופן ואופן וואָלט אַן עם־הארץ ניט געקאָנט פועל'ן ביי זיך אויפהויבן די האַנט אויף דעם נביא יום כפור אין בית המקדש! זכריה הנביא האָט גע'הרג'עט אַן עם־הארץ, אָט אַזאַ ווי דו ביזט, וואָס מ י י נ ט, אַז ער איז אַ למדן! אַזאַ נפש איז עלול צו טאָן אַלץ אין דער וועלט, וועט אָפּטאָן די גרעסטע נבלה און נאָך קאָנטעט זיין! אַן עם־הארץ, וואָס מיינט, אַז ער איז אַ גאַנצער „קאָין" (אַ פערד), איז דער גרעסטער חצוף, די גרעסטע סכנה פאַר דער גאַנצער סביבה. פון אַזאַ זאָל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין.

ביי אונז אין שטאָט האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ מחלוקת צווישן חסידים און מתנגדים. איך געדענק שוין ניט, צי עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ רב אָראָפּברענגען, אָדער אַ נייעם שוחט אָנ־שטעלן, אָבער די מחלוקת איז געווען אַ שאַרפע, אַ ברענענדיקע, מיט צדדים און אַזוי ווייטער. מ'האָט געמאַכט אַן אסיפה, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליגט די פּני פון ביידע צדדים און מען האָט געפרעגט דעם טאַטן, וואָס זאָגט ער?

— איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה, — האָט ער געזאָגט. — אַמאָל זיינען געווען צוויי רייכע משפחות־שכנים. איין משפחה האָט האָלד געהאַט נאָר פלייש־זאַכן—געבראָטענע ענדיקעס, געגזלאָך, הינערשע יאַיכלאָך, געפילטע קישקעלאָך וכדומה. די אַנדער משפחה

האָט, פאַרקערט, געוואָלט נאָר מילכיקס — גוטע זאַפּטיקע בלינצעס, פיינקוכנס, פיש געפּרעגלטע אין פּוטער, קעז מיט סמעטענע און נאָך אַזעלכע זאַכן. די צוויי משפּחות האָבן זיך שטאַרק געקריגט און געווען דם־שונאים איינע די אַנדערע.

עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ דור. די יורשים זיינען שוין אַזוי תקיף ניט געווען, אָבער פונדעסטוועגן האָט מען נאָך אַלץ אין איין משפּחה געגעסן פליישיקס: אַ ראָסל־פלייש, רעטאָך מיט שמאַלץ, און די אַנדערע האָט געגעסן אַ מילכיקן קרופּניק, אַ שטשאַוו פאַר־ווייסט מיט סמעטענע און זויער מילך מיט ברויט... די שנאה צווישן די משפּחות איז נאָך אַלץ געווען גרויס.

עס זיינען אָבער אַוועקגעגאַנגען נאָך אַ פּאָר דורות. ביידע פאַמיליעס זיינען נעבאָך געוואָרן גרויסע יורדים ר״ל. אין איין פאַמיליע האָט מען געגעסן אַ קרופּניק מיט אַ ברעקעלע שמאַלץ אַריינגעלעגט, די אַנדערע—אַ קרופּניק מיט אַ ברעקל פּוטער, אָדער אַ קאַפּעלע מילך אַריינגעגאָסן. מען איז נאָך אַלץ געווען שונאים.

דער לעצטער דור אָבער זייערער איז שוין אַזוי געווען געפאַלן, אַז ביידע משפּחות האָבן געגעסן מיט־נישטע קרופּניקעס, נאָר איינע האָט געקאָכט אין דעם פליישיקן טאָפּ, וועלכער איז געבליבן בירושה, און די אַנדערע האָט געקאָכט אין דעם מילכיקן טאָפּ פון דעם עלטער־עלטער זיידן. און זיי זיינען נאָך געווען שונאים...

אי, ברידערלאך, ברידערלאך, ביי אונזערע ביידע צדדים איז דאָך ניט מער ווי איבערגעבליבן די אַלטע בירושה׳דיקע פליישיקע און מילכיקע טעפּ, אָבער אונזערע קרופּניקעס זיינען דאָך בייביידן מיט־נישטע!... עס איז ניטאָ מער אויף איין צד דער ווילנער גאון, אויף דעם אַנדערן — איז ניטאָ דער אדמו״ר. דאָ איז קיין ברעקל פליישיקס ניטאָ, און דאָ — קיין קאַפּ מילכיקס ניט. הייננט צו וואָס זאָלן מיר זיך קריגן און אָנמאַכן מחלוקת?...

אויף די הולטאַיעס פלעגט ער זאָגן, אַז זיי זיינען די גרעסטע יראַ שמים׳ס — זיי האָבן מורא, אַז מיט זייער דאַוונען וועלן זיי מאַכן חלילה אַ לאָך אין הימל... זיי זיינען די גרעסטע מאמינים — זיי גלויבן, אַז דער דעסער, ימח שמו, אָדער אַן אַנדער אפּיקורס,

וואס דאוונט ניט, ווייס ער דאך מסתמא פארוואס; נו. דאוונען זיי אויך ניט אויף דעם סמך. מאמינים, מאמינים, גרויסע מאמינים!

געוועז ביי אונז א געלער גלח, וואס ווען ער פלעגט באגעגענען, פלעגט ער גלייך זאגן: „פארא אוזשע קרעסטיטסיא" (שוין צייט שמד'ן זיך). ער האט באגעגנט מיין טאטן מיט דעם זעלבן פארשלאג. דער טאטע פרעגט אים:

— פון וואנען איז דאס אזוי געדרונגען?

יענער, זייענדיק אן עם־הארץ און א שוטה, זאגט:

— די צוויי הענט וואס א מענטש האט, באווייזן די גויטיקייט פון דעם קריסטלאכן גלויבן — אין איין האנט האלטן דעם צלם און מיט דער אנדערער — צלמ'ן זיך. אבער א איד, צו וואס דארף א איד צוויי הענט?"

דער טאטע האט דא דערזען מיט וועמען ער האט צו טאן און האט אים געענטפערט:

— נו, לאמיר זאגן, אז כאטש צוליב דעם, כדי מיט איין האנט מאכן א פייג און מיט דער אנדערער אונטערשטעלן א דעבעלע! (ביי אונז איז געווען דער גרעסטער אפזידלען: „שטעלן א פייג אונטער א דעבעלע").

אין שטאט האט מען גאר אנגעקוואלן פון דעם טאטנ'ס איינפאל און דער גלח האט אויפגעהערט דערעסן אזוי דעם עולם.

ער איז אמאל ברוגז געווארן אויף דעם גבאי פון שול. זאגט אים דער טאטע:

— הער נאר אוים, מאשקע, דו מיינסט, אז גאט האט איד'ן געגעבן די תורה, כדי די גבאים זאלן האבן מיט וואס אויסצוטיילן כבוד און אומ'כבוד ביי עליות און הקפות? דו האסט א גרויסן טעות: די תורה וואלט געווען א תורה אן עליות און אן הקפות און דיך דארף מען אויף כפרות!

מיין טאטע איז געווען אבער צו דערזעלביקער צייט באמת אן עניו און האט פיינט געהאט די אלע, וואס פלעגן זיך וועלן ארויסווייזן מיט גדלות, זאל דאס זיין אפילו מיט פרומקייט, אדער מיט תורה, אדער מיט מעשים טובים. ער פלעגט שטענדיג טענה'ן:

„והצנע לכת עם אלהיך, — צניעות הימ אַפּ פון צביעות". ער פלעגט פאסטן בסתר, אז אפילו די שטוביקע זאָלן נימ וויסן. פלעגט אוועקגיין פון שול מיט אלעמען גלייך, אָבער קומענדיק אהיים שטעלן זיך דערדאווגען נאָך. האָט ניט געוואָלט ציען אויף זיך די אלגעמיינע אויפמערקזאמקייט. גיין אין מקוה, פלעגט ער ווען עס איז געווען נאָך פינסטער. געבן א נדבה, אז קיינער זאָל ניט זען און אז מען פלעגט אים קומען פרעגן א שאלה — דער עולם האָט געוואוסט, אז ער איז בקי אין ש"ס און פוסקים — פלעגט ער מאכן א תנועה ווי ער איז משתומם און פלעגט זאָגן: „וואָס ווייס איך? עס איז דאָך פאראן א רב, א דין". נאָר אז די אידענע איז צוגעשטאַנען: „איר איז וויים צו גיין צום רב, זי האָט ניט אויף וועמען דאָס קינד איבערצולאָזן" און דאָס גל., פלעגט ער כמעט שטענדיק זאָגן: „נו, נו, כשר, כשר, דאכט זיך מיר, אָבער איך נעם אויף זיך ניט די אחריות".

איינמאָל איז צו אים געקומען א מחבר מיט א ספר. פאנאנ־דער גערעדט זיך, דערציילט אים יענער, אז ער איז א פּרוש... דער טאַטע מאכט זיך, אז ער וויים ניט, וואָס דאָס איז און אז יענער האָט ערקלערט אים דעם גאנצן ענין, זאָגט דער טאַטע:

— דאָס איז גאָר? שפּאָר, שפּאָר, עס וועט קומען דער שווארץ־יאָר און צונעמען גאָר...

איינמאָל איז אים אויסגעקומען האלטן שבת אין דער מתנגדישער שטאָט סלוצק. ערב שבת, אין באָד. זעט ער, ווי א אידל, וואָס האַלט די קאָפּ אויף א זייט און א שעפּעלע אין האנט און א בעזים אונטער'ן פאכווע, באָט זיך אָן איטלאכן צו באדינען, אויספּאָרען אויף דער פּאָלקע, אבער קיינער נעמט ניט אָן. קענטיק, אז דער אידל איז געווען באוואוסט פאר א למדן, וואָס וויל נאָר משמש זיין אידן, אָבער ער האָט אליין אויך גאנץ גוט געוואוסט, אז קיינער וועט זיך ניט לאָזן פון אים באדינען, און ער גייט דאָס ארום נאָר „נאראָקום", צופרידן שטעלן זיך.

מיין טאַטע טראכט: הלואי גיט אים גאָט א גוטע דעה און ער זאָל אים זיך אָנבאָטן. וכך הוה:

— אדרבה, זאָגט צו אים דער טאַטע, געזונט זאָלט איר טאַקע זיין דערפאַר, איך בין טאַקע דאָ אַן אורח, געקומען ערשט פון וועג און איר וועט מיך גאָר מחיה זיין מיט אַ גוטן אויסשמייסן...

דער אידל, נעבאַך, גייט נאָך דעם טאַטן — אַ ברירה האָט האָט ער געהאַט? — אויף דער העכסטער פּאָלקע. האָט אָבער נאָך קיין צייט ניט געהאַט אַ פאַר מאָל מיט דעם בעזים איבערגיין, רוימט ער איין אַ סוד אין אויער דעם טאַטן און זאָגט אים:

— איר ווייסט, וועמען איר זייט מטריח?

— וואָסי, וועמען? — פרעגט דער טאַטע, מאַכנדיק זיך כלא ידע.

— אַ אידן, וואָס זיצט יומם ולילה און לערנט, — ענטפערט יענער. — אַ איד, וואָס פאַסט הפסקות און איז אַ פּרוש.

— אַי, זאָל איך מער קיין דאגה ניט האָבן, וואָס אַרט דאָס מיך, וועד עס שמייסט, אַבי ס'איז גוט. אָט דאָ אָט, דאָ, אָט דאָ, ר' איד! — און ווייזט אים אָן אויף די ריכטיקע מקומות...

דער טאַטע האָט אים אָפּגעהאַלטן אַ היפּשע ווײַלע אויף דער גאַנץ הייסער אויבערשטער פּאָלקע. אַראָפּגייענדיק פון דאָרטן האָט דער אידל גוט געקרעכצט און איז געווען אויסגעמאַטערט. דער טאַטע קוקט אים גלייך אין די אויגן אריין שמייכלענדיק און זאָגט:

— וואָס, ניט געריכט זיך אויף אַזאַ מפּלה, האַ? נישקשה, נישקשה, עס וועט אייך זיין צו רפואה, איר האָט גוט אויסגעשוויצט אייערע צביעות, ווייל זאָל אַ איד קיין גונב דעת הבריות ניט זיין! ...

דער טאַטע האָט די מעשה דערציילט מיט אַ באַזונדער נחת רוח און איז געווען העכסט קאָנטעט, וואָס ער האָט אנגעלערנט דעם מתנגדישן צבויאַק.

—הערסט אַ פאַדופאַלצעריי, מיט עניות גאָר וויל דאָס זיין אַ בעל גאוה! האַ, פּעטאַך איינער, שוטה, ועסט ווייטער וויסן!

די צייט, ווען איך האָב זיך געדאַרפט שטעלן צום „פּריזיוו" האָט זיך דערנענטערט.

דאָס איז געווען, אויב איך האָב ניט קיין טעות, דער פינפטער, זינט עס איז איינגעפירט געוואָרן די „נאָוואָ פּאָלאָזשעניע" (די נייע פאָרמע פון אָננעמען אין מיליטער־דינסט).

אַלע איין־און־צוואַנציק יאָריקע זכרים האָבן זיך געדאַרפט שטעלן צום „פּריזיוו"; ציען א גורל, אָנהייבנדיק פון די קלע־נערע נומערן. באַברויסק האָט געדאַרפט אָפּגעבן עטלאַכע און צוואַנציק.

עס זיינען אָבער אויך געווען „ראַזריאַדן", — געוויסע פּריווילעגירטע קאַטעגאָריעס. פיר אַזעלכע זיינען געווען, מיט וועלכע מען האָט זיך געמוזט רעכענען און ניט נעמען פון דער העכערער קאַטעגאָריע, איידער מען האָט ניט אינגאַנצן אויסגע־שעפּט די נידעריקערע. צום „ערשטען ראַזריאַד", צו דער העכסטער פּריווילעגירטער קאַטעגאָריע האָבן געהערט נאָר בני־יחידים און אַזעלכע, וועמעס פאָטערס זיינען געווען איבער פינף און פופציק יאָר, און די ברידער — אינגער פון זעכצן. צו דער קאַטעגאָריע האָב איך געהערט. טאַקע, אמת, מיין טאַטע איז נאָך קיין פופציק יאָר ניט אַלט געווען, אָבער, ווי ער האָט געזאָגט: „דער אויבערשטער שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה", איז עפּעס געווען א נס מן השמים און מען האָט אים נאָך קינדווייז פאַר־שריבן אין „סקאַזקע" (רייסטער) מיט זעקס יאָר עלטער — „אַז גאָט פירט די וועלט דאַרף מען חכמות?"

מילא, איך האָב געהאַט „פּערווע ליעגאָטע", פונדעסטוועגן האָב איך זיך געדאַרפט אָפּטראָגן... דער „פּריזיוו" איז געווען דער ביטערסטער גזר־דין אויף אידן צו יענער צייט. האָדעווע אויס א זון „לתורה ולחופה ולמעשים טובים" און מיט אמאָל, נא דיר — איים איך! ניט דאַווענען, קיין תפילין ניט לייגן, מחלל שבת זיין און פרעסן טרפות! היינט, טאָמער, חלילה, עס מאַכט זיך גאָר א מלחמה — גיי הרג'ע מענשן, אָדער ווער אַליין גע'הרג'עט, פאַר וואָס און פאַר ווען?...

און אין יעדער פאמיליע, וואו א זון האט געדארפט זיך צום פריזיוו שטעלן, איז געווען חושך, אבל ואפילה. מען האט געוויינט, געקלאגט, געפאסט און תפילה געטאן — עס איז געווען יום כפור! די רייכערע האבן געשאטן מיט גאלד — אונטערגעקויפט נאטשאלסטווא, געגעבן כאבאר די דאקטוירים, פריער אין פריאם גופא, דערנאך — אין האספיטאל, און פלעגן ווי עס איז אויסדרייען זייערע זינדלאך פון מיליטער. די ארימע אבער האבן קיין אנדער אויסוועג ניט געהאט, האבן זיי זיך צוקאליעטשעט — געהאקט פינגער, אויסגעשטאכן אן אויג, וואכן־לאנג געהונגערט, געמארעט זיך און געטרונגען עסיק לרוב און פארביסן מיט פלעשער ריצעןאייל. מען האט געטאן אלץ אין דער וועלט, אויף קיין זאך ניט געקוקט, אבי ראטעווען זיך פון זיין א סאלדאט. אונזערע יונגעלייט דעמאלט האבן טייער, זייער טייער באצאלט דערפאר. א גרויסער טייל פלעגט דערנאך אויסשטארבן און די איבעריקע זיינען געבליבן קאליקעס אויף דעם גאנצען לעבען, שווינדזיכטיגע און קריגן די פאליקע... מען האט כמעט קיין איין נאבאר ניט אויסגעפילט, וואו מען זאל ניט דארפן אנקומען, כאטש פאר א געוויסער צייט, דערוויילע, צו די העבערע ראזריאדן און אפילו צו די פערוועליעגאטניקעס. מען פלעגט טאקע זיי דערנאך, איבערהויפט די „פערוועניקעס", אפבייטן. פון א פאר הונדערט יונגע לייט פלעגט מען פארט מיט דער צייט ארויסקריגן די נויטיקע עטלאכע און צוואנציק. אבער — ווער האט דאס חשק געהאט אפילו אויף דערוויילע אנטאן זיך אין סאלדאטסקע פליודערן?... און מען איז צולאפן. עד יעבור זעם האט מען זיך בעסער אפגעטראגן פון אויג. מיין טאטע און מאמע האבן זיך די קעפ געבראכן, וואוהין מיך אוועקשיקן, און דער טאטע איז געגאנגען פרעגן אן עצה ביי דעם אלטן חשוב'ן פעטער וועלטשיק יחיאל'ס. ער האט געהייסן שיקן מיך קיין דינאבורג, וואו זיין צווייטער פרוי'ס טאכטער, א גבירה, האט געוואוינט, און האט געגעבן פאר מיר א בריוו צו איר.

## קאפיטל לח.

# דינאַבורג; יודל נאַשאַטיר׳ס הויז

## (איך באַקען זיך מיט נייע מענטשן און נייע אידייען)

אז איך האָב דערלאַנגט גנעסיע׳ן, דער מאַדאַם נאשאַטיר, דעם פעטער וועלטשיק׳ס בריוול, האָט זי מיך אויפגענומען בסבר פנים יפות. קענטיק, אז דער בריוול איז ביי איר געווען שטאַרק אָנ־געלייגט און זי האָט געהאַלטן פאַר א זכיה צו דערפילן עפּעס א בקשה פון דעם גרויסן וועלטשיק׳ן. נאשאַטיר איז געווען א גביר גדול. אַזא גרויסן און שיינעם מויער, מיט אודאי א צוואַנציק חדרים, מיט אַזעלכע פיינע, טייערע מעבל, מיט אַזויפיל גאָלד און זילבער האָב איך ביז דעמאָלט ניט געזען. זיי האָבן געהאַט צען קינדער. דער עלטסטער א בחור פון א יאָר אכצן — א גימנאַזיסט פון „רעאַל אוטשילישטשע״. אין הויז זיינען געווען גובערנאַנט־קעס און רעפּעטיטאָרס, פּיאַנאָ לערערינס און אַזוי לערערס. דינסטן זיינען געווען פיר און א משרת, וועלכער פלעגט באַדינען צום טיש. צום טיש זיינען מיר געגאַנגען זאַלבע צוואַנציק פאַרשוין. און מען האָט געלעבט גאָר רייך, אויפ׳ן ברייטן אופן. מיר האָט מען אָפּגעגעבן א צימער אין דער אַנדער העלפט שטוב מיט די בחורים. די פירונג פון הויז איז געווען איננאַנצן א פרייע. קיין סימן פון אידישקייט איז דאָרטן ניט געווען. דער „פּאָוואַר״ (קוכער) איז געווען א גוי. קיין שבת און קיין יום־טוב. ריידן האָט מען גערעדט רוסיש און פראַנצויזיש; געגאַנגען אָן היטלען, און אין יעדער הינזיכט אַן אַסימילירטע־רוסיפיצירטע הויז.

נאַשאַטיר אַליין איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר אַכט און דרייסיק. האָט אַמאָל געקענט לערנען ; ער האָט געקענט העברע־איש, געווען געבילדעט און איז געזעסן די מערסטע צייט אין מאָסקווע. ער איז געווען דעם מיליאָנער מלכיאל׳ס אַ שוואָגער ; אַליין געווען אַ פערווע־גילדע קופעץ פון מאָסקווע און גענומען פאַדריאַדן פון דער רוסישער רעגירונג.

ער איז געווען זייער אַ קלוגער, און האָט ליב געהאַט אַ וויץ און אָפּטאָן אַ שפּיצל.

ער איז איינמאָל שבת געגאַנגען שפּאַצירן מיט דעם סיגאַר אין מויל, האָט אים אָנגעטראָפן איינער פון די פרידלאַנדסקים, אויך אַ איד אַ גביר, אָבער זייער אַ פרומער.

— סטייטש, יודל,—זאָגט יענער— מען דאַרף דאָך אויף דיר קורע זיין. שבת, בפרהסיה מיט אַ ציגאַר אין מויל?

און תוך כדי דבור האָט יודל געכאַפּט און אָפּגעריסן פון לאַץ אַרונטער פרידלאַנדסקי׳ס אַטלעסנע זשופּעצע, באַמערקנדיק:

— דו טאָרסט דאָך ניט רייסן אום שבת, נו, האָב איך דאָס געטאָן פאַר דיר. מיר קומט אַ שטיק חלה!...

עס איז געקומען צו אים נאָך אַ נדבה אַן ארץ־ישראל איד. יודל נאַשאַטיר איז געווען גראָד זייער פאַרנומען און האָט גע־זאָגט דעם אידן ער זאָל קומען אַן אַנדער מאָל. דער איד האָט גע־זאָגט, אַז ער דאַרף אין גיכן צוריק פאָרן קיין ארץ־ישראל.

— אויב אַזוי, — זאָגט נאַשאַטיר, — טו קומט מאָרגן. איך האָב אַ פּאָסילקע אייך מיטצוגעבן...

דער איד האָט זיך זייער דערפרייט. פּש! נאַשאַטיר וועט מיט אים שיקן אַ פּאָסילקע, וועט ער אים שוין געבן מסתמא גאָר אַ רעכטע מטבעה!

אַז דער איד איז אויף מאָרגן געקומען, האָט זיך נאַשאַטיר פונאַנדערגעפרעגט מיט וועלכן מאַרשרוט ער פאָרט און צי פאָרט ער פאַרביי דעם באַרג סיני?

— געוויס, געוויס פאָרט ער אַרום דעם באַרג סיני. ער רעכנט נאָך טאַקע אַרויפקלעטערן אויפ׳ן באַרג גופא.

— אויב אַזוי, זאָגט נאַשאַטיר, — טאָ זייט אַזוי גוט און פירט אָפּ אַהין צוריק די תורה'לע, מיט וועלכער מען האָט אונז מזכה געווען מיט עטלאַכע טויזנט יאָר צוריק... מיר דאַרפן זי שוין ניט. געגנוג שוין אָנגעמוטשעט זיך!...

דעם אידן האָט ער געגעבן פונדעסטוועגן אַ שיינע נדבה, אָבער יענער איז אַוועקגעגאַנגען אבל וחפוי ראש. האָט בשום אופן ניט געקענט פאַרדייען אַזאַ וויץ.

דעם ערשטן מאָל אויף מיין לעבן האָב איך דערזען אַזאַ סאָרט אידן, וואָס זאָל זיין אַ „גוי גמור" אין אַלע פּרטים און פאָרט אַ איד! ער האָט זיך געמישט אין שטאָט־זאַכן, געווען אַ אידישער כלל־טוער און ביי קהל איז געווען זייער אָנגעלייגט זיין עצה, און ווען נאַטאַשיר איז אַראָפּגעפאָרן אויף אַן אסיפה, האָט עס אַרויס־גערופן גרויס אינטערעס.

אַז יודל נאַשאַטיר פלעגט קומען אין דינאַבורג, פלעגט זיין הויז זיין פול מיט געסט. עס פלעגן קומען אידן סוחרים, עס פלעגן קומען די פּני פון שטאָט און עס האָבן ניט געפעלט די כלי־קודש — אידן קלייבערס פאַר אַנדערע און — קלייבערס פאַר זיך גופא. ער איז געווען זייער אַ גוטער מענש, געשטעלט זיך שטענדיק ברייט און איז געווען אין שטאָט זייער באַליבט.

נאַטשאַלסטוואַ פלעגט קומען צו אים אויף מאַלצייטן. ער איז געווען מיט זיי גאָר „פּאַני־בראַט" און האָט פאַר שטאָט אויסגע־פירט, וואָס מען האָט געדאַרפט... אין מיין קאָפּ האָט זיך דאָס ניט געקענט פאַטויפען. איך האָב זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אין אַ אידישער הויז זאָל מען זיך אַזוי פירן — גוים מיט אידן עסן און טרינקען אין איינעם, ביידע לאַכן זיי און קריטיקירן גאָט און די רעליגיעס, זיינען אָבער גוטע פריינט — גאָר חלה מיט האָניק — און די אידן פאַרבלייבן אידן און די גוים — גוים!

אין מיין צימער האָב איך געפונען אַ סך ספרים און פיל העברייאישע ביכער. דאָרטן האָב איך געפונען סמאָלענסקינ'ס "התועה בדרכי החיים" און „גמול ישרים" און גאָטלויבער'ס זשור־נאַל „הבוקר אור". אָבער איך האָב אויך געפונען דאָבראָליובאָוו'ס

און פּיסאַרעוו׳ס ווערק, און נאָך אַ סך אַנדערע ביכער, וועלכע איך האָב טאָג און נאַכט ממש געשלונגען, און וועלכע האָבן מיר גאָר די אויגן געעפנט...

דער גימנאַזיסטל נאַשאַטיר איז טאַקע געווען אַ פּוסטע כּלי, אָבער דורך אים האָב איך זיך באַקענט מיט אַנדערע גימנאַזיסטן — ערנסטע בחורים, סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן. איבערהויפּט האָט אויף מיר שטאַרק געווירקט דער רעפּעטיטאָר. אַליין אַ שניי־דערס אַ זון, וואָס האָט געוואוסט „פּאָטשאָם פונט ליכא"—געהאַט געבראָטענע צרות — און איז געווען אַ מענטש פון אַ סך וויסן און אַ סאָציאַליסט. ער פלעגט מיט מיר פאַרברענגען שעה׳נ־ווייז, געהאָלפן מיר פאַרשטיין גוט אַ בוך און אויפגעקלערט מיר זאַכן, וועלכע זיינען מיר, ביז אים, געווען כּלו מוקשה.

דורך זיין הילף בין איך באַקענט געוואָרן מיט לאַוראָוו׳ס „פּיסמא מירטאָווא" און מיט אַנדערע סאָציאַליסטישע ווערק אויף רוסיש און דייטש. די נייע אידייען האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם — איך בין גאָר נתפּעל געוואָרן! דערצו די נייע סביבה — מען הערט גאָר אַנדערע דבורים. גאָר אַנדערע אינ־טערעסן זיינען פאַראַן! אַנשטאָט קלאָגן אויף דעם חורבן ירושלים, אויף שכינתּה בגלותא, אָדער איינקוועטשן אַ „ודו"ק" אין מהרש"א, פאַרנעמט מען זיך מיט נאַטור־וויסנשאַפט, מיט פיזיקע און כעמיע, מען ברעכט זיך דעם קאָפּ גאָר מיט עקאָנאָמיק, מיט פאַקטן און מיט דעם, ווי מענטשן זאָלן קענען בעסער לעבן, און וועלכע אָרדנונג זיי זאָלן איינפירן... עס פלעגן אָנגיין זייער היציקע דיסקוסיעס, גאָר פייער פלאַם, און מיט וואָס פאַר אַ מענה לשון, מיט וואָס פאַר אַ חתוך הדבור!

דאָס אַלץ איז מיר אריין טיף אין הארצן, אין מוח און אין דער נשמה. עס האָט מיך ממש איבערגעדרייט מן הקצה אל הקצה. עס האָט מיך, בלא גוזמא, ווי איבערגעניצעוועט, און איך בין געוואָרן גאָר אַ נייער מענטש.

אַלע פריערדיקע ספקות, וועלכע האָבן מיך אַזוי געמאַטערט, האָבן זיך צערונען און צעפאַלן. מיט גאָר אַנדערע אויגן האָב איך

אָנגעהויבן קוקן אויף דער וועלט, אויף מענטשן, אויף זאַכן און אויף פּאַסירונגען. זיך אַליין האָב איך איצט באַטראַכט ווי עפּעס אַ ביקעל, וואָס מען האָדעוועט צוליב זאוואָד... אַ פּאַראַזיט בין איך דאָך גאָר! גוואַלד, ווי קריכט מען אַרויס פון דער שטייענדיקער בלאָטע? ווי פּירט מען זיך אַליין אַרויס מעבדות לחירות? ווי איז מען זיך מציל פון דער היימישער תפיסה?

איינמאָל אין אַ שעת הכושר האָב איך זיך געווענדעט צו נאַשאַטיר'ן און געפרעגט אים אַן עצה.

ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס און האָט געענטפערט, אַז איך בין צו לאַנג פאַרלאָזן... צו אַלט אָנהויבן שטודירן עפּעס. און אַז אַ שטעלע אָננעמען קען מען אויך ניט מיט „שאלות ותשובות".

— פּאָניע גנב וויל פון השתלשלות אויך ניט וויסן! — האָט ער לאַכנדיק געענדיקט.

— אגב, — האָט ער דערנאָך אַביסל טראַכטנדיק צוגעגעבן, — אגב, מוזט איר דאָך פריער קריגן אייער בילעט און פּאַס, און ביז דעמאָלט וועלן מיר זען... עס קען דאָך גאָר זיין, אַז ביי אייך איז דאָס אינגאַנצן אַן איבערגאַנג, און אַז איר וועט זיך אומקערן צוריק אַהיים וועט איר זיך נאָך אַרומקוקן און אָט די מחשבות אייערע וועלן זיך פעלן אין גאַנצן...

איבער אַכט חדשים בין איך געזעסן אין דינאַבורג. און כאָטש איך האָב זיך גענאַרפּט נאָך היטן, בין איך פונדעסטוועגן באַקאַנט געוואָרן מיט פילע יונגע לייט, דאָס רוב סטודענטן, און מיט אַ גרופּע פון די „נאַראָדנע־וואָלצעס", וועלכע האָבן אָבער, הפנים, נאָך ווייניק אמונה געהאַט אין מיר, און האָבן מיך אין זייער „קרוזשאָק" ניט אַריינגעפירט, פון וואָס איך האָב זיך באַלד אַ לעבעדיקער אויפגעגעסן.

נאַשאַטיר'ן האָב איך זייער זעלטן געזען. ער איז זעלטן געווען אין דינאַבורג און אַז ער איז איין מאָל אין אַ פּאָר חדשים געקומען אויף אַ פּאָר טעג, איז ער געווען שטאַרק פאַרנומען. נאָר איין מאָל, זומער ביים וואַרמעס עסן — קיין געסט זיינען גראָד

ניט געווען — האָט גראַד נאַשאַטיר פאַרקוקט זיך דורכ׳ן פענסטער אויף די אַנטקעגנדיקע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך דאָרטן מושטירט.

— זע נאָר, זע, — האָט ער אויפמערקזאַם געמאַכט זיין פרוי און די אַנדערע, — זעט ווי מען שלאָגט דאָרטן, גאָר אָן רחמנות, אַ סאָלדאַטשיק, קאָנטיק אַ „נאָוואָבראַנעץ" — אַן ערשט־צוגעקומענער!

און ווי מיר קוקן אַזוי, דערזעען מיר ווידער ווי דער אָפיצער שלאָגט מיט׳ן קולאַק דעם סאָלדאַטשיק אין מאָרדע, אין די ציין און איבער׳ן קאָפּ.

נאַשאַטיר איז אַרויסגעשפּרונגען ממש דורך דער פענסטער און גלייך צום מושטיר־פּלאַץ. ס׳האָט קיין 10 מינוטן ניט געדויערט, און ער איז צוריקגעקומען און געבראַכט מיט זיך דעם געשלאָגענעם סאָלדאַטשיק — אַ אידל. ער האָט אים געהייסן אָרומוואַשן זיך דאָס בלוט פון פּנים און געהייסן געבן אים עסן, און דווקא דאָ ביי אונזער טיש.

ביים עסן די גוטע מאכלים, וועלכע זיינען, קענטיק, דעם סאָלדאַט זייער געפעלן געווען, איבעהויפּט די פרישע קאָטלעטן, האָט ער געזאָגט, אַז שוין לאַנג, לאַנג האָט ער אַזוי ניט הנאה געהאַט פון אַ מאָלצייט — פלייש האָט ער גאָר אין מויל ניט געהאַט זינט ער דינט.

— סטייטש, פאַר וואָס? — פרעגט נאַשאַטיר.

און דער אורח האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אַזאַ פאַר־וואונדערונג, אַקוראַט ווי נאַשאַטיר וואָלט גערעדט אויסער׳ן וועג...

— יאַ, יאַ, פאַר וואָס האָט איר די גאַנצע צייט קיין פלייש ניט גענעסן? עס פּאָלאַגאַיעט זיך דאָך אַ געוויסע פּאָרציע?...

און דער אידל האָט אַ געשריי געטאָן, ווי ניט מיט זיין קול:

—טריפה?!...

יודל נאַשאַטיר האָט גוטמוטיק אַ שמייכל געטאָן און געפרעגט דעם סאָלדאַט:

— פון וואַנען איז אַ איד?

— אַ קאַצקער, טאַקע פון קאַצק גופא און דעם קאַצקער׳ם אַ חסיד!

— אַזוי, דעם קאַצקער׳ס אַ חסיד, האַ? פאַרוואָס־זשע שלאָגט מען אייך? אַ קאַצקער חסיד קען די גרויסע תורה ניט באַנעמען, וואָס מען לערנט דאָרטן, וואָס?

— אַז זיי זיינען גוי׳שקע קעפּ, אַן עם הדומה לחמור, טאָ וואָס זאָל איך טאָן? זיי הייסן מיר מאַכן פּאַד־קאַזיראַק — מיט צוויי פינגער לעבן היטל געבן אַ צייכן פון כבוד — ווען איך דערזע אַן אָפיצער. נו, ווי־זשע איז דער דין, אַז איך האָב באַגעגנט צוויי אָפיצערן? איז דאָך על פי שכל הישר און אָפּלערנענדיק מיט אַ גזירה שוה, דאַרף מען דאָך מאַכן דעם צייכן מיטביידע הענט... האָב איך אַזוי געטאָן, האָט מען מיך געשלאָגן, גע׳הרג׳עט — מכות רצח. אָדער מען מושטירט זיך: שאַגאָם מאַרש, שאַגאָם מאַרש, מ׳גייט אהער, אהין און צוריק. בין איך געבליבן שטיין אויף מיין אָרט. — איך וויים דאָך, אַז אָט אין אַ מינוטקעלע קומען זיי צוריק, טאָ צו וואָס זיך די פיס שלאָגן און די שטיוול רייסן, האַ? שלאָגן זיי דערפאַר גאָר אָן רחמנות. שדים ווייסן זיי, די חמורים, וואָס זיי ווילן פון מיר!

יודל, וועלכער שטיקט זיך פון געלעכטער, טוט אים אַ פרעג:

— טוט איר אַלץ אַזוי קאַפּויר, טוט איר קיין זאַך ניט, וואָס זאָל זיי יאָ געפעלן ווערן?

— עך וואיס? — ענטפערט דער אידל אויף פּוילישן אידיש.

— אַנוסטן האָב עך געשוסן אין ברעיט אין גרוד געטרופן אין לוך. זוגט ער מיר: „מאָלאָדיעץ, מאָלאָדיעץ!” אַז אָסור חזיר, אויב עך וואיס פאַר וואוס, פאַר וועין — עס איז געוועין בלתי מתכון...

יודל, זיין פרוי און איך (מער ווי מיר דריי האָבן ניט פאַר־שטאַנען קיין אידיש) האָבן ארויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער. דער סאָלדאַטשיק קוקט און וואונדערט זיך.

— הערט, קאַצקער חסיד, — זאָגט צו אים יודל, — פאַר־שטייט איר דען ניט, אַז מען וועט אייך דאָרטן ממית׳ן, פאַר

אַ קאַליקע מאַכן, און אַז איר מוזט אויספאָלגן און טאָן אַקוראַט ווי אַלע טוען, און ניט לערנען גזירה שוה׳ס? — מען וועט דאָך אייך אין אַרעסטאַנטסקע ראָטע אַוועקשיקן!

— אַזוי גור, וואוסי, באשר ער האָט מיר די שטיוול אין דעם שינעל גינעבן, מאַינט ער, ער האָט מעך שוין מקדש געווען? איר פּועל׳ט באַ מער, עך גיב׳ס עם אוף צירעק אין גאַי אַהיים...

אַז מיר האָבן זיך געגוג אָנגעלאַכט, האָט יודל נאַשאַטיר גע־שאָקלט מיט׳ן קאָפּ און געזאָגט, אַז דער חסיד׳ל איז ניט מיט אַלע־מען אין אויבער־שטיבל, און ער וועט זען, צו לאָזט זיך ניט עפּעס מאַכן...

אין וויייניקער ווי צוויי חדשים נאָך דעם, איז מאַדאַם נאַשאַטיר אַריינגעקומען צו מיר אין צימער מיט אַ פרעמדן יונגנמאַן און פרעגט מיך, אויב איך דערקען אים? דאָס איז געווען דער קאַצקער חסיד׳ל. אויס יון. נאַשאַטיר האָט אים אַריינגעלייגט אין האָספּיטאַל און מיט זיין הילף האָט מען דעם נפש פון סאָל־דאַטן באַפרייט. אַז מיר האָבן זיך מיט אים איצטער פאַנאַנדער־גערעדט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער יונגערמאַן איז גאָר קיין נאַר ניט געווען, און אַז אַלע זיינע פריערדיקע נאַאיווע רייד און משונה׳דיקע הויות זיינען געווען מיט דער איינציקער כונה — באַפרייט צו ווערן פון סאָלדאַטן.

אים האָט ניט געאַרט, האָט ער געזאָגט, אַז מען וואָלט אים פאַר׳הרג׳ענען, מאַכן אים פאַר אַ משוגענעם, אָנטאָן כל־ערליי צרות, אָבער סוף כל סוף וועט מען אים דאָך מוזן באַפרייען! אַ דאַנק נאָר נאַשאַטיר׳ן איז דאָס צוגעגאַנגען דער עסק שנעלער, אָבער זיכער איז ער געווען, אַז ער וועט ווערן פריי סיי ווי. וואָס דען, דינען וועט ער און פאַרטרינקען זיין נשמה?... אַ כפּרה בעסער דער גוף!

אין אָנפאַנג מאָנאַט יולי האָב איך באַקומען אַ בריוו פון טאַטן, אַז „געלויבט אין זיין הייליקער נאָמען פאַר זיינע גרויסע חסדים" — איך בין פריי און כ׳זאָל קומען אַהיים.

פֿאָרן אהיים האָט זיך מיר זייער ניט געוואָלט. וויסנדיק וואָס מיך דערוואַרט דאָרטן — די היימישע פּירונג, דער לעבן און די גאַנצע סביבה אַרום און אַרום — האָב איך געזוכט אַלערליי פּאָרטלען, ווי אויסדרייען זיך. איך האָב געעקערט מיט דער נאָז, טאָמער וועל איך געפינען וועלכע עס איז מיטלען, כאָטש ווי עס איז דורכשלאָגן זיך, אבי אַליין פֿאַרדינען אויף מיינע הצטרכות און ניט דאַרפֿן זיצן אויף מיין מאַמע'ס קאַרק. אָבער נאָך מער צוליב דעם — כדי ניט קומען אַלע ווײַלע אין באַרירונג מיט'ן טאַטן, מיט זײַנע איצטער פֿאַר מיר מיאוס געוואָרענע וועגן, מיט זײַן פֿרומקייט און פֿאַנאַטיזם, וואָס עס איז איצט מיר געוואָרן אַזוי טריף, ווי מיין ניט־פֿרומקייט — אים.

איך האָב געזוכט, געווען גרייט אויף כל עבודת פּרך, אָבער אומזיסט. אַלע מיינע ידיעות, מיין גאַנצע קענטשאַפֿט איז ניט געווען גענוג צו פֿאַרשאַפֿן מיר די אָרימסטע שטיקל חיונה! די נאַשאַטירס האָבן איבער'ן זומער פֿאַרלאָזן די שטאָט. א סך פֿון מיינע באַקאַנטע סטודענטן, ביי וועמען איך האָב געקענט פֿרעגן אַן עצה, אָדער בעטן הילף, זײַנען זיך אויך צופֿאָרן, און מיר איז געבליבן לית ברירה — נאָר פֿאָרן אהיים. און אַי, ווי ביטער מיר איז געוואָרן אויפ'ן האַרצן!

דינאַבורג האָט מיר געגעבן אַ סך — אין די אַכט מאָנאַטן האָב איך דאָרטן דערפֿאָרן אַ סך מער, פֿיל מער, איידער אין די אַלע יאָרן פֿון חדר, פֿון די ישיבות און פֿון די השכלה־ביכלאַך. אַזוי האָט זיך מיר דעמאָלט געדוכט. אָבער — יוסיף דעת יוסיף מכאוב — וואָס דינאַבורג האָט ביי מיר צוגענומען איז געווען נאָך מער! איך האָב דאָרטן פֿאַרלאָרן מיין גאָט, מיין פֿאָלק און מיין פֿאַמיליע! איך האָב אינגאַנצן פֿאַרלאָרן מיין גלויבן, האָב קרום געקוקט אויף דער גאַנצער אידישקייט מיט די אידן און מיין אייגענער היים; מיין אייגענער טאַטע, מיט וועמען איך האָב זיך שטענדיק געגרויסט און שטאָלצירט, איז מיר געוואָרן על אפּי ועל חמתי. פֿאָרנדיק פֿון דינאַבורג האָב איך זיך געפֿילט, ווי אַ פֿאַרלאָרענער, ווי אַ קיילאַכדיקער יתום. אַליין, פֿאַרלאָזן,

אָן ד ע ר וועלט און אָן י ע נ ע ר וועלט! איך בין געוואָרן אן אַטעאיסט, אַ קאָסמאָפּאָליט און אַ סאָציאַליסט. די נאַטור גאָר איז געוואָרן מיין גאָט, און די גאַנצע מענטשהייט — מיין פאָלק און מיין משפחה...

דער אמת איז, אַז די שפּראָצונגען פון די נייע אידייען, די נייע געדאַנקען און נייע אידעאַלן, וועלכע האָבן זיך נאָר וואָס צו־געגומען און קאַם, קאַם אָנגעהויבן באַפעסטיקן זיך אין מיר, זיינען נאָך געווען צו שוואַך, נאָך ניט אינגאַנצן פאַנאַנדערגעבליטע בלעטלאַך און האָבן ניט געקענט ממלא זיין דעם חלל, האָבן ניט געקענט אויספילן די טיפע גריבער, וואָס זיינען געוואָרן דורך דעם אַרויסרייסן פון מיין נשמה די זריעה, וואָס איז געווען איינגע־וואָרצלט אין מיר פון קינדווייז־אויף, און אפשר מכמה וכמה דורות... עס איז ביי מיר נאָך אַ ספק, עד היום אַ ספק, אויב עס געלינגט ווען עס איז פטור ווערן פון די גייסטיקע קרייטאַכער, וועלכע ווערן פאַרפלאַנצט פון קינדווייז־אויף — מלידה ומבטן ומהריון... מיין דערפאַרונג האָט מיך געלערנט, אַז גירסא דינקותא ווערט ניט אזוי גיך אָפּגעמעקט און אַז די אידייען־ספערע, אין וועלכער מען ווערט אויפגעהאָדעוועט און דערצויגן, קען ניט אין גאַנצן, שפּורלאָז אָפּגעווישט ווערן. עס בלייבט ערגעץ אַ פּינטעלע, אַ פונק, וועלכער טליעט און טליעט דעם גאַנצן לעבן און ציט, מאָנט און מאכט אַ גרויסע בענקעניש נאָך דער פאַרגאַנגענהייט. די בענקעניש דריקט זיך אויס אין פאַרשידענע פאָרמען און נאָך דער טיפקייט פון פאַרשידענע נאַטורן. „פאַר אַ גר טאָר מען ניט מביש זיין קיין גוי”, ווייל דער אמאָליקער פּינטעלע גוי אין דעם גר קען זיך נאָך אַלץ באַליידיקן. דער אידישער משומד זוכט דאָס רוב צו פאַרשרייען און דערשטיקן די שטימע פון יענעם „עפּעס”, וואָס לאָזט אים ניט רוען, מיט מסירות און נגישות אויף אידן, מיט אַ אום'ברחמנות'דיקער אכזריות באַקעמפט ער זיין עבר, כדי צו רעכטפערטיקן פאַר זיך זיין איצטיקן „איך”, אָדער נקמה־נעמען פון זיך פאַר דעם אמאָליקן „איך”! „כל הגדול מחברו יצרו גדול ממנו” — וואָס גרעסער עס זיינען געווען די פריערדיקע

גייסטיקע כחות, אַלץ שאַרפער און ביטערער ווערט שפּעטער דער קאַמף קענען זיי. נאָר פון זייער אַ פרומען קען ווערן אַ זייער ניט־פרומער! זכריה הנביא'ס בלוט, וועלכע האָט געקאָכט און גע־זאָטן און ניט געוואָלט איינשטילן זיך, האָט מען געזוכט — דער־ציילט די לעגענדע — באַרואיקן מיט נאָך מער קרבנות, מיט מער אומשולדיקע בלוט...

איך בין געווען זייער אומרואיק. מיר האָט „עפּעס" געפעלט, און איך בין פול געוואָרן מיט האַס און צאָרן. איך בין געווען שטאַרק פאַרביטערט אַנטקעגן אַלעמען און אַלץ, וואָס, ווי איך האָב דעמאָלט געמיינט, האָט גורם געווען מיין איצטיקן אומצופרידענעם געמיט. אָט אין אַזאַ צושטאַנד בין איך אָפּגעפאָרן אין אַ שיינעם זומערדיקן באַגינען אהיים.

קאַפּיטל לו.

# דער 1טער מאַרץ, 1881; פּאָגראָמען

## (איך פאַרלאָז מיין היים און לאַנד)

איך האָב ביי זיך געהאַט אָפּגעמאַכט אַ הסכם אַראָפּוואַרפן פון זיך אַלץ מיט אַנאַנדער און פירן זיך אַזוי, ווי מיר געפעלט — זאָל דער טאַטע טאָן, וואָס ער וויל, אַ דאגה מיינע! אָבער איין בליק אויף מיין גוטער, אומשולדיקער מאַמען, וועלכע האָט נעבאַך קיין ברעקל באַגריף ניט געהאַט פון וועלכער עס איז געדאַנקען־וועלט, וואָס האָט זיך אָבער שטאַרק געקימערט, אַ חוץ פאַר דעם, וואָס לייט וועלן זאָגן, אויך פאַר מיין וואוילזיין און האָט מיך געכאַפּט קושן און אויף אַלע אופנים אויסגעדריקט איר שמחה, וואָס זי זעט מיך. — איין קוק אויף איר האָט מבטל געמאַכט מיין הסכם אין גאַנצן און איך האָב זיך אָנגעהויבן פירן, ווי אַלע סטאַ־טעטשנע בחורים אין יענער צייט.

דער מצב פון מיינע עלטערן איז בעסער ניט געוואָרן. מען האָט זיך געמאַטערט, געשלאָגן זיך, ווי אַ פיש אין וואַסער, ווי די מאַמע פלעגט זאָגן. אמאָל אַרויף — און אמאָל אַראָפּ — שטענדיקע עולים ויורדים.

מיר האָבן זיך איבערגעקליבן בינתים אין אַ נייער דירה — אין אברהם יודל ראַטנער'ס אַ הויז אויף די שאַלקעס.

אברהם יודל איז שוין געווען אַ איד אַ זקן און געזעסן יומם ולילה און געלערנט. אמאָל איז ער געווען גאָר רייך, געווען אַ פּאָדריאַטשיק, אָבער צו די עלטערע יאָרן האָט ער זיך פון אַלץ

אויסגעטאָן און איז נאָר געזעסן מיט זיינע ספרים, וועלכע ער האָט געהאַט זייער פיל — צוויי גרויסע חדרים האָבן זיי פאַרנומען. מיט זיין הויף און אריינפאָר־הויז האָט זיך באַשעפטיקט זיין זון עליע, וועלכער איז גאָר ניט געווען ענלאַך צו זיין פאָטער דעם למדן און איז געווען ניט גאָר קיין שיינער מענטש.

דער עליע האָט געהאַט עטלאַכע קינדער און די עלטסטע איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר צוויי־און־צוואַנציק, וועלכע איז געשטאַנען אין שידוכים. איך בין געוואָרן אַן אָפטער אריינגייער צו דעם אַלטן אברהם יודל'ען, ביי וועמען איך האָב געפונען די ספרים, וועלכע איך האָב געזוכט, ווי דעם „מורה נבוכים" וכדומה. עליע'ס מיידל, נעכאַמקע, איז געווען ניט איבעריקס שיין, אין גאַנצן אומ־וויסנד, אָבער ניט קיין נאַר. זי איז געווען אַ געזונטע, פול־בלוטיקע מויד און איז ניט געווען גלייכגילטיק צו אַ געזונטן יונגן בחור, ווי איך בין געווען.

דעם פאָטער אירן, עליע'ן, וועלכער האָט דאָס באַמערקט, איז זייער ניט געפעלן געווען, וואָס זיין נעכאַמקע לויפט אַזוי אָפט צו אונז אין שטוב — כלומר'שט, זי האָט זיך זייער באַפריינדעט מיט מיין שוועסטער יענטע'ן (מיין שוועסטער שרה האָט שוין חתונה געהאַט), און האָט אָנגעהויבן זוכן עצות און תחבולות, ווי פּטור צו ווערן פון אונז. ער האָט עטלאַכע מאָל אריינגעשיקט דעם מוליער ער זאָל זיך אַ פּאָרקע טאָן ביים אויוון און קאַליע מאַכן עפּעס, כדי מיר זאָלן געצוואונגען זיין פאַרלאָזן זיין דירה, אָבער איך האָב דאָס באַמערקט און האָב דעם מוליער אַרויסגעטריבן, ניט לאָזנדיק אים צורירן זיך אַפילו גוט צום אויוון. מיך האָט די געשיכטע זייער פאַרדראָסן, און איך בין געווען אויף עליע'ן שטאַרק אין כעס. און וואָס מער איך בין אין כעס געוואָרן אויף דעם פאָטער, בין איך אַלץ מער גוט־פריינט געוואָרן מיט זיין טאָכטער, אַרומגעגאַנגען מיט איר שפּאַצירן און האָב זי גאַנץ פיין מקרב געווען — עליע'ן אויף צופּוקעניש!...

די צייט האָט זיך געשלעפּט „וויאַלע", קיין אויסזיכטן אויף דער נאָנטער צוקונפט איז ניט געווען, און איך האָב אַלץ גע־

טראַכט און געבראַכן זיך דעם מוח — ווי רייסט מען זיך ארויס פון דאַנען ?

אָבער אָט איז פּלוצלינג אָנגעקומען דעם 1טן מארט, 1881, די ידיעה, אַז די ניהיליסטן האָבן גע׳הרג׳עט דעם קייסער!

די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי פון אַן ערד־ציטערניש. סיי גוים און סיי אידן זיינען געוואָרן אויפגערעגט. אויפ׳ן צייל קראָמען, אין שול, אין באָד און אין קלויסטער האָט מען גערעדט וועגן איין זאַך. די גוים האָבן כמעט אַלע זייער באַדויערט דעם גרויסן היזק. צווישן אידן האָבן זיך געפונען נאָר אַ קליינע צאָל אַפּיקורסים, ווי מיין טאַטע למשל, וואָס האָבן זיך דאָס האַרץ קנאַפּ אָפּגעגעסן פון דעם אומגליק... אָבער דאָס רוב, דער רוב מנין און רוב בנין פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט זיך באמת שטאַרק מצער געווען, און דער עיקר מורא געהאַט, אַז דער נייער קייסער וועט זיין נאָך ערגער.

אונזערע עטלאַכע יונגע לייט זיינען געווען מלא שמחה, אָבער זיי זיינען נאָר ארומגעלאָפן ווי פאַר׳סמ׳טע איינע צו די אַנדערע, פרעגנדיק וואָס טוט מען, ווי העלפט מען ? און ניט ווימנדיק מיט וואָס און ווי אזוי, איז דאָס דערביי געבליבן.

אָבער באַלד האָט מען דערהערט פון נייע רדיפות און גזירות אויף אידן. די באַרימטע „איגנאַטיעווסקע פּראַווילעס", די אוממענטשלאַכע, האַרצלאָזע נייע געזעצן פון דעם צורר היהודים גראַף איגנאַטיעוו האָבן קלאָר באַוויזן, אַז דער פּאַנאַנדערגעפּוילטער רוסישער צאַריזם האָט פאַרלאָרן דעם קאָפּ און אַז פון אָט דער פינסטערער מאַכט קענען אידן קיין גוטס ניט דערוואַרטן. וכך הוה. באַלד נאָך דעם האָט זיך אויף שוואַרצע פליגלען פאַנאַנדערגעטראָגן די טרויעריקע ידיעה פון דעם ערשטן פּאָגראָם אין קיעוו!

אידן האָט די מורא׳דיקע בשורה דערשלאָגן. מען האָט אַראָפּגעלאָזן די קעפּ, און מיט יאוש אין האַרצן איז מען ארומגעגאַנגען, ווי שאָטנס, ווי נעבעכטיקע, און געפרעגט זיך עד מתי און מאין יבוא עזרי ?...

די גוים, און ספּעציעל די אידן־פּיינט, האָבן הויך געהאַלטן זייערע קעפּ און האָבן מיט אַרויסרופנדיקע בליקן געררייצט זיך מיט די אידן — זייערע שכנים, מיט וועלכע מען האָט ביז איצט געלעבט גאַנץ פריינטלאַך.

אין באַברויסק, וואו ביז דעמאָלט, האָט מען גאָר פון קיין גלות ניט געוואוסט; אין אַ שטאָט, וואו אַלץ מיט אַנאַנדער איז געלעגן אין אידישע הענט, מיט זייערע אייגענע אידישע מנהגים און דרכים, וואו שבת האָט מען קיין לעבעדיקן מענטשן אין גאַס ניט געזען, סיידן ווען אידן זיינען געגאַנגען אין און פון שול. און טאָמער האָט אַ נאַרישער גוי׳עץ געבראַכט אַ וועגל האָלץ צו פאַר־קויפן האָט ער אָדער געדאַרפט אים צוריק אַהיים פירן, אָדער אָפּ־היניען ביז ביינאַכט און דערנאָך איינבעטן זיך ביי אַ באַקאַנטן אידן ער זאָל דאָס ביי אים צונעמען פאַר אַ שפּאָט־ביליקן פּרייז; אין באַברויסק, וואו דער גרעסטער מאַרק־טאָג איז דוקא געווען אום זונטאָג, און די גוי׳עשע קלויסטערס זיינען געווען פּוסט, ווען אפילו אין אַ טאַבעלנעם טאָג — אַ יום־טוב פון דער קייסערלאַכער פאַ־מיליע — האָט מען נאָר איין האַלבע טיר פון קראָם צוגעמאַכט, אַזוי ווי חול־המועד, אי דאָס נאָר פאַר אַ קליינער ווילע. און נאַ־טשאַלסטוואָ, וויסנדיק, אַז עס וועט קריגן אַ מתנה׳לע אויף נייַ־יאָר, אָדער אַן אַנדער חגא, האָט קיין מאָל ניט באַלעסטיקט און געווען גאָר פּאַני־בראַט מיט די אידן. — אפילו אין באַברויסק האָט מען דעמאָלט דערפילט, אַז אידן זיינען אין גלות, און די פּאָגראָם־קלאַנגען האָבן אָנגעוואָרפן אַ ציטערניש, אַ ביטערע מורא און אַרויפגעיאָגט אַ מרה שחורה מיט אַ פּחד — אַ מין סכנת־נפשות, וואָס פריער איז דאָס געווען שווער זיך פאָרצושטעלן.

אָבער די יונגע לייט האָבן די ערשטע זיך געפונען. מען האָט אָנגעהויבן שטילערהייד צונויפריידן זיך און אָרגאַניזירן זיך אין אַ „סאַמאָאָבאָראָנע”, זעלבסט־פאַרטיידיקונג, אַז מען זאָל זיך שטעלן אַנטקעגן, אויב עס זאָל זיך אָנהויבן אַ פּאָגראָם.

מיט וואָס אונזער „סאַמאָאָבאָראָנאַ” וואָלט זיך געענדיקט, ניט האָבנדיק קיין אַנדער געווער אַ חוץ די אייגענע צען פינגער, איז

ניט שווער צו טרעפֿן... אָבער, עס איז געווען אַ שטיקל באַפֿרידיקונג פֿאַר זיך אַליין. די פֿאַרפֿערטיקונג אַליין האָט שוין צוגעגעבן אַ ביסל מוט, און די עלטערע מענטשן האָבן טאַקע געגלויבט אין אונזער כח און האָבן זיך אַ היבש ביסל באַרואיקט.

איך האָב נעכאַמקען צוגעצויגן, זי זאָל העלפֿן מיט וואָס זי קען. און אַזוי ווי זי איז גרייט געווען פֿאָלגן מיך אין פֿייער און אין וואַסער, איז זי געלאָפֿן אַהין, אַהער, צו וועמען מען האָט נאָר גענדאַרפֿט, און געווען פֿאַרנומען מיט אונז אינאיינעם גאַנצע טעג און נעכט. איר טאַטע איז שיר משוגע געוואָרן פֿון כעס אין פּאַרדראָס, און אין איין שיינעם פֿרימאָרגן איז ער אַריינגעלאָפֿן צו אונז מיט דעם מוליער און מיט אַ טשאַסטנע־פּריסטאַוו — אַ פּאָליציי באַאַמטער — און האָט שוין געוואָלט ברעכן דעם אויוון. איך האָב ניט געלאָזן. איך האָב אַרויסגעטריבן דעם מוליער. עליע'ן האָב איך געזאָגט, אַז אויב ער גייט ניט אַוועק וועל איך אים פֿון די טרעפּ אַראָפּוואַרפֿן, און ער האָט זיך טאַקע אָפּגע־טראָגן. און דעם פּריסטאַוו האָב איך געפֿרעגט, מיט וועלכן רעכט דערלויבט ער זיך אַריינקומען צו אונז אין שטוב ? וואָס איז, באַשר עלינקע ראַטנער האָט דיר אַריינגערוקט אַ דריי־רובלדיקע ?

„אויף דעם גנב ברענט די היטל", דער פּריסטאַוו איז געוואָרן מלא חימה, האָט געקלאַפּט מיט'ן „שאַשקע" (שווערד) אויפ'ן טיש, געשריען, געליאַרעמט און געזאָגט, אַז ער מוז מיך נאָך אין אַרעס־טאַנטסקע ראָטע אַוועקשיקן, און איז מיט גרויס כעס — אַוועק.

דורך דער פֿענסטער האָב איך געזען, אַז אַוועקגעגאַנגען איז ער צוריק צו עליע'ן. עס האָט אָבער גאָר ניט געדויערט און דער בחור איז געקומען צוריק. מיט גוואַלד אַריינגעריסן זיך אין מיין חדר, געראָיעט זיך אַ ווײַלע צווישן מיינע פּאַפּירן און ביכער און האָט געפֿונען דאָס בוך „וואָס צו טאָן ?", גראַד אַן אויסלענדישע אויסגאַבע, און אַן אַלטן נומער „קאָלאָקאָל", אַרויסגעגעבן אין לאָנדאָן פֿון הערצען, וועלכן מיין שקלאָווער פֿריינט האָט מיר צו־געשיקט אַ מתנה.

— אַהאַ! — האָט ער גענומען שרייען, — איצט האָב איך דיך! דו וועסט שוין קריגן דיין לוין!

מיין שוועסטער, וועלכע איז געווען דערביי, איז געוואָרן טויט־דערשראָקן און איז אַוועקגעלאָפן צו די ראַטנערס און געמאַכט דאָרטן קולות און געשרייען, אַז צוליב עליע'ן וועט איר ברודער אומגליקלאַך ווערן. דער אַלטער אברהם יודל, דערהערנדיק וועגן דער גאַנצער מעשה, איז געוואָרן זייער אויפגעבראַכט אויף זיין זון עליע'ן און האָט אים געצוואונגען ער זאָל רופן דעם פּריסטאַוו און זען צו פאַרגלעטן די געשיכטע.

ווי נעכאַמקע האָט מיר דערנאָך איבערגעגעבן, האָט דאָס עליע'ן געקאָסט צען קאַרבן.

דער פּריסטאַוו, קריגנדיק דאָס, וואָס ער איז נאָר אויסן געווען, איז צוריקגעקומען צו מיר און האָט מיך געפרעגט, וואָס וויל איך איצט בעסער? צי וויל איך ווערן אַרעסטירט און האָבן אויף זיך אַ פּאָליטישן פּראָצעס, אָדער איך זאָל אים געבן מיין ערן־וואָרט, אַז מיר וועלן זיך אַרויסקלייבן פון דער דירה, דאַן וועט ער מיך אָפּלאָזן, ווייל ער האָט רחמנות אויף מיינע יונגע יאָרן. איך האָב געזאָגט, אַז אַזוי ווי איך בין ניט דער בעל־הבית פון שטוב, קאָן איך אים איצט קיין ענטפער אויף'ן אָרט ניט געבן, ער וועט מוזן וואַרטן ביז איך וועל איבעררעדן מיט מיין טאַטן און מאַמען. ער האָט מיר געגעבן דריי טעג צייט, אָבער דעם בוך מיט דער צייטונג האָט ער צוגענומען.

אין אָוונט, אַז טאַטע און מאַמע זיינען געקומען אַהיים, דער־הערט פון מיין שוועסטער די גאַנצע מעשה, זיינען זיי געוואָרן האַלב־טויט. זיי זיינען געלאָפן צו ראַטנער'ן. מען האָט זיך דאָרטן דורכגעטענה'ט, געררעדט און שטאַרק געזידלט זיך. די מאַמע האָט געזאָגט עליע'ן, אַז זי וועט אים די באָרד אויסרייסן. דער טאַטע האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט אים צום רב, צו אַ דין תורה שלעפּן, און דער סוף איז געווען, אַז עליע האָט גענומען אויף זיך צו צערייבן דעם גאַנצן עסק. אַפילו דעם בוך מיט דער צייטונג וועט ער אומ־

קערן, וועלכע, אגב אורחא, דער פּריסטאַוו האָט עס ביי אים איבער־געלאָזן, נאָר מיט דעם איינציקן באַדינג, אז מיר זאָלן זיך ארויס־קלייבן פון זיין דירה.

ער האָט פארטרויט מיין טאַטן און מאַמען, אז זיין נעכאַמקע איז „פארכליאָפּעט" אין מיר, אז זי גייט גאָר אוים מיט אַלע כחות נאָך דעם בחור, און די איינציקע וועג ווי צו פארהיטן זי פון אַ גרויסן אומגליק (וואָרים מאַלע וואָס עס קאָן זיך טרעפן היינטיקע צייטן, ווען אַ בחור מיט אַ מיידל „איזניוכען" זיך) איז, אז זי זאָל מיך מער ניט זען...

דער טאַטע האָט געגעבן זיין וואָרט, אז אם ירצה השם, אזוי גיך ווי ער וועט געפינען אַ פּאַסיקע דירה, וועלן מיר זיך אריבער־קלייבן.

און איצט ערשט האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמת'ע מלחמה צווישן מיר און דעם טאַטן.

דער טאַטע האָט געפונען (ער האָט לאַנג ניט געדאַרפט זוכן), אז איך בין אַ גרויסער יונגאַטש, אַ פּוסטע־פּאַסניק, האָב גאָר ניט קיין גאָט אין האַרצן און מה יעשה הבן שלא יחטא ?...

די מאַמע האָט געוויינט און געקלאָגט, אז איך מאַך אַ גאַנצע הויז־געזינד אומגליקלאַך. די גאַנצע וועלט וועט דאָך פול זיין מיט מיר. וואו צוויי, וועל איך זיין אַ דריטער. איך וועל דאָך נאָך, חלילה, אין ארעסטאַנטן אַוועקגיין ! דער טאַטע האָט מיך געהיט אויף יעדן טריט און שריט. האָט געזוכט און גענישטערט איטלאַכן ביכל, וואָס איך האָב געהאַלטן אין האַנט. איך האָב זיך געוויינלאַך געהיט ווי ווייט מעגלאַך, אז ער זאָל ביי מיר קיין „טריפה סחורה" ניט געפינען, אָבער איינמאָל, דאָנערשטאָג, זייער שפּעט ביינאַכט, ווען איך בין געווען פארטיפט אין אַ רוסישן ראָמאַן, איז פּלוצ־לונג אריינגעלאָפן דער טאַטע, וועלכער איז מסתמא אויפגעשטאַנען צו פּראַווען חצות, האָט ארויסגעריסן ביי מיר דעם בוך פון האַנט און האָט אים צעריסן אין שטיקער. ער האָט אויך געכאַפּט אַנדערע ביכער, וועלכע זיינען גראַד געלעגן ביי מיר אויפ'ן טיש, אזעלכע

געפּערלאַכע ביכער, למשל, ווי אַנטאָנאָוו׳ס גראַמאַטיקע, אַן אַריפ־מעטיקע, אַ ווערטערבוך און נאָך אַ פּאָר ביכלאַך און האָט עס אַריינ־געוואָרפן אין אויוון. איך האָב באמת בדעה געהאַט שטעלן זיך אַנטקעגן, איבערהויפּט צוליב דעם ראָמאַן, וועלכער איז געווען אַ געליענער נאָר אויף אַ פּאָר טעג, אָבער האָב ניט געקאָנט צוליב דער מאַמען, וועלכע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און אָנגע־הויבן בעטן, וויינען און שרייען, אַז עס זאָל זיין שאַ, שטיל! „מען הערט דאָך אומעטום, וואָס דאָ טוט זיך ביי אייך! אוי ווי איז מיר, וואָס איך האָב זיך דערלעבט!"

דער טאַטע האָט זיין פאַרשפּרעכן צו עליע ראַטנער געהאַלטן, און אין אַ קורצער צייט האָבן מיר זיך איבערגעקליבן אין אַ נייער דירה, וועלכע איז אפילו געווען אַ ביסל גראַמער און באַקוועמער, אָבער מיר איז געוואָרן נאָך ענגער ווי פריער. איך האָב קיין זאַך אין האַנט ניט געטאָרט נעמען אחוץ די ספרים, וועלכע זיינען נאָר געפעלן געווען מיין טאַטן. ער האָט אָנגעהויבן מקפיד זיין אויך אויף מיין פרומקייט, אַז איך דאַוון ניט לאַנג, נעם קיינמאָל קיין וואָרט תהילים ניט אין מויל, מאַך אפילו קיין ברכה ניט. קורץ, איך בין אַ בן סורר ומורה!

מיין טאַטנ׳ס דעספּאָטיע איז מיר געוואָרן אומדערטרעגלאַך, זיינע אכזריות׳דיקע פאַרפאָלגונגען זיינען געוואָרן ניט אויסצושטיין, און איך האָב אָנגעהויבן ווידער אַמאָל זוכן און טראַכטן ערנסט, ווי פאַרלאָזט מען די הויז? אָבער קיין עצה און קיין הילף האָב איך ניט געקאָנט געפינען. האָב פּשוט ניט געהאַט אויף הוצאות, שוין ניט רעדנדיק וועגן דעם, אַז איך האָב קיין שום פּלאַן ניט געהאַט, וואוהין און צוליב וואָס פאָרן. אָבער דאָ איז געשען אַ נס.

נעבאַמקע, וועלכע האָט אויך איצט ניט אויפגעהערט גיין צו אונז — פון וואָס עליע ראַטנער האָט זיך נאָך מער געערגערט און האָט שוין גאָרניט געוואוסט וואָס צו טאָן — און איך, אויפ־הערנדיק פאָלגן מיין טאַטן, האָב זיך אַרומגעשלעפּט דווקא מיט איר

אַזוי אָפּט ווי נאָר מעגלאך (ניט אַזוי צוליב מיין פאַרגעניגען, און אויך אפילו ניט כדי צו ליב טאָן נעכאַמקע'ן, נאָר דורכאויס כדי צו ערגערן דעם „מערזאַוועץ" עלינקען). ווען איך בין איינמאָל שפּעט ביינאַכט געקומען פון אַ שפּאַציר מיט נעכאַמקע'ן, האָב איך געפונען אין שטוב אַ מורא'דיקע „סומאַטאָכע" (גערודער): די מאַמע האָט געוויינט, גע'חלש'ט און דער טאַטע איז אַרומגעלאָפן איבער'ן שטוב הין און צוריק ווי אַ ווילדער ממש... פון אָנהויב האָב איך ניט געקענט פאַרשטיין וואָס עס טוט זיך. איך האָב נאָר געהערט אָפּגעהאַקטע ווערטער, איינצלנע פראַזן, ווי למשל, „וואָס דען, גוטס וועט אַרויסקומען, אַז מען האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול תורה און עול דרך ארץ?"... „אויסגעהאָדעוועט אָט אַ תכשיט! אין אַסטראָג וועט ער פאַרפוילט ווערן!" „אַ מצוה, אַ מצוה אויף דעם עבדא בהפקירא ניחא ליה, אַ שיינע ריינע כפרה!" די מאַמע, ווידער, קרעכצט, וויינט, וואָס האָב איך צו איר געהאַט, פאַרוואָס וויל איך איר מקצר ימים זיין? אַי, זי וועט דאָס ניט אויסהאַלטן. בעסער טאַקע גאָר ניט דערלעבן!... שוין גאָר דער־נאָך, אַז ביידע האָבן אויסגעשאָסן דעם גאַנצן פולוער, דער טאַטע האָט גענוג געזידלט, געאַקערט מעשים, און די מאַמע האָט זיך גענוג אָנגעוויינט, האָב איך קוים דערגאַנגען, אַז דער פּריסטאַוו איז געווען מיט אַ „פּאָוויעסטקע" — אַ רוף־צעטל — איך זאָל קומען אין פּאָליציי, וועגן דעם, וואָס איך האָב ביי זיך פאַרבאָטענע ליטעראַטור...

— זע זונעלע מיינער, — האָט די מאַמע פאַרענדיקט, — האָב רחמנות אויף זיך און אויף מיינע אַלטע יאָרן און אַנטלויף. ווי גאָט איז דיר ליב, אַנטלויף וואוהין די אויגן וועלן טראָגן, אַז ניט זיינען מיר אַלע פאַרפאַלן!

איך האָב אפילו פאַרשטאַנען, אַז עס איז ניט אַזאַ גרויסע סכנה, וואָרים אין אַן ערנסטן פאַל רופט מען ניט אין דער פּאָליציי דורך אַ פּאָוויעסטקע, און אַז מסתמא שטעקט דאָ ווידער די האַנט פון עליע ראַטנער. אָבער איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן דער גע־

לעגנהייט, כאָטש איך האָב דאָס ניט אַרויסגעוויזן, און האָב „מסכים" געווען אַוועקצופאָרן. אָבער איין אַ וואָך אַרום ערשט. נישקשה, נישקשה, זאָל דער טאַטע מודיע זיין עליע ראַטנער, אַז איך וועל זיכער אַוועקפאָרן, וועט קיין בייז ניט געשען.

איך האָב די וואָך געדאַרפט אויף איינאָרדענען געוויסע זאַכן, זען זיך מיט מיינע באַקאַנטע און גוטע פריינט און מישב זיין זיך — וואוהין פאָרט מען? דער טאַטע האָט געטאָן ווי איך האָב פאַר־געשלאָגן, און עס איז געווען ווי איך האָב געזאָגט. עליע ראַטנער איז נאָך געגאַנגען מיט'ן טאַטן און האָט פאַר מיר אפילו אַ פּאַס־פּאָרט אַרויסגענומען.

נעבאַמקע וואָלט גריילאַך געווען מיטגעלאָפן מיט מיר, וואָס פון איין זייט האָט זיך מיר זייער שטאַרק געוואָלט, כדי נעמען נקמה פון איר טאַטן, וועלכן איך האָב איצט מיט'ן גאַנצן האַרצן פיינט געהאַט; איך האָב אָבער מורא געהאַט נעמען אויף זיך די אחריות פאַר איר, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז איך בין פון איר פרעמד און ווייט, און נאָך אויך צוליב מיין מאַמען, פאַר וועמען עס וואָלט געווען אַ שרעקלאַכער קלאַפּ די לייטישע רייד — אַז איר זונדל איז אַנטלאָפן מיט אַ מויד...

איך האָב זיך געקליבן אין וועג. איך בין געווען העכסט צו־פרידן, וואָס סוף כל סוף וועל איך דאָך ווערן אומאָפּהענגיק, וועל לעבן און פירן זיך, ווי אַ י ך פאַרשטיי, פּטור ווערן פון מיין טאַטנ'ס אַפּיטרופּסות און זיין אַריינקריכן מיר אין דער נשמה, וואָס איז מיר מיאוס און נמאס געוואָרן. אָבער צו דער זעלביקער צייט האָט מיר וויי געטאָן דאָס האַרץ צו פאַרלאָזן מיין מאַמען, וועלכע איז מיר איצט גאָר מאָדנע טייער געוואָרן. אפילו מיינע שוועסטער און מיין קלענערער ברודער זיינען מיר איצט אַ סך ליבער און טייערער געוואָרן. מיר איז טייער געוואָרן פּלוצלונג די שטאָט מיט אירע בלאָטיקע גאַסן. די שול אפילו, וואו איך האָב געדאַוונט און אַמאָל געלערנט, איז מיר ליב געוואָרן. און אַז איך האָב זיך פּלוצלונג גאָר דערמאָנט אויף בראָכקע'ן — איז מיר

אויסגעגאַנגען דאָס חיות זען זי!... אָבער אומזיסט די טרחה, — זי האָט שוין חתונה געהאַט! אַ קללה און אַ פּלוך האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן אויף אַלע טאַטעס... איין טאַטע האָט ביי מיר צוגענומען מיין ערשטן, שענסטן גליק; דער אַנדערער — איז מיר די יאָרן דערגאַנגען... און דער דריטער, דער פּחות הערך, טרייבט מיך פון מיין געבורטס־שטאָט און פון מיין פאָטערלאַנד... און מיט אַ פולער האַרץ, פול מיט שנאה אויף די טאַטעס, האָב איך אין די ערשטע טעג פון יוני 1882 פאַרלאָזן מיין הויז, מיין פאַמיליע, מיין שטאָט און לאַנד. אויף אייביק, אייביק האָב איך זיי פאַר־לאָזן.